דאָס איצטיקע בוך „באַגינען" איז מיין ליטעראַרישער באַגינען באמת. ס'איז דאָס ערשטע בוך אין ייִדיש, וואָס איך האָב געשריבן.

די וואָס אינטערעסירן זיך אין ייִדישער ליטעראַטור, ווייסן ווי פיינלעך שווער עס קומט איצט אָן פאַר אַ שרייבער אַרויסצוגעבן זיינע שאַפונגען אין אָט דער שפּראַך.

דער מחבר דריקט אויס דעריבער זיין האַרציקן דאַנק צום לאָס־אַנגעלעסער ייִדישן קולטור־קלוב, און באַזונדערס צו זיינע פירנדיקע מיטגלידער — ווי אויך צו אַ צאָל אַנדערע פריינד און באַקאַנטע — פאַר שאַפן די מעגלעכקייט אַז דאָס בוך זאָל דער־שיינען.

די דאָזיקע מיטגלידער און פריינד ווילן פאַרבלייבן אַנאָנים. מיין דרך־ארץ פאַר זיי און מיין דאַנקבאַרקייט צו זיי ווערט דורך דעם נאָך מער פאַרשטאַרקט און פאַרגרעסערט.

אַ יישר כּוח זיי אַלעמען!

**דער מחבר**

## מוקדש לזכר

אבי מורי הרב ר' מרדכי

ואמי מורתי הרבנית דינה מרים ;

לאחי : שניאור זלמן ומנחם מנדל

ונשיהם ובניהם ;

לאחיותי : בתיה־רבקה ומאשע

ובעליהן ובניהן, —

שכולם נכרתו ע"י הרוצחים הגרמנים וגם הרוסים.

ה' ינקום דמיהם.

מוקדש גם כן לאחותי חנה ובעלה משה מנדילוב

שנפטרו בלונדון.

# במקום אַ הקדמה

## א

ס'חזרט זיך איבער אַ געשיכטע ווי פון מעשׂה־בוך אַרויס:
עס שטייט אַן אַלטער מאַן, אַ גרייז־גרויער — טאַקע ווי ער ווערט אין מעשׂה־בוך באַשריבן — אָטעמט שווער, און שטרענגט זיך אָן צו גראָבן די זאַפּטיקע ערד.

אַ יונג ביימל פלאַנצט ער.

צוליב וואָס?

אָ, עס וועט מיט דער צייט בליִען און טראָגן פרוכט.

מיט דער צייט?... מיט וועלכער צייט?... מיט זיין אייגענער לעבנס־צייט?...

געוווּנטשן, יאָ! אָבער ניט אין ווונטשן גייט עס דאָ. אמת, ער איז — לויטן פיזיאָלאָגיש־ביאָלאָגישן חשבון פון מענטש — היפּשלעך פאַרויסשטאַמיק אין עלטער, און אויך זיינע פיזישע כּוחות זיינען שוין אָפּגעשוואַכט, אָבער ער שטויסט אָפּ זיינע געדאַנקען וועגן דעם. און היות ס'איז שוין יאָ אַרויפגעפירט זיין געדאַנק וועגן דעם, איז אַ תּירוץ דערביי דאָ אַ פּאַרטיקער: זיין אוראייניקל האַלט אין קומען. ער וועט אַרויסשפּראָצן פון זיין אייניקלס טראַכט, ווי דאָס ביימל וועט שפּראָצן פון מאַמע־ערדס טראַכט... און ווען דעם בוימס פרילינגבלי און זומער־פרוכפּער וועט קומען, וועט דאָס אוראייניקל אויך בלי־ און פרוכפּער־זומעריקייט גרייכן און ער וועט פון בוימס פרוכפּער־זומעריקייט געניסן.

— פלאַנץ, זיידעשי, פלאַנץ! און זאָל זיין ברכה אין דיינע אָפּגעשוואַכטע הענט! זאָל דער בוים וואַקסן הויך און צווייגן זיך געדיכט און ברייט. פאַר אַן אָנדענק זאָל עס שטיין פון דעם פלאַנצערס שפּעטן האַרבסט, וואָס פרילינגס־פרישקייט האָט אים אויך באַפרישט, שאַפונג־כּוחות אין אים אַריינגעטאָן און, פאַר־קוקט אויף שפּעטער צייט, מיט גלוסט און אימפּעט אים באַנייט.

ב

יאָ אַלט, ניט אַלט אין יאָרן — אויך דער שרייבער פון אָט די שורות האָט איצט, פרילינגצייט, זיך פאַרנומען צו פלאַנצונג. און דער בוים איז אַ שריפט וועגן באַגינען.

אַ שריפט — פאַר וועמען?

פאַר אייניקלעך? אוראייניקלעך?

וועלן זיי פון אָט דער פרוכט וועלן און קענען געניסן?

זייער קנאַפּ זיינען מיינע האָפענונגען וועגן דעם: מיין לשון איז ניט זייער לשון, מיין געדאַנק איז ניט זייער געדאַנק.

וואָס דען?

שרייבן מוז מען דאָך, אַפילו ווען עס זאָל גיין פאַר גניזה. ווער ווייסט? אפשר וועט עס מיט דער צייט — באחרית הימים — אַנטפּלעקט ווערן און קענען גענוצט ווערן פאַר פאָרשונג פון קדמוניות הימים...

ג

פרילינג!

דער הימל איז טיף, בלוי איז ער; וואָלקנס, קליינע, שיטערע, פוכיקע, שנייווייסע, ווי — מען זאָגט — די פליגלען פון מלאָכים, שוועבן אונטער אים. און באַלד טוט אויך אַ ווינטל אַ בלאָז, אַ פרישׁ מחיהדיק ווינטל, און ער ברענגט מיט זיך פון ערגעץ ווי אַראָמאַטן פון בלומען און דעם פרישן ריח פון דערוואַכטע פעלד און וואַלד.

אויך דער ים באַנייט זיך אין פרילינג. גוט איז דאַן צו ויילן זיך ביי יענע ברעגן, צו וועלכע עס גלעטן זיך געמיטלעך די כוואַליעס, שימערירנדיק יום־טובדיק־פאַרפּוצט מיט אַ גלאַנץ פון זילבער, בלוי און גרין.

ליב איז מיר אין פרילינג דער ים. ס'איז זיין בליצייט. דער הימל האָט זיין ממשלה איבער אים. צעשמייכלט זיך דער הימל, צעשמייכלט זיך אויך דער ים. געפין איך זיך בשכנות מיט אים

אַ גראָזיק פלאַץ, אונטער דעם מיט ווייסע בלומען איינגעדעקטן קאַרשנבוים, און זעץ זיך אַנידער. בלאָזט אַ ווינטל פון ים, וואַרעמט די זון פון אויבן, מורמלען איבערן קאָפּ די צווייגן פונעם קאַרשנבוים, פאַלן פון זיי אַרונטער די שוין אָפּגעבליטע בלומענצוויטן, באַשפּרינקלען מיך מיט בלומען־ווייסקייט — מיט פרילינגתחיה. עפענען און פאַרמאַכן זיך מיינע אויגן, אַן אָנגענעמע מידקייט מיך באַהערשט. עפן איך די אויגן, זע איך דעם אויסשפּרייט פון דעם ים, דעם בלוי־זילבער־גאָלדענעם אויסשפּרייט זיינעם, און רויִק איז ער אין זיין גלאַנץ און שיין. שווימט אַרויס אַ זעגל פון ווייטן, אַ ווייסער, און ווי אַ שוואַן, מיט די פליגלען אויסגעשפּרייט מיט תּפילה צו דער הייך; פאָלגט אים נאָך אַ זעגל נאָך, און נאָך און נאָך. דאָס איז אַ מחנה שוואַנען אין דער ווייט געזאַמלט צו דאַווענען אין מנין. און עס פלאַטערן די מעוועס איבערן קאָפּ, ווי כּרובים איבער היילִיקע. הייבן זיך די מעוועס הויך, שוועבן אין קרייזן און קאַראַהאָדן און פאַלן דערנאָך צום וואַסער אַרונטער, צו טובלען זיך פאַר דעם אויסשפּראָך פון שם הוויה. און גערייניקטע, הייבן זיי זיך ווידער אויף, שיידן זיך פון זיי טראָפּנס וואַסער, גלאַנצן אונטער דער זון, גלאַנצן מיט פיצלעך רעגנבויגן. און די מעוועס — ווי זיי ווערן ווייסער נאָך יעדער טבילה, ווי זיי טוען זיך אָן אין קדושה מער און מער, אין דער קדושה פון נאַטורחגיגה. און דער ים מורמלט אין זיין אייגענעם לשון, צום באַנעם פון מענטש אומפאַרשטענדלעך, ווי ער וואָלט סודות אַנטפּלעקט — ניט פאַר אַלע אויערן פאַסיק צו באַנעמען. און באַשיימפּערלעך: די סודות זיינען ליבעס־דערקלערונגען פון די האַרציק־קוואַליקע טיפענישן פון די וואַסער־ברייטקייטן צו דער צנועהדיקער כּלהפעלד־און־וואַלד, וואָס האָט זיך אין אַ פיל־קאָלירנדיקן בלומען־שלייער פאַרהילט... און דער הימל איז די חופּה, און די זון איז דער נר־תּמיד, און די ערד איז די קדושה, און די פייגל זיינען די קלעזמער...

ד

כ'האָב היינט געהערט ווי עס זינגט און לאַכט די נאַטור.

ס'איז געווען באַגינען. צו ערשט האָט זיך דער הימל מיט פורפור־פאַסן באַצויגן און צעלייגט האָט זיך אַ גרויער צודעק איבערן ים. שטיל איז געווען דער אַרום — די שטילקייט פון הכנות צו קדושה. האָבן זיך די בלעטער אויף דיביימער ניט גערירט און דער וואַלד איז אין זיין טונקלקייט געשטאַנען פאַרשטומט און זיין אָטעם איינגעהאַלטן.

און דער הימל איז אין רויטקייט געשטיגן. רויטער אין מיזרח און טונקעלער אין זעניט. באַלד האָבן זיך אויך וואָלקנדלעך באַוויזן. אין מיזרח מיט פורפור באַצויגן, אין מיטן — שניי־ווייס, ביי די זייטן — רויזן־קלאָר, און בלויז ווייט, צום מערב־זייט, זיינען זיי געווען אין גרויקייט געהילט — קענטיק נאָך פאַרשלאָפן...

און ביסלעכווייז האָבן די וואָלקנדלעך אָנגעהויבן צערינען זיך, שיטערער געוואָרן, ווי אַ שיטער־געוועב, איבער וועלכן עס האָבן פאַסטאָראַליש געאַרבעט, פלייסיק און ליב־איבערגעגעבן, טעכטער פון דער זונען־מדינה. און שפּעטער איז אויך אָט דער שלייער אויס געוואָרן.

האָט עטוואָס אַ ווינטל אַ בלאָז געטאָן, גלאַט אַזוי זיך, שטיל, שטיל, ווי אויף קאַטאָוועס האָט ער אַ בלאָז געטאָן, און אויפגע־וועקט די ביימער, און זייערע בלעטער האָבן זיך אַ צאַפּל געטאָן, ווי צו ציִען זיך די גלידער, וואָס זיינען פאַרגליווערט געוואָרן דורכן שלאָף. געצאַפּלט האָבן זיך די בלעטער, און די טראָפּנס טוי, וואָס האָבן זיי דורך דער נאַכט געוואַשן, זיי ריין צו מאַכן צו שחרית־תּפילות, — האָבן אָנגעהויבן טראָפּענען אַרונטער, מיט אַ קריש־טאָלן־גלאַנץ, צו דער שויס פון מאַמע־ערד.

געוואָרן ליכטיקער און צעפּאַרבט אין קאָלירן האָט זיך דאָס פעלד, און דערנאָך אויך דער וואַלד, צעעפנט זייערע אויגן האָבן די בלומען, און דער ים פון דער ווייטנס האָט אָנגעהויבן עטוואָס מורמלען און באַוועגן זיך מקבל פּנים צו זיין דעם נייעם טאָג.

האָבן שטימען זיך אָנגעהויבן דערהערן. צו ערשט איינציקע

פון דאָ און דאָרט בלויז. צו ערשט שוואַכע, עלנטע, ווי אָן ביטחון, ווי מיט מורא, אַז קיינער וועט זיי ניט שטיצן אין כאָר; אָבער באַלד זיינען זיי פעסטער, באַזעסענער געוואָרן, און — פּלוצעם האָט זיך אַלץ צעזונגען.

וועט איר דאָך ראַציאָנאַל דערקלערן: די ביימער זיינען שטום און זייער געזאַנג איז ביי זיי אין האַרצן נאָר פאַרטאַיעט. זיי זינגען פאַר זיך אַליין, און נאָר גאָט און מלאָכים קענען פאַרנעמען זייער קול אין מעלאָדיע און קלאַנג. פאַר אונדז, מענטשן, וועט איר זאָגן, זיינען נאָך זייערע מעלאָדיעס אין הילכיקייט ניט אַנטפּלעקט געוואָרן. מיר ווייסן נאָר זייער שטומען מאָטיוו, וואָס איז אויך גענוג צו באַצויבערן אונדז.

וועל איך זיך מכוח דעם ניט אַמפּערן. איך ווייס עס אויך. איך ווייס, ניט די ביימער, נאָר זייערע איינוווינער — די פייגל האָבן עס געזונגען. אָבער זיי, די פייגל, זיינען צווישן די ביימער־בלעטער געווען פאַרהוילן, און איך, אין מיין אייגנקייט, האָב זיך איבער־געגעבן צום געפיל, אַז דאָס זינגט די נאַטור אין איר עצם, אַז אין איין כאָר האָבן זיך באַהעפט די איינציקע ביימער מיט דעם פעלד, וואָס האָט זיך ברייט און ווייט געשפּרייט; מיט דעם וואַלד, וואָס האָט אין זיין קלעטער באַרג־אַרויף פאַרשטעלט דעם האָריזאָנט, און אויך דער ים.

און באַלד איז אויך די זון אַרויסגעשווומען, און — צויבער איבער צויבער! — ניט נאָר געזונגען האָט די זון, נאָר אויך געלאַכט. געלאַכט מיט אַזוי פיל פרייד, ווי נאָר די פרייד פון גרויסן באַשאַף קען זיין.

און צעקלונגען זיך מיט געזאַנג און פריידיקן געלעכטער האָט זיך אויך דער הימל און צעליכטיקט האָט ער זיך מיט טונקל־בלוי און מיט העלקייט ביי זיין ראַנד.

און איך — איך בין אין אַ שיפל געזעסן, טאַקע נאָענט צום ברעג, און ניט גערודערט האָב איך. האָט זיך עטוואָס געוויגט דאָס שיפל, מיך אין חלומות פאַרוויגט. האָב איך די אויגן געעפנט און דערזען אַ שמעטערלינג שוועבט — אַ ווייסער און דורכזיכטיקער

שמעטערלינג האָט אַהער פאַרבלאָנדזשעט. און ער האָט מיך דער־מאָנט אָן עטוואָס, וואָס שוועבט אין העלקייט העכער פון די וואָלקנס, און וואָס הערט קיין מאָל ניט אויף צערטלעך צו בליקן אויף אונדז און צערטלעך אונדז צו פאַרזאָרגן, אויב פאַרזאָרגונג איז וואָס מיר ווינטשן. און דערפילט האָב איך ווי אין האַרצן טרעט מיר עפּעס אַריין, עפּעס אַזוינס, וואָס מיר איז ביז איצט נאָך געווען אומבאַקאַנט. דאָס איז די גרויסע פרייד פון ליבע, ליב צו האָבן אַלץ מיט אַלעמען...

האָב איך געקניט, דאָס פּנים אין די הענט איינגעהילט און, צום ערשטן מאָל מיט אמתער כּוונה, תּפילה געטאָן. און אויך אַלץ אַרום מיר האָט זיך אין תּפילה פאַרטיפט.

און פונעם שיפל וואָס וויגט זיךביים ברעג ים, און פונעם ים וואָס שלאָגט זיינע כוואַליעס אָן די וואָרצלען פונעם קאַרשנבוים, און פון אונטער דעם קאַרשנבוים, וואָס האָט מיך מיט זיינע בליטן באַדעקט, — האָב איך אויף די פליגלען פון זיכרונות געמאַכט אַ נסיעה קיין ווייסרוסלאַנד, וואָס איז איצט פאַר מיר און מיין גלייכן גרויליק פאַרשניטן און וועט שוין קיין מאָל מער ניט אויפ־קומען. און מיט אַלטע פריינד — שוין אויך, אוי וויי, פאַרשניטן — האָב איך זיך אויף דאָס ניי באַגעגנט.

## קאַפּיטל 1

רייסען, וואָס הייסט ווייסרוסלאַנד — אַ פלאַך לאַנד, אַן בערג און אָן טאָלן, אָן שטראָמענדיקע טייכן און אָן וואַסערפאַלן, דרימלט עס שטענדיק אין מיינע זיכרונות.

פאַר איך מיר קיין קאַמאַרינקע. וויג איך זיך שוין ניט אין אַ שיפל ביים ברעג ים, נאָר אַ צוג איז עס, אַ צוג וואָס עס קלאַפּן זיינע רעדער אין טאַקט און ער שיפּעט און סאָפּעט און פייפט און פירט מיך פון ווייטע לענדער, פון פרעמדע פלעצער, צום ווייטן אַמאָל, צו מיין פאַרשוווּנדענער אַמאָליקער היים, צוריק צו די גליקלעכע טרוימען פון מיינע קינדער־יאָרן.

דער צוג טוט אַ ציטער און שטעלט זיך אָפּ. באַגעגנט מיך אויפן וואָקזאַל איוואַן דער פורמאַן, דער אַלט־באַקאַנטער איוואַן, וואָס איז צו מיר געשיקט געוואָרן. שטייט ער לעבן זיין וואָגן, צו וועלכן אַ מאָגער פערדל איז צוגע־שפּאַנט, קוקט אויף מיר און דערקענט מיך ניט.

„דערקענסט מיך ניט, איוואַן?"

„אָ, קוק נאָר!..." האָט ער זיך אויפגעכאַפּט. „ביסטו דאָס, פּאַניטש?... זע, ווי אויסגעוואַקסן!..."

„יאָ, אויסגעוואַקסן, איוואַן... און דו האָסט זיך שוין פאַרעלטערט... איינגעבויגן און גרוי..."

און ער קרעכצט אָפּ: „יאָ, פאַרעלטערט... יאָרעלעך פליִען... אַלטקייט איז קיין שׂימחה ניט... געדענקסטו ווי איך האָב נאָך דיך אויף מיינע פּלייצעס געטראָגן?..."

און קענטיק, ס'פרייט אים צו זען אויסגעוואַקסן דעם קליינעם „זשידאָק", וואָס ער האָט אַ מאָל אויף די פּלייצעס געטראָגן.

„יאָ, גוטער איוואַן, איך געדענק. און וואָס מאַכט דיין סוויאָקלע?"

„גאָט צו דאַנקען. וואָס זאָל מאַכן אַן אַלטיטשקע? שלעפּט זיך אַרויס אויף די קוליעס אויפן פּריזשבע און וואַרעמט זיך קעגן גאָטס זון..."

„און דו, איוואַן, ביסט נאָך אַלץ אַ פורמאַן?"

„יאָ, פּאַניטש, ווי דו זעסט... שלעכטע צייטן, ערד איז ווייניק, דאַרף מען ערגעץ ווו פון דער זייט עטלעכע גראָשן פאַרדינען... טפּר־ר־רו, זאָל דיך דער טייוול ניט נעמען!..." האָט ער אויסגערופן אָפּצושטעלן זיין פערדל. און יענער האָט גאָר אין זינען ניט געהאַט אַ ריר צו טאָן זיך...

ציִען זיך אין ווייסרוסלאַנד די קעניגסוועגן, ביי די זייטן מיט אַלטע הויכע בעריאָזעס אויסגעזעצט און מיט טעלעגראַפן־דראָטן באַוואַכט. אָבער ניט דורך זיי ליגט דער וועג קיין קאַמאַרינקע, נאָר מע דאַרף אַריבער צו די שמאָלע וועגלעך, וואָס גייען זיך פאַנאַדער אין אַלע זייטן. און די וועגלעך זיינען מיט זאַמד ווי אויסגעשאָטן אין דריי זיילן — רעכטס און לינקס, ווו די רעדער דרייען זיך, און אין מיטן, ווו ס׳טרעטן די פיס פון די פערד, און די צוויי זיילן אין צווישן זיינען פאַרוואַקסן מיט גראָז. און די וועגן דרייען זיך און שלענגלען זיך צו דערפער און פון דערפער, צו כוטאָרן און פון כוטאָרן.

און באַלד דאַרפן מיר אַריבער אַ זומפּ אַ ניט־טיפן. קיין בריק איז איבער אים ניט געלייגט, זינקען אין אים ביז די טרייבלעך די רעדער פון וואָגן. הייבט אָן סקריפּען די צוזאַמענגעצויגענע דוהע פונעם שפּאַן, און דאָס מאָגערע פערדל מאַכט מיטן ווידל, ציט אויס דעם האַלדז, ציט מיט אַלע כוחות און קען דעם וואָגן פון זומפּ ניט אַרויסשלעפּן.

„נאָ־אָ־אָ, דו נבלה!" ווערט איוואַן כלומרשט בייז, שפּרינגט אַראָפּ פון וואָגן און פּאַכעט אין דער לופט מיט דער בייטש. ער זשאַלעוועט זיין פערדל און שמייסט אים ניט, שרייט ער אויף אים בלויז.

און ס׳קען נאָך אַלץ ניט דאָס פערדל די שווערע משׂא, דעם וואָגן, אַרויס־שלעפּן פון זומפּ. און איוואַן, ער האָט ניט די העזה מיך צו בעטן, קוקט ער אויף מיר מיט רחמנותדיקע בליקן, און בעט זיך ביי מיר שטום. פּאָלג איך זיין שטומען געבעט און גיי אויך אַראָפּ פון וואָגן, טרעט גלייך אין דער בלאָטע אַריין און שטיקער קויט טוען אַ שפּריץ פון אונטער מיינע פיס. דערשרעקט זיך די זשאַבע וואָס האָט זיך קעגן דער זון געוואַרעמט, וואַרפט זי זיך אַריין אין דעם ברודיקן וואַסער, הייבן אָן איבערן וואַסער רעדלעך צו קרייזן זיך, און פון זייער מיטן שטרעקט די זשאַבע צוריק איר קאָפּ אַרויס, קוקט זיך אַרום מיט אירע קרומע קורצזיכטיקע אויגן און פאַרשטייט,

אַז די סכּנה איז שוין אַריבער, צעפּילדערט זי זיך לוסטיק אויף איר לשון:
„קראַ־קראַ־קראַ־אַ־אַ־אַ!"

און פון ערגעץ פליט אַ דראַגאָנפליג אַרויס און ס׳גלאַנצן זיינע דורכזיכ־טיקע רעגנבויגן־שטראַלנדיקע פליגלען, גלאַנצן אונטער דער בריִענדיקער זון. באַגעגנט ער דערוויל זיין געליבטע און מאַכט מיט איר אַ ריקודל אין דער לופט, אַרויף און אַראָפּ, אין איין זייט און אין דער צווייטער, אין רעדלעך און אין קאַראַהאָדן און, צערייצט, צעזעצן זיי זיך ביידע אויפן שיפל פון אַ וואַסער־ליליע און גיבן זיך איבער מיט תאוה צו זייערע אַמור־געפילן.

העלפט איוואַן זיין פערדל דעם וואָגן אַרויסצושלעפּן פון זומפּ און איך העלף־מיט. און דאָס פערדל דערפילט, אַז די משׂא איז געוואָרן לייכטער, האָט ער אָפּשיי פאַר דער בייטש וואָס דראָעט איבער זיינע פלייצעס, פאָלגט ער איוואַנס דראָענדיקן באַפעל, בייגט טיפער איין זיין קאָפּ, ציט לענגער אויס זיין רוקן, שטרענגט שטאַרקער אָן זיינע הינטערשטע פיס, גיט איין מאָל און אַ צווייטן מאָל אַ צי און אַ שלעפּ, אַ טאַנץ, אַ שפּרונג, און ווידער אָנגעשטרענגט זיך, און דער וואָגן שטייט שוין אויף דער אַנדער זייט זומפּ, אויפן זאַמד און גראָזיקן שמאָלן וועג, און עס אָטעמט שווער און כראָפּעט דאָס פערדל און גרינוויסער שוים רינט פון זיין מויל.

איך שפּאַציר מיט איוואַנען ביי דער זייט פון וואָגן.

„אַלט, זעט אויס, איז שוין אויך דיין פערדל, איוואַן."

„יאָ, אַלט. איך האָב אים געקויפט ווען ער איז נאָך קיין יאָר ניט אַלט געווען. איך אַליין האָב אים אין שפּאַן איינגעבראָכן. ער איז ווילד געווען, האָט זיך ניט געלאָזט איינברעכן, האָט אַ פּאָר האָלאָבליעס צעבראָכן, אָבער איך האָב אים פאָרט איינגעבראָכן. צו פּאַסכאַ איז ער שוין אין שפּאַן געגאַנגען ווי עס באַדאַרף צו זיין."

„ווי לאַנג איז עס פון דענסטמאָל אָן?"

„ווער ווייסט עס?..."

✶

שוין האַלבער טאָג. די זון איז אין מיטן הימל, שׂרפהט און בראָט. הייס. דער וועג ציט זיך מאָנאָטאָן און שלעפּערט איין. פאַרשלעפּערט איז אויך דאָס וועלדל, וואָס ציט זיך פון ביידע זייטן וועג.

שטיל אַרום. עס שלאָפן דיביימער, עס שלאָפן די בלעטער אויף די

ביימער. קיין קול, קיין באַוועגונג. מער ניט וואָס עס צעברעכט זיך אַ טרוקן צווייגל אונטער די רעדער און וואָס דער וואָגן סקריפּעט מאָנאָטאָן. און שטויב הייבט זיך פון אונטער די רעדער, בלייבט הענגען אין דער לופט, קריכט אין מויל און נאָז און באַדעקט מיט גרויקייט מיך און מיין קליידונג.

באַווייזט זיך אַ קליין־לאַנקע אין מיטן וואַלד, מיט אײַער־פּלאַנצן, אַלער־ליי קוסטעס און הויכע גראָזן באַוואַקסן, אויך שוואָמען אָן אַ שיעור, אַן אָנוויז אַז ס׳האָט גערעגנט דאָ ניט לאַנג. איך גיי אַראָפּ פון וואָגן און זוך יאַגעדעס צווישן די קוסטעס. זיי זיינען דאָ — פּאָזעמקעס אָן אַ שיעור. איך קלייב זיי, קיי און שלינג זיי דורשטיק, פיל דעם אָנגענעמען טעם פון זויער־זיסקייט, וואָס פרישט אָפּ מיין גומען און פאַריאָגט די טרוקנקייט פון מויל.

אַרויס פון וואַלד — און ס׳איז אויסגעשפּרייט אַ פעלד מיט גריקע אין בליט. אַ פעלד איינגעטונקט אין ווייסקייט, אָן אַן איבעררייס, מיט אַ שטאַרקן ריח ווי פון האָניק, וואָס רייצט זיס און אָנגענעם די נאָזלעכער. ווייט און ברייט ציט זיך דאָס גריקע־פעלד, ביז וואַנען דאָס אויג קען דערבליקן. שפּאַצירן מיר פאַרביי דעם פעלד — און ווידער אַ וועלדל. געדיכט מיט נוסנקוסטעס באַוואַקסן, צווישן זיי שלאַנקע יאָלקעס און סאָסנעס דאָ און דאָרט, און זיי האַלטן הויך זייערע קעפּ און קוקן פון אויבן אַראָפּ אויף די דעמבן פון אונטן, וואָס צעשפּרייטן אין ברייטקייט זייערע צווייגן.

און ביים צווייטן זייט וועג איז עטוואָס נידעריקער די פלאַכקייט און גרינער און געדיכטער דאָס גראָז, און טויזנטער אייגעלעך פון פאַרגעס־מיך־ניט־בלומען שיינען פון דאָרט אַרויס. נאָכן גראָז הייבט זיך אָן צו ציִען געמויזעכץ און עס שטראָמט דאָרט אַ טייכל אַ שטילס.

און אין איין אָרט איז משופּעדיק דער ברעג, און שטיינער זיינען דאָרט צעוואָרפן, שטראָמט צווישן זיי אַן אייזקאַלטער קוואַל, מורמלט ער שטיל און פליסט אָן אויפהער. און אין ערגעץ האָט דער קוואַל אויך אַ גריבל אויסגעגראָבן און מיט וואַסער אים אָנגעפילט. אויסגעבעט מיט שטיינדלעך איז דאָס גריבל און דער דעק איז פאַרפּוצט מיט געלבן זאַמד. און שטענדיק איז דאָס וואַסער אין גריבל, און דאָס וואַסער איז קלאָר, קאַלט און פריש. פאַל איך צו צום גריבל, טרינק וואַסער מיט די הויפנס, דערפיל אַז עס פאַרגייען די ציין און אין האַלדז שטעכט. טוט עס מיר הנאה און אַ דער־פרישטקייט דערפיל איך אין זיך.

שוין אַ היפּשער מהלך פון דער באַן־סטאַנציע און ניט נאָענט נאָך צו קאָמאַרינקע. ס׳ציט זיך דער וועג מאָנאָטאָן. איוואַנס פערדל, אַפילו ווען ער איז נאָך יונג געווען, איז גוט פאַרן לאַנגזאַמען שפּאַן פון אַקעראייזן און אַנדערע אַרבעטן פון פעלד, אָבער ניט פאַרן שנעלן פורמאַנישן גאַנג. און איצט איז ער דערצו אויך אַלט און מאָגער, קליין און אויסגעהאָרעוועט, און אָט איז ער שוין אַזוי מיד, אַז קוים וואָס ער שלעפּט זיינע פיס.

און ביים טייכל איז פעט די פאַשע. שפּאַנט־אויס איוואַן זיין פערדל, בינדט אים מיט אַ שטריק צו אַ בוים. פיטערט זיך דאָס פערדל און פאַרשקעט פון הנאה.

אַליין האָט זיך איוואַן אַוועקגעלייגט אויפן גראָז אינעם שאָטן פון דעם צווייגנדיקן דעמב, טרייבט אַראָפּ פונעם פּנים די איבערדריסיקע פליגן, טוט זיך אַ קראַץ די נאָז, רוקט אַראָפּ דאָס היטל איבער די אויגן, און זיין כראָפּען, וואָס דערהערט זיך באַלד, איז אַ באַוויז אַז ער שלאָפט.

אָבער מיר שלאָפט זיך ניט. דער רייץ פון גריקע־פעלד, דאָס וועלדל אַרום, די ריחות ווי פון האָניק, דער קלאָרער הימל, די גאַנצע פּראַכט, — פילט אָן מיט צויבער די נשמה. ס׳פאַרמאַכן זיך אין אַנגענעמקייט די אויגן און עפענען זיך אויף צוריק — נאָך אַ מאָל צו בליקן דעם אַרום, און ניט איך שלאָף און ניט איך בין וואַך.

אַ לאַנד וואָס איז פלאַך, אָן הויכע בערג און טיפע טאָלן, — פעלט דאָרט דער פאַנטאַסטישער שווונג, און אָרעם מיט לעגענדעס איז ווייסרוסלאַנד. די שדים און געטער, די גיבורים און העלדן, די באַבעיאַגעס און נימפן, די פרינצן און פרינצעסינס, די פּיפּערנאָטערס און פאַמפּאַדורן, — זיי אַלע האָבן אָט דאָס לאַנד פאַרלאָזט און האָבן זיך אויסגעקליבן אַנדערע מיקלטים, העט העט ווייט — אין די בערג די אָלימפּן, אין די טאָלן פון אינדיע, אין די ערבות פון די אַראַבער, און אַפילו אין די שטילע רויִקע וואַסערן פונעם דניעפּער, דאָרט ווו זיי פאַרשפּרייטן זיך ברייט איבער סטעפּעס און שטראָמען געמיטלעך איבערן קאָזאַקנלאַנד, — אָבער ווייסרוסלאַנד האָבן זיי אויסגעלאָזט.

און אַנדערע סיפּורי־מעשׂיות ווערן אין ווייסרוסלאַנד דערציילט. דאָס זיינען סיפּורי־מעשׂיות פון פּשוטקייט און געוויינטלעכער זיטלעכקייט, אויס־

קלער געבונדן מיט פּאָלקישער רכילות — אָקערשט געשעענישן מיט פעדקען און אַליאַנען, מיט דעם ייִדן איצקאַ, מיטן שבת־גוי כריטאָגען, וואָס, אוי וויי, האָט זיך פאַרשיכורט אין אַ פרייטאָג פאַר נאַכט, ניט געקומען אויסלעשן די ליכט, און דאָס גאַנצע שטעטל איז פאַרבליבן אילומינירט יענע נאַכט.

און אויך די פעלדער, אויף זייער אייגענעם שטייגער, דערציילן סיפּורי־מעשׂיות. אָט ליגט אַ לינדנבוים אויף דער ערד אויסגעצויגן, און אָט וואָס ער דערציילט אויף זיין שטום־באַרעדעוודיקן לשון: אַזוי ווי היינט, איז אויך דענסטמאָל אַ הייסער טאָג געווען. און ביסלעכוויז האָט די זון אָנגעהויבן נאָך שטאַרקער צו בריִען און ריחות ווי פון שוועבל האָבן זיך צעטראָגן איבער דער לופט. גרוי איז געוואָרן דער הימל און געלב די זון, און די גראָזן שטייען שוין אין ציטער און ס׳טוליעט זיך אין פּחד דער וואַלד.

און דאָרט, איבערן דרום־מערב האָריזאָנט האָט זיך אַ וואָלקנדל אַרויס־געגרוקט. צו ערשט זייער קליין, און באַלד האָט עס זיך אָנגעהויבן צעוואַקסן, און אָט האָט עס שוין פאַרכאַפּט אַ האַלבן הימל און פייערדיקע בליצנצונגען שניידן אים אַדורך, אַהין און אַהער, ווי די שלאַנגען אין גראָז. העכער און העכער שטייגט דער וואָלקן, און אָט האָט עס שוין אויך די זון פאַרשלונגען, און בלוי איז אין מיזרח דער הימל און בלייענגרוי אין מערב.

אַלע לאָזן זייערע קעפּ אַראָפּ. אַ מרה־שחורה איבערן וואַלד, און שאָטנס לויפן אַרום איבער די פעלדער. און די לעבעדיקע ברואים זוכן זיך באַהעל־טעניש און וווּ ניט איז — אַן אֵימה איז זיי באַפאַלן.

צו ערשט איז שטיל אַרום. אָבער באַלד האָט אַ ווינטל עטוואָס אָנגעהויבן צו בלאָזן, צעשאָקלט, ווי אין גוטן מוט, דעם וואַלד, קוים וואָס געבייגט זיינע צווייגן און איינע אויף די אַנדערע געשטויסן די בלעטער. פונעם זאַמדיקן וועג האָט זיך אַ שטויב אויפגעהויבן, פאַרטראָגן זיך צום פעלד און צעשאָטן זיך ווי רויך. און אַן איבערגעשראָקענע איז פון צווישן די קוסטעס אַרויס־געלאָפן אַ פויגל־מוטער, צעשריִען זיך מיט פּחד, צוזאַמענצורופן אירע אומ־דערפאַרענע קינדער, די פּיצעלעך פייגעלעך, וואָס שפּילן זיך לוסטיק און פאַרטרוילעך אין דעם דערבייִיקן געדיכט און הויך צעוואַקסענעם גראָז. פלוצעם כאַפּט אויף דער ווינט דעם פויגל, צעבלאָזט אים די פעדערן, שפּרייט פאַנאַנדער זיין עק, און איין פעדער רייסט זיך אַרויס, הייבט אים אויף דער ווינט, טראָגט אים אין דער הויך, לאָזט אים צוריק אַראָפּ און הייבט אים

ווידער אויף און פֿאַרפּלאָנטערט אים צווישן די בלעטער פֿון דעם שכנותדיקן יונגן דעמבל.

און דער ווינט ווערט אין שטורעם פֿאַרוואַנדלט, אין אַ שטורעם, וואָס בייגט יונגע ביימעלעך, בייגט זיי, און עס קרעכצט דער וואַלד און וואָיעט.
— טראַך־טראַך־טראַך־טר־ר־ר־ר־ראַך! — דונערט איינס נאָך דאָס אַנדערע. און בליצן בלענדן די אויגן און שניידן איינע נאָך די אַנדערע די שוואַרצע הימלען. ס׳הייבן אָן פֿאַלן טראָפּנס, גרויסע טראָפּנס רעגן. צו ערשט פֿאַלן זיי איינציקווייז און זינקען אין זאַמד און קלאַפּן אָפּ אויף די בלעטער פֿון די ביימער: טאַק־טאַק־טאַק! — און באַלד צעגיסן זיי זיך, צעגיסן זיך אין אַ שטראָם, וואָס פֿאַרפּלייצט און פֿאַרגיסט און הייבט־אויף דאָס דרימלענדיקע טייכל, בלאָזט־אויף און מאַכט מוטנע זיין וואַסער, וואָס מישט זיך מיט די שטראָמען פֿון וועג, און הייבט אָן פֿליסן און קייקלען זיך מיט רעש און געפּילדער באַרג־אַראָפּ־צו.

און אויפֿן פֿעלד, וואָס ביים טייכל, איז פֿון יאָרן־לאַנג געשטאַנען אַ לינדנבוים. אַלט, זייער אַלט איז געווען דער לינדנבוים. הגם טיף, ברייט און מאַכטיק זיינען נאָך זיינע וואָרצלען, אָבער אין זיין שטאַם האָט זיך שוין אַריינגעקליבן די שוואַכקייט פֿון זיקנה. שוין אַ סך, אַ סך שטורעמס האָט דער לינדנבוים געזען און איז זיי איבערגעקומען אָן שאָדן, אָבער איצט... שוין ניטאָ די אַמאָליקע כּוחות... עס קרעכצט אין אים זיין געמיט... איז דאָס דער סוף?... געזעגנט ער זיך מיט דעם אַרום און קרעכצט אַרויס זיין ווידוי... און פּלוצעם — מיט אימפּעטדיקער מאַכט טוט אַ שליידער דער ווינט און — קראַך! — אַ בראַך האָט זיך באַוויזן אינעם שטאַם, פֿאַרטרייסלט האָבן זיך די צווייגן, אָנגעהויבן וואַקלען זיך, וואַקלען זיך און אַראָפּלאָזן זיך נידעריקער און נידעריקער, ביז דעם באָדן אַרונטער, דעם באָדן וואָס האָט זיי געגעבן חיונה אומצייליקע יאָרן. זיי ווילן די אויסגעבאָרגטע חיונה איצט צוריק־געבן...

דער שטורעם איז פֿאַרביי. אַלץ איז צום באַנייטן לעבן אויפֿגעקומען. די זון שטייט שוין נידעריק אין הימל און באַלייכט און וואַרעמט דעם אַרום, היילט ווו נאָר אַ וווּנד. די גראָזן זיינען גרינער געוואָרן און גלאַנציקער זיינען געוואָרן די בלעטער אויף די ביימער. שמייכלט אַלץ אַרום און איז מיט פֿרייד באַפֿרישט. אַחוץ דעם אַלטן לינדנבוים. ער וועט שוין מער ניט קוקן פֿון

אויבן אַראָפּ און וועט שוין מער ניט זיין דער ערשטער צו באַגעגענען די זון אין די פרימאָרגנס און דער לעצטער צו באַגלייטן זי צום מערב אין די פאַרנאַכטן.

איבערגעבראָכן האָט זיך זיין שטאַם, אויסגעצויגן אויף דער ערד זיינע צווייגן, אָבער אין גאַנצן טויט איז ער נאָך ניט. עס קלאַפּט נאָך ווו אָדערן אין אים. אַ געמאַטערט לעבן, צו דער ערד געשמידט, אָבער פּאַרט אַ לעבן. שוין צוויי ווינטערן זיינען פאַרביי און אויך אַזוי פיל זומערן זיינען אַריבער — און דער בוים באַנייט זיך נאָך אַלץ מיט בלעטערדיקער גרינקייט. ניט לאַנג אָבער, ניט לאַנג וועט עס נאָך אַזוי אָנהאַלטן. סיידן פון די וואָרצלען וועלן נייע צווייגן, נייע ביימער אַרויס און דער אַלטער לינדנבוים וועט יורשים־קינדער איבערלאָזן.

דאָס איז אַ ווייסרוסלאַנד סיפּור־המעשה. אַ מעשה מיט אַ לינדנבוים, וואָס האָט שוין ווידוי אָפּגעזאָגט און איז נאָך אַלץ ניט אויפן עולם־האמת.

מכּוח וואָס און וועמען טראַכט איצט דער לינדנבוים? — טראַכט ער מכּוח די פאַרגאַנגענע גוטע יאָרן ווען זיין שאָטן איז געווען אַזוי געדיכט, אַז וואַנדערנדיקע האָבן שוץ געפונען אונטער אים? טראַכט ער אפשר וועגן די נאַכטיגאַלס וואָס פלעגן אים טרעליעווען לידער אין די פרילינג־אָוונטן? אָדער טראַכט ער גאָר מכּוח דעם פאַרובאָק און דער פאַרובקע, וואָס פלעגן פאַרבלאָנדזשען צו אים, גייענדיק אַהיים פון דער פעלדאַרבעט, און אין זיין שאָטן גענאָסן ליבע ביז די שפּעטע שעהען פון דער נאַכט? און אפשר טראַכט דער לינדנבוים גאָרניט וועגן די דאָזיקע אַלטע זאַכן, נאָר גרייט זיך צום סוף, און קלאַפּט זיך על־חטא אָן אויפהער? — ווער קען עס באַשיידן?...

✶

איך זעץ זיך אַנידער ביים געפאַלענעם לינדנבוים. דערהערט מיינע טריט, כאַפּט זיך אויף פון שלאָף די יאַשטשערקע און אַנטלויפט פון איר געלעגער אויפן זאַמד, צווישן די צוויי שטיינער, אַנטקעגן דער זון. אַ רחמנות אויף יאַשטשערקעס! שטענדיק קאַלט איז זיי און תּמיד זיינען זייערע גלידער פאַרגליווערט...

שטיל איז אַרום. אַלץ דרימלט, אַלץ איז אין מידקייט פאַרצויגן. אויך דאָס פערדל פיטערט זיך ניט מער, נאָר שטייט אין שאָטן, אַראָפּגעלאָזט דעם

קאָפּ און באַוועגט זיך ניט. אַלץ דרימלט, אַחוץ די מוראַשקעס, וואָס ביי טאָג זיינען זיי תּמיד וואַך, און דאָרט, ביים שטאָם פונעם אָפּגעהאַקטן בוים, האָבן זיי זיך זייער מדינה אויסגעשטעלט, און זיי ווימלען און שוויבלען אַן אויפהער.

און ווען די שאָטנס הייבן אָן לענגער צו ווערן און אין צפון־מיזרח צו קערן זיך, וואַכט שוין אַלץ אויף. דערהערט זיך צו ערשט אַ קו־קו־געשריי, מאַכט פאַנאַנדער דער ראָב זיינע פליגלען און אויך די שוואַלב גייט אַרויס אויף יאָגד און פליט הויך אַרום אין קאַראַהאָדן.

דערוואַכט אויך מיין פורמאַן, שלעפּט אַראָפּ דאָס היטל פון פּנים און פאַרזשמורעט די אויגן קעגן דער ליכטיקער שײַן פון דער זון און צלמט זיך איבער גאָטספאַרכטיק.

און מיר פאָרן ווייטער איבערן שמאָלן שטויביקן וועג. לאַנגזאַם קומען ווידער פאַרביי פעלדער און לאָנקעס און ס׳הערט זיך אָפּט דער קלונג פון קאָסעס און פון צייט צו צייט באַגעגענען זיך וועגענער, געלאָדן מיט היי.

„טפּר־ר־רו!" רופט אויס איוואַן צום פערדל. דאָס פערדל מאַכט קיין שהיות ניט, קענטיק ער איז ניט אומצופרידן אָפּצושטעלן זיך.

„גאָט העלף!" רופט־אויס איוואַן צום פויער וואָס שניידט דאָס גראָז ביים וועג.

„אַ דאַנק!" ענטפערט אים דער פויער.

„קענסטו מיר, פעטערל, זאָגן, ווי ווייט עס איז נאָך צו קאָמאַרינקע?" פרעגט איוואַן.

ווייסט דען ניט איוואַן ווי ווייט ס׳איז? ער ווייסט גוט, נאָר ער פרעגט זיך גלאַט אַזוי. אַ ביסל דורכצושמועסן זיך שאַדט קיין מאָל ניט. און דער פויער רוקט אַראָפּ זיין היטל אויפן שטערן, שטרעקט אויס זיין האַנט ווי ער וואָלט געמאָסטן דעם שטח, איבערלייגט זיך אַ ביסל און ענטפערט:

„ווייט ניט ווייט — אַ וויאָרסט פופצן וועט אַוודאי זיין. און דו, פון וואַנעט פאָרסטו?"

„פון וואַנעט זאָל מען פאָרן? אָט דורכגעפאָרן זיך אין שטאָט דעם פאַניטש אַריבערברענגען. שלעכטע צייטן... ערד איז ווייניק, דאַרף מען אַ רובל אָן דער זייט פאַרדינען..."

און ווען די זון הייבט שוין אָן צו גאָלדיקן די שפּיצן פון דיביימער, קערט זיך אום צו מיר איוואַן: „אַ שיינער טאָג וועט מאָרגן זיין."

„פון וואַנעט ווייסטו?"

„זעסט דאָך, די זון פאַרגייט ניט פאַרוואָלקנט און די שוואַלבן פליִען אַרום הויך... אַ גוט וועטער דעם היי צו טריקענען האָט אונדז האַיאָר גאָט באַשערט."

„זעסטו יענע דעכער," ווייזט איוואַן מיר אָן נאָך דעם ווי מיר זיינען אָפּגעפאָרן נאָך אַ שטיקל וועג, „דאָס זיינען שוין די שייערן פון קאַמאַרינקע." און צום ערשטן מאָל האָט ער אַ שמיץ געטאָן זיין פערד.

## קאַפּיטל 2

דער קעניגסוועג צו קאַמאַרינקע איז אויסגעלייגט צווישן צוויי בית־עלמינס. לינקס איז דער בית־עלמין מיט מצבות, פּשוטע מצבות, פון שטיין אויסגעהאַקט, מיט מגן־דודס אויף זיי אויסגעקריצט און מיט פּ"נ, לשון־קודש אותיות, און זיין אָדער איר נאָמען, און רעכטס — נאָך אַ מער פּשוטער בית־עלמין, קיין שום שטיינערנע מצבות, נייערט הילצערנע צלמים, אייניקע פרישע, נייע, וואָס שטייען שטייף און גלייך, און אַנדערע, שוין פאַרעלטערט, זיינען זיי פאַרטונקלט און בייגן זיך אָן אַ זייט, און די גאָר־פאַרעלטערטע, פאַריתומטע, ליגן אויסגעצויגן אויף דער ערד: פאַרגעסן די צלמים, ווי די קברים אין וועמענס אָנדענק זיי זיינען אַ מאָל געווען אָנגעשטעלט, פאַרגעסן דער אָנדענק פון די מענטשן, וואָס מען האָט זיי אָפּגעטיילט צו אייביקער רו אונטער אָט די צלמים.

דער וועג צו קאַמאַרינקע פירט צווישן אָט די צוויי בית־עלמינס. אָבער אָט דער גלייכער וועג איז שוין איצט פאַרשטעלט — אַ צוים פאַרשטעלט אים: במקום דעם ברייטן שליאַך, קירעווען זיך צוויי וועגן, איינער רעכטס און איינער לינקס.

„פאַר וואָס איז דער וועג פאַרשטעלט, איוואַן?"

„ווייסט דאָך, פריצל, צוויי הייליקע קברים... איינער אויף איין זייט וועג, דער אַנדערער אויפן צווייטן זייט וועג... טאָרן זיי דורכן וועג ניט אָפּגעשיידט ווערן... פאַראייניקט זיינען זיי געווען אין לעבן, טאָרן מיר ניט דורכן וועג זיי ניט שיידן נאָך זייער טויט." און ער צלמט זיך איבער גאָטספאַרכטיק.

יאָ, איוואַן, מיר איז עס באַקאַנט: צוויי הייליקע קברים. אַ מאָל, אַ מאָל, איך האָב זיי ביידן געקענט. אין לעבן זיינען זיי געווען געאייניקט — הגם געשיידט... זאָלן זיי כאָטש אין טויט זיין געאייניקט, און קיינער טאָר זיי ניט שיידן אַפילו אויף דער קורצער צייט וואָס מ׳פאָרט צווישן זייערע קברים איבערן שליאַכוועג.

קירעווען זיך אויס וועגן, אויף לינקס — אַרומצורינגלען דעם ייִדישן בית־עולם; אויף רעכטס — אַרומצורינגלען דעם קריסטלעכן בית־עולם. ווי ווער עס וויל. דערנאָך קומען זיך ווידער צונויף די רינגלענדיקע וועגן.

שטעלט אָפּ איוואַן זיין פערדל: „ווי ווילט איר רינגלען זיך, פּריצל, רעכטס צי לינקס?״

„רעכטס אָדער לינקס, אַרום און אַרום, ביז מיר וועלן צוריקקומען אַהער, איוואַן טייערער. איך וויל אַרומקרייזן ביידע בית־עולמס. דערנאָך, מיין פריינד, וועל איך אַראָפּגיין פון וואָגן, צו פוס וועל איך צוגיין — צו די צוויי הייליקע קברים. אַ ליכטל צינדן אויף איינעם און אַ ליכטל צינדן אויפן אַנדערן. און זאָל דער זכות פון זיי ביידן מיר ביישטיין, און וויסן זאָלן זיי ביידע וויסן, אַז זייער אָנדענק האָבן די יאָרן ניט אָפּגעמעקט און אין זיכרונות לעבן זיי נאָך, און זיי זיינען טיילן פון די קנויטן פון שכינה־שטראַלן, וואָס ציִען זיך פון ערד צו באַשטראַלן דעם הימל, און וואָס ציִען זיך פון הימל צו באַשטראַלן די ערד, און וואָס ביידע אין איינעם שאַפן דעם לעבנסגאַנג פאַר די ליידנשאַפטן וואָס ציִען זיך פון אונטן צום אַרויף און צו ברענגען דעם אַרויף צום אונטן.

און וועגן אָט דעם מאַן און דער פרוי, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן צו זייער אייביקער רו אין אָט די צוויי קברים, — צו זיי ביידן פירן מיך מיינע זיכרונות, און איידער וואָס און ווען, לאָמיר עטוואָס אויסדערציילן וועגן איר, וואָס איר ערדישער איבערבלייב רוט אויף דעם קריסטלעכן בית־עולם.

*

געהייסן האָט עס ביי די קריסטן: „גיין צו דער הייליקער״, אָדער „שטעלן אַ ליכט ביי דער הייליקער״, און ווען מ׳האָט געזאָגט: „צו דער הייליקער״, האָט מען שוין געוווּסט ווּעמען מ׳מיינט, אַלע האָבן געוווּסט.

ווער האָט זי פאַרהייליקט?

ניט די קירך. פאַרקערט, די קירך האָט אָפּגעפּרעגט די הייליקייט פון דער דאָזיקער פרוי. די קירך האָט אָט די פרוי באַטראַכט אַפילו ווי אַן אָפּגעקערטע, אַן אָפּטריניקע, וואָס איז אָפּגעטראָטן פון די קירכלעכע פעסט־געשטעלטע וועגן ווי אויפצופירן זיך. בעת די לעצטע יאָרן פון איר לעבן, פון זינט זי איז געקומען און האָט זיך באַזעצט אין אָט די מקומות, זיינען וועגן איר אויפפירונג דערציילט געוואָרן זאַכן, וואָס זיינען ניט פּאַסיק פאַר אַ קריסטלעך־גאָטספאַרכטיקער פרוי. אין קירך האָט מען זי קיין מאָל ניט געזען, און כאָטש מ׳האָט זי זייער אָפט געזען שטיין אויף די קני און מתפּלל זיין מיט גרויס כּוונה, האָט מען זי ניט געזען צלמען זיך, און אַפילו קיין איקאָנעס זיינען אויף די ווענט פון איר צימער ניט געהאַנגען. קיין פליייש האָט זי קיין מאָל ניט געגעסן און אַפילו ניט די מאכלים וואָס זיינען געקאָכט געוואָרן אין טעפּ ווו פליישיקס איז אַ מאָל געקאָכט געוואָרן. „צער בעלי חיים," האָט זי אַ מאָל געזאָגט, „וואָס גאָט האָט געמאַכט צו געבערן, טאָר מענטש ניט צעשטערן." אויך קיין צלם האָט זי ביי זיך אויף דער ברוסט ניט געטראָגן. און אַז מ׳האָט ביי איר געפרעגט, הלמאי זי גייט ניט אין קירך, איז איר ענטפער געווען, אַז גאָט איז ניט איינגעצאַמט צווישן ווענט, און תּפילות צו אים גרייכן פון אומעטום — זאָלן נאָר די תּפילות מיט פאַלשקייט ניט געזאָגט ווערן. און קיין צלם טראָגט זי ניט אויפן האַלדז, וואָרן די איבער־געגעבנקייט צו גאָט דאַרף געטראָגן ווערן אין האַרצן און ס׳איז ניט נייטיק אויסצושטעלן דאָס אין דרויסן. אויך איז זי באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אַנגעהעריקע צו דער כּיתה וואָס פאַרהייליקט שבת, דעם זיבעטן טאָג פון דער וואָך, און פאַרשוועכט די הייליקייט פון זונטאָג.

דערפאַר, ווען זי איז געשטאָרבן, האָט דער גלח זיך אָפּגעזאָגט צו באַגלייטן זי צו דער קבורה, און אַ קבר האָט די קירך איר אָפּגעטיילט אין דרויסן פונעם קירכלעכן בית־עלמין, אַריבער דעם צוים, פּונקט אַנטקעגן דעם יידישן בית־עלמין, איבערן וועג וואָס טיילט פאַנאַנדער די דאָזיקע צוויי בית־עלמינס, און ניט געלאָזט מישן איר קבר מיט די אַנדערע קירכלעכע קברים.

דער גלח האָט זי צו איר קבורה ניט באַגלייט, דאָס פאָלק האָט זי אָבער יאָ באַגלייט. ס׳איז דעמאָלט געווען אַ קאַלטער, שפּעטהאַרבסטיקער נעפּל־דיקער טאָג. פון דעסטוועגן איז דאָס גאַנצע פאָלק, אַלט און יונג, מענער און

פרויען, געקומען באַגלייטן זי צו איר אייביקער רו. און ווען מ׳האָט איר קערפּער געגומען אַראָפּלאָזן אין קבר, האָבן זיך אַלע געשטעלט אויף די קני און טרערן האָבן געשטראָמט פון זייערע אויגן. אַ סך פרויען האָבן אַפילו צעוויינט זיך הויך אויפן קול, אַ שטייגער, ווי זיי טוען עס ביי די לוויות פון גאָר נאָענטע און פון דער אייגענער משפּחה.

אַזוי אויף דעם קריסטלעכן בית־עולם. אָבער אויך דער ייִדישער עולם איז אין דער היים ניט פאַרבליבן, און הגם זיי זיינען נאָך דער לוויה ניט נאָכגעגאַנגען, ווי עס טוען ניט ייִדן נאָכגיין נאָך לוויות, וואָס ווערן אָנגעפירט פון גלחים מיט צלמים און מיט איקאָנעס, — זיינען אָבער די ייִדן פון יענעם יישוב אין דער היים ניט פאַרבליבן, און זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן צווייטן זייט וועג, אויפן ייִדישן בית־עולם, נאָכגעקוקט די לוויה, און ווען איר קערפּער איז אין קבר אַראָפּגעלאָזט געוואָרן, האָבן זיי אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און אויך ביי אַ סך פון זיי זיינען די אויגן געווען פאַרטרערט.

און דענסטמאָל איז אַ חידוש געשען: ווי נאָר מ׳האָט געזען אַז דער פרישער קבר איז פאַרשאָטן געוואָרן, און דער עולם פונעם קריסטלעכן בית־עולם האָט זיך שוין גענומען פאַנאַנדערגיין, האָט ר׳ יחיאל דער פעלדשער, וואָס איז געשטאַנען ביים צוים פונעם ייִדישן בית־עולם, געגעבן אַ צייכן צו אַלע ייִדן, אַז זיי זאָלן זיך ניט פאַנאַנדערגיין און ער האָט אויסגערופן: „ייִדן מיר׳ן דאַווענען מינחה.״

„מינחה, דאָ אויפן בית־עולם?״ האָבן זיך אייניקע פאַרוווּנדערט.

אָבער ר׳ יחיאל האָט די פאַרוווּנדערונג ניט געאַרט, האָט זיך מיטן פּנים געקערט צו דעם פרישן קבר, האָט געזאָגט קדיש, אויפן שטייגער ווי מ׳טוט עס ביי אַ ייִדישער קבורה, און דער עולם האָט געזאָגט אָמן.

און ווען ר׳ יחיאל האָט דאָס געטאָן, האָט דער עולם זיך מער ניט גע־חידושט: די קירך האָט איר טאַקע אויסגעטיילט קבורת חמור, אָבער וואָס דאָס פאָלק פאַרהייליקט איז באמת הייליק און מ׳מעג נאָך דעם זאָגן קדיש. און זעלטן ווען ייִדן האָבן מיט אַזוי פיל כּוונה מתפּלל געווען ווי זיי האָבן דאָס מאָל געדאַוונט מינחה.

און נאָך מינחה האָט ר׳ יחיאל ווידער געזאָגט קדיש־יתום, און דערנאָך האָט ער צוגערופן דעם גבאי פון דער שול, וואָס איז דערביי געשטאַנען, און האָט געזאָגט: „מיין בקשה איז — און דאָס לאָז איך איבער בצוואה —

אַז ווען מיין שעה וועט קומען, זאָל מיין קבר זיין אָט דאָ, ווו איך שטיי איצט, און פון אָט דעם אָרט ווו איך האָב קדיש געזאָגט."

און זיין צוואה איז מיט דער צייט דערפילט געוואָרן. געפינט זיך זיין קבר איבערן שפּאַלט וואָס צווישן די צוויי בערג, פונקט אַנטקעגן דעם קבר פון דער פרוי, וואָס דאָס פאָלק רופט „די הייליקע".

און אַן אוהל האָט דאָס פאָלק געשטעלט איבערן קבר פון דער הייליקער, און, ווי פריִער דערציילט, ווי נאָר ביי ווען אַ וויכטיקע געשעעניש, אַזוי קומט דאָס קריסטלעכע פאָלק צו דעם דאָזיקן קבר און צינדט איבער אים אַ ליכט. איז ווער מסוכּן קראַנק, ריכט זיך אַ פרוי צו לייגן זיך אין קימפּעט, גרייט זיך ווער צו אַ חתונה, דאַרף ווער אַוועקפאָרן אין וויטע מקומות, — קומט מען שטעלן אַ ליכטל אויפן קבר פון דער הייליקער. און ווען מ׳טוט עס, קוקט מען אַריבערן שפּאַלט צווישן די צוויי בערג — צום קבר וואָס אַקעגן איבער אויפן יידישן בית־עולם, מ׳קניט און מ׳זאָגט אַ תפילה בלחש: זאָל ער אויך, וואָס דאָרטן רוט, אַ גוטער בעטער זיין.

און ענלעך אויך יידן. ווען נאָר מ׳גייט אויף קבר־אָבות, סיי אין פריידן און סיי אין ליידן, פאַרפעלט מען ניט צו קומען צו ר׳ יחיאלס קבר, און אַז מ׳גיסט שוין אויס פאַר אים די תפילה, קוקט מען אויך אַריבער אויף דעם קבר, וואָס אויף דער אַנדער זייט, און מ׳איז אויך מתכוון די נקברת פון דאָרט: זאָל אויך זי זיין אַ גוטע בעטערין...

*

ווי האָט זי געהייסן, אָט די הייליקע? ווי איז געווען איר נאָמען? זי האָט דאָס ניט אויסגעזאָגט. און אַז מ׳האָט זי געפרעגט, האָט זי געענטפערט: „מיין נאָמען איז פון מיר אויך פאַרהוילן... איך האָב אים פון זיך אַליין פאַרהוילן..."

„אָבער ווי זאָלן מיר דיך רופן?" האָט מען ביי איר געפרעגט.

„ווי באַלד איר באַשטייט אויף אַ נאָמען, רופט מיך מרה, ווי עס שטייט אין דער ביבל: „איר זאָלט מיך ניט רופן נעמי, רופט מיך מרה, וואָרום דער אַלמאַכטיקער האָט מיר זייער פאַרביטערט."

„ניין, ניט ווי מרה ביסטו צו אונדז," האָט מען איר געענטפערט, „נאָר ווי נעמי, ווי אַ זיסע שוועסטער ביסטו צו אונדז."

האָט זי אויף דעם געענטפערט: „ווי באַלד איר זאָגט יאָ, אַז ווי אַ

שוועסטער בין איך צו אייך, רופט מיך שוועסטער, און דאָס וועט זיין אַ כבוד פאַר מיר."

און אַזוי האָט מען זי גערופן: שוועסטער.

*

און אָט ווי אַזוי און פאַר וואָס זי האָט זיך באַזעצט אין קאַמאַרינקע און אויסדערוויילט זי צו זיין איר היים.

ביים עק שטעטל קאַמאַרינקע איז געשטאַנען דעם פויער טריכאָנס הויז. טריכאָן איז געווען איינער פון די פאַרמעגלעכסטע פויערים אין קאַמאַרינקע און זיין הויז איז געווען אַ באַלעבאַטיש הויז, גרויס און גראַם, מיט אַ צאָל באַזונדערע צימערן, אַ צימער פאַר יעדן איינעם פון דער מישפּחה. פון פאָרנט פונעם הויז האָט זיך געשפּרייט אַ פּרוכטגאָרטן, און הינטער אים זיינען געשטאַנען די שטאַלן פאַר די בהמות און פערד, דער שפּייכלער פאַר תּבואה און די שייערס צום דרעשן און פאַר היי און שטרוי.

טריכאָן איז געווען אַ שטילער, האָרעפּאַשנער פויער, פריינדלעך צו די שכנים און אָנגענעם צו מענטשן. נאָר איין חסרון האָט ער געהאַט: ער האָט ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן.

אמת, קיין שיכּור איז ער ניט געווען. בעת אַרבעטטעג האָט ער ניט געטרונקען, אָבער אָפּט מאָל בעת די רוטעג — אַ זונטאָג אָדער אַן אַנדער חגא, ווען קיין אַרבעט אויף פעלד און גאָרטן איז ניט געווען, פלעגט ער, אָנשטאָט גיין אין קירך, ווי אַלע פויערים האָבן זיך נוהג געווען, זיך אַריינ־כאַפּן אין שענק און אַרויסקומען פון דאָרט שיכּור.

און ווי שטיל און גוט ער איז געווען ניכטערהייט, אַזוי ווילד און שלעכט איז ער געווען ווען באַזויפן. ער איז באַפאַלן וועמען נאָר ער האָט אָנגעטראָפן, און ווי נאָר עפּעס וואָס, האָט ער זיך געוואָרפן שלאָגן. און קומענדיק אַהיים האָט ער זיין גרימצאָרן גלייך אויסגעלאָזט צו זיין ווייב און קינדער.

זיי אַלע האָבן דאָס געוווּסט, און ווען ער איז געווען שיכּור, האָבן זיי אים אויסגעמיטן — אַוועק צו שכנים אָדער זיך ווו אַנדערש באַהאַלטן. צוריק אַהיים זיינען זיי געקומען ערשט דעמאָלט ווען זיי האָבן געוווּסט, אַז אין זיין באַזויפנקייט איז טריכאָן אַוועקגעפאַלן אויף זיין בעט, אָדער אין שייער אויפן היי, אָדער, זומערצייט, אין גאָרטן, אין שאָטן פון אַ בוים. אָבער ניט אַלע

מאָל האָבן זיי געקענט זיך אויסבאַהאַלטן פון אים, און דעמאָלט האָט ער זיך אויף זיי געוואָרפן מיט אַזוי פיל רוגזה און ווילדקייט, אַז זיי האָבן זיך כסדר אַרומגעטראָגן מיט בלויע צייכנס אויף די לייבער און מיט ביילן אויף די קעפּ — סימנים פון וווּנדן אויף זייערע לייבער וואָס האָבן זיך ניט פאַרהיילט צווישן איינעם און דעם אַנדערן פון זיינע שיכּרותן.

איין מאָל, אַ זונטאָג, איז די פרוי, וואָס מ׳האָט זי שפּעטער גערופן שוועסטער, פאַרביי געגאַנגען קאַמאַרינקע. פון וואַנען זי איז געקומען און און וווּהין איר גאַנג איז געווען געווענדט, ווייסט קיינער ניט. געזאָגט האָט מען, אַז זי האָט עולה רגל געווען קיין קיִעוו, צו די הייליקע ערטער וואָס געפינען זיך דאָרט, ווי עס טוען אַ סך מענער און פרויען וואָס ווידמענען זייערע לעבנס צו דינען גאָט. אַזוי האָט מען געזאָגט, אָבער באמת האָט קיינער דאָס ניט געוווּסט, און זי אַליין האָט דאָס קיינעם ניט דערציילט, ווייל בכלל האָט זי וועגן זיך קיין מאָל ניט גערעדט און וועגן זיך גאָרנישט דערציילט. ס׳האָט אויסגעזען אַז זי אַליין האָט זיך באַטראַכט פאַר אַזוי אומ־וויכטיק, אַז ס׳איז גאָר ניט כּדאַי וועגן דעם צו ריידן.

און ווען שוועסטער — ווי מיר וועלן זי רופן פון איצט אָן — איז פאַרביי־געגאַנגען טריכאָנס הויז, האָט זי באַנומען ווי עס טראָגן זיך פון ערגעץ אויסגעשרייען פון ווייטיק, ווי איינער וואָס ווערט געפּייניקט און רופט נאָך הילף.

שוועסטער האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך איינגעהערט פון וואַנען עס קומען די אויסגעשרייען. ערשט זיי קומען פון דער ריכטונג פון הויז, ביטערע געשרייען פון פּיין: „דערבאַרעם זיך... האָב רחמנות... ווּעסט מיך דער־שלאָגן... מענטשן, ראַטעוועט!... ער וועט מיך דערהרגענען...״ — אַ פרויען־שטימע פון יסורים, שרעק און פּיין.

שוועסטער איז אין איילעניש אַוועק אין דער ריכטונג פון וואַנען די ווייגעשרייען האָבן זיך געטראָגן. ווען זי איז צוגעקומען צו טריכאָנס וווינונג, האָט זי דערקענט, אַז ניט פון הויז קומען די קולות, נאָר פון ערגעץ אַנדערש, פון הינטער דעם הויז. דערביי איז דאָ געווען אַ הויכער צוים, און אין צוים אַ טיר, וואָס איז קענטיק געווען פאַרריגלט פון דער אַנדערער זייט. און דער צוים איז געווען הויך, די ווענט גלאַטע, ניט אַריבערצוקלעטערן. שוועסטער האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען האָלץ, אָנגעגרייט צו צעהאַקן פאַרן אויוון,

און דערביי איז געלעגן אַ האַק. אין פאַרצווייפלונג האָט שוועסטער אויפגע־הויבן די האַק און מיט איר טעמפּער זייט געגומען קלאַפּן אין טיר.

די קולות און וויי־געשרייען פון דער צווייטער זייט טיר האָבן ניט אויפגעהערט. שוועסטער האָט ניט אויפגעהערט קלאַפּן אין טיר. די טיר האָט זיך אָבער ניט געעפנט. האָט זי פאַרקערט די האַק אויף דער שאַרפער זייט, געפּרוּווט איינברעכן די טיר. און קענטיק אַז אירע הענט זיינען געווען געניט אַזוי צו טאָן, וואָרעם בלויז אירע עטלעכע קלעפּ אויף דעם ריכטיקן אָרט, און אַ ברעט פון דער טיר האָט זיך איינגעבראָכן. זי האָט מיט דער האַנט אָנגעטאַפּט דעם ריגל פון דער אַנדער זייט טיר, געעפנט די טיר און איז אַריין אינעם הויף פון דעם הויז.

פאַר אירע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ שרעקלעך בילד. אַ הויכער, געזונטער פויער, מיט צעשויבערטע האָר, די אויגן ווילד, דאָס פּנים צע־פלאַמט, די פויסטן פאַרביילט, האָט זיך געיאָגט נאָך אַ פרוי, און די פרוי איז געלאָפן אין טויטשרעק, באַנומען געשריִען און געוויינט.

קענטיק, דער פויער האָט שוין פריִער געהאַט געשלאָגן די פרוי און זי האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיינע הענט. איר בלוזע איז פון איר געווען אַראָפּ־געריסן, דער אויבערשטער טייל פון איר קערפּער איז געווען אַנטבלויזט, איר האָר צעשאָטן, פון איר מויל און איבער אירע אָרעמס און ברוסט איז געגרונען בלוט. אין ווילדן פּחד איז זי פון אים געלאָפן, זיך געקרייזט אַרום אַ טיש, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן הויף, און ער איז איר נאָכגעלאָפן זי צו דערגרייכן.

שוועסטער האָט זיך גלייך געשטעלט ביים טיש. ווען די פרוי איז אין איר געלאָף צוגעקומען צו דער זייט פונעם טיש, וואָס איז געווען נאָענט צו דער טיר פונעם צוים, האָט זי דעם פויער פאַרשטעלט דעם וועג און דער פרוי האָט זי אָנגעוויזן צו לויפן צו דער אָפענער טיר. די פרוי האָט געפאָלגט און איז אַרויסגעלאָפן אין דרויסן. דער מאַן האָט זיך פאַרנומען זי נאָכצויאָגן, אָבער שוועסטער האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג, פאַרמאַכט די טיר, זיך אַליין אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר און אַליין באַגעגנט דעם ווילדן צאָרן פון דעם פויער.

דער פויער האָט זיך אויף דעם ניט געריכט, און ווען ער האָט זיך אָנגעשטויסן אָן שוועסטער, האָט ער זיך ווילד צערעוועט, זיך פאַרמאָסטן

אויף איר מיט זיינע פויסטן. אָבער שוועסטער האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין שרעק, איז קעגן אים געשטאַנען רויק און האָט איינגעזונקען אין זיין פּנים איר שאַרפן בליק. זי האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט, בלויז מיט אירע אויגן שאַרף אַריינגעדרונגען אין זיין פּנים. ער האָט אויפגעהויבן זיינע הענט אין אַ פאַרמעסט צו שלאָגן זי, אָבער איר בליק האָט זיינע הענט ווי געליימט. זיין גאווה האָט אים טאַקע ניט דערלויבט נאָכצוגעבן אָט דער פרעמדער פרוי, אָבער איר בליק און איר מוטיקער שטעל האָט ווי אָפּגעטאָן זיין צאָרן און אים ווי פאַרשעמט.

„טרעט אָפּ," האָט ער צו איר אויסגעשריִען, אָבער שוין ניט מיט אַזאַ זיכערן קול, „טרעט אָפּ, אָדער איך וועל דיך אויך שלאָגן!"

זי האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. „טרעט אָפּ!" האָט ער ווידער אויס־געשריִען און גענומען זי אָפּשטויסן פון דער טיר. אָבער צי איר גבורה איז געווען שטאַרקער פון זיינער, אָדער בושה און חרטה האָט אים פאַרנומען און אָפּגעשוואַכט זיינע הענט, — ער האָט זי ניט געקענט רירן פון אָרט.

איז ער אַ ווײַלע געשטאַנען קעגן איר, געפּרוּווט און ניט געקענט אויסהאַלטן איר בליק, האָט ער אַ שפּיי געטאָן, אויסגערופן אַן עכט־רוסיש זידלוואָרט איבער פרויען, זיך אָפּגעקערט און איז אַוועק צום שייער. ער איז אַריין אין שייער און שוועסטער האָט דורך דעם אָפענעם טויער געזען ווי ער איז אַנידערגעפאַלן אויף דער הרודע היי וואָס איז דאָרט געווען.

דאַן איז שוועסטער אַרויס פונעם הויף און געווענדט איר פּנים צו גיין ווייטער אויפן וועג וווהין זי האָט געוואָלט גיין. ערשט ווען זי איז שוין אָפּגעגאַנגען אַ קורצן מהלך האָט זי אָנגעיאָגט די געשלאָגענע פרוי, איר געפאַלן צו די פיס און גענומען קושן איר האַנט און מיט געוויין איר געדאַנקט פאַר ראַטעווען זי פון די מערדערישע הענט פון איר מאַן, וואָס ווערט אַזוי ווילד ווי נאָר ער נעמט דעם ביטערן טראָפּן.

דער סוף איז געווען, אַז שוועסטער איז ניט געגאַנגען וווהין זי האָט געזאָלט גיין, נאָר איז געבליבן איבערצונעכטיקן אין דעם דאָזיקן הויז פון טריכאָן.

פאַר נאַכט, צו וועטשערע, איז טריכאָן אַריינגעקומען אין הויז, אַן אויס־געניכטערטער, אַ פאַרשעמטער. ער האָט געדענקט אַלץ וואָס מיט אים איז געשען ביי טאָג ווען ער איז געווען שיכּור. ער האָט דערקענט שוועסטער

און האָט זיך געשעמט אויפצוהייבן זיינע אויגן. אַלע האָבן געגעסן שטיל און קיינער האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. אויך נאָכן עסן איז טריכאַן, נאָך אַלץ אין אַ פאַרלעגנהייט, געבליבן זיצן ביים טיש. קענטיק, ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, צו פאַרענטפערן זיך אָדער צו באַרעכטיקן זיין האַנדלונג, אָבער ער האָט ניט געפונען די ריכטיקע ווערטער ווי דאָס אַרויסצוזאָגן. שוועסטער האָט געזען און געפילט זייער אַלעמענס פאַרלעגנהייט און זי האָט זיי פון דעם אַרויסגעפירט. „איך האָב ביי זיך די ביבל,“ האָט זי געזאָגט, „און איך וועל פון דעם פאַר אייך עטוואָס פאַרליינען.“

און זי האָט פאַר זיי פאַרגעלייענט די מעשה פון דוד און בת שבע, און ווי דוד האָט געמאַכט צו הרגענען אוריה החיתי, און האָט צוגענומען זיין ווייב, און ווי נתן האָט דודן דערציילט די געשיכטע מיט דעם רייכן מאַן און דעם אָרעמאַן, און ווי דער רייכער מאַן האָט באַעוולט דעם אָרעמאַן, און ווי גאָט האָט דודן באַשטראָפט פאַר זיין זינד.

און דערנאָך האָט זי געלייענט וואָס די תורה זאָגט, אַז מ׳זאָל ליב האָבן איינער דעם אַנדערן, און אַז האַרב איז די שטראָף פון אַ בן סורר ומורה. אויך געלייענט האָט זי די משלים פון שלמה המלך וועגן דעם וואָס איז אַן אשת חיל און אַז מ׳דאַרף זי שעצן.

און ווען זי האָט דאָס געלייענט האָט טריכאַן געוווסט, אַז דאָס מיינט זי אים מיט זיינע רייד, און טיפע חרטה האָט אָנגעפילט זיין האַרץ, און ער איז פאַרשעמטערהייט צו איר צוגעקומען און געבעטן, אַז זי זאָל אים מוחל זיין.

אָבער זי האָט אים געזאָגט: „ניט ביי מיר דאַרפסטו מחילה בעטן, נאָר ביי דיין ווייב, וואָרעם זי איז די געפייניקטע. און דער איינציקער וועג ווי דיין זינד וועט אויסגעקויפט ווערן, איז ווען דו וועסט זיך אַ נדר געבן, אַז מער קיין מאָל וועסטו ניט צולאָזן דעם ביטערן טראָפּן צו דיין מויל.“

און ער האָט זיך געשטעלט קעגן די איקאָנעס אויף די קני און האָט נאָך שוועסטער נאָכגעזאָגט אַ שבועה, אַז ער וועט מער קיין מאָל ניט אַריינגעמען קיין שטאַרקן געטראַנק אין מויל.

און ער האָט זיין נדר געהאַלטן.

און דענסטמאָל איז אַזוי געשען, אַז שוועסטער איז אין טריכאַנס הויז שוין געבליבן וווינען, זי האָט אים אַרויסגעהאָלפן אין דער באַלעבאַטישקייט און דערמיט פאַרדינט פאַר איר שפּייז און דירה.

און מיט דער צייט איז טריכאַנס הויז באַקאַנט געוואָרן ווי דער טעמפּל, ווו עס וווינט די הייליקע, וואָרעם אַט אַזוי אַ האָט דאָס פאָלק שוועסטער געגומען באַטראַכטן.

מחמת ווו נאָר אַ קריגריי איז געווען אין אַ הויזגעזינד, אַ פויערישן און אַפילו אַ ייִדישן, האָט זי זיך דאָרט אַריינגעמישט און געמאַכט שלום־בית. און געטאָן האָט זי דאָס שטילערהייט, ווי זי וואָלט אַ מלאך געווען. און פון דאָרף צו דאָרף איז זי אַרומגעגאַנגען און פון הויז צו הויז, און ווו נאָר פרויען זיינען געווען שוואַנגעריק, האָט זי זיי עצות געגעבן ווי אויפצופירן זיך; און ווו נאָר אַ קימפעטאָרין, איז זי איר הייבין געווען; און ווו אַ קינד אָדער אַ פרוי איז קראַנק געוואָרן, איז זי זייער באַרמהאַרציקע שוועסטער געווען; און ווען מ'האָט איר פאַר דעם געגעבן געצאָלט, האָט זי פון די אָרעמע ניט גענומען, און וואָס זי האָט פון די רייכע יאָ גענומען, האָט זי צו אָרעמע אויסגעטיילט.

## קאַפּיטל 3

איין שמאָלע, לאַנגע גאַס; הייזער אַלערליי: רחבותדיקע — פון די פאַרמעגלעכע פויערים, און הייזער־ברעקלעך, מיט שטרויענע דעכער, קליי־נינקע פענצטער, אַלט און אָפּגעלאָזן — פון די אָרעמע פויערים. שטייען די הייזער אָפּגערוקט איינע פון די אַנדערע, אַרומגערינגלט מיט הויפן און שטאַלן, מיט גרינגערטנער, סעדער און קליינע לאַנקעס. די גאַנצע לענג פון גאַס איז אויסגעזעצט מיטביימער פון ביידע זייטן, ביימער וואָס זיינען געדיכט באַוואַקסן און פאַרצווייגן זיך ווי אַ דאַך איבערן גאַס, אַ דאַך פון גרינס, אַ שטענדיקע סוכּה. דאָס איז די גויִשע קאַמאַרינקע.

און עטוואָס העכער באַרג־אַרויף, דאָרט זיינען שוין אויסגעצווייגט עט־לעכע געסלעך, די הייזער זיינען טאַקע מער רחבותדיק, אָבער אויך מער צונויפגעדריקט צווישן אַנאַנד; דאָרט זיינען שוין אויך צעוואָרפן עטלעכע קראָמען פון אַלערליי סחורות, און ווייניקער ביימער זיינען איבער די גאַסן פאַרפלאַנצט; פון דאָרט זעט מען ווי דער ברייטער שליאַך הייבט זיך אָן ציִען — פון די צווי בית־עלמינס און ווייטער אַוועק, — דאָס איז די ייִדישע קאַמאַרינקע.

גוטע מלאָכים האָבן דאָך דווידקען אָן מיר אויך געבראַכט אַ רפואה, איז צו וואָס דאַרפט איר מיך ?׳ נו, פרעג איך אייך, פון וואַנען האָט ער געוווּסט אַז ,גוטע מלאָכים׳ האָבן די רפואה צוגעשיקט ?״

מלכה דערציילט אַלעמען די מעשׂה און דערווייל דערציילן אַנדערע פּרויען, אַז אויך אין אַנדערע מקומות האָט רב יחיאל באַוויזן מופתים... „אַז מע קלינגט איז חגא...״ האָבן זיי געזאָגט. „מ׳טראַכט ניט אויס אַזוינע זאַכן. ווען ער וואָלט קיין בעל־מופת ניט געווען, וואָלט מען עס אויף אים ניט געזאָגט. ער אַליין זאָגט עס דען ? ניין, ער אַליין לייקנט עס גאָר, ער זאָגט אַז ס׳איז כּזב ושקר... אָבער אַנדערע זאָגן יאָ...״

רב יחזקאל און מלכה האַלטן עס פאַר אַ גרויסן זכות ווען רב יחיאל קומט צו זיי און איז זייער גאַסט. און אַזוי האָט אויך דווידקע געפילט. ער האָט געפילט, אַז רב יחיאל האָט אים ליב און ער האָט תּמיד אַרויסגעקוקט ווען ער וועט צו זיי קומען. ער האָט באַזונדערס ליב געהאַט רב יחיאלס שפּאַסן און וויצן. און איצט, ווען ער איז פאַרשוואַכט און ער דאַרף נאָך אַלץ ליגן אין בעט, און ער האָט געפילט אַז רב יחיאל וועט אויך אַוועק, איז אים זייער טרויעריק געוואָרן אויפן האַרצן און ער האָט זיך קוים איינגע־האַלטן פון וויינען.

## קאַפּיטל 6

רב יחיאל איז אַוועק אין דעם זעלביקן טאָג. „גענוג,״ האָט ער געזאָגט. „אָפּגעזעסן דאָ אַ פּאָר וואָכן, אויסגערוט זיך. וויפל איז דער שיעור ? איך טאָר ניט פאַרגעסן, אַז דווידקע איז אפשר אַ בן־יקיר ביי אייך, אָבער ניט ביי מיר. איך האָב אויך אַנדערע, ברוך השם...״

ר׳ יחזקאל און מלכה האָבן אים אָנגעהייבן באַדאַנקען, אָבער ער האָט זיי ניט געלאָזט ענדיקן.

„אַ דאַנק... אַ דאַנק...״ האָט ער זיי אומצופרידן אָפּגעשטעלט. „איך ווייס עס אַליין און איך פאַרשפּאָר אייך די טירחא צו זאָגן דאָס מיר. איר גיט בעסער מער אַכטונג אויף אייער קונדס, אַז ער זאָל מער ניט פּראָוון קיין נאַרישע שטיק... דער עיקר איז צו געבן אים מלקות דריי מאָל אַ טאָג...

אַ יאָ, ר׳ קונדס, ס׳וואָלט דיר גאָר ניט געשאַדט צו קריגן אַ ביסל ריטל־צימעס ?...״ האָט ער זיך געווענדט צו דווידקען.

אומעטיק איז געווען דווידקען כּסדר צו ליגן אין בעט. דאָס הייסט, אין שטוב איז ער יאָ אַרומגעגאַנגען, אָבער ניט אין דרויסן. ימים נוראים זיינען אָנגעקומען און אין שול האָט מען אים ניט געלאָזט גיין. סוכּות האָט ער טאַקע געגעסן אין סוכּה און געבענטשט אתרוג, אָבער אין שול האָט מען אים געלאָזט גיין נאָר שׂימחת תּורה צו הקפות. און געזען האָט דווידקע דורכן פענצטער ווי אין דרויסן שיינט אַ ליכטיקע רויט־און־גאָלדיק־ביימערדיקייט און טונקל־ברוינע פעלדיקייט. געבענקט האָט זיך אים צו גיין אַהין, צום וואַלד און גאָרטן, אָבער געפילט האָט ער דערביי, אַז ער איז ניט צו פיל בכּוח דאָס צו טאָן, אָבער פון אַן אַנדער זייט האָט אים הנאה געטאָן, וואָס דורך זיין זיין תּמיד אין הויז, האָט ער אַריינגעקראָגן אַ נייעם פריינד, און דאָס איז זיין אייגענער טאַטע. אַ מאָל איז ער מיט זיין טאַטן ניט אַזוי נאָענט געווען. אַ שטרענגער איז זיין טאַטע, תּמיד ערנסט, שמייכלט ווייניק און, דוכט זיך, אָנגעכמורעט. אָבער איצט איז ער אַזוי ליבלעך געוואָרן. און איין מאָל שבת ביי טאָג, ווען דער טאַטע איז, ווי יעדן שבת, געשטאַנען ביים טיש איבערגעבויגן איבער אַ ספר, אַ מדרש, און אַ מאָל דעם זוהר תּורה און דערביי געברומט אַ גמרא־ניגון, האָט דווידקע זיך פאַרקוקט אויף אים, און האָט זיך געוווּנדערט ווי שיין עס איז זיין טאַטנס שטערן. ס׳איז אַ שטערן פון אַ גרויסן תּלמיד־חכם, האָט דווידקע פאַר זיך באַשלאָסן. עס דוכט זיך אים, אַז אַזוי זעט אויך אויס אליהו הנביא. אויך ער האָט אַזאַ הויכן שטערן און אַזוינע טיפע שלייפן, און ווען ער וואַנדערט ניט, וויגט ער זיך אויך אַזוי איבער אַ ספר, און דערפאַר שטעלט זיך פאַר דווידקען, אַז, ווי אליהו הנביא, דאַרף אויך זיין טאַטע וויסן אַ סך סודות פון דער וועלט. דער טאַטע, ווען ער וואָלט געוואָלט, וואָלט ער, אפשר, אויך געקענט באַווייזן מופתים. אפשר וואָלט ער אַפילו געקאָנט משפּיע זיין, אַז משיח זאָל אַראָפּקומען...

און איין מאָל, ווען דווידקע האָט שוין פריי געקענט אַרומגיין איבער דער שטוב, האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט ביים טיש לעבן זיין טאַטן, ווען דער טאַטע איז געווען איבערגעבויגן איבערן זוהר תּורה און האָט פון דאָרט געלערנט די סדרה פון דער וואָך. דווידקען האָט זיך זייער געגלוסט געמערקט צו ווערן פון זיין טאַטן, ער זאָל מפסיק זיין פון לערנען און רעדן צו אים.

חס ושלום, ער האָט זיין טאַטן ניט געוואָלט מבטל זיין פון אַזאַ הייליקער זאַך ווי לערנען פון אַ הייליקן ספר. פון דעסטוועגן, ווען דער טאַטע מערקט אים און איז אַליין מפסיק... ער וואָלט ביי אים געפרעגט אַ סך פראַגעס. ער האָט האַרבע קשיות צו שטעלן, וואָס ער אַליין וויל און קען זיי ניט פאַרענטפערן.

באַזונדערס האָט ער געוואָלט וויסן וואָס דער טאַטע לערנט דאָרט אין זוהר. ער אַליין, דווידקע, האָט אין זוהר אַ מאָל אַריינגעקוקט. ווען דער טאַטע האָט ניט געזען. אפשר האָט ער עס ניט געטאָרט טאָן... ער האָט געפּרוווט דאָרט לערנען און האָט גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען. תּרגום־לשון... ער פאַרשטייט, ניט אַלע מעגן לערנען אין אָט דעם ספר. מן הסתם ווערן דאָרט דערציילט אַ סך זאַכן וואָס זיינען פלאי־פלאות. אפשר ווערן דאָרט איבערגעגעבן די אַלע מעשׂיות מכּוח גן־עדן און גיהנום, צדיקים און רשעים, מילחמות פון גוג און מגוג און, געוויס, וועגן משיח... ווען ניט דאָס, וואָלט דאָך זיין טאַטע דאָס ניט געלערנט מיט אַזוי פיל כּוונה יעדן שבת. מן הסתם זיינען דאָרט פאַרבאָרגן גרויסע סודות, מחמת ווען ניט, וואָלט מען דאָך דאָס אין חדר אויך געלערנט. איבערהויפּט מיט גמרא־ייִנגלעך. אין חדר לערנט מען עס אָבער ניט. „מ׳טאָר ניט,” האָט דער רבי אַ מאָל געזאָגט...

אוי, ווי ער וואָלט געוואָלט זיין אַזוי ווי דער טאַטע. דענסטמאָל וואָלט ער אפשר אַנדערש אויפגעפירט זיך. דער טאַטע האָט זיינע וואַלד־מיסחרים און יעדן זונטאָג פאָרט ער אַוועק אין וואַלד אויף אַ גאַנצער וואָך, ביז פרייטאָג פאַר נאַכט. ערשט שבת ביי טאָג קען ער זיצן און לערנען. ער, דווידקע, וואָלט זיך אַנדערש נוהג געווען. ער וואָלט די וואַלד־עסקים איבער־געלאָזט צו פירן פאַר אַנדערע. מ׳קען אָנשטעלן געניטע מענטשן וואָס זאָלן עס טאָן. ער אַליין, דווידקע, וואָלט אין וואַלד געפאָרן זייער זעלטן. ניט מער ווי על פּי הדחק. במקום זה, וואָלט ער געזעסן ביי זיך אין שטוב און וואָלט געלערנט יומם ולילה. ער וואָלט אַזוי לאַנג געלערנט אַלערליי ספרים, ביז וואַנעט ער וואָלט זיי געוווּסט אויף אויסנווייניק, דער עיקר — דעם זוהר. ער שטעלט זיך פאָר, אַז דער זוהר התּורה איז דאָס סאַמע וויכטיקסטע ספר. עס איז דאָס ספר, וואָס איז כּולל אין זיך אַלע ספרים. ווען ער קען פאַרשטיין דאָס לשון פונעם זוהר, טיף פאַרשטיין און אַריינדרינגען אין אַלע זיינע סודות, וואָלט ער שוין באמת געקענט ווערן אַ נביא, און אפשר וואָלט אים דענסטמאָל

מעגלעך געווען אַראָפּצוברענגען משיחן... און מענטשן וואָלטן אויפגעהערט שטאַרבן...

שטאַרבן... מכּוח וואָס ער זאָל איצט ניט טראַכטן, קומט אים אַלץ דער טויט אויפן זינען. פאַר וואָס ?

און בכלל פאַר וואָס איז פאַראַן טויט אויף דער וועלט ? ס׳ווערט געע־לערנט, אַז דאָס איז די שולד פון אָדם וחוה. גאָט שטראָפט זייערע קינדער און קינדס־קינדער פאַר וואָס זיי האָבן געגעסן פון דער פרוכט פון עץ הדעת. חוה האָט זיך געלאָזט פאַרפירן פון דער שלאַנג און געזינדיקט מיט דעם וואָס זי האָט געגעסן פונעם עץ הדעת... זי האָט זיך מיט דעם פאַרזינדיקט... אָבער ווי באַלד זי האָט זיך שוין יאָ פאַרזינדיקט, האָט זי דאָך געקענט פאַרזינדיקן אויף אַן אַנדער אופן און — עסן פון עץ החיים... די שלאַנג איז אָבער געווען לעסטעריק און זי האָט זי פאַרפירט צום עץ הדעת, ניט צום עץ החיים... די זינד וואָלט אַלץ איינס געווען גרויס, אָבער מיט טויט וואָלט מענטש שוין ניט געקענט באַשטראָפט ווערן...

און עס שטעלט זיך אים פאַר: ווען אַלע מענטשן וואָלטן אייביק געלעבט, ווי וואָלט עס דענסטמאָל געווען ? ער וואָלט דאָך דענסטמאָל געקענט זען אָדם מיט חוהן, משה רבנו, דוד המלך, שלמה... אוי, ווי ער וואָלט זיי געוואָלט זען ! ווי האָבן זיי אויסגעזען ? מע זאָגט, אַז אָדם מיט חוהן זייַנען געווען אַזוי הויך, אַז מיט זייערע קעפּ האָבן זיי דערגרייכט די הימלען. זיי וואָלטן דאָך אים, דווידקען, געקענט נעמען אויף די הענט און אויפהייבן ביזן הימל... ווי איז דער הימל ? וואָלט ער אים געקענט אָנטאַפּן ? און אפשר וואָלט ער אויך געקענט זען וואָס איז איבערן הימל ?

און ווען אַלע מענטשן וואָלטן געלעבט אייביק, וואָלט דאָך פּרעה ניט געקענט דערטרונקען ווערן אין ים און די ייִדן וואָלטן ניט געקענט אַרויס פון מצרים. און דוד — ווי וואָלט ער געוואָרן אַ מלך, ווען שאול וואָלט ניט געקענט געהרגעט ווערן ? און שלמה וואָלט אויך קיין מלך ניט געקענט ווערן, — איז ווער וואָלט געבויט דעם בית המיקדש ? און אויך קיין מילחמות וואָלטן ניט געקענט זיין און נבוכדנצר וואָלט די ייִדן ניט פאַרטריבן אין גלות. און משיח — וואָלט ער געקענט קומען ? און וואָס וואָלט ער געטאָן ? ס׳וואָלטן דאָך קיין מתים ניט געווען פאַר זיין תּחית המתים...

אוי, אָט די אַלע סודות ווייסט דאָך מן הסתּם זיין טאַטע. ער וואָלט

אַזוי געוואָלט זיך צוזאַמענריידן מיט אים און ביי אים אויספרעגן וועגן אָט די אַלע זאַכן.

און — זיין ווונטש ווערט דערפילט. דער טאַטע באַמערקט אים, הייבט אויף זיין קאָפּ פונעם ספר און שמייכלט צו אים.

„קום נאָר אַהער, דווידקע," זאָגט ער צו אים, „לאָמיר אָקאָרשט זען צי דו האָסט נאָך ניט פאַרגעסן דיין לערנען. ווי לאַנג, אַז דו גייסט ניט אין חדר? באַלד וועט ווערן דריי חדשים... יאָ, דריי טאַקע... נו, לייען אָט דאָ! קענסט?" — און ער האָט אים אָנגעוויזן אויף אַ שורה אינעם ספר.

„השמים שמים לה׳, והאָרץ נתן לבני האָדם," האָט דווידקע לייכט דורכגעלייענט.

„גוט," האָט דער טאַטע געזאָגט. „איצט פאַרטייטש עס."

„השמים שמים — די הימלען זיינען הימלען לה׳ — צו גאָט, והאָרץ — און די ערד, נתן — האָט ער געגעבן, לבני אָדם — צו מענטשן."

„איצט זאָג מיר ווו עס שטייט אָט דער פּסוק," האָט דער טאַטע געפרעגט.

„אין דאַווענען," האָט דווידקע געענטפערט ניט פאַרטראַכטערהייט.

„אין דאַווענען... דאָס איז ניט קיין ענטפער. דער סידור האָט אים אַרויסגענומען פון אַן אַנדער ספר. ווייסטו פון וואַנען?"

„דוכט זיך אַז אין תהילים..." און דאַן האָט ער געמאַכט אַ שפּאָס: „אין אָט דעם ספר איז דאָס זיכער"...

דער טאַטע איז היינט גוט אויפגעלייגט. דווידקע מערקט עס, מחמת דעם וואָס זיין שפּאָס האָט ער אויפגענומען מיט אַ שמייכל. דאָס האָט אים דערמוטיקט: איצט קען ער שטעלן פאַרן טאַטן אַלע זיינע קשיות אויף וועלכע ער זוכט אַ תירוץ. אמת, ער האָט אַ ביסל מורא געהאַט, אַז ער איז אויסערן וועג. אפשר טאָר ער עס ניט טאָן. פון דעסטוועגן האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט און האָט אָנגעהויבן שטעלן די קשיות:

„טאַטע! שמים איז בלשון רבים... קיין לשון יחיד פאַר הימל איז גאָר ניטאָ — פאַר וואָס איז עס? זיינען דען דאָ אַ סך הימלען?"

דווידקע ווייסט פאַרויס דעם טאַטנס ענטפער. ער האָט אַליין אויך געלערנט וויפל הימלען זיינען פאַראַנען. פון דעסטוועגן האָט ער זיין טאַטן יאָ געשטעלט אָט די קשיה בכדי צו קענען אַריינקומען אין אַ שמועס מכּוח פאַרהוילענע זאַכן, סודות, וואָס ער אַליין קען ניט אַנטפּלעקן. און דעם

טאַטנס ענטפער איז טאַקע געווען ווי ער האָט דערוואַרט: „יאָ, זיבן הימלען זיינען דאָ."

„און וויפל זונען?"

„מן הסתם, אויך זיבן."

און ביי זיך אין האַרצן האָט זיך דווידקע פאַרחידושט: פאַר וואָס זאָגט עפעס דער טאַטע „מן הסתם"? וואָסי, ער ווייסט דען ניט אויף זיכער? געוויס ווייסט עס דער טאַטע, נאָר וואָס דען? ס'איז אַ סוד וואָס מען טאָר ניט אַרויסדערציילן. פון דעסטוועגן האָט עס אים ניט אָפגעהאַלטן צו פרעגן נאָך אַנדערע קשיות:

„און וויפל לבנות זיינען דאָ איבער די הימלען?"

„מן הסתם אויך דאָס זעלביקע."

„און יעדער הימל האָט אַ באַזונדערע זון און אַ באַזונדערע לבנה?"

„אפשר..."

„און די נשמות פון די צדיקים זיצן אויף די הימלען?..."

„אַזוי ווערט דערציילט אין די הייליקע ספרים."

„ווי זיצן זיי?"

„וואָס הייסט ווי?"

„איך מיין: ווער זיצט אויפן ערשטן הימל און ווער אויפן צווייטן?"

„זיי ווערן, מן הסתם, צעטיילט נאָך זייערע מדרגות נאָך. וואָס גרעסער דער צדיק, אַלץ העכער שטייגט ער איבער די הימלען."

און דווידקע חידושט זיך: אַלץ זאָגט דער טאַטע „מן הסתם". ווייסט ער טאַקע אויך נישט? זיינען דאָ פאַרהוילעניש וואָס זיינען אים אויך ניט אַנטפּלעקט? אַפילו ניט אין דעם זוהר תּורה? חידוש שבחידושים... און ער האָט צו זיין טאַטן ווייטער גערעדט:

„איך פאַרשטיי," האָט ער געזאָגט, „די אָבות, דהיינו, און משה רבנו, זיצן אויפן העכסטן הימל, און קלענערע צדיקים זיצן נידעריקער."

„נו, אַוודאי, אַזוי לייגט זיך אויפן שׂכל..."

„און גאָט אַליין? ווו זיצט ער?"

„גאָט זיצט אומעטום. עס שטייט געשריבן: ‚כבוד ה' מלא כל העולם' ער זיצט אויפן כסא הכבוד. און דער כסא הכבוד איז די גאַנצע וועלט. אומעטום!..."

דאָס קאָן שוין דווידקע ניט פאַרשטיין:

„וואָס הייסט אומעטום? ניט אויף די הימלען? אויך אויף דער גאַס? אויך דאָ אין שטוב, און אין מיר, און אין דיר?"

„יאָ, אומעטום."

„איך פאַרשטיי ניט."

„ס'איז טאַקע שווער צו פאַרשטיין... ס'איז טאַקע שווער צו פאַרשטיין מיט אונדזער מענטשלעכן פאַרשטאַנד... אָבער אַזוי איז עס... ווייסט דאָך, גאָט איז הכּל יכול: קען ער דערפאַר זיין אומעטום..."

דאָס איז שוין פאַר דווידקען געווען גאָר אַ גרויסע השערה, און ער האָט זיך געחידושט און ווייטער געפרעגט: „אויב ער קען אַלץ, איז אַז ער זאָל וועלן, קען ער דאָך אין ערגעץ ניט זיין. איז ווי וועט ער זיין אומעטום און אין ערגעץ ניט?"

„אָט דאָס איז טאַקע דער חידוש פון אַלע חידושים. מענטשלעכער שׂכל — דער פּשוטער שׂכל! — קען עס ניט פאַרענטפערן. תּיקו... דער ענטפער איז אָבער ערגעץ ווו פאַראַנען... מע דאַרף זוכן, מע דאַרף לערנען..."

„מע דאַרף זוכן, מע דאַרף לערנען..." איז דווידקע נשתּומם געוואָרן: „ווייסט דער טאַטע אויך ניט? דערפאַר טוט ער אַלע מאָל לערנען און טוט זוכן אין די ספרים? געוויס אַזוי... ,תּיקו', האָט ער געזאָגט. דאָס הייסט, אליהו הנביא, און נאָר ער, וועט מתרץ זיין אַלע תּירוצים. אָבער ווען? — ווען משיח וועט קומען. אָבער ווען וועט משיח קומען? אפשר ווייסט דער טאַטע ווען דאָס וועט זיין. האָט ער ווייטער געפרעגט:

„תּיקו, זאָגסטו: תּשבי, דאָס הייסט אליהו הנביא וועט מתרץ זיין אַלע קשיות. אָבער ווען? — ווען משיח וועט קומען. און משיח — ווען וועט ער קומען? איז ער שוין געבוירן געוואָרן?"

„געבוירן געוואָרן? וואָס הייסט? אַוודאי! וואָס הייסט געבוירן געוואָרן? גאָט אַליין האָט אים באַשאַפן."

„און ווען וועט ער קומען?"

„ווער ווייסט? קיינער ווייס ניט, קיינער האָט נאָך דעם ,קץ' ניט אַנטפּלעקט."

און דערמאָנט זיך טאַקע אַזוי, דווידקע, אַז יעקב אָבינו האָט פאַר זיין טויט געוואָלט אַנטפּלעקן דעם ,קץ', האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן די שכינה.

„און ווי אַז אַ נביא קומט,‟ האָט ער פון דעסטוועגן ניט אויפגעהערט פרעגן, „וואָלט ער יאָ געוווּסט דעם ,קץ׳?‟

„אַ נביא... אפשר יאָ.‟

„און פאַר וואָס קומען קיין נביאים ניט‟

„פאַר וואָס? מחמת גאָט האָט גוזר געווען, אַז פון דער צייט וואָס דער בית המיקדש איז חרוב געוואָרן, קען קיין נבואה ניט זיין.‟

„וואָס הייסט עס קען ניט?... עס קען יאָ!...‟ און ער האָט זיך פאַרכאַפּט. ער האָט שיער ניט זיך אויסגערעדט, אַז ער אַליין וועט מיט דער צייט ווערן אַ נביא. לכתחילה האָט ער זיך געוואָלט מיישב זיין מיט זיין טאַטן וועגן דעם, אָבער עפּעס האָט אים אָפּגעהאַלטן. ער ווייסט ניט פאַר וואָס, אָבער דערציילן קען ער דאָס ניט. איז ער אַריבער צו אַן אַנדער ענין:

„טאַטע,‟ האָט ער געזאָגט, „דו זאָגסט, אַז עס זיינען דאָ זיבן הימלען. אָבער וואָס איז דאָרט ווייטער, איבערן זיבעטן הימל?‟

„דאָס ווייסט קיינער ניט...‟ און דער טאַטע איז קענטיק שוין אַריין אין אַ חידוש און האָט אים אַנגעקוקט פאַרווּנדערט. אָבער דווידקע האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז איצט וועט ער שוין ניט אָפּטרעטן און ער מוז שוין אויספרעגן אַלע זיינע ספקות:

„און ווער האָט גאָט באַשאַפן?‟

„וואָס הייסט, ווער? קיינער ניט! גאָט איז גאָט! ער איז אייביק...‟

„איך פאַרשטיי ניט... און איידער דעם?‟

אָבער, אַנשטאָט צו ענטפערן אים, האָט גאָר דער טאַטע אָנגעהויבן ביי אים פרעגן פראַגעס:

„פון וואַנעט קומען עס צו דיר אַזעלכע קשיות?‟ און אַז דווידקע האָט אויף אים געקוקט אין פאַרלעגנהייט און האָט ניט געענטפערט, האָט דער טאַטע ווידער גערעדט: אַזעלכע קשיות טאָר מען ניט פרעגן. אַזעלכע ענינים טאָר אַ מענטש ניט חוקר ודורש זיין. גאָט האָט פאַרבאָטן, אַז אַ מענטש זאָל וועלן אַריינדרינגען אין זיינע סודות. אָט איז אַ מאָל געווען אַ מעשׂה: צוויי תּלמידי חכמים זיינען געזעסן און געוואָלט דערגיין דעם סוד פון סתרי בראשית, דעם ,קץ׳ און נאָך סודות... זיי האָבן אַזוי לאַנג חוקר ודורש געווען, ביז וואַנעט זיי זיינען שוין צוגעקומען צו די גרענעצן פון די סודות, און אָט־אָט, וואָלטן זיי שוין אַריבער די גרענעצן, איז אַראָפּ אַ פייער פונעם

הימל און האָט זיי פאַרברענט. פאַרשטייסט? גאָט וויל ניט, אַז דער מענטש זאָל וויסן זיינע סודות.

„פאַר וואָס?"

„אָט דער ,פאַרוואָס', האָט דער טאַטע טרויעריק צוגעגעבן, „איז אויך אַ סוד... ער איז איינער פון די געטלעכע סודות, וואָס ער וויל ניט אַז דער מענטש זאָל וויסן."

פול מיט ווייטיק האָט זיך דווידקען אָפּגערופן אָט די אַנטפּלעקונג. גאָטס פאַרבאָט האָט אים אָפּגעשראָקן. מער האָט ער שוין ביים טאַטן גאָר־נישט ניט געפרעגט. ניט ביים טאַטן און ניט ביי וועמען עס איז אַנדערש. אָבער ביי זיך אין האַרצן האָט ער ניט אויפגעהערט טראָגן מיט ווייטיק אָט די אַלע קשיות. ער האָט געוווּסט אַז מ'טאָר קיין סודות ניט נאָכפאָרשן, ער דאַרף אַלץ אויפנעמען מיט אמונה און מיט פשטות, אָבער דאָך, ווי אויף צו להכעיס זיך אַליין, האָט ער מכוח דעם ניט אויפגעהערט טראַכטן. ס'ווילט זיך פאָרט וויסן...

אין חדר האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער נייער זמן, אָבער ער אַליין גייט אין חדר ניט. „דערווייל," זאָגט די מאַמע, „זאָל ער נאָך זיין אין דער היים, און דעם חדר וועט ער ניט פאַרשפּעטיקן." איז אים זייער אומעטיק. ניטאָ וואָס צו טאָן אַ גאַנצן טאָג. איינער אַליין. דער טאַטע איז אין וואַלד און די מאַמע האָט זיך אירע אייגענע עסקים. קומען פאָרט אַריין אין קאָפּ פאַרבאָ־טענע געדאַנקען.

אין דרויסן דרייען זיך אַרום די שקצים פראַנק און פריי. וואָלט ער כאָטש מיט זיי געקאָנט שפּילן זיך — לויפן מיט זיי צום שליאַך, אַהין, צו די שוין פאַרפרוירענע פעלדער, צו די בערגלעך, צום סאָסנאָוון וואַלד וואָס איז תמיד גרין. אַפילו רייטן אויף אַ פערד. אָבער ווי פּאַסט עס פאַר אַ ייִדיש קינד, וואָס איז ניט נאָר אַ חדר־ייִנגל, נייערט שוין אַ גמרא־ייִנגל, — ווי פּאַסט עס פאַר אים צו חברן זיך מיט שקצים? און די ייִדישע קינדער — זיי זיינען אַלע אין חדר. זיצט ער איינער אַליין אין דער היים, און טוט גאָרנישט. זיצט ער און טראַכט, טראַכט זיך במילא. טאַקע פאַרבאָטענע ענינים, אָבער זיי קומען פאָרט אַרויף אויף די געדאַנקען.

און וואָס אַ טאָג, קומען ניט מער ווי אָט די געדאַנקען. וואָס אַ טאָג, הערט אויף אַפילו דער חשק צו שפּאַצירן איבער די פעלדער און ביים וואַלד.

אַ מאָל פלעגט ער זיך פרייען מיט די פרייטאָגס און די שבתים. די קינדער פון חדר ווערן דענסטמאָל פריי און ער פלעגט זיך אָפּבעטן ביי דער מאַמען, זי זאָל אים לאָזן גיין אין דרויסן שפּילן זיך מיט זיי. ער פלעגט ווידער ווערן אַ „מלך" און שפּילן אין „שלי שלך". אָבער לעצטנס האָט זיך פון אים אויך אָפּגעטאָן דער חשק פון אָט די שפּילערייען. אים איז שווער צו לויפן און ער געווינט שוין ניט אָפּ די חיילים פון זלמן הירשלען. און אַז ער שפּילט יאָ אַ ביסל, און טוט עס, ווי געוויינטלעך, מיט גרויס אימפּעט, פאַרפעלט אים אָטעם, ס'הייבט אָן שטאַרק קלאַפּן דאָס האַרץ און ס'פאַרשווינדלט אים פאַר די אויגן.

איין מאָל האָט אים אַזוי פאַרשווינדלט פאַר די אויגן, אַז ער ווייסט ניט וואָס מיט אים איז געשען. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער דערזען אַז ער איז שוין ניט אין דרויסן, נאָר אין דער היים און אין זיין בעט. איבער אים שטייען ייִדענעס און זיין מאַמע. די מאַמע ברעכט זיך די הענט און וויינט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט, מן הסתם, ווידער געחלשט.

און פון דענסטמאָל אָן לאָזט אים די מאַמע מער ניט אַרויס פון הויז. און ער אַליין האָט שוין אויך קיין גרויס חשק ניט צו גיין ווו ס'איז שווער פאַר אים דער גאַנג. זיצט ער ביים פענצטער, קוקט אַרויס אויף די לאָנקעס, וואָס לעבן טייך און אויפן טייך, וואָס שטראַלט אָפּ די שפּעטהאַרבסטיקע זון. זיצט ער אַזוי און טראַכט און טראַכט... מכּוח וואָס? מכּוח וואָס ער זאָל ניט טראַכטן, פירט עס אים אַלץ צו זיינע מחשבות וועגן טויט, קודם כּל, און דערביי, אין געמיש, וועגן דעם עצם און פאַרהוילעניש פון גאָט — אֵל נפלאות, וואָס איז איבער און אַריבער אַלץ מיט אַן אַנאַנדער, און — נעענטער צו אונדזער אייגענער ערד: וועגן די זיבן הימלען און דעם חידוש וואָס איז אַריבער זיי, און — וועגן משיחן. אַלץ איז אַזוי סודותדיק, פּלאי פּלאים, — מיטן שׂכל ניט צו באַנעמען.

און זיין טאַטע — ווייסט ער אויך טאַקע גאָרנישט? אָדער אפשר ווייסט ער יאָ, נאָר ער טאָר ניט דערציילן. גאָט הייסט ניט. דער טאַטע לערנט אַזוי פיל די הייליקע ספרים, ער איז געניט אין גאַנצן ש"ס מיט אַלע מפרשים, ער לערנט יעדן שבת — אַ מאָל מדרש און אַ מאָל זוהר — מן הסתם ווייסט ער דאָך אַ סך נסתרים, נאָר ער טאָר ניט דערציילן.

איבערהויפּט דער זוהר... אַ מאָדנער פאַרטיפטער געפיל ביי דווידקען,

אַ פֿון פֿאַרויס אָנגעגומענער און באַשטימטער, אַז דער זוהר התורה איז דער קוואַל פֿון אַלע סודות פֿון דער וועלט. אָבער די סודות זיינען דאָרט פֿאַרהוילן, בלויז יחידי סגולה קענען זיי פֿאַרשטיין — אפשר ניט מער ווי די ל״ו צדי־קים, וועלכע האַלטן אויף די וועלט...

אוי, ווי ער וואָלט געוואָלט זוכה זיין און זיין איינער פֿון די ל״ו צדיקים! אָבער ווי קומט ער צו זיי? ער וואָלט כאָטש געוואָלט זיין אַ נושא־כלים פֿון איינעם פֿון זיי. אוי, ווי ער וואָלט דאָס געוואָלט זיין! אפשר וואָלט ער דענסטמאָל געקענט אַ סך וויסן וואָס אים גלוסט זיך אַזוי צו וויסן. בכדי דאָס צו דערוויסן זיך וואָלט אים ניט געאַרט אויפצוגעבן אַלערליי שפּילערייען און אַנשטאָט דעם וואָלט ער געזעסן און געלערנט יומם ולילה. ער וואָלט קיין שלאָף ניט געגעבן צו זיינע אויגן ביז וואַנעט ער וואָלט אַלץ אויסגעפֿונען.

און דערביי נאָך אַ מאָדנער געדאַנק: די ל״ו צדיקים זיינען פֿאַרהוילן, קיינער ווייסט ניט ווער זיי זיינען. אפשר איז זיין טאַטע איינער פֿון זיי? ער פֿאָרט אַוועק יעדן זונטאָג אין וואַלד. דאָרט האַקט מען ביימער און דאָס טוט מען צוליב מיסחר. אָבער זיין טאַטע האָט דאָך דאָרט אַ סך אַנגעשטעלטע מענטשן, וואָס דווידקעס עלטסטער ברודער טוט אַכטונג געבן אויף זיי. היינט מחמת וואָס דאַרף דער טאַטע בּסדר פֿאָרן אין וואַלד? אפשר איז זיין טאַטע גאָר אַ ניסתּר. ער פֿאָרט אין וואַלד ניט צוליב מיסחר, נייערט בכדי צו זיין במיסתּרים און אָפּצוגעבן זיך צו עבודת הבורא? אפשר איז זיין טאַטע איינער פֿון די ל״ו צדיקים? און אָט דער געדאַנק דערפרייט דווידקען: ער וועט זיין דער נושא כּלים פֿון זיין אייגענעם טאַטן.

און דערווייל פֿילט דווידקע, אַז וואָס שייך זיין געזונט, טוען זיך נאָך ניט אָפּ די שוואַכקייטן פֿון אים. זיין מאַמע טראָגט אים צו יעדן טאָג זייער גוטע מאכלים, אָבער אים גלוסט זיך ניט צו עסן. אָפּט מאָל קען ער די מאכלים אַפילו ניט טועם זיין. און די טעג ציִען זיך מאָנאָטאָן און לאַנגזאַם און פֿון די געדאַנקען טוען זיך ניט אָפּ די ספקות און די גלוסטן צו אַנטשיידן די פֿאַרהוילענישן.

און דער עיקר ווילט זיך אים פֿאַרשטיין די פֿאַרהוילעניש פֿון טויט. אַ מאָל שטעלט זיך אים פֿאָר, אַז ער אַליין איז שוין טויט. קומט אַ מלאך, מיט גרויסע ווייסע פֿליגלען, נעמט אים אויף די הענט און ברענגט אים גלייך אַרויף אויפֿן זיבעטן הימל. און ער קוקט אין דער הויך און וויל זען,

וואָס דאָרטן איז אין דער הויך. קיין הימל איז דאָך דאָרט מער ניט פֿאַראַן, אָבער וואָס איז יאָ דאָרט? די שכינה... שכינה אָן אַן עק... אָבער ווי זעט אויס די שכינה? אַ זון אפשר, אויך אַ לבנה, אויך שטערן אָן אַ צאָל. אָבער ווי קייקלען זיי זיך אַלע, ווי באַלד קיין הימל איז פֿאַר זיי ניט פֿאַראַן? קייקלען זיי זיך דורך מלכות השכינה — אַזוי, מן הסתם, איז דער ענטפֿער. אָבער וואָס איז און ווי זעט אויס מלכות השכינה? דאָס ווייסט קיינער ניט, און אויף דעם איז דאָ גאָטס געבאָט, אַז קיין מענטש טאָר דעם סוד ניט אַנטפּלעקן.

אָבער אָט שטעלט זיך אים פֿאָר, איז ער דאָך שוין טויט, מעג ער דאָך שוין וויסן אַלע סודות. שטעלט זיך עפּעס פֿאָר פֿאַר זיינע אויגן, און ער ווייסט אַליין וואָס דאָס איז. סודות אַנטפּלעקן זיך פֿאַר אים און ער ווייסט ניט וואָס זיי זיינען... דערזעט אליהו הנביא און משיח בן דוד. קומט ער צו צו משיחן און הייבט זיך אָן בעטן ביי אים, ער זאָל שוין אַראָפּקומען אויף דער ערד. וויפֿל איז דער שיעור פֿאַר דער פּיין און עינויים פֿון דער וועלט? און אליהו הנביא הייבט אָן לערנען מיט אים סתרי תורה. איצט, ווי באַלד ער איז שוין טויט, מעג ער דאָך שוין וויסן. פֿון טויטע האָט גאָט אַראָפּ־גענומען דעם פֿאַרבאָט פֿון צו דרינגען אין פֿאַרהוילענישן. און ער לערנט מיט אליהו הנביא. וואָס לערנט ער?... און דאָ כאַפּט ער זיך אויף ווי פֿון שלאָף: ער לעבט דאָך נאָך און אליהו הנביא הייבט גאָר ניט אָן צו לערנען מיט אים...

און אַז די מאַמע קומט צו צו אים, קוקט זי אויף אים מיט אירע העל־בלויע טרויעריקע אויגן, וואָס זיינען אָנגעפּילט מיט טרערן, און אים פֿאַר קלעמט דאָס האַרץ: עס פֿאַרשאַפֿן אים פּיין די פֿאַרהאַלטענע טרערן אין זיין מאַמעס אויגן.

„דווידקע, קינד מיינס," זאָגט די מאַמע, „ביסט דאָך איצט אַזוי ווי אַ בן־יחידל ביי מיר! מיינע אַנדערע קינדער זיינען זיך צעפֿלויגן, ווער נאָענט און ווייט, און ווער ווייט און ווייט... ווי איז מיר ניט! שטראָף מיך ניט, גאָטעניו! מיר פֿאַר דיר, מיין קינד, דווידקע מיינער..."

און זי טוליעט אים צו זיך, גלעט זיין קאָפּ און שעפּטשעט עפּעס שטיל. אַ תּפֿילה געוויס... און דענסטמאָל פֿילט ער זיך אַזוי אָנגענעם, אַזוי גוט...

## קאַפּיטל 7

אָבער איצט לאָמיר זיך צוריקקערן צו אַ דריי־פיר חדשים פריִער: ראש חודש אָב, צום מולד פון דער לבנה, האָבן ייִדן אַרויסגעקוקט אין דרויסן און געזען אַז ס׳בלאָזט אַ קאַלטער פייכטער צפון־ווינט, אַז דער הימל איז גרוי און עס שפּריצט אַ דריבנער רעגן, — האָבן זיי טרויעריק אַראָפּגעלאָזט די קעפּ: ס׳רעגנט צום מולד, ווער — האָבן זיי געגלייבט — איצט רעגענען דאָס רוב פונעם חודש. און אויף די פעלדער שטייען די זאַנגען פון די תּבואות כּמעט רייף, פול אָנגעלאָדן מיט קערנער, און זיי וועלן באַלד דאַרפן געשניטן ווערן; אויף די לאָנקעס ליגט דאָס היי שוין געשניטן און וועט באַלד אָנהייבן פוילן פון נאַסקייט; און די בינען לאָזט דער רעגן ניט אַרויס פון די בינשטאָקן און קיין האָניק קלייבן זיי ניט; און אין די סעדער זיינען די עפּל, באַרנעס און פלוימען שוין אויך האַלב רייף און זיי פאַלן אַראָפּ פון דיביימער אומברחמנותדיק ביי דעם מינדסטן בלאָז פון ווינט, — און דאָ האַלט אין איין רעגענען און ס׳הערט ניט אויף. צעפוילט קענען איצט ווערן די תּבואות און אויך דער היי אויף די פעלדער, פאַראָרעמט וועלן ווערן די פּויערים, אַראָפּגעטרייסלט קענען ווערן די פּרוכטן אין די סעדער און ליידיק וועלן זיין די בינשטאָקן, — און פון וואָס זאָלן ייִדן זיך מפרנס זיין?

און כּך הווה: ס׳האָט גערעגנט צום מולד, און אָט איז שוין תּשעה באָב אויך פאַרביי, מע גרייט זיך שוין צו שבת נחמו און ס׳רעגנט נאָך אַלץ. די זון שיינט אַרויס אויף עטלעכע שעה און באַלד ווערט דער הימל ווידער פאַר־צויגן מיט וואָלקנס. די פּויערים שניידן די תּבואות פון די פעלדער — קיין אַנדער ברירה האָבן זיי דאָך ניט — און די סנאָפּעס שטייען אויף די פעלדער צעשויבערט און פאַרנעצט, און דרעשן קען מען זיי ניט. נאָך עטלעכע טעג, און דער גאַנצער שניט איז אין סכּנה פאַרלוירן צו ווערן. ייִדן און גויִים הייבן פאַרצווייפלטע אויגן צום הימל און שעפּטשען תּפילות. מע וווּנדערט זיך: פאַר וואָסערע זינד קומט אָט די קללה פון הימל?

ייִדן און גויִים האָבן זיך געשראָקן. זיי זיינען געווען רואים את הנולד און דערפאַר האָבן זיי געקרעכצט אויף די רעגנס. אָבער משהלע חיים דעם מילנערס האָט זיין ביטערקייט טאַקע איצט, משמעות איצט געפילט.

דער וועג איז שווער, די רעדער פון דער בויד זינקען אין דער געדיכטער בלאָטע, און דאָס פערד קוים וואָס עס שלעפּט דעם וואָגן. יאַניע דער קרומער, וואָס הערט קיין מאָל ניט אויף צו זיין צאָרנדיק, איז היינט גאָר ווילד, הערט ניט אויף צו שילטן און זידלען זיך. קנאַפּ נאָך וואָס ער, משהלע, דאַרף גיין צופוס, אין רעגן און אין בלאָטע, און אונטערשטופּן די בויד, האָט אים נאָך „דער קרומער" דערלאַנגט אַזאַ שמיץ מיט דער פייכטער בייטש, אַזש ער פילט נאָך איצט ווי ס'ברענט אים די הויט.

און זאָל ער וויסן, דער קרומער, אַז ער וועט אים, משהלען, האָבן צו געדענקען פאַר אָט דעם שמיץ! ער וועט שוין וויסן מיט וועמען ער האָט זיך אָנגעהויבן! דאָס מאָל וועט אים משהלע שוין ניט פאַרשווייגן. ער וועט אים דעם צווייטן, גלייכן פוס אויך אויסברעכן... זאָל נאָר דער קרומער אים פּרוּוון געבן נאָך איין שמיץ, נאָך איינעם בלויז, ער וועט שוין וויסן ווי צו שלאָגן זיך...

און דער שמיץ מיט דער בייטש טוט טאַקע וויי, מחמת די בייטש איז פייכט און זיין לייב איז ניט צו פיל פאַרדעקט. משהלע באַטראַכט זיך אַליין: אין וואָס איז ער אָנגעטאָן? ניט מער ווי אין אַלטע פאַר הויזן, וואָס זיינען פאַר צייטן געגייט געוואָרן, מן הסתם, פאַר אַ הויכן מאַן, מחמת ער דאַרף זיי פאַרקאַשערן אין דרייען, בכדי זיי זאָלן זיך ניט שלעפּן אויף דער ערד. און זיין אַלט רעקל איז מן הסתם נאָך פון אַ גרעסערן מאַן. וואָרעם די פּאָלעס שלעפּן זיך אַזש ביז דער ערד, און מיט די אַרבל וואָלט געוויס נאָך ערגער געווען, ווען ניט דאָס גליק, וואָס פון זיי פעלן שוין מער פון דריי חלקים. און פאַר אָט די משונהדיקע קליידער, וואָס יאַניע האָט אים געגעבן, קומט נאָך אויך געשלאָגן צו ווערן? ניין, די צייט וועט קומען און ער וועט פון אים נקמה נעמען!

ס'פאַרדריסט שוין איצט משהלען פאַר וואָס ער איז אַוועק פון ביינישׁ דעם שוסטער. פאַר וואָס האָט ער עס געטאָן? ווען זיין טאַטע איז געשטאָרבן און ער איז געבליבן אַ קיילעכדיקער יתום, און ביי אַ שטיפמוטער, האָבן גוטע שכנים רחמנות געהאַט און אים אָפּגעגעבן צו ביינישן פאַר אַ לערנייִנגל — און דאָ איז אים באַשערט געוואָרן צו באַגעגענען זיך מיט יאַניען און זיך לאָזן פון אים פאַרפירט צו ווערן. יאַניען לוינט זיך אַוודאי, אַז משהלע זאָל זיין ביי אים, מחמת, מישטיינס געזאָגט, וואָס ער אַליין קען שוין אויפטאָן,

אַפּילו דאָס פערד קען ער דאָך אַליין ניט איינשפּאַנען. אַ קרומער... אַז קרום זאָל ער שוין אין גאַנצן ווערן, רבונו של עולם!

אַחוץ דעם קען טאַקע משהלע קלייבן נדבות מער פון אים. ער בעט ניט, משהלע, ער שעמט זיך, אָבער יעדן טראָגן אים אַליין צו אַ נדבה. אַט נעכטן איז ער אַרויס מיט דער האַרבאַטער און האָט אין איין טאָג געבראַכט גאַנצע זיבעציק קאָפּיקעס. זאָל יאָגיע פּרווון ברענגען אַזוי פיל אין איין טאָג...

ס'איז געווען אַ נאַרישקייט — ער האָט ניט געדאַרפט אַנטלויפן פון ביינישן. ביי ביינישן דעם שוסטער האָט מען אים די מלאכה טאַקע ניט געלערנט, עסן אים געגעבן — מַכּות, בלויז דאָס איבערבלייבעכץ, און קיין סך איבערבלייבעכץ איז קיין מאָל ניט געווען, איז ער אַלע מאָל געווען הונגעריק. אָבער דאָרט האָט ער כאָטש ניט געהאַט די יסורים פון וועג. גיי שלעפּ זיך אין רעגן און אין בלאָטע און באָקום נאָך שמיץ דערצו. ער, דער קרומער, אַז אַ כאָליערע זאָל אים כאַפּן, זיצט זיך אין בויד. קרום איז ער, זאָגט ער, קען ער ניט גיין. און ער, משהל, דאַרף זיך שלעפּן אין בלאָטע און נאָך אונטערשטופּן די בויד.

זיין גליק, דעם קרומענס, וואָס ער, משהלע, האָט ניט וווהין צו גיין. ווען ניט, וואָלט ער שוין לאַנג אַוועק פון אים. וווהין זאָל ער אָבער גיין? אַז קיין טאַטע־מאַמע האָט ער ניט, און צו ווערמען צו ווענדן זיך — אויך ניט. גיין צוריק צו ביינישן? אַז ניט דערהאַרן זאָל ער דאָס! און ביינישיכע אַוודאי ניט! איבערהויפּט זי! בייניש אַליין איז נאָך צו דערליידן. מיט אים קאָן מען נאָך דורכקומען. אָבער זי — זי איז גאָר אַ מרשעת, אַ מכשפה, אַזוי ווי זיין אייגענע שטיפמאַמע. פון אין דער פרי און ביז זי לייגט זיך שלאָפן הערט איר מויל ניט אויף צו שילטן. אַז אויף איר אייגענעם קאָפּ זאָל דאָס נאָר אויספאַלן! און ווערט זי אין כּעס איז גאָר סכּנותדיק: זי וואַרפט אין קאָפּ אַריין וואָס נאָר עס טרעפט אָן איר האַנט. אַפילו ער, ביייניש, איר מאַן, האָט מורא פאַר איר. זי שרייט און שילט, און ער שווייגט.

צוגעצויגן האָט משהלען צו יאָגיען, וואָס מיט אים וועט אים זיין פריי־לעך. ער וועט מיט אים אַרומפאָרן פון אָרט צו אָרט, זען מענטשן, שטעט. משהלע קען ניט איינזיצן אויף אָן אָרט. רק ס'ווילט זיך אים זיין ערגעץ ווו אַנדערש. נו, האָט ער אויסגעביטן, אַז אַך און וויי! קלייבן נדבות... האָט ער עס באַדאַרפט?

דאָך וואָלט ער שוין לאַנג אַנטלאָפן פון יאַניען, וווהין די אויגן וואָלטן אים געטראָגן וואָלט ער פון אים אַנטלאָפן, ווען ניט זי, די שטומע דאָבע. זאָל ער זי איבערלאָזן אַליין, וועט זי יאַניע אין גאַנצן אומברענגען. און אַז ער אַליין זאָל אַוועק און אויך זי מיטנעמען, קען ער דאָך אַוודאי ניט. וווהין זאָל ער זי נעמען, אַז ער אַליין האָט ניט וווהין צו גיין.

געקליידט איז דאָבע די שטומע נאָך ערגער פון אים, משהלען. טאָמער גיט ווער דאָבען אָדער אים, משהלען, אַ נדבה פון בעסערע קליידער, נעמט עס יאַניע אַוועק פון זיי און פאַרקויפט עס ערגעץ ווו אויפן אַלטן מאַרק. און מאַטערן מאַטערט זי יאַניע נאָך ערגער פון אים, משהלען. אַפילו ביי נאַכט קריכט יאַניע צו איר. ער, משהלע, פאַרשטייט זייער גוט וואָס דאָס איז... אים, משהלען, קען מען שוין ניט גענאַרן! און דערנאָך שלאָגט זי יאַניע. פאַר אים, פאַר משהלען, האָט יאַניע נאָך אַ ביסל מורא, אָבער פאַר איר איז דאָך ניטאָ ווער ס׳זאָל זיך איינשטעלן. און זי אַליין קען דאָך אַוודאי פאַר זיך ניט איינשטעלן. זי האָט דאָך גאָר קיין כּוח ניט. זי איז תּמיד איבערגעשראָקן און קוקט מיט באַנומענע אויגן... אַ מאָל איז זי קראַנק, ליגט זי איינגענורעט אין אַ ווינקל, וויל אויפשטיין, שטעלט זיך, און פאַלט אַוועק. און יאַניע האָט אויף איר קיין רחמנות ניט. נאָר ער, משהלע, האָט אויף איר רחמנות: דערלאַנגט ער איר אַ ביסל וואַסער, טרינקט זי; דערלאַנגט ער איר אַ שטיקל ברויט, איז אַ מאָל עסט זי און אַ מאָל ניט — קענטיק זי קען אַפילו ניט עסן.

ווי אַלט איז ער, משהלע? ער ווייסט ניט. אפשר פופצן יאָר און אפשר אַ ביסל מער. אָבער דאָבע, האָט יאַניע אַ מאָל געזאָגט, איז שוין אַלט פינף און צוואַנציק יאָר, און אפשר מער. אַזאַ נפש — צוליב וואָס לעבט עס? וואָס פאַר אַ נחת קען עס נאָך אַ מאָל האָבן פונעם לעבן? צו מענטשן קען זי טאָקע ניט רעדן, אָבער גאָט פאַרשטייט דאָך אויף שטום־לשון און צו אים רעדט זי אַוודאי יאָ. איז וואָס רעדט זי צו אים? געוויס בעט זי אויף זיך דעם טויט, גאָט זאָל זי צונעמען צו זיך... ווען גאָט דערפילט איר בקשה און נעמט זי צו צו זיך, וואָלט משהלע אַנטלאָפן פון יאַניען, וואָלט מיט אים אַפילו קיין איין טאָג ניט פאַרבליבן. אָבער איצט — ווי קען ער אַוועק און איבערלאָזן דאָבען אַליין? ניין, דאָס קען ער ניט טאָן...

## קאַפּיטל 8

אַריבער איז דער זומער, פאַרביי איז אויך דער האַרבסט מיט זיינע ימי־תשובה און ימים־טובים, און דער ווינטער שטייט שוין אין דרויסן. דווידקע גייט נאָך אַלץ ניט אין חדר. אַנשטאָט דעם, קומט דער רבי צו אים אַהיים און לערנט מיט אים. פאַרדריסן פאַרדריסט עס דווידקען — ער וואָלט ליבערשט געגאַנגען אין חדר, ווארעם אומעטיק איז אים זייער אין דער היים. ער האָט פאַראיבל אויף זיין מאַמען הלמאַי זי ציטערט אַזוי איבער אים און לאָזט אים ניט אָפּ פון זיך און פון הויז. ער אַליין פילט זיך שוין גענוג שטאַרק; ער איז, מיינט ער, שוין אין גאַנצן געזונט. דאָך לאָזט אים די מאַמע ניט גיין אין חדר. אים פאַרדריסט עס ניט אַזוי מחמת ער האָט ליב דעם חדר, נייערט מחמת דעם, וואָס אים איז אַזוי אומעטיק צו זיין אָן חברים און אַליין אין דער היים.

אַ מאָדנע זאַך מיט דער מאַמען: ווי זי ציטערט דאָס איבער אים. אים איז שוין איבערדראָסיק וואָס זי קומט אַזוי אָפט צו צו אים, טוליעט אים צו זיך, קושט אים און האַלדזט אים, ווי ער וואָלט נאָך געווען גאָר אַ פּיצל קינד. אָבער אָט די איבערדראָסיקייט ווייזט ער איר ניט אַרויס, ער טראָגט עס געדולדיק, און יעדער מאָל פאַרוואַרפט ער פאַר איר אַ וואָרט אַז זי זאָל אים לאָזן צוריקגיין אין חדר. אָבער זי וויל דערפון ניט הערן און ניט וויסן: איר האַרץ וועט קיין מאָל ניט זיין אויף אַן אָרט אז זי וועט אים אַרויסלאָזן פון הויז, זאָגט זי. בלייבט ער זיצן אין דער היים מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ.

און צו זיין אַליין אין שטוב איז אומדערטרעגלעך אומעטיק. און מער פון דער גמרא האָט ער ניט, און דעם אומעט צו פאַרטרייבן ווילט זיך, — צעוויגט ער זיך איבער דער גמרא און צעזינגט זיך אויפן קול: „תנו רבנן...״ און די מאַמע זיצט אַנטקעגן אים און קענטיק זי קלייבט נחת. ווערט דעמאָלט דוויד־קען עטוואָס פריילעכער מחמת אַ געפיל פון שטאָלץ קומט צו אים, וואָס ער איז אַזוי וויכטיק אין זיין מאַמעס אויגן און וואָס זי קלייבט נחת פון אים.

אָבער ניט תמיד קען מען דאָך זיצן ביי דער גמרא און מע קען דאָך ניט לערנען אָן אויפהער. זעצט ער זיך ביים פענצטער און קוקט אַרויס אין דרויסן. אָבער אויך אין דרויסן קען מען ניט אַלע מאָל אַרויסקוקן, ווארעם די פענצטער ווערן אָפט מאָל פאַרצויגן מיט פראָסט, מיטן פראָסט, וואָס

זעצט זיך אויס אויף זיי אין קווייטן און מאָלט אויף זיי אויסטערלישע בילדער. דעמאָלט איז גאָר אומדערטרעגלעך פאַר דווידקען דער אומעט, וואָס פאַרגנבעט זיך אין אים און זיינע געדאַנקען שוועבן ווידער אַוועק אין זיינע וועלטן פון ספקות, צו די סודות פון אַריבער די הימלען, צו מלאָכים־ און גאָט־מיסטעריעס, צו סתרי־תורה, וואָס גאָט האָט פאַרווערט צו פאַרשן און צו טראַכטן וועגן זיי.

און אַפילו ווען די פענצטער זיינען ניט פאַרפרוירן, קען מען דורך זיי אויך מער ניט זען ווי לאַנגע, לאַנגע, סמוטנע און מאָנאָטאָנע פעלדער. פאַרדעקט מיט שניי, ציִען זיי זיך ווייט און אָן איבעררייס ביזן סאַמע האָריזאָנט. אַלץ האָט דער שניי פאַרדעקט, אַלץ האָט ער מיט ווייסקייט פאַרצויגן. אַפילו דעם טייך, אויך ער גרינט און גאָלדיקט זיך שוין מער ניט אונטער דעם קלאָרן הימל, נאָר ער האָט זיך באַהעפט מיט די פעלדער און אין איינעם מיט די גראָזן און די קוסטעס איז ער אויך אָפּגעווישט געוואָרן דורך דעם שניי פון דער ערד. און דווידקע פילט, אַז אויך אין זיין געמיט ווערט ווייס, אַזוי מאָדנע ווייס, אומעטיק און טרויעריק.

אין אַ זוניקן טאָג פילט ער זיך אַ ביסל פריילעכער. די זון צעשיינט זיך איבער די שנייִיקע פלאַכן און זיי צעגלאַנצן זיך פאַר נחת מיט מיליאָנען אויגן. דער שניי צעפינקלט זיך, צעגלאַנצט זיך, צעשיינט זיך, ווי ער וואָלט זיך פלוצעם אָנגעפילט מיט לעבן, ווי דער לעבעדיקער אָטעם וואָלט אין אים אַריינגעטאָן אַ כּישוף־האַנט. אַ פריילעכע, אַ שיינענדיקע ווערט דעמאָלט די וועלט, און אויך דווידקע, זיצנדיק ביים פענצטער, ווערט מונטערער און פריילעכער; אויך זיין געמיט פילט זיך אָן מיט ליכט, ווי די זון וואָלט אויך אין אים אַריינגעדרונגען און געהיילט ווו נאָר אַ ווונד.

אָבער ניט אַלע מאָל זיינען זוניק די טעג, און זיי ווערן פאַרביטן מיט כמאַרעס און זאַווערוכעס. טונקל ווערן די פעלדער און דערשראָקן, דער ווינט שליידערט מיט שניי, מיט מוראדיקן צאָרן גראָבט ער איין ביימער ביז די צווייגן און פאַרשיט הייזער ביז די דעכער. דעמאָלט דערטראָגט זיך אַ וואָיעריי און אַ קלאָגעריי פון ערגעץ: פון קוימען, פון די ווענט, פון דרויסן און אַפילו פון שטוב גופא. אַלץ צעוואָיעט זיך, ווי אין ווייטיק, אַלץ קלאָגט און וויינט, ווי אין פּיין. און אין אָט דעם וואָיען דערפילט דווידקע אַ בת־קול פון זיין אייגענעם אומעט, אַ ווידערקול פון אַלע זיינע ספקות, און זיין האַרץ

ווערט פינלעך פארקלעמט און אנגעפילט מיט א טיפער נאגעניש. ווייל ער דערשטיקן דעם ווייטיק, צעזינגט ער זיך מיט אימפעט און אויף קולי־קולות דעם גמרא־ניגון, ווייל מיט די פלוגתות פון רבא און אביי פארשטומען זיין אייגענעם געמיט.

עס געשעט אבער אז טעג און נעכט ציִען זיך אין וואיעריי אן אויפהער און דווידקע ווערט מיד צו וויגן זיך איבער דער גמרא, און דער קאפ ווערט אים טעמפ, און זיין געמיט ווערט נאך טרויעריקער, גנבעט ער זיך אפ פון דער מאמען, גייט ארויס אין דרויסן, און דארט האט ער זיינע גוטע פריינד: די פייגעלעך וואס נעסטן זיך אונטער דעם דאך פון זיין הויז. די פייגעלעך דערקענען אים שוין, ווייל זיי ווייסן אז ער ברענגט זיי תמיד ארויס עטוואס צום עסן. דווידקע האט א סך מיטלייד מיט זיי. זיי פארהוילן זיך אין ווינ־קעלעך ווו ס׳קומט ווייניקער צו דער ווינט און ציטערן פאר קעלט. און אין אזעלכע וועטערן זיינען זיי שטום אפילו, זיי ווערן שטום, פישטשען ניט, באקלאגן זיך אפילו ניט אויף זייער ביטערן גורל. שטומע באשעפענישן — זיינען על פי נויט מקבל זייערע יסורים אן טענות צו וועמען ס׳איז. אבער זייער אומטענה אליין איז שוין א טיפע טענה, א טענה און א תביעה צום רבונו של עולם, פאר וואס ער האט זיי געבראכט אויף דער וועלט און אן שוץ זיי אזוי איבערגעלאזט. און הונגעריק זיינען זיי תמיד, ווארעם ווו קענען זיי געפינען פאר זיך שפייז אין דער זאווערוכע און אין טיפן שניי? האט דווידקע פאר זיי גרייט קערנער און שטיקלעך ברויט און צעשיט עס פאר זיי יעדן טאג. אבער צו גרויס זיינען די מחנות פייגעלעך און ניט גענוג איז די שפייז וואס דווידקע קען פאר זיי ארויסטראגן, — רייסן זיי איינער ביי דעם אנדערן דעם ביסן פון מויל און פארבלייבן נאך אלץ הונגעריק.

פארקלייבט זיך א צער אויף זיי ביי דווידקען אין הארץ. צוליב זיי אליין וואלט א גרויסער נביא געדארפט קומען אויף דער וועלט, א נביא, וואס זאל זיין אזוי גרויס אז ער זאל קאנען איבעראנדערשן די סדרים פון דער וועלט — א נביא וואס זיין באפעל זאל דערפילט ווערן ניט נאר אויף דער ערד, נייערט אויך אין די הימלען. זאל דער נביא פועלן ביי גאט אז בלוי זאלן זיך תמיד שפרייטן די הימלען איבער דער ערד, גרין זאלן תמיד זיין פעלד און וואלד, און די זון זאל קיין מאל ניט אויפהערן ווארעמען און לייכטן.

אבער ווו איז דער דאזיקער נביא? פאר וואס קומט ער ניט?

און ער דערמאָנט זיך דערביי זיין אַמאָליקן חלום — אַז ער זאָל זיין גוט און פרום און לערנען מיט גרויס התמדה, און ער וועט ווערן אַ נביא. און ער גייט אַריין אויף דער גיך צוריק אין שטוב און נעמט זיך וויגן איבער דער גמרא מיט באַנייטן אימפעט: „אוי, אוי, תּנו רבנן...״

*

דוכט זיך אַז זייער קורץ זיינען די ווינטערדיקע טעג, דוכט זיך אַז די זון הייבט אָן פאַרגיין נאָך איידער זי האָט צייט געהאַט גוט אויפצוגיין, און דאָך ווי לאַנג זיי צעציִען זיך! און די ווינטערדיקע אָוונטן — אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג! און ווי נאָר עס צערויטלט זיך דער מיזרח־האָריזאָנט און געבוירט די זון צו שיינען אויף דער וועלט, הייבט שוין באַלד אָן צו פורפורן זיך דער מערב־האָריזאָנט און גרייט זיך צו פאַרשלינגען די זון. און פורפור מיט פיאָלעט באַגעגענען זיך און פאַרשלינגען איינס דאָס אַנדערע, און אין חשכות פון נאַכט איז שוין ווידער איינגעהילט די וועלט.

אין דעם דאָזיקן טאָג איז אַ גרויליקע זאַווערוכע געווען. צונויפגעמישט האָט זיך הימל און ערד אין אַ וואָיענדיקן קאַראַהאָד פון גרוי־ווייסקייט. דאָס האָט דער קעניג ווינטער פאַרצאַפּלט די וועלט און הימל און ערד האָבן געציטערט אין פחד. געקרעכצט און געקלאָגט האָט אַלץ אַרום. אויסגעליידיקט האָט זיך די גאַס פון שליטן און פוסגייערס. בלויז סאַמע נויט האָט מענטש געטריבן אין דרויסן צו ראַנגלען זיך מיטן ווינט. איינגעבויגן דעם קאָפּ און שטאַרק אָנגעשטרענגט זיך, האָט ער דעמאָלט געשטעלט איין טריט פאָרויס און אַ האַלבן אויף צוריק און אַזוי געשטופּט זיך ביסלעכווייז פאָרויס. נאָר די בערגלעך שניי האָבן זיך פריי באַוועגט: געוואַקסן, געמערט און געפּרוכ־פּערט זיך; אַריבערגעטראָגן זיך פון אָרט צו אָרט, ווי הנאה געהאַט וואָס איצט זיינען זיי די הערשערס פון דער וועלט, וואָס איצט איז זייער צייט צו געוועלטיקן און אונטערטעניקן. הוליען זיי!

ווער עס הוליעט און ווער עס יאָמערט. דאָס הוליען אַליין איז אַ געיאָמער. דער אויסגעשריי פון ניצחון פון דעם ווינט האָט אָפּגעקלונגען מיט אַ וויי־געשריי אין די אויערן פון דער וועלט, און אַ וואָיערײַ האָט זיך דערטראָגן און מע ווייסט ניט ווער עס וואָיעט, און געדוכט האָט זיך אַז די גאַנצע וועלט האָט זיך פונאַנדערגעקלאָגט, האָט זיך אין אבלות אַריינגעטאָן און זי באַקלאָגט

איר פאַרוואָגלטע נשמה, וואָס פּראַוועט גלות אויף דער פאַרפרוירענער וועלט.

דווידקע איז אין שטוב איינער אַליין. די מאַמע איז אַ גאַנצן טאָג אין קיך, עפּעס פּרעגלט זי דאָרט, עפּעס באַקט זי. און דער טאַטע — ער איז דאָך תּמיד אין וואַלד. האָט דווידקע ווידער געעפנט די גמרא, אָנגעהויבן שאָקלען זיך איבער איר מיט אימפּעט און אַריינגעטאָן גרויס התלהבות אין דעם גמרא־ניגון. אָבער מאָדנע האָט אים דאָס מאָל אָפּגעקלונגען דער אייגענער ניגון. אים האָט זיך אויסגעדוכט אַז דער דאָזיקער גוט באַקאַנטער און אַזוי פיל מאָל געחזרטער ניגון איז ניט דער זעלביקער וואָס ער חזרט אַלע מאָל און וואָס ברענגט טרייסט און באַרויקונג, — נאָר ער איז געוואָרן אַ שותּף פונעם אַרומיקן יאָמער און אַז אויך זיין אייגענע נשמה גייט אויס אין בענקשאַפט אַזוי ווי די נשמה פון דער וועלט. דאָך האָט ער ניט אויפגעהערט ציִען דעם ניגון. פאַר וואָס? ווילט זיך דען אים טיפער אַריינדרינגען אין צער, טובלען זיך אין אים מיט דער פולקייט פון זיין נשמה, פילן זיך אין דער סאַמע טיפקייט פון ערגערניש און דורך דעם געפינען אַ תּרופה פאַר זיין האַרץ־נאָגעניש? אָבער דווידקע האָט דאָס ניט פאַרשטאַנען און גאָר מכּוח דעם ניט געטראַכט. דער צער איז טיף און אינסטינקטיוו, האָט ער זיך אין אים טיפער געגריבלט. צו ערשט האָט ער זיך געוועדט און זיך געוואָלט פאַרטיפן אין דעם ענין פון דער גמרא, פאַרטיפן זיך אין אים מיט אַזוי פיל התלהבות, אַז דער ניגון זאָל מער פון אים ניט דערהערט ווערן, אַז דער ניגון, וואָס קומט אַרויס פון זיין אייגענעם מויל, זאָל אין זיינע אויערן ניט קענען דרינגען, — אָבער ער האָט עס ניט געקענט דורכפירן. געגרילצט האָט דער יאָמער פון דרויסן אין זיינע אויערן און געטיפט האָט זיך דער טרויער פון זיין האַרץ. ביסלעכווייז האָט זיך זיין גמרא־ניגון אָפּגעטאָן פון אים און פאַרבליבן איז ער שאָקלענדיק זיך איבער דער גמרא, שאָקלענדיק זיך און ניט אַריינקוקנדיק אין ספר. אַנשטאָט דעם גמרא־ניגון איז צו אים צוגעקומען גאָר אַן אַנדער ניגון, און ער האָט אַליין ניט באַמערקט ווי אַנשטאָט צו לערנען גמרא, האָט ער הויך, אויפן קול, גענומען אויסקלאָגן דאָס געזאַנג פון כּל נדרי: — דאַנדרנאָ־ ־אָי־אָי־אָי־ ־ ־

אַריינגעקומען איז די מאַמע אין שטוב און ער האָט זי גאָר ניט באַמערקט. אַוועקגעשטעלט האָט זי זיך ביי דער טיר און געקוקט אויף אים מיט גרויס

וווּנדער. האָט דער מאַמעס האַרץ, סוף־כּל־סוף, דערפילט דעם טיפן צער און עלנט פון איר קינד ? „דווידקע," האָט זי געפרעגט, „פאַר וואָס עפּעס כּל נדרי אין מיטן דערינען ?..."

דערהערנדיק איז שטימע, האָט ער אויפגעציטערט, מחמת ער האָט זיך ניט געריכט אַז נאָך עמעצער איז דאָ אין צימער אַחוץ אים, און ער האָט זיך פאַרווונדערט. אַפרי:ער האָט ער ניט פאַרשטאַנען וואָס זי פרעגט. אָבער באַלד האָט ער זיך געכאַפּט און איז פאַרחידושט געוואָרן : „כּל נדרי ?... כּל נדרי ?... זע, טאַקע כּל נדרי... דאנדר־נאַ־אָ־אַ־... כּל נדרי טאַקע..."

און תּיכּף האָט ער פאַרמאַכט דעם ספר.

"ס'איז גאַרנישט, מאַמע... גלאַט אַזוי... איך האָב שוין איינגעחזרט דעם שיעור אין דער גמרא..."

דערפילט האָט ער אַז ער קען מער אין שטוב ניט איינזיצן און ער איז אַרויס אין דרויסן — אַרויסגעטראָגן דערבײַ קערנער און שטיקלעך ברויט פאַר די פייגעלעך.

„גוט איז געווען צו שלמה המלך," האָט ער זיך געטראַכט. „אים איז קיין מאָל ניט געווען אומעטיק, מחמת ער האָט פאַרשטאַנען די לשונות פון פייגל און חיות, פון גראָזן אוןביימער, און ווען ס'האָבן אויסגעפּעלט חברים צווישן מענטשן, האָט ער זיי געפונען אין פעלד און אין גאָרטן..."

און קוקנדיק ווי די פייגעלעך יאָגן זיך נאָך די קערנער און שטיקלעך ברויט וואָס ער שיט פאַר זיי, זעענדיק ווי זיי ראַנגלען זיך פאַר זיי צווישן זיך, האָט זיך אים אָנגעהויבן דוכטן אַז ער באַנעמט אויך עפּעס פון זייער לשון. און דערבײַ האָט זיך אים אויך אָנגעהויבן דוכטן אַז ס'איז שוין זייער לאַנג ווי ער פאַרשטייט זייער לשון, און, ניט נאָר דאָס, נייערט אַלץ מיט אַנאַנדער האָט לשון, יעדער זאַך אין גאָטס וועלט האָט לשון, אַפילו שניי און פאַרפרוירענער טייך אין וואַלד, און — זייערע לשונות הייבט ער אָן פאַרשטיין. אַלע ריידן זיי צו אים : דער הימל, די זון, די לבנה, די שטערן. ניין, ניט זיי ריידן, נאָר זיי זינגען צו אים. און זייער געזאַנג איז טרויעריק, אָבער זיס. און ער הייבט אָן צוהערן זיך צו אָט דעם געזאַנג און באַנעמען אים.

אָבער פּלוצעם דערשרעקט ער זיך : אים דוכט זיך, אַז ער איז עובר אויף דעם איסור פון גאָט אַרײַנצודרינגען אין די סודות פון דער וועלט.

ער דרינגט אין סודות וואָס זיינען פאַר מענטש פאַרבאָטן. שלמה המלך איז דאָך געווען אַ גרויסער צדיק, האָט ער געמעגט לערנען אָט די אַלע פאַר־הוילענע לשונות, אָבער ער, דווידקע, ווי קומט ער צו אַזוינע מוראדיקע סודות? און ער האָט זיך דערמאָנט וואָס זיין טאַטע האָט אים דערציילט, אַז צוויי תּלמידי חכמים האָבן זיך געחקירהט אין די סודות פון דער וועלט, און דערפאַר איז אַראָפּ אַ פייער פון הימל און האָט זיי פאַרברענט.

אָבער דאָך קען ער זיך ניט אָפּרייסן פון צוצוהערן זיך צו די שטימעס וואָס דערטראָגן זיך צו אים. דאָס זיינען די שטימעס פון אַלץ וואָס איז פאַרהילט אין זאַווערוכע, פון אַלץ וואָס איז פאַרטיפט אין קינות, אין די קינות פון אבלות פונעם וועלט־חורבן. און ס׳האָט זיך אים פאַרגעשטעלט ווי די וועלט וואָלט איצט גוזר תּענית געווען, אַ תּענית געגליכן צו יום־כּיפּור ביי נעילה, ווען אַלע ייִדן זיצן אויף די בענק אין שול, פאַרשמאַכט, די קעפּ אַראָפּגעבויגן, און הערן דעם טרויעריקן ניגון פונעם חזן, וואָס דערציילט פאַרן קהל וועגן דער „עבודה״ און איז פול מיט טענות צו גאָט פאַר וואָס דאָס אַלץ איז חרוב געוואָרן און איז פאַרשוווּנדן פון דער וועלט.

„ווינט דאָ אַ ייִד?״ האָט ער אומגעריכט דערהערט ווי אימעצער פרעגט אים. ער האָט אויפגעציטערט און האַסטיק אַרומגעקוקט זיך. לעבן אים איז געשטאַנען אַ יונג בחורל, באָרוועס, אָן אַ מאַנטל, אין אַ פּאָר לייוונטענע פּויע־רישע הויזן און אין אַ לייוונטענעם העמד.

די פראַגע איז אים געשטעלט געוואָרן אין רוסיש און דווידקע האָט געמיינט אַז ער איז אַ שייגעץ פון אַ שכנישן הויז. אַז שקצים זאָלן אין די גרעסטע פרעסט דורכלויפן זיך באָרוועס און לייכט געקליידט איבער דער גאַס איז ניט קיין נאָווינע. זיי אַרט עס ניט און זיי שאַדט עס ניט, וואָרעם זיי זיינען שוין געוווינט דערצו.

„יאָ, דאָ ווינען ייִדן,״ האָט דווידקע געענטפערט און בכיוון געזאָגט ייִדן אַנשטאָט אַ ייִד.

„עפן מיר די טיר!... איך וועל פאַרפרוירן... האָב רחמנות, עפן!... לאָז מיך אַריין אָנוואַרעמען זיך!...״

דאָס האָט שוין דאָס בחורל געזאָגט אויף ייִדיש. דווידקע איז פאַרצי־טערט געוואָרן: אַ ייִדיש קינד! ער האָט זיך האַסטיק גענומען עפענען די טיר, אָבער פון אויפרעגונג האָט ער ניט געקענט אָנטרעפן דעם ריגל. האָט

ער מיט אימפּעט אַ שטופּ געטאָן די טיר און זי האָט זיך געעפנט. „קום," האָט ער אויסגערופן, „קום אַריין!"

און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן, צוגעפירט אים צום אויוון און געזאָגט: „וואַרעם זיך! וואַרעם זיך!"

דווידקע איז געבליבן שטיין צעטומלט און מיט אַ האַרץ אָנגעפילט מיט רחמנות, אָבער באַלד איז ער האַסטיק אַוועק צו דער טיר פון דער קיך און אויסגערופן: „מאַמע! מאַמע! קום נאָר אַהער!"

„וואָס איז דאָרט?" האָט זיך די מאַמע אָפּגערופן.

„זע נאָר, מאַמע, זע! אַ יידיש קינד! באָרוועס, נאַקעט, אין אַזאַ קרירה..."

די מאַמע האָט זיך ניט געאײַלט אַרײַנצוקומען. מן הסתם האָט זי עפּעס געטאָן אין קיך וואָס זי האָט פון דעם ניט געקענט אָפּטרעטן. פון גרויס אויפרעגונג און עגמת נפש האָט דווידקע דערבײַ ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. אויף אַ הענגער ביי דער טיר איז געהאַנגען זיין מאַנטל, האָט ער אים אַראָפּ־גענומען און אַרויפגעטאָן אויף דעם יינגלס אַקסלען. דערביי האָט ער זיך איינגעקוקט אינעם פּנים פונעם יינגל און ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז ס'איז אים באַקאַנט פון נאָך פריער. ערגעץ ווו האָט ער אים אַ מאָל געזען, אָבער ער קען זיך ניט דערמאָנען ווען און ווו.

און דאָס יינגל זיצט און ציטערט פאַר דער קעלט פון וואָס ער האָט זיך נאָך ניט דערוואַרעמט. דערווייל איז די מאַמע אַרײַנגעקומען.

„וואָס איז, דווידקע?"

אָבער אים איז פאַרשפּאַרט געוואָרן צו ענטפערן. זי אַליין האָט דערזען דאָס יינגל.

„ווער איז ער, דווידקע?"

און דאָס בחורל, ווי נאָר ער האָט זי דערזען, איז גלייך מטושטש געוואָרן, זיך אויפגעשטעלט און, ווי פאַרשעמט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

ערשט איצט האָט דווידקע געקענט זיך גוט איינקוקן אין דעם פּנים פון דעם יינגל. ער האָט באַמערקט אַ וווּנד ביי אים אויפן שטערן, אַ וווּנד מיט פאַרגליווערט בלוט. האָט זיין האַרץ אים נאָך מער פאַרקלעמט. אויך די מאַמע איז קענטיק מטושטש געוואָרן, זי האָט זיך איינגעקוקט אין דעם יינגלס פּנים, האָט אים דערקענט, זיך אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און אויסגערופן מיט אַ באַנומענעם קול:

„משהלע !...״

און זי האָט אים אָנגענומען ביי זיינע אָרעמס:

„משהלע !... ווי איז מיר ניט !... וואָס איז געשען ?...״

און ווי נאָר די מאַמע האָט אויסגערופן זיין נאָמען, האָט דווידקע אים אויך גלייך דערקענט: יאָ, משהלע, טאַקע ער...

און משהלע האָט זיך דערביי ווי פאַרשעמט, זיך אויפגעשטעלט, אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ ווי פאַרשולדיקט און געשוויגן, גאָרנישט געזאָגט. די מאַמע האָט פאַרבראָכן די הענט:

„ווי איז מיר ניט !... ווי אַזוי ביסטו געקומען אין אַזאַ קרירה אַזוי נאַקעט ? גאָטעניו, שטראָף מיך ניט פאַר מיינע רייד, אָבער זע נאָר, משהלע !...״

און די מאַמע איז אַזוי אויפגעשיטערט געוואָרן אַז זי האָט ניט געוווסט וואָס אָנצוהייבן טאָן. דער מאַנטל, וואָס דווידקע האָט אים אַרויפגעטאָן אויף די שולטערן, האָט זיך פון אים אַראָפּגעגליטשט. האָט די מאַמע אים אויפגע־הויבן און אים צוריק אָנגעטאָן אין דעם.

„געוואַלד געשריִען,״ האָט זי מיט פּיין און לייד געטענהט, „אין אַזאַ קעלט... זאָל זיך נאָר גאָט דערבאַרעמען וואָס ס׳קאָן געשען... משהלע, פון וואַנען קומסטו איצט ? ווער האָט דיך געבראַכט אַהער ?״

משהלע האָט ניט געענטפערט און קענטיק די מאַמע האָט קיין ענטפער ניט דערוואַרט. זי איז אויף דער גיך צוגעקומען צום סאַמאָוואַר, אים אָנגע־רירט צו זען צי ער איז נאָך הייס און אָנגעגאָסן פאַר משהלען אַ גלאָז טיי. דער טיי איז שוין געווען לעבלעך, האָט עס משהלע אויסגעטרונקען מיט איין מאָל, אָן אָפּשטעל, זיך אומגעקערט מיטן פּנים צו דער מאַמען און קענטיק געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער האָט דאָס ניט געקענט טאָן. איז ער צוגעפאַלן צום בענקל און האָט זיך צעוויינט אויפן קול.

ביידע, די מאַמע און דווידקע, זיינען צו אים צוגעקומען און אים גע־פּרוּווט טרייסטן:

„שאַ, וויין ניט, משהלע...״

און די מאַמע האָט נאָך צוגעגעבן:

„וויין ניט, משהלע ! וואָרעם דו ביסט איצט דאָ ביי אונדז און מיר וועלן דיך אָפּהיטן פון שלעכטס...״

אָבער משהלעס טרערן, קוים האָט ער אָנגעהויבן וויינען, האָט ער זיי שוין ניט געקענט איינהאַלטן. און מלכּה איז געשטאַנען איבער אים, געהאַלטן איר האַנט איבער זיין ציטערנדיקן אַקסל און געזאָגט:

„נו, גוט, משהלע, וויין זיך אויס, וועט דיר לייכטער ווערן...״

*

שוין דאָס צווייטע מאָל ווי דער טויט פון אימעצן אַ נאָענטן מענטש ברענגט משהלען צו ר׳ יחזקאלס גאַסטפריינדלעכן הויז. דאָס ערשט מאָל — ווען זיין טאַטע איז געשטאָרבן, און איצט — די יסורים האָבן דאָבען אומ־געבראַכט.

און געשטאָרבן איז דאָבע אַזוי שטיל ווי זי האָט געלעבט, אַזוי שטיל ווי דאָס שטומע שעפעלע וואָס ווערט געבראַכט צו דער שחיטה. ביים לעבן האָט זי שטום מקבל געווען צער און יסורים, אַן אַ קרעכץ אַריבערגעטראָגןליידן און פּיין, און אַזוי, אויך איצט, שטיל און שווייגנדיק זיך געזעגנט מיט לעבן.

אויסגעגאַנגען איז זי אין דער עזרת נשים פון דער קאַמאַרינקער שול וואָהין די זאַווערוכע האָט פאַרטריבן יאַניען מיט זיין בויד און זיי דאָרט פאַרהאַלטן. געקומען זיינען זיי אַהין נעכטן ביי נאַכט, און ווען יאַניע האָט געהייסן דאָבען אַראָפּצוגיין פון שליטן, האָט זי זיך ניט אויפגעהויבן פון אָרט. יאַניע האָט זיך שוין געווען צעבייזערט אויף איר, זי אַ שטויס געטאָן און אויך פאַרמאָסטן זיך אויף איר מיט דער בייטש, אָבער דאָ האָט זיך משהלע אַריינגעמישט, אַז ווי באַלד זי שטייט ניט אויף, מן הסתּם איז זי קראַנק און קען דאָס ניט טאָן.

און באמת איז זי שטאַרק קראַנק געוואָרן, געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און געאָטעמט מיט אַ כריפּעריי. משהלע האָט זיך אָנגעטאָן מיט כּוחות און איינער אַליין זי אַריינגעטראָגן אין שול און זי אַוועקגעלייגט אויף אַ באַנק אין עזרת נשים. קענטיק זי האָט געהאַט היץ און האָט די אויגן אַפילו ניט געעפנט.

אין שול איז געווען וואַרעם. געצאַנקט האָט דאָרט אַ יאָרצייטליכט און עטוואָס באַלויכטן דעם אָרום. משהלע מיט יאַניען האָבן אויסגעשפּאַנט דאָס פערד, אים אַוועקגעשטעלט אונטער אַ דאַך ווו ער איז געווען געשיצט פון

דער זאַווערוכע און אים געגעבן היי צו קייען. דערנאָך זיינען זיי אַריין אין דער שול. יאַניע האָט זיך אַנידערגעלייגט אויף אַ באַנק לעבן אויוון און האָט באַלד אָנגעהויבן כראָפּען, אַ באַווייז אַז ער איז איינגעשלאָפן. משהלע האָט אָבער צוגערוקט אַ בענקל לעבן דאָבעס געלעגער און געטראַכט אַז ער וועט האַלטן שמירה איבער איר. אָבער ער איז געווען אויסגעמאַטערט און די וואַרעמקייט פונעם צימער איז אים בייגעקומען. ער איז איינגעשלאָפן. עס איז שוין געווען העלער טאָג ווען ער האָט דערפילט אַז אימעצער רירט אָן זיין האַנט, און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט. דאָס האָט דאָבע אָנגערירט זיין האַנט. קענטיק געווען אַז זי האָט ניט געהאַט בדעה אים צו וועקן, נאָר גלאַט אַזוי האָט זי אויס ליבשאַפט אים אַ גלעט געטאָן.

געזען האָט משהלע אַז קיין היץ האָט זי מער ניט געהאַט, אָבער איר פּנים איז געוואָרן איינגעשרונקען און זייער בלייך און אירע אויגן האָבן געגלאַנצט ווי מיט עפּעס אַ ניט דאָ׳קייט. משהלע האָט גלייך דערפילט אַז עפּעס אויסער־געוויינטלעכקייט געשעט מיט איר. איר גאַנצער אויסזען איז גאָר אַנדערש געוואָרן. אַפילו די קנייטשן אויף איר איינגעשרונקענעם פּנים האָבן זיך אויס־געגליכן און זי איז אין גאַנצן באַהערשט געוואָרן פון אַ מערקווערדיקער רו׳קייט און, נאָך מער, אַ חדווה, אַ מתיקות. אירע ליפּן האָבן זיך באַוועגט, ווי זי וואָלט געוואָלט עפּעס זאָגן און דאָס ניט געקענט טאָן איבער איר שטומקייט.

„ווילסט עטוואָס, דאָבע? זאָל איך דיר עפּעס דערלאַנגען?״ האָט זי משהלע געפרעגט. ער האָט געפרעגט הגם ער האָט געוווּסט אַז זי איז טויב און שטום און זי קען אים ניט הערן און ניט ענטפערן. אָבער געקוקט האָט ער אויף איר, געזען די ענדערונג אויף איר פּנים, און אים האָט זיך אויס־געדוכט אַז עפּעס אַ נס איז מיט איר געשען און באַלד וועט זי אָנהייבן רעדן. און באמת, ער האָט דעם נס טאַקע דערוואַרט. און ווען ער האָט געזען ווי עס באַוועגן זיך אירע ליפּן, ווי זי וואָלט עפּעס געשעפּטשעט, האָט ער זיך צו איר איינגעבויגן, בכדי אויפצוכאַפּן די ווערטער, וואָס אים האָט זיך געדוכט אַז זי וויל זאָגן. אָבער ניט געהערט האָט ער פון איר קיין שטימע און אירע ליפּן האָבן זיך גלאַט אַזוי באַוויגן. אויך איר אָטעם איז רעגלמעסיקער און לייכטער געוואָרן, און משהלע האָט געמיינט, אַז זי איז שוין געזינטער געוואָרן און באַלד וועט זי שוין קענען אויפשטיין פון איר געלעגער.

געזעסן איז משהלע לעבן איר, אויף איר געקוקט און געוווּנדערט זיך אויף דער ענדערונג וואָס ער האָט אין איר געזען. זי האָט אויפגעהויבן איר צווייטע האַנט און אים גענומען גלעטן איבערן קאָפּ, איבערן פּנים. אַ ציטער איז אַדורך איבער משהלען. אוי, ווי טייער זי איז אים איצט, זי מיט איר ליבשאַפט צו אים און מיט איר דאַנקבאַרקייט פאַר וואָס ער איז איר פריינד און פאַרטיידיקט זי, בעת אַלע באַליידיקן זי און קערן זיך אָפּ פון איר. אוי, ווי טייער זי איז אים איצט און ווי פול מיט רחמנות־געפילן ער איז צו איר! פאַר וואָס איז ער אַזוי הילפלאָז? ווען ער וואָלט נאָר געקענט אַרויסרייסן זי פון יאָניעס הענט און אַוועקפירן זי ערגעץ ווו, אין אַן אָרט ווו זי זאָל קריגן היימישקייט און פריינדשאַפט, ווו מ׳זאָל זיך צו איר באַציִען מיט צער בעלי חיים...

און אַזוי ווי זי האָט געגלעט זיין פּנים, האָט זי אים אָנגענומען פאַר די האָר פון קאָפּ און אים צוגעצויגן צו זיך. ער האָט זיך ניט געוועהרט און צוגעבויגן זיין קאָפּ צו איר, צוגערוקט זיין אויער צו אירע ליפּן, ווידער געמיינט אַז זי וויל אים עפּעס זאָגן. זי האָט אים אָבער גאָרנישט ניט געזאָגט, נאָר אים גענומען קושן אין באַק, אין אויער, ווו נאָר זי האָט געטראָפן אויף זיין פּנים.

„דאָבע! וואָס טוסטו, דאָבע?״ האָט משהלע אַויסגערופן און האָט אָפּגעריסן פון איר זיין קאָפּ. אָבער באַלד האָט ער לויט דעם אויסדרוק פון איר פּנים דערזען, אַז זי האָט עגמת נפש וואָס ער האָט זיך פון איר אָפּגעקערט מיט אַזאַ אימפּעט, האָט ער עס גענומען פאַרגלעטן דערמיט, וואָס ער האָט, פון זיין זייט, זי גענומען גלעטן איבערן פּנים און דערנאָך האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט און זי אַ קוש געטאָן אין שטערן. אָבער דאָ האָט זיך צו אים פלוצעם דערטראָגן יאָניעס גראָבער קול:

„אַז אַ ימח שמו אין אייער טאַטנס טאַטן אַריין!... זע נאָר דאָס פאַרפאָלק, ווי זיי האָבן זיך דאָס צעהאַלובעט... אַז אַ פייער אייך אין דיביינער אַריין!...״

און דאָ האָט משהלע דערפילט ווי דאָבעס האַנט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן זיין האַנט, האָט אַ שוואַכן ציטער געטאָן. ער האָט זיך אויף איר אומגעקוקט און דערזען ווי איר פּנים האָט זיך עטוואָס פאַרקרימט, אירע אויגן פאַרגלאָצט. אָבער גלייך האָט זיך איבער איר פּנים אויסגעשפּרייט אַ רויִקייט און די אויגן האָבן זיך פאַרלאָשן. זי האָט קוים אַ ציטער געטאָן און איז געבליבן

ליגן רויִק און ווי פֿאַרגליווערט. ער האָט ניט פֿאַרשטאַנען וואָס דאָס איז אַזוינס, אָבער בחוש איז ער פֿאַרציטערט געוואָרן און האָט אין פּחד אויס־געשריגן:

„אוי, רב יאַניע, זעט!...״

יאַניע איז צו איר צוגעקומען, זי באַטראַכט, אַנגענומען זי ביי דער האַנט און איז אין פּחד אָפּגעטראָטן. „געשטאָרבן... טויט...״ האָט ער אויסגע־שעפּטשעט.

„געשטאָרבן?... דאָבע!...״ האָט משהלע, דערציטערט, אויסגערופֿן. „דאָבע!...״

און אַרומגעקוקט האָט ער זיך אויף יאַניען וואָס שטייט אַזוי אָן אַ זייט מיט אַן אויסדרוק פֿון אימה אויף זיין פּנים. אַ טיפֿע שׂנאה האָט זיך אין אים אָנגעצונדן צו אָט דעם הינקענדיקן מענטש, וואָס, ווי ער האָט עס גלייך באַנומען, איז שולדיק אין איר, דאָבעס, טויט. און אַ ברען האָט געטאָן אין משהלען דאָס געפֿיל, אַז איצט מוז ער זיך מיט אים אָפּרעכענען, פֿון אים נקמה נעמען פֿאַר אַלע זיינע רישעות וואָס האָבן גורם געווען דאָבעס טויט.

און אויפֿגעשפּרונגען איז משהלע מיט אַ געשריי, אַראָפּגעריסן פֿון זיך דעם ראָק, האָט זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף יאַניען און זיך איינגעביסן מיט די ציין אין זיין האַנט. אָבער יאַניע, ווי הינקענדיק ער איז, איז אַ סך שטאַרקער געווען פֿון אים. מיט איין אימפּעטיקן שטויס האָט יאַניע אים אָפּגעשליידערט פֿון זיך און אים אומגעוואָרפֿן. משהלע איז גלייך איבערהערשט געוואָרן פֿון אַ טיפֿער שרעק, האָט ער זיך גלייך אויפֿגעהויבן און זיך געלאָזט לויפֿן צו דער טיר, אין דער זאַווערוכע אַריין, כּמעט באָרוועס און האַלב נאַקעט. געלאָפֿן איז ער ביז וואַנען ער האָט אויף אַ גאַניק פֿון אַ הויז דערזען דווידקען. ניט געוווּסט האָט ער וועמענס הויז דאָס איז און ווער איז דאָס ייִנגל וואָס שטייט דאָרט. און אַזוי אַרום איז ער אַריינגעפּאַלן אין ר׳ יחזקאלס הויז.

ווו ער איז, האָט ער ערשט דעמאָלט דערקענט ווען ער האָט דערזען מלכּהן. ער האָט זיך דערפֿילט זייער שולדיק קעגן אָט דער גוטער פֿרוי. אַ געפֿיל האָט אים באַהערשט אַז ער איז שולדיק קעגן איר און ער דאַרף ביי איר בעטן מחילה, אָבער ווי נאָר זי איז צו אים צוגעקומען און ער האָט געעפֿנט זיין מויל, געוואָלט זיך פֿאַרענטפֿערן פֿאַר איר, האָט ער ניט געקענט אויסריידן אַ וואָרט און טרערן האָבן פֿאַרכלינעט זיין קול. אַי, ווען ער וואָלט

אַ מאָל געפּאָלגט אָט די גוטע פרוי און געטאָן ווי זי האָט אים אַן עצה געגעבן... דענסטמאָל, ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל אַריינגעקומען אין אָט דעם הויז... וואָלט ער דאָך איצט ניט געהאַט אויף וואָס חרטה צו האָבן...

*

אויך דענסטמאָל איז עס געווען דער טויט, דער טויט פון זיין אייגענעם טאַטן, וואָס האָט משהלען, מיט דריטהאַלבן יאָר צוריק, געבראַכט אין דעם זעלביקן הויז.

זיין מאַמען געדענקט משהלע ניט. זי איז געשטאָרבן ווען ער איז נאָך זייער יונג געווען. בלויז איין אומקלאָרע געדעכעניש האָט ער פון זיין מאַמען. ווען ער פרוווט זיך דערמאָנען וועגן איר, שוועבט פאַרביי זיינע אויגן אַן אומקלאָר בילד פון אַ פרוי, אין גאַנצן אין ווייסן, ווי זי ליגט אין בעט. אַלץ אַרום איר איז געווען ווייס: דער צודעק איבער איר בעט, די ווענט אַרום און אַרום, ווייס אַפילו איר פּנים און ווייס די ליכט וואָס האָבן געברענט ביי איר צוקאָפּנס. דער טאַטע איז אַרומגעגאַנגען איבערן שטוב, זיך געבראָכן די הענט און געוויינט. און נאָך יידן און יידענעס זיינען געווען אין שטוב, און זיי האָבן אויך געוויינט. גערעדט און געוויינט האָבן זיי אַלע אַזוי מאָדנע שטיל. און ער, משהלע, איז געשטאַנען לעבן בעט, אַרומגעקוקט זיך און האָט מורא געהאַט. מורא געהאַט צו צעשטערן די שטילקייט. וואָרעם אַלע האָבן דאָך געוויינט אַזוי שטיל, ניט אויפגעהויבן קיין קול, נאָר די טרערן זענען ביי זיי גערונען פון די אויגן, און קיין קול האָבן זיי ניט אַרויסגעלאָזט. אָבער ער קען ניט וויינען אַזוי שטיל, ער מוז עס טאָן אויפן קול. האָט ער דערפאַר די טרערן אין זיך איינגעהאַלטן. אים האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז די אַרומיקע שטילקייט טאָר ניט געשטערט ווערן, ווען ניט, וועט עפּעס גרויליקס געשען. אָבער וואָס עס קען געשען און וואָס עס טוט געשען, האָט ער ניט פאַרשטאַנען. דענסטמאָל האָט די פרוי אויסגעשטרעקט איר האַנט און אַריינגענומען זיין האַנט און געקוקט אויף אים. אוי, ווי זי האָט געקוקט!... דעם דאָזיקן בליק קען ער ניט פאַרגעסן. אַלץ איז מטושטש, אָבער דער דאָזיקער בליק פון אירע פאַר אויגן איז תמיד בולט פאַר זיינע אויגן. ליבשאַפט, צער, יִיאוש, שרעק — דאָס אַלץ האָבן אויסגעדריקט יענע אויגן. און דאָס איז אַלץ וואָס ער קען געדענקען וועגן זיין מאַמען. ער איז דענסטמאָל, זאָגט מען אים, נאָך קיין דריי יאָר ניט אַלט געווען.

זיין טאַטע איז אָבער ערשט ניט לאַנג געשטאָרבן. ער דערמאָנט זיך: ער איז געשלאָפן און אויפגעוועקט האָט אים דער יאָמער פון זיין שטיפמאַמען. און ווידער האָט ווייסקייט אויף אים געמאַכט אַן איינדרוק. אַ ווייסער ליילעך איבערן בעט און ווייסע ליכט ברענען צוקאָפּנס פונעם בעט. יידן און יידענעס זיינען אין הויז, די שטיפמאַמע ברעכט זיך די הענט און יאָמערט אויפן קול. אויך די אַנדערע יידענעס כליפּען און ווישן זיך די נעז מיט די פאַרטעכער און קאָפּטיכלעך, און די יידן זאָגן תהילים.

צו ערשט האָט משהלע ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר, אָבער גלייך איז אים געקומען אין זיכרון דאָס ענלעכע בילד פון ווייסקייט און טרויער פון אַ מאָל און דער בליק פון די פאָר אויגן איבער אים. און ער האָט פאַר־שטאַנען: קיין טאַטן האָט ער שוין אויך ניט. ניט קיין מאַמען און ניט קיין טאַטן...

„טאַטע!...״ האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צום בעט.

מן הסתם איז זיין אויסגעשריי געווען זייער באַנומען, וואָרעם אויפגע־ציטערט האָבן די יידן און אָפּגעטראָטן פונעם בעט, אויפגעהערט זאָגן תהי־לים און באַנומען געקוקט אויף אים. אַנדערע האָבן זיך אָנגעהויבן ווישן די אויגן, און די יידענעס, וואָס האָבן פריִער בלויז געכליפּעט, האָבן זיך איצט צעוויינט אויפן קול, און די שטיפמאַמע, זי איז פּלוצעם שטיל געוואָרן און איז געפאַלן אויף דער ערד.

„געחלשט... געחלשט...״, האָבן זיך דערהערט איבערגעשראָקענע קולות פון די ווייבער. „וואַסער!...״

אָבער דאָס אַלץ האָט משהלע קוים געמערקט. צוגעפאַלן איז ער צום בעט און געפילט אַז דאָ, אָט דאָ ליגט זיין טאַטע, און ער לעבט שוין מער ניט. ער האָט שוין מער קיין טאַטן אויך ניט. ניט קיין מאַמען און ניט קיין טאַטן...

זיין טאַטע איז שוין קראַנק געווען דעם גאַנצן ווינטער. ער איז געווען אַ מילנער, געהאַלטן אין אַרענדע די קאַרבאַטשעווער מיל. אין שפּעטן האַרבסט, פאַרמאַכנדיק די שליוזן פונעם טייך ביי דער מיל, האָט ער זיך אַ גליטש געטאָן און איז אַריינגעפאַלן אינעם געפרוירענעם וואַסער. זינט דעמאָלט איז ער קראַנק געווען.

משהלע האָט זיך געריכט אויף זיין טאַטנס טויט. ער האָט געהערט

ווי דער רופא האָט געזאָגט אַז זיין טאַטע קען שוין ניט געהיילט ווערן. אָבער ס'האָט זיך אים ניט פאַרגעשטעלט אַז אַזוי וועט עס טאַקע זיין. און איצט — אָט קניט ער פאַר זיין טאַטנס טויטן קערפּער. און ער איז אַליין, איינער אַליין, פאַרבליבן מיט זיין בייזער שטיפמאַמען, מיט דער תּמיד שילטנדיקער, צעקודלעוועטער, בייזער שטיפמאַמען... אַליין... נאָך ערגער ווי אַליין, אַליין מיט אָט דער אָ...

און אויפגעהויבן האָט משהלע דאָס ליילעך וואָס האָט איבערגעדעקט דעם בר־מינן און ער האָט דערזען דעם טאַטנס פּנים. איז דאָס זיין טאַטע? אַ פּנים אויסגעקרימט פון אַ פאַרגליווערטער קאָנוווּלסיע, מיט אַן אַרויס־געשפּיצטער נאָז, אָפענעם מויל, איין אויג אָפן און דאָס צווייטע פאַרמאַכט, און אַן אַרויסגעשטאַרצט שפּיציק, שיטער בערדל...

דערווייל האָט מען אָפּגעמינטערט זיין שטיפמאַמען. אויך זי איז צוגע־קומען צום בעט, דערזען דאָס טויט פּנים און זיך צערעוועט אויפן קול:

„חיים!... חיים!... וואָס האָסטו געטאָן, חיים?..."

און אָנגעכאַפּט האָט זי משהלען ביי דער האַנט:

„וויין, משהלע, וויין! דיין טאַטע איז שוין מער ניטאָ, קלאָג!..."

און באַנייט האָט זיך דער יאָמער אין הויז. אַלע האָבן זיך צעקלאָגט: די ייִדן, די ייִדענעס.

משהלע האָט דערפילט אַזאַ פּחד, אַז ער האָט מורא געהאַט דאָרט צו בלייבן. ער איז אַרויס פון הויז און גענומען לויפן, געלאָפן וווּהין די אויגן האָבן אים געטראָגן, געלאָפן ניט וויסנדיק וווהין, אַבי צו אַנטלויפן פון אָט דעם שרעקלעכן אויסזען פון אַ פּנים, וואָס איז אַ מאָל געווען זיין טאַטע; אויך צו אַנטלויפן פון אָט דער שלעכטער, צאַרנדיקער, בייזער פרוי, פאַר וועמען ער האָט תּמיד מורא געהאַט און וואָס האָט מער ווי רוגזה צו אים קיין מאָל ניט אַרויסגעוויזן. איצט האָט דער טאַטע אים איבערגעלאָזט איינעם אַליין מיט אָט דער שטיפמאַמען...

און ער איז האַסטיק געלאָפן, אַבי צו אַנטלויפן וואָס ווייטער און ווייטער. און אָט איז ער שוין אַרויס פון קאַרבאַטשעווקע, אַרויס פון דעם וואַלד וואָס ציט זיך פוןביידע זייטן וועג, און דערפרייט האָט ער זיך וואָס די זון האָט שוין גענומען אויפגיין און זיך צעשמייכלט צו דעם אויפגעלעבטן פרי־לינג־פרימאָרגן. ער האָט אַלץ געהאַלטן אין איין לויפן, ווי אימעצער וואָלט

זיך געיאָגט נאָך אים און ער דאַרף אַנטלויפן. ביז וואַנען ער האָט דערהערט אַ רוף:

„מאַשקאַ! מאַשקאַ! פּאַהאַדי! קודאַ בעזשיש? (מאַשקע! מאַשקע! וואַרט! וווהין לויפסטו?)"

ערשט דעמאָלט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און זיך אַרומגעקוקט ווו ער איז. ער האָט דערקענט דאָס אָרט: ער איז שוין היפּש ווייט פון קאַרבאַ־טשעווקע און איז אויפן וועג וואָס פירט קיין קאַמאַרינקע. אָנגעיאָגט האָט אים דער שכן פון זיין טאַטנס הויז, טריכוואָן, וואָס איז געפאָרן קיין קאַ־מאַרינקע.

„וווהין לויפסטו, מאַשקאַ," האָט טריכוואָן פאַרוווּנדערט געפרעגט.

געוווּנדערט האָט זיך טריכוואָן, וואָרעם ער האָט שוין געוווּסט אַז היינט פאַר טאָג איז געשטאָרבן משהלעס טאַטע — איז ווי קומט משהלע אַהער?

אָבער משהלע האָט ניט געענטפערט, נאָר ער איז צוגעפאַלן צו טריכ־וואָנען, צו זיין גוטן שכן טריכוואָן, וואָס האָט תמיד מיטלייד געהאַט מיט אים, וואָס האָט ניט קיין אייגענע מאַמע און ווערט געפייניקט פון אַ בייזער שטיפ־מאַמע, — און ער, משהלע, האָט זיך צעוויינט...

„וויין ניט, וויין ניט, משהלע," האָט דערבאַרעמדיק טריכוואָן אים גע־טרייסט, וואָרעם, הגם משהלע האָט אים גאָרנישט געזאָגט, האָט ער געקענט פאַרשטיין פאַר וואָס משהלע לויפט מיט אַזאַ אימפּעט דאָ אין וואַלד און איז איינער אַליין. „וויין ניט, וויין ניט, משהלע, עס זיינען דאָ אויך גוטע מענטשן אויף דער וועלט און דו וועסט ניט פאַרלאָזן ווערן..."

און ווי באַלד טריכוואָן איז געפאָרן קיין קאַמאַרינקע, האָט ער אים אויך מיטגענומען און אים געבראַכט צו ר' יחזקאלן, וואָס האָט אים אָפּגעגעבן צו בייניש דעם שוסטער צו לערנען זיך די מלאכה.

## קאַפּיטל 9

משהלע האָט דערציילט דווידקען אַ סך פּרטים פון זיין לעבן, אויסגע־גאָסן פאַר אים די אָנגעקליבענע ביטערקייט פון זיין האַרץ. ער האָט אים דערציילט ווי זיין מאַמע איז געשטאָרבן און ווי ביטער אים איז געווען ביי

זיין שטיפמאַמען, ווי ביטער אים איז געווען ביי ביניש דעם שוסטער, ווי ער איז אַוועק צו יאַניע דעם בעטלער און ווי דאָבע איז געשטאָרבן. ערשט דעמאָלט האָט זיך דווידקע דערמאָנט ווען ער האָט משהלען געזען צום ערשטן מאָל, ווען טריכוואָן האָט אים געבראַכט צו זיי אין הויז. אָבער דאָס איז דאָך געווען אַזאַ לאַנגע צייט צוריק. משהלע איז זינט דענסטמאָל אויסגעוואַקסן, אַנדערש געוואָרן, און קיין חידוש ניט וואָס דווידקע האָט אים ניט דערקענט.

פאַר משהלען האָט די מאַמע אויפגעשטעלט אַ בעט אין דווידקעס צימער. משהלע, אַן אויסגעמאַטערטער און אַ ניט־דערשלאָפענער פון פאַריקער נאַכט, איז באַלד איינגעשלאָפן, אָבער דווידקע איז לאַנג געלעגן אין זיין בעט, האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און ניט געקענט איינשלאָפן. ער האָט זיך צוגעהערט ווי אין דרויסן וואָיעט דער ווינט, קלאָגט, דוכט זיך אים, אַזוי ביטערלעך, און דער צער פון דעם ווינט רופט זיך אָפּ מיט צער אויך אין זיין אייגענעם האַרץ. מיט אַ געפיל פון טיפן מיטלייד האָט ער זיך פאַרטראַכט וועגן דעם אַלץ וואָס משהלע האָט אים דערציילט וועגן זיינע איבערלעבע־נישן. און משהלעס איבערלעבונגען און דער געיאָמער פונעם ווינט אין דרויסן האָט זיך אין זיין פאַרשטעלונג אויסגעמישט ווי ס׳וואָלט געווען איין זאַך. עס דוכט זיך אים אַז ערגעץ ווו איז פאַרהוילן אַ טיפער צער פון דער גאַנצער וועלט, אַ צער, וואָס איז אַלע מאָל פאַראַיעט, אָבער וואָס אָפּט מאָל קען די וועלט אים מער ניט איינהאַלטן, און זי צעקלאָגט זיך, צעוויינט זיך און לאָזט אים אַרויס דורך דעם געיאָמער פון דעם קאַלטן, פאַרפרוירענעם שנייִקן ווינט... אוי, משהלע איז ניט קיין יחיד. ער איז ניט מער ווי איין קליין רינגל אין אַ לאַנגער אומענדלעכער קייט וואָס רינגלט אַרום די גאַנצע וועלט, און יעדער ברעקל פון דער וועלט איז ניט מער ווי אַ באַזונדער רינגל אין דער דאָזיקער קייט.

און דער טיפסטער צער אויף דער וועלט קומט דורך דעם טויט, וואָס הענגט איבער יעדנס גורל. דער טויט... און אפשר איז ער גאָר ניט אַזוי שרעקלעך, ווי ער איז מאָדנע און ניט פאַרשטענדלעך. וואָס איז עס אַזוינס? אָט גייט אַרום אַ מענטש איבער דער וועלט, איז לעבעדיק, אַ מאָל האָט ער פרייד און אַ מאָל זאָרג, ער האָוועט און שמאַיעט און איז פאַרטאָן אין אַלערליי מלאכות, און אַפילו ווען ער איז פרום און דינט דעם רבש״ע בלב ונפש, קומט אָבער די באַשערטע שעה און — אויס!... מער ניט קיין פרייד, קיין

צער, קיין מלאכה, קיין עבודת הבורא אַפילו ניט — טויט... אָט אַזוי משהלעס מאַמע, דערנאָך זיין טאַטע, אַזוי דאָבע, אַזוי אַלע... מיט דער צייט אויך ער, דווידקע. מיט דער צייט... ווען — מיט דער צייט?

אוי, סאַראַ מאָדנע, מאָדנע, טרויעריקע וועלט!

אין דרויסן הערט ניט אויף צו וואָיען דער ווינט, דריקט אויס דעם צער פון דער וועלט, און אין שטוב טרויערט דווידקעס האַרץ און קלאָגט אויך אויף דעם זעלביקן צער. און משהלע שלאָפט, פון דעסטוועגן, ווי טיף איז אויך זיין צער! דאָס אַלץ איז, אָבער, בלויז דער טרויער פון די לעבעדיקע. און די טויטע? האָבן זיי מער קיין צער ניט? געוויס ליידן די רשעים די יסורים פון גיהנום, אָבער די צדיקים — פאַר וואָס הערט מען זייער שטימע אויך ניט?

מיטן טויט טוט זיך אָפּ די נשמה פונעם גוף און שוועבט אַוועק אין הימל. איז עס דערפאַר וואָס דער הימל איז אַזוי ווייט פון דער ערד, קען זיך פון דאָרט ניט דערטראָגן דאָס קול פון דער נשמה? אָבער אין די הימלען זיינען דאָך דאָ גרויסע צדיקים, וואָס זייער קול וואָלט זיך אַוודאי געקענט פאַנאַנדערטראָגן פון איין עק וועלט ביזן צווייטן — פאַר וואָס הערט זיך ניט אַפילו זייער שטימע? פאַר וואָס שווייגן די אָבות, משה רבנו, אַהרון, שמואל הנביא, דוד המלך, שלמה המלך, די תנאים, אליהו הנביא? האָבן זיי שוין אַלץ אָפּגעזאָגט צו דער וועלט און צו זייערע קינדער אויף דער וועלט, אַז זיי האָבן שוין מער גאָרנישט וואָס צו זאָגן? און די ניי אָנגעקומענע נשמות, אויב זייער קול איז צו שוואַך צו דערטראָגן זיך צו דער ערד, קענען זיי דען ניט צושיקן קיין בשורה צו זייערע נאָענטע וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט אויף דער ערד, אַ טרייסטוואָרט כאָטש? די אַלע גרויסע נשמות וואָס זיינען אין הימל, זיינען דאָך די נשמות פון גרויסע צדיקים, און דער עיקר צדיקות פון אַ צדיק איז דאָך זיין גוטסקייט, — וואָלטן זיי דען ניט צוגעטראָגן קיין בשורות צו דער ערד? און די טויטע הערן דאָך ווען מע טענהט צו זיי, — מחמת אויב ניט, וואָלט מען דאָך ניט געגאַנגען אויף קבר אָבות, — טאָ פאַר וואָס ענטפערן זיי ניט, ווען מע טענהט צו זיי? און די פאַרשטאָרבענע דאַרפן דאָך פאָרט אָנקומען צו די פאַרבליבענע לעבעדיקע, אַז זיי זאָלן נאָך זיי זאָגן קדיש, צינדן ליכט צו זייערע יאָרצייטן, זיי דערהייבן צו הויכע הימלישע פּאַלאַצן, — איז פאַר וואָס שווייגן זיי?

באַטראַכטנדיק דעם ענין אַ ביסל מער, קומט דווידקע צו דער השערה, אַז דער טויט איז ניט אַזוי שלעכט פאַר דעם וואָס שטאַרבט, ווי פאַר דעם וואָס בלייבט איבער צו לעבן אויף דער וועלט. און די מורא פאַרן טויט איז נאָר דערפאַר, וואָס קיינער ווייסט ניט וווּהין ס'וועט גיין זיין נשמה — אין גן־עדן אָדער, חלילה, אין גיהנום. עס קלאָגט דאָך ניט דער מת, נייערט דער וואָס בלייבט איבער ביים לעבן. משהלעס מאַמע, ווען זי איז געשטאָרבן, איז זי אַוועק אין הימל, און דאָ האָט משהלע נאָך איר געזאָגט קדיש, כּדי צו דערהייבן זי אין הימל אַלץ העכער און העכער. זי אַליין האָט מער ניט קיין יסורים — זי איז דאָך אין גן־עדן און איר איז ווויל און גוט. שלעכט געוואָרן איז נאָר משהלען, אים און ניט איר. דאָס האָט ער דאָך געדאַרפט לעבן מיט אַ שטיפמאַמען. דאָס זעלביקע אויך מיט משהלעס טאַטן.

איז פאַר וואָס האָט מען מורא פאַרן טויט?

און דווידקע פאַרענטפערט באַלד אויך אָט די קשיה: צדיקים, אמתע צדיקים האָבן טאַקע קיין מורא ניט פאַרן טויט. פאַרקערט, זיי זיינען אים מקבל באהבה. מורא פאַרן טויט האָבן נאָר רשעים און ספק־צדיקים, וואָס ווייסן ניט צי זיי איז נאָכן טויט באַשערט גן־עדן אָדער, אַל תפתח פה לשׂטן, גיהנום. וואָרעם אַ שטרענגער און אַ קנאי איז דער האַר פון דער וועלט. עטוואָס אַראָפּגעגליטשט זיך פונעם ריכטיקן וועג, און מע איז שוין אַ זינ־דיקער און ס'קומט שוין אַ שטראָף. זיך טועה געווען און איבערגעהופּט איין פּסוק אין דאַווענען, און שוין איז פאַרשריבן אַן עבירה, שוין איז מען אַ רשע און מע מוז אָפּקומען. משה רבינו האָט געהאַט בלויז צוויי עבירות, — און איז דערפאַר געשטאָרבן... אַ מאָל ווייסט מען אַליין ניט אַז מע האָט געזינ־דיקט, און דאָך איז די שטראָף שוין גרייט. מאָדנע, אַ האַרבע קשיה: פאַר וואָס איז דאָס אַזוי?

און אָפּט מאָל ווערן אַפילו אומשולדיקע פאַרמישפּט. אָט — משהלע. ער איז דאָך אַזוי יונג געווען ווען זיין מאַמע איז פון אים צוגענומען געוואָרן, נאָך גאָר אַ תּינוק געווען, איז פאַר וואָס איז ער באַשטראָפט געוואָרן און אָן קיין שום דערבאַרעמונג? פאַר וואָס איז אים געקומט צו בלייבן אָן אַ מאַמען? פאַר וואָס?

ספקות... פאַלן זיי אַריין אין אַ קינדעריש האַרץ, רופן זיי זיך אָפּ מיט נאָך פיינלעכערן ווייטיק איידער ביי אַ דערוואַקסענעם. און ווידער האָט

דווידקע דערפילט אַז עפּעס איז ניט גלאַטיק אין דעם סדר פון דער וועלט, אַז עפּעס איז ניט אַזוי די וועלט ווי מע שטעלט זי פאַר און ווי זי וואָלט באַדאַרפט זיין. און ס׳פאַרקלעמט זיין האַרץ, און ער שטאַרט מיט זיינע נייגעריקע אויגן אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט, און ס׳ווילט זיך אים זען און ער זעט ניט...

דערמאָנט ער זיך ווי פאַר אַ יאָרן ווינטער איז געשטאָרבן די שוועסטער פון זיין חבר יאָסעלע. דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל וואָס ער האָט געזען ווי מע שטאַרבט.

זי איז געווען נאָך גאַר אַ קליין מיידעלע, כמעט אַן עופעלע און, ניט דאַ געדאַכט, אַ קאַליקע און אַ פאַרזעעניש. זי האָט אַפילו ניט געקענט שטיין און זיצן, און רעדן — אַוודאי ניט. דבורהלע איז געווען איר נאָמען. איז זי שטענדיק געלעגן אויף איין אָרט, שטום און אומגעלומפערט געקוקט מיט תמעוואַטע אויגן אין דער וועלט אַריין.

איין מאָל האָט דווידקע מכוח איר צערעדט זיך מיט יאָסעלען:

„ווי אַלט איז דבורהלע?״ האָט ער ביי אים געפרעגט.

„איך ווייס ניט,״ האָט יאָסל געענטפערט.

„גייט זי קיין מאָל ניט אַרום? קיין מאָל ניט?״

„ניין.״

„פאַר וואָס?״

„איך ווייס ניט.״

„און רעדן רעדט זי אויך קיין מאָל ניט?״

„ניין.״

„און וויינען?״

„אויך ניט.״

„וואָס איז זי, אַ שטומע?״

„הפנים.״

„און ווי בעט זי עסן?״

„זי בעט ניט.״

„און אַז זי איז הונגעריק?״

„זי איז קיין מאָל ניט הונגעריק. אַז די מאַמע גיט איר, עסט זי, און אַז ניט, עסט זי ניט.״

„און זי בעט גאָר קיין מאָל ניט עסן?"

„קיין מאָל ניט."

„דו ווייסט," האָט יאָסעלע באַלד שטיל און געהיימנישפול אָנגעהייבן דערציילן, ווי ער וואָלט פאַר דווידקען אַנטפּלעקט אַ גרויסן סוד, „דו ווייסט, דבורהלע וועט באַלד שטאַרבן. זי מוז שטאַרבן. אַזוי האָט די מאַמע געזאָגט. די מאַמע האָט איין מאָל דערציילט, אַז אַ מאָל איז ביי איר אויך געווען אַזאַ ייִנגעלע. איז ער געשטאָרבן נאָך איידער איך בין געבוירן געוואָרן. נתן האָט ער געהייסן. האָט ער אויך ניט געקענט אַרומגיין און ניט רעדן. און ווען ער איז אַלט געוואָרן פינף יאָר איז ער געשטאָרבן. די מאַמע זאָגט אַז דאָס איז שוין איר ביטערער מזל אַזוי. נאָר גאָט צו דאַנקען, זאָגט זי, וואָס איך, און כאַניע, און כעשע, און מאַריאַשע האָבן זיך אַזוי ניט איינגעגעבן... נו, און דבורהקע וועט אויך שטאַרבן צו פינף יאָר... האָסט אַ מאָל געזען אירע פיסעלעך?"

„ניין," האָט דווידקע געענטפערט.

„טאַקע ניט?" האָט זיך דווידקע פאַרוווּנדערט, „קום, וועל איך דיר ווייזן. מאָדנע פיסעלעך האָט זי — קרומע, אַזעלכע דינינקע, ווי שטרויעלעך, און זי קען זיי ניט אַ ריר טאָן."

אָבער דווידקע איז ניט געגאַנגען אַ קוק געבן אויף אירע פיס. ער האָט עפּעס ווי מורא געהאַט דאָס צו טאָן הגם יאָסעלע האָט אים פאַרזיכערט אַז ס'איז גאָר ניטאָ וואָס מורא צו האָבן, ווייל דבורהלע איז נאָך ערגער פון אַ תּם און זי פאַרשטייט גאָרניט.

און יאָסעלעס רייד זיינען טאַקע מקוים געוואָרן: דבורהלע איז טאַקע באַלד געשטאָרבן. געשען איז עס אין אַ שפּעטערדיקן ווינטערדיקן שבת נאָך מיטאָג. דווידקע איז דאַן ווידער געווען ביי יאָסעלען און מיט אים געשפּילט אין משהס — צו טרעפן אין חומש ווו ס'ענדיקט זיך די סדרה. דבורהלע איז ווי אַלע מאָל געלעגן אין איר וויגל. דווידקע איז געווען דער ערשטער צו באַמערקן אַז איר פּנים האָט זיך עפּעס מאָדנע געענדערט. אירע אויגן האָבן זיך פאַרגלאָנצט, איר מויל האָט זיך פאַרקרימט און שוים האָט זיך באַוויזן אויף אירע ליפּן. דווידקע האָט זיך איבערגעשראָקן:

„גיב אַ קוק," האָט ער אויסגערופן צו יאָסעלען, „גיב אַ קוק אויף דבורהלען!"

יאָסעלע האָט אַ קוק געטאָן, אָבער אים האָט עס ניט געאַרט.

„ס'איז גאַרניט," האָט ער געזאָגט. „זי טוט אָפּט אַזוי און ס'גייט איר איבער. די מאַמע זאָגט, אַז דאָס זיינען ,ווערעם'. איר קריכן אונטער ווערעם אונטערן האַרץ..."

זיי האָבן ממשיך געווען זייער שפּיל. דאָס מאָל איז דווידקע געווען דער געווינער. ער האָט יעדער מאָל געטראָפן ניט נאָר די סדרהס נאָר אויך די „חזקס." אויף דבורהלען האָט ער זיך מער ניט אַרומגעקוקט. אָבער פּלוצעם האָט ער דערהערט אַ דערשראָקענעם אויסגעשריי פון יאָסעלעס מאַמען:

„דבורהלע! וואָס איז מיט דיר?..."

און דווידקע האָט געזען ווי דבורהלעס מאַמע שטייט איבער דער וויג און טרייסלט דבורהלען, אָבער דבורהלע גיט זיך ניט קיין ריר. האָט די מאַמע מיט שרעק אָנגעהויבן רופן:

„זלמן דוד! זלמן דוד! קום אַהער! זלמן דוד, זע נאָר וואָס איז מיטן קינד! אוי, ווי איז מיר ניט... דבורהלע..."

זלמן דוד, יאָסעלעס טאַטע, וואָס האָט ווי געוויינלעך, זיך צוגעלייגט שלאָפן שבת נאָכן טשאָלנט, איז אין איילעניש באַלד צוגעקומען, און געווען איז ער באָרוועס, פאַרשלאָפן, און איבערגעשראָקן.

„וואָס?... וואָס איז געשען?..." האָט ער אויסגערופן און איז גלייך צוגעקומען צו דבורהלעס וויג, אַ קוק געטאָן אויף איר און זי גלייך אויפגעהויבן. דווידקע האָט ווידער דערזען איר פּנים. איר קאָפּ איז אַראָפּגעהאַנגען, זיך ניט געהאַלטן אויף אירע אַקסלען, און אַזוי אויך אירע הענט און פיס. ערשט איצט האָט דווידקע באַמערקט אירע פיס: דינינקע, בלויע, קרומע. ער איז פאַרציטערט געוואָרן, זיך גענומען צורוקן צו דער טיר — צו אַנטלויפן פון יאָסעלעס הויז.

אָבער באַלד האָט דווידקע געזען ווי זלמן דוד האָט דאָס קינד צוריק אַראָפּגעלאָזט אין איר וויגל און געזאָגט: „געשטאָרבן... ברוך דיין אמת..."

אין שטוב האָט זיך אָנגעהויבן אַ געיאָמער. יאָסעלעס מאַמע איז אַנידערגעפאַלן אויף אַ באַנק און זיך צעוויינט אויף אַ קול. יאָסעלע האָט, קענטיק, זיך איבערגעשראָקן און זיך אויך צעוויינט. אין שטוב זיינען אַריינגעקומען יאָסעלעס ברידער און שוועסטער, און אויך זיי האָבן זיך צעוויינט. ניט געוויינט האָט בלויז יאָסעלעס טאַטע. פאַרקערט, ער האָט אַ פּאַטש געטאָן

מיט דער האַנט אין טיש און אויסגערופן: „שאַ! שטיל! ניט געוויינט! שבת! מ׳טאָר ניט!...”

און איצט, ווען אים שלאָפט זיך ניט און ער הערט ווי ס׳וויינט דער ווינט אין דרויסן, האָט זיך דווידקע דערמאָנט ווי דבורהלע איז געשטאָרבן און ס׳האָט זיך אים פאַרגעשטעלט, אַז משהלעס טאַטע־מאַמע און אויך דאָבע זיינען אַזוי געשטאָרבן. געלעגן און געלעגן אויפן בעט, פּלוצעם פאַרגלאָצט די אויגן, פאַרקרימט דאָס פּנים, אַרויסגעלאָזט שוים אויף די ליפּן און — אויס, אַרויסגעאָטעמט די נשמה צום רבונו של עולם...

און דווידקע באַטראַכט זיך אַז דער אמתער האַר פון דער וועלט איז גאָר דער טויט. אַלע זיינען אים אונטערגעוואָרפן, האָבן פּחד פאַר אים, און ער — זיצט זיך אויפן כּיסא המלוכה און ווינקט מיט די אויגן — דאָס צו איינעם און דאָס צו אַן אַנדערן, און צו וועמען ער ווינקט נאָר, פאָלגט אים און ווערט נעלם, גייט אַוועק און קומט קיין מאָל ניט צוריק, און לאָזט איבער נאָך זיך יסורים, יסורים אויף יסורים, יסורים פון ברואים, וואָס דער מלאך־המוות וועט אויך זיי, פריִער אָדער שפּעטער, דערמאָנען, אויך צו זיי אָנווינקען און אויך זיי וועלן מוזן נעלם ווערן אויף יענעם סודותדיקן וועג, און אויך זיי וועלן נאָך זיך איבערלאָזן יסורים. און אַזוי וועט זיך עס ציִען און ציִען ביז... ביז משיח וועט קומען? נו, און דערנאָכדעם?...

און אַ געדאַנק קומט צו אים: ער אַליין וועט דאָך מיט דער צייט מוזן שטאַרבן. ווי וועט עס זיין? ער שטויסט אָפּ פון זיך דעם געדאַנק צו טראַכטן וועגן זיין אייגענער גסיסה. ער באַנוצט אַלע זיינע כּוחות הדימיון צו אָפּ־שטויסן פון זיין געדאַנק ווי אַזוי דאָס וועט קענען פאַרקומען. ער שטרענגט בעסער אָן זיין געדאַנק מיט אַ פאַרשטעלונג וואָס מיט אים וועט געשען נאָך זיין טויט. ער באַקומט פליגלען און קען פליִען ווי אַ מלאך. ער פליט ווו נאָר ער וויל, און אים איז גוט! ער פליט אַרום איבער אַלע עקן וועלט, קען אַלץ זען. אָט איז ער איבערן טייך סמבטיון און קוקט זיך איין ווי ס׳לעבן דאָרט די רויטע ייִדעלעך. אָט פליט ער ווייטער און געפינט די פאַרשוווּנדענע עשׂרת השבטים. ער זעט אַלץ און אַלעמען, אָבער אים זעט קיינער ניט. און אָט פירט ער אַ שמועס מיט די מלאכים. זיי גיבן אים אַ תּירוץ אויף אַלע סודות פון דער וועלט.

דערביי דערמאָנט זיך דווידקע דאָס נייע ליד וואָס מע האָט געזונגען ביי

זיי אין הויז דעם לעצטן שׂמחת תּורה, ווי יעדן שׂמחת תּורה, זיינען אויך דאָס מאָל די באַלעבאַטים פון קאָמאַרינקע געקומען צו זיי אויף כּיבוד. ברוך עליע דער חזן איז די ערשטע טעג סוכּות געווען אין דער גובערניע און האָט זיך דאָרט אויסגעלערנט דאָס ליד. דער עולם האָט געמאַכט „לחיים״ און דערנאָך האָבן זיי אַלע אין איינעם געזונגען דאָס ליד:

„רביניו, וואָס וועט זיין ווען משיח וועט קומען?״
„וועלן מיר מאַכן אַ סעודהניו...״

דווידקע געדענקט דאָס גאַנצע ליד, סיי די ווערטער און סיי דעם ניגון. ס׳איז אים זייער געפעלן געוואָרן. אַזעלכע שיינע ווערטער און אַזאַ האַרציקער ניגון! און פון דעם ליד דרינגט ער וואָס עס טוט זיך אויף יענער וועלט. אמת, דאָס ליד דערציילט ניט וועגן יענער וועלט, נאָר וועגן משיחס צייטן, אָבער דווידקע ווייסט באַשטימט, אַז אויף יענער וועלט איז אויך אַזוי ווי עס זאָגט זיך אינעם ליד: אויף דער „סעודהניו״ וועט מען דעם לוויתן עסן, דעם יין המשומר טרינקען, באַדינען וועלן די אָבות, משה רבינו וועט תּורה זאָגן, אַהרון וועט בענטשן, מרים וועט טאַנצן, דוד המלך וועט דער קלעזמער זיין און שלמה המלך וועט חכמה זאָגן...

אוי, צו אַזאַ סעודה וואָלט ער אויך געוואָלט קומען. ער וואָלט געוואָלט פאַרזוכן פון די מאכלים, זען ווי מרים טאַנצט, הערן ווי דוד המלך שפּילט אויף זיין פידל און איבערנעמען תּורה פון משהס מויל.

אָט זיינען משהלעס טאַטע־מאַמע שוין דאָרט און געניסן פון דעם אַלע־מען. וואָלט ער אויך געוואָלט זיין מיט זיי? וואָלט ער דאָך צו ערשט געדאַרפט שטאַרבן. שטאַרבן? ניין, דאָס ניט!...

און ער פאַרטרייבט פון זיך אָט דעם געדאַנק און ער הייבט אָן טראַכטן, אַז ס׳קען געמאָלט זיין, אַז דאָרט, אין גן־עדן, איז בלויז משהלעס מאַמע און ניט זיין טאַטע. אפשר איז משהלעס מאַמע, וואָס איז פריִער אָנגעקומען אויף יענער וועלט, אין כּעס אויפן טאַטן הלמאי ער האָט פאַר משהלען אַריינגע־קראָגן אַ שטיפמאַמע, וואָס איז אַ מרשעת, וואָס האָט משהלען געמאַטערט און דערפאַר האָט זי אים ניט צוגעלאָזט אין גן־עדן. ס׳קען זיין...

און ביי דווידקען שטעלט זיך די קשיה: פאַר וואָס איז עפּעס בלויז משהלעס טאַטע געשטאָרבן און פאַר וואָס האָט ער משהלען איבערגעלאָזט

אויף הפקר און אים ניט מיטגענומען מיט זיך אויף יענער וועלט? און זיין מאַמע — ווי באַלד זי האָט פון יענער וועלט געזען, אַז איר משהלען איז דאָ ביטער און שלעכט, פאַר וואָס האָט זי ניט געפועלט ביי גאָט אַז ער זאָל איר צושיקן איר זון, ער זאָל ניט דאַרפן אויסשטיין זיך די יסורים פון זיין שטיפמאַמען און דערנאָך פון בייניש דעם שוסטער און פון יאַניע דעם בעטלער?

שרעקעדיקע געדאַנקען, שרעקעדיקע פאָרשטעלונגען. ער וויל זיי פאַרטרייבן. האָט ער זיך אויפגעזעצט אויפן בעט און אַרויסגעקוקט אין דרויסן. די זאַווערוכע האָט זיך איינגעשטילט, די וואָלקנס פון איבערן הימל זיינען צערונען געוואָרן און אַנשטאָט זיי שווימט אונטערן הימל די פולע לבנה. און ליכטיק איז אין דרויסן, דער שניי גלאַנצט און פינקלט, און דאָרט באַרג־אַרויף אויף יענער זייט טייך, איז דער שניי גלאַט ווי אַ שפיגל און זילבער־גלאַנציק. און נאָך ווייטער, נעענטער צום האָריזאָנט, גייט אַלץ אַריבער אין אַ וווּנדערלעכער שיינער בלויקייט.

פלוצעם האָט זיך ביי אים צעקלונגען אין די אויערן, צעקלונגען אַזוי ווי דאָס געשעט אָפט ביי אים ווען ער איז איינער אַליין און ס׳איז שטיל אַרום אים. ער האָט זיך איינגעהערט צו דעם געקלאַנג און ניט פאַרשטאַנען פון וואַנען עס קומט. אָט דוכט זיך אים אַז ס׳קלינגט באמת ביי אים אין די אויערן, און באַלד שטעלט זיך אים פאָר אַז דאָס קלינגט בלויז אין דרויסן פון אים, ערגעץ אין דער ווייט, דאָרט אויפן פינקלענדיקן שניי, וואָס ווען ס׳פאַלן אויף אים די לבנה־שטראַלן, איז עס אַ דינער געקלאַנג ווי פון גלעקעלעך און אָט די נגינה פינקלט זיך אָפּ ביי אים אין די אויערן: דער פינקל פון שניי רופט זיך אָפּ מיט אַ געקלאַנג אין זיין געהער...

און צוהערנדיק זיך צום געקלאַנג, פילט ער ווי עס פאַרמאַכן זיך זיינע אויגן און זיין קאָפּ ווערט אים שווער. האָט ער זיך צוריק אַנידערגעלייגט אין בעט, זיך איבערגעדעקט און איז איינגעשלאָפן.

# קאַפּיטל 10

און אין יענער נאַכט האָט זיך אים געחלומט:

ער איז נאָך גאָר אַ קליין יינגעלע און זיין טאַטע דאַרף אים היינט אַריינ־געבן אין חדר. ס'איז פרי און ער שלאָפט נאָך. די מאַמע וועקט אים:

„שטיי אויף, דווידקע," זאָגט זי, „היינט וועסטו שוין גיין אין חדר."

און ביי אים פאַרמאַכן זיך די אויגן. ס'ווילט זיך אים נאָך שלאָפן און ס'ווילט זיך אים ניט גיין אין חדר. אָבער דאָ קומט שוין דער טאַטע פון שול און ער באַדאַרף פאַרט אויפשטיין. האָט די מאַמע שטרענג, אָבער מיט ליב־שאַפט, אים אויפגעהויבן פון בעט און אים אָנגעהויבן קושן. „דווידקע," האָט זי געזאָגט, „היינט וועט דיך דער טאַטע אַריינגעבן אין חדר צו ר' בייניש דעם מלמד. גאָט זאָל דיך בענטשן, מיין קינד, אַז דו זאָלסט גוט לערנען און זאָלסט ווערן אַ גרויסער למדן, ווי דיין זיידע, עליו השלום, וואָס דו ביסט נאָך אים אַ נאָמען און דיר זאָל זיין צו לאַנגע יאָר. אויף דיין זיידן, מיין טאַטן, דעם קאַמאַרינקער רב, האָבן אַלע געזאָגט אַז ער איז געווען גאָר אַ גרויסער למדן, אַ מופלג. אַפילו רבנים פלעגן קומען צו אים, האַלטן זיך עצות מיט אים און פרעגן ביי אים האַרבע שאלות. און ווען דו וועסט גוט לערנען, מיין קינד, וועסטו אויך אַזוי זיין. זיין זכות וועט דיר ביישטיין..."

„וואָס איז ער געווען — אַ נביא?" האָט זיך דווידקע נאָכגעפרעגט.

„אַ נביא גאָר? וואָס עפּעס אַ נביא?" האָט זיך די מאַמע פאַרוווּנדערט נאָכגעפרעגט.

און ער האָט געוואָלט דערציילן זיין מאַמען זיין חלום, אַז גאָט וועט אים מאַכן פאַר אַ נביא, אָבער דערווייל האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דער חלום האָט זיך אים שפּעטער געחלומט, ווען ער איז שוין אַ לאַנגע צייט געגאַנגען אין חדר, און איצט איז ער דאָך נאָך אַ קליין יינגעלע, און ער דאַרף ערשט צום ערשטן מאָל אַריין אין חדר...

האָט ער זיך צוגעטוליעט צו דער מאַמען, ווי ס'טוט אַ קליין קינד, פאַרשטיקט פאַר זיך זיין סוד, און ס'איז אים מאָדנע געוואָרן וואָס ער ווייסט שוין דעם חלום, וואָס האָט זיך אים געחלומט ערשט מיט יאָרן שפּעטער...

געפילט האָט ער זיך זייער גוט ווען די מאַמע האָט אים געהאַלטן אויף

די הענט, און דער מאַמעס אויסזען איז היינט יום־טובדיק און איר פּנים איז באַשיינט מיט פרייד.

דערווייל איז דער טאַטע געקומען פון שול. אויך זיין פּנים איז ניט אַזוי פאַרדאגהט ווי געוויינלעך. ער איז צו אים צוגעקומען, אים אָנגענומען פאַרן בעקעלע, אים אָנגעקוקט אַזוי מילד, אים באַטראַכט און געפרעגט: „ווילסטו, דווידקע, גיין אין חדר?"

דווידקע איז מטושטש געוואָרן און ניט געענטפערט. ער איז גאָר ניט געוווינט אַז דער טאַטע זאָל צו אים ריידן אַזוי צאַרט און מיט ליבשאַפט. ער איז בכלל ניט געוווינט אַז דער טאַטע זאָל מיט אים ריידן — ער איז שטענדיק פאַרטראָגן אין אַנדערע דאגות.

„פאַר וואָס ענטפערסטו ניט?" האָט אים דער טאַטע ווידער געפרעגט. „זאָג, דו ווילסט אָדער ניט?"

געוויס וויל ער ניט גיין אין חדר. עס שרעקט אים צו גיין אין חדר. אָבער צו זאָגן „ניין" האָט ער נאָך מער מורא. „יאָ", האָט ער דעריבער קוים אויסגעשטאַמלט.

„און דו וועסט דאָרט גוט לערנען?" האָט אים דער טאַטע ווידער געפרעגט.

„יאָ."

און דענסטמאָל האָט דער טאַטע גענומען זיין טלית, אים אין דעם איינגעוויקלט, האָט אויסגעשטרעקט די הענט, זיי אַרויפגעלייגט אויף זיין קאָפּ און אָנגעהויבן זאָגן עפּעס אין דער שטיל. וואָס דער טאַטע האָט געזאָגט האָט ער ניט געהערט, אָבער פאַרשטאַנען האָט ער אַז דאָס בענטשט ער אים. אויך די מאַמע איז צו אים צוגעקומען און עפּעס געלייענט פון אַ תחינה און טרערן האָבן זיך איר געקייקלט פון די אויגן, אָבער געוויינט האָט זי ניט, מחמת איר פּנים האָט געשטראַלט און איז געווען פריילעך. שפּעטער האָט זי אים גענומען קושן און אויך דער טאַטע האָט אים אַ קוש געטאָן.

„זון מיינער," האָט אים דער טאַטע געזאָגט, „זע, איך נעם דיך איצט אין חדר. לערן דאָרט מיט התמדה, וועסטו קענען ווערן אַ גרויסער למדן, אַזוי ווי דיין זיידע, רב דווידל, עליו השלום, און דיר צו לאַנגע יאָר, אָמן".

צו דעם אַז די מאַמע זאָל אים קושן איז ער שוין געוווינט, אָבער אַז דער טאַטע זאָל אים קושן, דאָס געשעט צום ערשטן מאָל. איז ער ווי פאַרשעמט

געוואָרן. אַחוץ דעם האָט דער גאַנצער יום־טובדיקער אויפפיר אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, און ער איז ווי פאַרשעמט געוואָרן, זיך אָנגע־כאַפּט אָן דער מאַמען, זיך אָן איר איינגעהילט און אָנגעהויבן וויינען. מחמת וואָס ער האָט געוויינט האָט ער אַליין ניט געוווּסט, אָבער אַלץ אַרום אים איז דאָך געווען אַזוי משונהדיק, אַז דאָס וואָס ער דאַרף גיין אין חדר איז פאַר אים געוואָרן אַ שרעק.

„וואָס איז, דווידקע,” האָט ער געהערט ווי ס׳זאָגט אים דער טאַטע, „ווילסטו דען ניט גיין אין חדר? ווילסטו דען ניט לערנען? עה, דאָס האָב איך זיך אויף דיר גאָר ניט געריכט... קום, לאָמיר גיין!”

און דערפילט האָט ער ווי דער טאַטע נעמט אים צו פון דער מאַמעס שויס. פאַרקלעמט האָט אים נאָך מער דאָס האַרץ, אָבער געוועינט האָט ער זיך ניט; צו ווערן זיך קעגן טאַטן האָט ער מורא; ער האָט זיך געלאָזט נעמען, אָבער ניט צוליב ווערן זיך, נאָר גלאַט אַזוי האָט ער זיך אָנגעהאַלטן אָן דער מאַמעס קליידל, ווי ער וואָלט געוואָלט אַז זי זאָל אויך מיטגיין מיט אים אין חדר, אַז זי זאָל אים ניט איבערלאָזן אַליין מיטן טאַטן — מיטן טאַטן אין אומבאַקאַנטן חדר פאַר וועלכן ער האָט מורא. און ער האָט געהערט ווי דער טאַטע זאָגט אים:

„שאַ, וויין ניט, דווידקע! מע טאָר ניט וויינען. ס׳איז ניט שיין אַז מע וויינט. ביסט דאָך איצט שוין אַ חדר־יינגל. אַלע חברים וועלן לאַכן פון דיר... פע!”

און דווידקע האָט זיך באמת פאַרשעמט: אַז מע זאָל מיינען אַז ער וויל ניט גיין אין חדר, דאָס קען ער ניט צולאָזן. ניין, ניט דערפאַר וויינט ער, נאָר גלאַט אַזוי. ער ווייסט אַליין ניט פאַר וואָס.

ער האָט זיך אויף דער שנעל אָפּגעריסן פון דער מאַמען און האָט זיך געלאָזט נעמען פונעם טאַטן, וועלכער האָט אים גלייך איינגעוויקלט אין טלית, אים אַ קוש געטאָן אין שטערן, און דערפילט האָט ער די אומאָנגענעמקייט פון דעם טאַטנס שטעכיקע וואָנצעס און דעם שאַרפן טאַבאַק־גערוך פון זיין אָטעם, אָבער ער האָט עס פאַרשוויגן. אויך די מאַמע האָט אים נאָך אַ מאָל אַרומגענומען און אים געקושט.

„אין אַ גליקלעכער, מזלדיקער שעה, רבונו של עולם,” האָט זי דערביי געמורמלט און אים ווידער געקושט.

דער חדר איז געווען אין דער קליינער שול פון קאַמאַרינקע און דווידקע האָט דאָס אָרט געקענט פון נאָך פריִער. די איבעריקע חדר־יִינגלעך זיינען שוין דאָרט געווען, געזעסן שטיל ביים לאַנגן טיש, זייערע פנימער ערנסט און פאַרזאָרגט און האָבן באַטראַכט דווידקען מיט ווונדער. דער רבי איז געזעסן ביים טיש אויבן אָן און באַגעגנט זיין נייעם תּלמיד מיט אַ ברייטן „ברוך הבא" צו ר' יחזקאל:

„זאָל זיין מיט מזל און מיט גליק! זאָל אייער היינטיקע שׂמחה, רב יחזקאל, פאַרציִען זיך אויף דור־דורות, איר זאָלט זוכה זיין אים מגדל צו זיין לחופּה ולמעשׂים טובים און דערהאַרן זען פון אים אַ דור שילוש און ריבעה פון לומדים און כּשרע יידן!"

„אָמן," האָט רב יחזקאל געענטפערט. „הלוואי זאָל ער נאָר ניט פאַר־שעמען מיין טאַטן עליו השלום, וועט שוין אויך גוט זיין."

„אַפילו ווען ער וועט ניט פאַרשעמען זיין אייגענעם טאַטן און ניט נאָר זיין זיידן, עליו השלום, וועט ער אויך זיין אַ גדול בישׂראל," האָט דער רבי זיך אויסגעדריקט מיט חניפה.

דווידקע קען דעם רבין נאָך פון פריִער און ער האָט פאַר אים סיי אָפּשיי און סיי אַ ביסל מורא. אַ מאָדנער ייִד — אַ לאַנגער, אַ דאַרער, פאַר וואָס די קינדער רופן אים „גרוגרת דרבי טודרוס". זיין האַלדז איז תּמיד געבלויזט און עס זעט זיך אַרויס זיין מיט האָר געדיכט פאַרוואַקסענע ברוסט. דאָס געזיכט איז פאַרוואַקסן מיט אַ געדיכטער שוואַרצער צעקודלעוועטער באָרד, וואָס פאַרדעקט אין גאַנצן זיינע באַקן, ביז די אויגן און ביז דער נאָז. אויך זיינע ברעמען זיינען אַזעלכע דיקע און לאַנגע, און הענגען אַריבער די אויגן; זעט זיך עס אָן ווי אַ פּנים, וואָס איז דורכויס באָרד, מיט צוויי שפּאַלטן פאַר אויגן און אַ הויקערדיקע נאָז אונטער זיי. דער שטערן איז אָבער יאָ אַ הויכער און איז צעקאַרבט מיט טיפע קנייטשן, און זיין יאַרמלקע גרייכט ביז די אויערן און הענגט אַריבער פון ביידע זייטן.

דער רבי האָט אַוועקגעזעצט דווידקען לעבן זיך און פאַר אים פונאַנדער־געעפנט אַ ברעטל מיט אָן אַרויפגעקלעפּטן אלף־בית, וואָס איז, איבער אַ סך געברויך, שוין פאַרגעלט און פאַרפלעקט געוואָרן. דערביי האָט ער פון זיין אייבערשטער וועסטן־קעשענע אַרויסגענומען אַ טייטל און מיט דעם אָנגע־וויזן אויף אָן אות אינעם אַלף־בית און געזאָגט:

„זאָג, דאָס איז אַן אַלף!"

דווידקע האָט פאַרוואונדערט געקוקט און געשוויגן. ער האָט ניט פאַר־שטאַנען וואָס ער דאַרף איצט טאָן.

„נו, זאָג," האָט דער רבי צו אים גערעדט ווייך און אים אַ גלעט געטאָן איבער דער באַק, „דאָס איז אַן אַלף!"

דעם רביס קוק האָט דווידקען געשראָקן און ניט אַנגענעם איז געווען פאַר אים דער באַריר אויף דער באַק פון רבינס פינגער. ער האָט אָבער שוין פאַרשטאַנען וואָס דער רבי פאַרלאַנגט פון אים.

„דאָס איז אַ־יע־ף," האָט ער קוים אויסגעשטאַמלט.

„זאָג אַלף און ניט אַיעף," האָט אים דער רבי פאַרריכט.

„אַיעף," האָט דווידקע ווידער אויסגעשטאַמלט.

„אַלף, און ניט אַיעף," האָט אים דער רבי ווידער פאַרריכט, „אַ־לע־ף!"

„לאָזט אים אָפּ," האָט זיך רב יחזקאל אַריינגעמישט. „ער קען נאָך קיין למד ניט אַרויסרעדן ווי ס'באַדאַרף צו זיין. ס'מאַכט ניט אויס. ער וועט זיך מיט דער צייט אויסלערנען."

דער רבי האָט דעם טייטל אַריבערגעפירט אויף אַן אַנדער אות און געזאָגט: „זאָג בית"!

„זאָג בית," האָט דווידקע נאָכגעשטאַמלט.

די אַנדערע חדר־יינגלעך, וואָס זיינען דערביי געזעסן, האָבן זיך צעלאַכט, ר' יחזקאל האָט אַ שמייכל געטאָן און דעם רביס שטערן האָט זיך פאַר־קנייטשט. „דאַרפסט ניט איבערחזרן דאָס וואָרט זאָג. דאַרפס נאָר זאָגן בית. בית, און ניט מער. נו, זאָג!"

דווידקע האָט שוין פאַרשטאַנען. „בית," האָט ער געזאָגט.

און פלוצעם דערזעט ער ווי אויפן אלף־בית פאַלט אַראָפּ אַ זילבערנע מטבע און באַלד נאָך דעם פאַלן אַראָפּ צוקערקעס און אַ גרויסער שטיק לעקעך.

„אוי, זע נאָר!" האָט ער זיך ניט געקענט איינהאַלטן פון אויסרופן און זיך פאַרוואונדערט אַרומגעקוקט צו זען פון וואַנען דאָס קומט.

„נעם עס צו, דווידקע," האָט אים דער טאַטע געזאָגט מיט אַ שמייכל. „דאָס איז פאַר דיר. אפשר האָבן דאָס מלאכים פון הימל פאַר דיר אַראָפּ־געוואָרפן, דו זאָלסט קענען גוט לערנען..."

„מלאכים?" האָט זיך דווידקע פאַרוואונדערט, אָבער די מתּנות האָט ער צוגענומען, זיי אַריינגעלייגט צו זיך אין קעשענע און דעם לעקעך האָט ער גענומען עסן. דער טאַטע האָט דערביי אַרויסגענומען פון אַ בייטל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט, אַ פלאַש בראָנפן, צוויי גלעזלעך און שטיקער לעקעך. שטיקלעך פון דעם לעקעך האָט ער אויסגעטיילט צו די קינדער פונעם חדר און אָנגעגאָסן בראָנפן אין די צוויי גלעזלעך פאַר זיך און דעם רבין. „נו, איצט, רב ביינישׂ, וועלן מיר מאַכן אַ לחיים," האָט ער זיך געווענדט צום רבין.

דער רבי האָט גענומען דאָס גלעזל, פאַרמאַכט די אויגן, געמאַכט אַ ברכה, אַ זופּ געטאָן אַ ביסל, אַ שמאָטשקע געטאָן מיט די ליפּן און ערשט דאַן זיך געווענדט צום טאַטן: „לחיים, רב יחזקאל! גאָט זאָל געבן אַז אייער זון זאָל אויסוואַקסן אַ גדול בישׂראל און איר מיט אייער זיווג זאָלן פון אים קלייבן אַ סך נחת, לחיים!"

„אָמן!" האָט רב יחזקאל געענטפערט. „לחיים, לחיים טובים ולשלום."

דערנאָך האָט דער טאַטע אָפּגערופן דעם רבין אָן אַ זייט און צו אים לאַנג גערעדט. גערעדט האָט ער שטיל און דווידקע האָט ניט געקענט הערן וואָס ער זאָגט. ער האָט נאָר געהערט די עטלעכע ווערטער וואָס דער טאַטע האָט געזאָגט צום סוף: „זייער אַ שוואַך קינד..." און דווידקע האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס מיינט ער אים.

„האָט קיין פּחד ניט, רב יחזקאל!... אויף מיינע נאמנות..." האָט דער רבי געענטפערט.

„אַ גוטן טאָג, רב ביינישׂ," האָט דער טאַטע געזאָגט.

„אַ גוטן טאָג, אַ גוטן יאָר, רב יחזקאל!"

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דווידקע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף — ערשט ס'איז גאָר אַ חלום. נישט איצט — ס'איז דאָך גאָר אַ מאָל געווען, מיט יאָרן צוריק, ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל געגאַנגען אין חדר. איצט האָט אים דער מלאך פון חלומות די מעשׂה איבערדערציילט. אַ מאָדנע זאַך... ער האָט געעפנט די אויגן. דורכן פענצטער האָט די לבנה אַריינגעלויכטן אין צימער און ער האָט געקענט זען ווי, אַרומגערינגלט מיט שטערן, שווימט זי הויך אין הימל. לאַנג קוקן

אויף איר האָט אָבער דווידקע ניט געקענט. ער איז ווידער איינגעשלאָפן און זיך ווייטער געלאָזט באַהערשן פון מלאך פון חלומות:

ערגעץ דאָרט הינטער דער שטוב און אין קוימען וואָיעט און קרעכצט דער ווינט, ווי ער וואָלט זיך געבעטן אַז מ׳זאָל זיך איבער אים דערבאַרעמען און לאָזן אים איינהילן זיך, כאָטש ערגעץ ווו הינטערן פּלויט, אָפּצורוען אַ ביסל. אויך אים ווילט זיך געניסן פונעם עונג שבת, און ער וואָיעט עס אַזוי שטאַרק פאַר דעם חילול שבת וואָס ער באַגייט. און איבערן וועג טרייבט ער גאַנצע קופּעס מיט שניי. ער צעפּעסט זיך אויף דער גאַנצער וועלט: ווי באַלד ער מוז זינדיקן אום שבת, טאָ זאָל קיינער קיין רו ניט האָבן! ער וואַרפט דעם שניי אַריבערן וועג, לייגט אים אויס ווי אַ ליילעך, גלאַט און אָן רונצלען, און באַלד האָט ער חרטה און צעדרייט אים אַרויף צו, פון אויבן שמאָל און פון אונטן ברייט, און ער דרייט אים און טראָגט אים ביז וואַנען ער ווערט אָנגעשטויסן אָן אַ בערגל, אַ וואַנט, אָדער אַ קוסט פון פאַרפרוירענע געוויקסן, און צעשיט אים דאָרט, און כאַפּט־אויף אַן אַנדער הרודע שניי, און אויך זי צעדרייט ער און שלעפּט זי צו דעם זעלביקן אָרט, בויט שניי־בערגלעך אויף שנייבערגלעך, פאַרשיט מיט זיי דעם וועג, פאַרגראָבט אין זיי דעם פּלויט און אויך די יונגע בעריאָזקעס פון אַנטקעגן איבער ביז איבער די אונטערשטע צווייגן.

און געפינט דער ווינט אַ פּוסגייער ערגעץ ווו אויפן וועג, שמייסט ער אים מיטן פראָסטיקן שניי אין פּנים אַריין, בלאָזט פאַנאַנדער די פאָלעס פון מאַנטל, צעפּלאָנטערט זיינע פיס און מאַכט אים שווער צו שטעלן זיינע טריט.

און דווקא מחמת ס׳איז אַזוי געוויטערדיק אין דרויסן, פילט זיך דווידקע אַזוי געמיטלעך אין דער היים. ס׳איז וואַרעם, און רויִק, און ריין, און שטיל. עס שאָקלט זיך קוים דער טאַטע איבערן גרויסן מדרש און ברומט זיך אונטער, קוים צו הערן, אַ גמרא־ניגון, אָט יענעם האַרציקן ניגון, וואָס צעגיסט זיך מיט תענוג איבער אַלע אברים, און ס׳פאַרקלעמט אַזוי זיס אונטערן האַרצן, און ס׳הייבט זיך אָן בענקען אַזוי מילד, און ס׳ווייזט זיך אויס ווי מ׳באַנעמט דאָס אַרומפלי‏ִען פון מלאָכים אין הויז, דאָס שוועבן פון דער שכינה, און מ׳פילט אַז זיי שיטן מיט ברכות, מיט שטילע ליבלעכע ברכות פון עונג שבת, פון שבת קדושה.

און אַ מאָל ווערן די וואָלקנס אין די הימלען אויף אַ ווײַלע צעטריבן, און די זון צעגלאַנצט זיך אַזוי ליבלעך, און דער שניי, וואָס טאַנצט און טראָגט זיך אַרום איבערן וועג און איבער די פעלדער, דאָרט העט העט ווײַט ביז וואַנעט די אויגן פאַרכאַפּן, — צעגלאַנצט זיך מיט מיליאָנען פונקען, מיט מיליאָנען בלישטשענדיקע אײַגעלעך, און ס׳דוכט זיך, אַז זיי טאַנצן אַ פרײַלעכס-טאַנץ לכּבוד דעם שבת, דעם פרײַלעכס-טאַנץ פון די הקפות לכּבוד דער תּורה אום שׂימחת-תּורה. און דאַן הייבן אָן גרויסע פלעקן ליכט אַרומבאַוועגן איבערן הויז, איבערן דיל, סופיט און ווענט; טאַנצן זיי און שוועבן שטיל אַרום, און ס׳ווערט אַזוי ליכטיק אויך אויפן האַרצן און אַ שׂימחה צעגיסט זיך איבער אַלע אברים.

ווי גוט אים איז צו טוליען זיך איצט צו דער מאַמען! זי זיצט פאַרטיפט אין טײַטש-חומש, זיצט לעבן דעם נידעריקן אויוון, וואָס איז וואַרעם נאָך פון נעכטן אָן, און דווידקע זעט, ממש ער זעט, ווי עס שטראַלט איר פּנים, שטראַלט אין ליבלעכקייט, צאַרטקייט און גוטסקייט, און די קנייטשן אויף אירע שטערן און באַקן, און די באָראָדעווקע פונקט צווישן די ברעמען — אַלץ איז דאָך אַזוי באַחנט! אירע קנייטשן זײַנען אַזעלכע צאַרטע, ווייכע, די באָראָדעווקע פאַסט זיך אַזוי צו איר מילדן פּנים, און אירע אויגן — אָ, אירע אויגן! ווען ער קוקט אין זיי אַרײַן, דוכט זיך אים, אַז אויך די מלאָכים האָבן אַזעלכע מילדע, ליבע אויגן. קליינינקע, קינדערישע קעפּעלעך זײַנען בײַ די מלאָכים, און אויגן אַזעלכע ווי בײַ דער מאַמען. און ער פאַרקוקט זיך אויף די ליכטפלעקן, וועלכע טאַנצן אַרום איבער דער שטוב, און ער ווייסט אַז אָט די פלעקן זײַנען אָפּשײַנען פון די מלאָכים וואָס טאַנצן אַרום, און ווי מ׳דערציילט, באַקן זיי לעקעך און טאָרטן פאַר קליינע קינדער, ווען זיי קומען ערשט אַרײַן אין חדר צום ערשטן מאָל.

ווען זײַן טאַטע האָט אים געבראַכט אין חדר צום ערשטן מאָל, האָבן די מלאָכים פאַר אים אויך אַראָפּגעוואָרפן לעקעך און ס׳איז געפאַלן גלײַך אויפן אַלף-בית. אָבער אויף מאָרגן, ווען ער האָט זיך מכוח דעם אויסבאַרימט פאַר יאָסעלען, האָט יאָסעלע פון אים אָפּגעלאַכט: „גיי שוין, גיי, דו ,זקף-גדול׳-קאָפּ אײנער!" האָט ער אים געזאָגט. „איך אַליין האָב געזען ווי דײַן טאַטע הינטער דיר האָט דעם לעקעך אַראָפּגעוואָרפן. ניט מלאָכים, נאָר דײַן טאַטע!"

און אויך די אַנדערע קינדער האָבן אָפּגעלאַכט פון אים, און אים האָט

עס פאַרדראָסן. זיינע טאַטע־מאַמע ווייסן געוויס בעסער פון זיי, און ווי באַלד אַז זיי זאָגן אַז מלאָכים האָבן דאָס געטאָן, איז ער זיכער אין דעם אַז אַזוי איז עס טאַקע. און איצט, שבת נאָך מיטאָג, ווען ער קוקט זיך איין ווי איבערן הויז שימערירן ליכטשטראַלן, גלייבט ער אויך וואָס מע זאָגט, אַז דאָס באַקן מלאָכים לעקעך פון קליינע קינדערס וועגן וואָס ווערן אַריינגעגעבן אין חדר צום ערשטן מאָל. נאָר איין זאַך איז אים ניט פאַרשטענדלעך: ווי אַזוי מעגן עס מלאָכים באַקן אום שבת? — אָבער ער האָט זיך באַלד באַטראַכט, אַז מלאָכים זיינען דאָך ניט קיין מענטשן און זיי מעגן אפשר יאָ טאָן זאַכן וואָס מענטשן טאָרן ניט.

און בכלל וויל ער איצט ניט טראַכטן מכוח אַזעלכע ענינים וואָס פירן צו האַרבע קשיות. ער וויל איצט רוען און הנאה האָבן און ניט טיפן זיך אין ספקות. דערווייל האָט זיך אָנגעהויבן אָנרוקן דער אָוונט, האָט מען אין איילעניש אָפּגעגעסן די דריטע סעודה פון די שבתדיקע שלוש סעודות. דער טאַטע איז אַוועק אין שול און ער האָט הנאָה געהאַט, ביים אָנקום פון דער נאַכט, און איידער מ׳מעג נאָך אָנצינדן ליכט, צו זיצן לעבן דער מאַמען און מיט אַ ציטעריק האַרץ צוהערן זיך צו די אַלע מעשׂיות וואָס זי דערציילט: וועגן דעם גרויסן תּלמיד־חכם און צדיק, וואָס האָט זוכה געווען צו שווימען אין דער הייך ביז דער לבנה און אַראָפּקומען אויף דער ערד פּונקט אין מיטן דער עדה ייִדן וואָס זיינען געשטאַנען אין אַ קרייז און מקדש געווען די לבנה; וועגן דעם מענטשן־פרעסער מיט איין אויג אין שטערן, וואָס דער מהר״ל האָט אויף אים געוואָרפן אַ שפּיז, און ער אַנטלויפט, און די שפּיז יאָגט זיך נאָך נאָך אים, און ווען די שפּיז וועט אים דעריאָגן און אים דערשטעכן, וועט משיח קענען קומען אויף דער וועלט; וועגן דעם בעל־שם־טוב און זיינע מופתים; וועגן דעם אַשמדאַי און ווי שלמה המלך האָט אים געבונדן אין קייטן, און נאָך, און נאָך.

*

געעפנט די אויגן: אויך דאָס איז געווען אַ חלום. פּונקט ווי אויף דער וואָר... און פאַרמאַכט די אויגן און צוריק איבערגעגעבן זיך צום מלאך פון חלומות:

און ער זעט: דער אַשמדאַי שוועבט אַרום אין עפּעס אַ מאָדנער גרויקייט, וואָס איז ניט טאָג און ניט נאַכט, ניט פינצטער און ניט ליכטיק, ניט אויפן

הימל און ניט אויף דער ערד. עס גיט אַ שעמעריר עפּעס אַ ליכטיקייט, אָבער די זון באַווייזט זיך ניט. און בכלל איז דאָ קיין זון ניטאָ. אַלץ אַרום איז גרוי און פּייכט און קיין פּאַנאָראַמעס זיינען ניט פאַראַן, און עס ציט זיך עפּעס אַ וועג, וואָס איז ניט אויף דער ערד און ניט אויפן הימל, אַפילו ניט אין דער לופטן — אין ערגעץ ניט. און די פיס טונקען זיך אין אַן עפּעס, וואָס ווער ווייסט וואָס דאָס איז. און עס טריפט עפּעס, ניט אַ רעגן, און אויך דאָס ווייסט קיינער ניט וואָס עס איז.

קיין שטימע הערט זיך ניט, און אויך איז ניט שטיל, נאָר עס רודערט מיט טויטקייט. די טויטקייט פאַרקלאַפּט אויך דעם עכאָ, זי שלינגט אים איין און לאָזט פון זיך אַרויס די גרויקייט.

און דווידקע ווייסט: דאָס איז ער אין קברים־לאַנד... ער גייט אין ערגעץ, וווּהין — ווייסט ער ניט, אָבער ער גייט. ער טראַכט ניט ווי אַזוי ער איז אַהער געקומען, נאָר ער ווייסט אַז ער דאַרף פון דאַנעט אַנטלויפן, ער מוז אַרויס פון דאַנעט, ער מוז גיין ווייטער און ווייטער, ביז וואַנעט ער וועט צוקומען צו ערגעץ. דווידקע פילט זיך אומגליקלעך, ס'איז דאָ אַזוי מאַנאָטאָן און טרויעריק, און עלנט איז ער. ער איז איינער אַליין אין אָט דעם פּחד, און מאָדנע, קיין פּחד פילט ער ניט... ער איז בלויז נייגעריק צו וויסן וואָס עס איז, און ער ווייסט אַז באַלד וועט ער אַרויס פון דאַנען, — וויל ער וויסן וואָס עס איז אַרום אים און ווו ער איז.

צוגעקומען צו אַ מין גאָרטן. אַ גאָרטן און ניט קיין גאָרטן. הוילע ביימער, אָן בלעטער און ס'טריפן פון זייערע צווייגן גרויע טראָפּנס, אַזוי ווי טרערן. ווײַנען עס די ביימער? די בייטן זיינען הויל פון בלומען און בלויז גרויע שטאָמלעך זיינען פאַרבליבן, ווי שיריים פון פּראַכט וואָס איז דאָ אַ מאָל געווען. אַלץ איז אין חורבה־און טויטקייט־געשטאַלט, אַלץ פוילט.

ס'האָט אָנגעהויבן נאָך טונקעלער ווערן; די גרויקייט — אין שוואַרצ־קייט פאַרוואַנדלט ווערן. שוואַרץ דער טומאַן, שוואַרץ די שטאַמען פון די ביימער און אַ שוואַרצע געשטאַלט האָט זיך באַוויזן — אַ הויכע, אַ שרעקלעכע געשטאַלט, און זי רעוועט ווי אַן אָקס און רוקט זיך צו אים.

„דאָס איז דער אַשמדאַי אַליין", טראַכט זיך דווידקע. ער וויל אַנטלויפן, אָבער ער קען ניט — די פיס זיינען ווי צוגעשמידט צו דער ערד און אויך זיינע הענט קען ער ניט אַ ריר טאָן. דאָ האָט ער שוין יאָ דערפילט פּחד.

און מיט אַ מאָל דערפילט ער ווי ער הייבט זיך, הייבט זיך העכער און העכער, די לופט ווערט לייכט און מילד, און זיין האַרץ הייבט זיך אָן אָנפילן מיט פרייד. און אַ קול האָט ער דערהערט:

„דווידקע, זע נאָר, דאָס בין איך, דבורהלע!"

אָבער ער זעט קיינעם ניט. ער זעט נאָר אַז ס'איז ליכטיק, אָבער וואָס און ווען — דאָס זעט ער ניט.

„קענסטו גאָרניט זען?" האָט אים די דאָזיקע שטימע ווידער געפרעגט.

„ניין, איך זע גאָרנישט."

„אויב אַזוי, וואַרט. איך וועל דיר עפענען די אויגן."

און ער האָט דערפילט ווי עמעצער עפנט אים די אויגן, ווי זיינע אויגן הייבן אָן פונאַנדערעפענען זיך מער און מער, און פּלוצעם... אָ, וואָס פאַר אַ פּראַכט! אַ גאָרטן! בלומען!ביימער! אַלערליי קאָלירן הענגען אין דער לופטן! די ביימער און די בלומען — פליגלען האָבן זיי און, ווי אין טאַנץ, שוועבן זיי אין דער לופטן. און אויך ער אַליין שטייט ניט אויף אַ באָדן, נאָר ער הענגט אין דער לופטן. ער הענגט און פאַלט ניט, און ער האָט גאָר קיין מורא ניט.

„נו, איצט זעסטו מיך, דווידקע?" האָט אים די זעלביקע שטימע געפרעגט.

יאָ, איצט זעט ער זי. דבורהלע טאַקע. אָבער אירע פיסלעך זיינען שוין מער ניט קרום, און ווייסינקע פליגעלעך זיינען צו איר צוגעהעפט, און זי שוועבט אַרום אויף זיי.

„איצט זע איך שוין ווו איך בין," האָט דווידקע געזאָגט, „אויף יענער וועלט."

„יאָ, דווידקע, דו האָסט געטראָפן," האָט אים דבורהלע געענטפערט.

„זיינען אַלע טויטע דאָ?" האָט דווידקע געפרעגט.

„יאָ."

„און משהלעס טאַטע־מאַמע זיינען אויך דאָ?"

„ניין," האָט אים דבורהלע געענטפערט. „זיי זיינען אין אַן אַנדער גן־עדן, דאָרט ווו די גרויסע זיינען."

און צו דווידקען איז צוגעקומען אַן אַלטער מאַן, מיט אַ לאַנגער גרויער באָרד און מיט ליבלעכע גוטע אויגן.

„דאָס איז אליהו הנביא,“ האָט דווידקע אַ טראַכט געטאָן.
„ביסט אַהער געקומען לערנען תּורה?“ האָט דער מאַן ביי אים געפרעגט.
„ווילסט ווערן אַ נביא?“

דווידקע האָט זיך דערפרייט און מיט התפּעלות אָפּגערופן זיך:
„יאָ, געוויס וויל איך. אויך משהלע וואָלט באַדאַרפט ווערן אַ נביא...“
און אליהו הנביא האָט אים געוואָלט אָננעמען ביי דער האַנט, אָבער — פּלוצעם...

וואָס איז עס?

ער האָט זיך אַרומגעקוקט פאַרוואונדערט: ניטאָ קיין גן־עדן, ניטאָ דבור־רהלע, ניטאָ אליהו הנביא — ער ליגט גאָר ביי זיך אין בעטל און דורכן פענצטער שיינט אַריין די זון איבער זיין פּנים.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

חלומות אויף חלומות.
און זיכרונות אַריינגעוועבט אין חלומות.
אויך שטימונגען. מער שטימונגען איידער זיכרונות.
שטימונגען איבער אַלץ!

## קאַפּיטל 11

דורכן פענצטער האָבן אין צימער אַריינגעשטראַלט צוויי לאַנגע פּאַסן ליכט פון דער זון, זיך צעלייגט אויפן בעט, אויפן דיל און אַרויפגעקלעטערט אויף דער וואַנט קעגן איבער. אין דרויסן איז געווען אַ פראָסט, און דער פרישער שניי, וואָס האָט זיך אָנגעשאָטן דורך דער נאַכט, האָט זיך צעגלאַנצט אַנטקעגן דער זון און נידעריק אומגעטראָגן זיך איבער די פעלדער, וואָס זעען זיך אַרויס דורך די פענצטער, געטראָגן דורך דעם פראָסטיקן ווינט, וואָס האָט זיך נאָך ניט איינגעשטילט פונעם נעכטיקן שניי־שטורעם.

דווידקען האָט אַרומגענומען אַ געפיל פון פרייד. שוין לאַנג האָט ער זיך אַזוי גוט ניט געפילט און, זיצנדיק אין בעט האָט ער פאַרזשמורעט די אויגן און צוגעקוקט זיך ווי אין שטוב טובלט זיך דער שטויב אין די זוניקע פּאַסן,

וואָס דרינגען אַריין אין צימער דורכן פענצטער, און ער ווערט באַגולדן, און דרייט זיך, באַוועגט זיך אין אַלע ריכטונגען; הוליעט ער, ווי אויך ער וואָלט הנאָה געהאַט פון דער ליכטיקייט, און דערפאַר מאַכט ער עס אַ ריקודל אין דער לופט.

משהלע איז אויפגעשטאַנען פריִער פון אים און דווידקע האָט אים דער־וויסט זיצנדיק ביים הייצנדיקן אויוון און קוקנדיק ווי עס פלאַקערט דער פייער. געזעסן איז ער פאַרזאָרגט און אָפט מאָל האָט ער אויפגעציטערט. דווידקע איז נייגעריק געווען צו דערציילן אים זיין חלום, אָפּגעבן אים דעם גרוס פון זיין טאַטע־מאַמע און דעם שמועס, וואָס ער האָט מכוח אים געפירט מיט אליהו הנביא, אָבער זיין מאַמע איז אויך געווען אין שטוב, און פאַר איר האָט ער עס ניט געוואָלט דערציילן. דאָס איז אַ חלום פאַר קינדערס וועגן און ניט פאַר דערוואַקסענע. האָט ער זיך אויך אַוועקגעשטעלט ביים אויוון לעבן משהלען און אויך געקוקט ווי ס'ברענט דאָרט דאָס האָלץ.

משהלע איז געווען אַ סך העכער און גרעסער פון דווידקען, אָבער כאַ־טשעס (ר' יחזקאלס) קליידער, אין וועלכע מלכּה האָט אים אָנגעטאָן, זיינען פאַר אים געווען צו גרויס, און דערפאַר האָט ער אויסגעזען בעריש אומבאַ־וועגלעך. זיינע האָר זיינען געווען צעשויבערט, צעקודלעוועט און ניט פאַר־קעמט, זיינען זיי אַראָפּגעהאַנגען איבער זיין שטערן, אויף די באַקן און איבערן נאַקן. אויך איז זייער קאָליר געווען אַזאַ מאָדנער: ניט בלאָנד און ניט טונקל, ניט רויט און ניט שוואַרץ, און קענטיק אויך שמוציק און, מן הסתם, פאַרלייזיקט. זיינע אויגן — גרוילעך און טיף, אַריינגעפאַלן אין די בלייכע, מאָגערע באַקן און תּמיד אויסגעזען ווי איבערגעשראָקן.

ווען די מאַמע איז אַרויס פון צימער האָט זיך דווידקע געווענדט צו משהלען:

„דו זעסט אויס צו זיין אַזוי פאַרזאָרגט. פאַר וואָס?"

„גלאַט אַזוי," האָט משהלע געענטפערט.

משהלע איז קענטיק געווען פול מיט פחד און ניט געוווסט וואָס צו ריידן, און דווידקע האָט יאָ געוואָלט ריידן, אויך געהאַט וואָס צו דערציילן, אָבער האָט ניט געוווסט ווי אָנצוהייבן. זיי האָבן ביידע געשוויגן אַ לענגערע צייט, אַפילו ניט געקוקט איינער אויפן אַנדערן. צום סוף האָט דווידקע יאָ אָנגעהויבן ריידן:

„משהלע," האָט ער געזאָגט, איך האָב היינט געזען אַ מאָדנעם חלום: אליהו הנביא..."

משהלע האָט אָבער, ווייזט אויס, ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט און וואָס עס באַטייט, האָט ער אויסגעשטעלט אויף דווידקען זיינע טיפע גרויע אויגן און גאָרנישט ניט געענטפערט. און דווידקע האָט ווייטער גערעדט:

„יאָ, אליהו הנביא," האָט ער איבערגעחזרט. „ער איז צו מיר צוגעקומען... ער האָט אַ לאַנגע ווייסע באָרד. ער האָט ביי מיר געפרעגט אויב איך וויל לערנען און ווערן אַ נביא. האָב איך אים געענטפערט אַז יאָ. איך האָב מיט אים אויך מכּוח דיר גערעדט, ער זאָל דיך אויך מאַכן פאַר אַ נביא. איך האָב אויך דבורהלען געזען אין חלום. זי איז געווען אַ קליין מיידעלע און איז געשטאָרבן. פאַר אַ יאָרן איז עס געווען. אָבער אויף יענער וועלט לעבט זי. האָב איך זי היינט געזען אין חלום. זי קוקט אויס ווי אַ מלאך. זי האָט פליגלען. מיר האָט זיך געחלומט, אַז זי איז אין קינדערישן גן־עדן. מכּוח דיין טאַטע־מאַמע, משהלע, האָט זי מיר דערציילט, אַז זיי זיינען אין גרויסן גן־עדן. אליהו הנביא איז מיט די קינדערישע נשמות. ער לערנט זיי תּורה. איך האָב מיט אליהו הנביא לאַנג ניט גערעדט, ווייל איך האָב זיך באַלד אויפגעכאַפּט פון שלאָף..."

ערשט איצט האָט דווידקע זיך באַטראַכט, אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף צו פרי, איידער אליהו הנביא האָט מיט אים צייט געהאַט צו לערנען תּורה. האָט אים דערפאַר פאַרקלעמט דאָס האַרץ...

משהלע האָט אָנגעקוקט דווידקען זייער פאַרוווּנדערט, קענטיק ניט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט און וואָס ער דערציילט. „מיין טאַטע־מאַמע," האָט ער פאַרחידושט געזאָגט, „זיי זיינען דאָך טויט."

„איך ווייס, אַז זיי זיינען טויט," האָט דווידקע געענטפערט, „אָבער זייערע נשמות לעבן דאָך און זיי זיינען אין גן־עדן. איך אַליין האָב זיי ניט געזען, אָבער דבורהלע האָט מיר דערציילט."

משהלע האָט שווער אָפּגעזיפצט. „איך זע זיי אויך אַ מאָל אין חלום," האָט ער געזאָגט, „אָבער איך זע זיי ווי זיי וואָלטן געווען לעבעדיק. ווען איך כאַפּ זיך אויף פון שלאָף, פאַרשווינדן זיי..."

אָבער דווידקע איז געווען פאַרטאָן אין זיין אייגענעם חלום און ער האָט זיך צו משהלען ניט צוגעהערט. ער האָט ביי אים געפרעגט:

„וואַלטסטו, משהלע, געוואָלט ווערן אַ נביא?״

אָבער משהלע האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס עס מיינט אַ נביא און ער האָט ניט געוווסט ווער עס איז אליהו הנביא. ער האָט אַ מאָל טאַקע געהערט ווי מען דערמאָנט זיין נאָמען, אָבער ווער ער איז און וואָס ער איז, ווייסט ער ניט. ער האָט קיין מאָל ניט געלערנט אין קיין חדר, נאָר זיין טאַטע האָט אים אויסגעלערנט צו זאָגן עברי און ווי צו דאַווענען.

„און דו ביסט גאָר קיין מאָל ניט געגאַנגען אין חדר?״ האָט זיך דווידקע זייער פאַרחידושט.

„ניין,״ האָט משהלע געענטפערט. „איין מאָל, געדענק איך, האָט דער טאַטע געזאָגט, אַז מ׳וואָלט באַדאַרפט שיקן מיך אין אַ ייִדישן ייִשוב און אַריינגעבן אין חדר. אָבער ביי אונדז אין קאַרבאַטשעווקע איז קיין חדר ניט געווען, און צו שיקן מיך אין קאַמאַרינקע איז צו ווייט. און צו ברענגען אַ מלמד צו אונדז אַהיים, קאָסט צו טייער. האָט דער טאַטע אַליין מיט מיר געלערנט, אָבער ווו האָט ער צייט געהאַט?...״

און דווידקע האָט משהלען אָנגעהויבן דערקלערן. דערקלערט אים ווער עס איז אליהו הנביא, ווי ער האָט פאַרברענט די פאַלשע משיחים, ווי פייגע־לעך האָבן אים געטראָגן עסן אין מידבר, ווי ער איז אַרויף אויפן הימל. ער האָט אים אויך דערקלערט וואָס עס איז אַ נביא, און ווי שמואל איז געוואָרן אַ נביא.

„אַ נביא איז אַ גרויסער, גרויסער צדיק,״ האָט ער געזאָגט, „און גאָט רעדט צו אים און ער חזרט איבער וואָס גאָט זאָגט. אַ נביא ווייסט אַלץ; ער ווייסט אַפילו ווען משיח וועט קומען... ווען משיח וועט קומען, וועלן די ייִדן אויסגעלייזט ווערן פון גלות און צוריקקערן זיך קיין ארץ־ישראל. די מתים וועלן אויפשטיין פון די קברים און זיי וועלן אויך קומען קיין ארץ־ישׂראל...״

דווידקע איז אַריין אין התפעלות און ער האָט גערעדט און גערעדט און דערציילט משהלען אַ סך פון די חידושים וואָס ער ווייסט. משהלע האָט גע־שוויגן און האָט אים פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט — אַוודאי ניט פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט, אָבער האָט מיט גרויס וווּנדער זיך צוגעהערט צו אַלע זיינע רייד. און דווידקע האָט גערעדט מיט גרויס התפעלות, גערן געוועזן אַלץ צו דער־ציילן, גערן געוועזן וואָס אימעצער איז דאָ וואָס הערט אים אויס. אַזוי לאַנג

האָט ער אין זיך אַלץ, אַלץ אַרומגעטראָגן, אַז ס׳איז שווער געווען דאָס צו טאָן. דערציילט האָט ער משהלען מכּוח דבורהלען און יאָסעלען, מכּוח גן־עדן און גיהנום און תּחית המתים.

און אַריבער זײַנען זיי צו פאַרטרוילעכקייט. משהלע האָט אים אָנגעהויבן דערציילן פון זײַן אייגענעם לעבן: ווי זײַנע טאַטע־מאַמע זײַנען געשטאָרבן, מכּוח זײַן שטיפמאַמען, די מערכה וואָס ער האָט געהאַט ביי בייניש דעם שוסטער און ווי ער האָט אַרומגעוואַנדערט מיט יאַניע דעם בעטלער און זײַן אײַנשטעלן זיך פאַר דאַבען...

און דווידקע האָט אים געטרייסט:

„שאַ, משהלע! איצט האָסטו ניט מער וואָס מורא צו האָבן. וועסט בלײַבן דאָ ביי אונדז. איך וועל זאָגן דער מאַמען, וועט זי דיך ניט אָפּלאָזן. מיר ביידע וועלן אָנהייבן גיין אין חדר. זומער, אם ירצה השם, וועל איך צוריק קענען גיין אין חדר. איך פאַרשטיי ניט פאַר וואָס די מאַמע לאָזט מיך איצט ניט גיין אין חדר. איך בין שוין מער ניט קראַנק. אָבער נאָך פּסח וועל איך געוויס קענען גיין צוריק אין חדר. מיר וועלן שפּילן אין ,שלי שלך׳... קענסטו שפּילן אין ,שלי שלך׳? אָט איך וועל דיך אויסלערנען. און לערנען וועלן מיר מיט גרויס חשק און מיר ביידע וועלן מיט דער צייט ווערן נביאים. אפשר איז אונדז באַשערט צו דערנענטערן דעם קץ...״

ביי דווידקען האָבן זיך דערוועקט טיפע געפילן פון רחמנות אויף משהלען. אים האָט זיך ווידער פאַרגעשטעלט ווי משהלע איז נעכטן געשטאַנען ביי זײַן טיר, אין דער זאַווערוכע, באָרוועס און כּמעט נאַקעט, און אים האָט אַזוי פאַרקלעמט דאָס האַרץ, אַז ער האָט זיך קוים אײַנגעהאַלטן פון צעוויינען זיך. פאַר וואָס קומט עס משהלען אַזוי פיל צו לײַדן? און ער, דווידקע, איז זיך מחיה מיט דעם געדאַנק, אַז פון איצט אָן און ווײַטער וועט משהלע שוין מער ניט לײַדן. ער וועט בלײַבן ביי זיי אין הויז. זיי ביידע וועלן זײַן חברים און לעבן אין איינעם. באַלד וועט אויך קומען דער זומער, וועלן זיי שפּאַצירן אַהין, באַרג אַרויף, מיטן ברייטן שליאַך צום סאָסנאָוון וואַלד, דאָרט וועלן זיי קענען ליגן אויפן גראָז, זיך צוהערן צום פייגל־געזאַנג. זיי וועלן דאָרט קלײַבן יאַגעדעס. זיי וועלן אויך גיין באָדן זיך אין טײַך און שווימען פון איין ברעג טײַך צום צווייטן. משהלען וועט גוט זײַן און ס׳וועט אים מכפּר זײַן פאַר אַלע זײַנע יסורים...



משהלע איז טאַקע מיט דווידקען פאַרבליבן. פרייטאָג, ווען ר׳ יחזקאל איז צוריק געקומען אַהיים פון וואַלד, האָט מלכּה מיט אים געהאַט אַ לאַנגן שמועס. גערעדט האָבן זיי זייער שטיל און דווידקע האָט ניט געקענט הערן וואָס זיי זאָגן, אָבער געוווּסט האָט ער, אַז דאָס האַנדלט זיך מכּוח משהלען. גערעדט האָט מיינסטנס די מאַמע און דער טאַטע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט געזאָגט: „מיינע דאגות — ווילסטו אַזוי, זאָל זיין אַזוי...״ דווידקע האָט זיך צוגערוקט צו זיי נעענטער און ער האָט שוין יאָ געקענט הערן וואָס זיין מאַמע זאָגט:

„אַ קיילעכדיקער יתום, נעבעך, ניט קיין טאַטן, ניט קיין מאַמען... ער וועט אונדז ניט אָרעמער מאַכן. פאַר אים וועט אונדז גאָט העלפן. קודם זאָל ער זיך אויסלערנען אַ ביסל יידישקייט... מיר דוכט, ער קען אַפילו קיין עברי ניט זאָגן. זאָל ער גיין אין חדר אַ פּאָר זמנים, און דערנאָך וועסטו אים מיטנעמען מיט זיך אין וואַלד. פון זיין זכות וועגן וועט אפשר גאָט העלפן און דווידקע וועט אין גאַנצן געזונט ווערן...״

איין מאָל איז צו זיי געקומען משהלעס שטיפמאַמע, אַ הויכע, אַ דאַרע יידענע, מיט אַ גראָבן מאַנצבילשן קול און דאָס פּנים מיט אויסגעגעסענע פּאָקן-גריבער. משהלע, ווען ער האָט זי דערזען, איז פאַרציטערט געוואָרן און האָט זיך אָפּגעקערט אין אַ ווינקל. די שטיפמאַמע האָט אים גערופן ער זאָל צו איר צוקומען, אָבער ער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. און ווען זי איז צו אים צוגעגאַנגען, האָט ער אויף איר אויסגעשטעלט זיינע אויגן מיט אַזאַ רוגזה, אַז זי איז מיט שרעק אָפּגעטראָטן פון אים.

מלכּה האָט איר דערלאַנגט טיי, האָט זי געטרונקען איין גלאָז נאָכן אַנדערן, אָן אויפהער, מיט איר פאַרטעך געווישט זיך דעם שווייס פון שטערן, געשנייצט די נאָז, און צווישן איין זופּ טיי און דעם אַנדערן האָט זי ממשיך געווען איר ריידן און באַקלאָגן זיך אויף איר גורל:

„טראָכים,״ האָט זי דערציילט מיט איר גראָבן מאַנצבילישן קול, „קומט אַנומלט צו מיר און זאָגט, אַז ער האָט ביי אייך געזען משהלען. נו, איז מיר געוואָרן טשיקאַווע צו זען אים. ר׳איז דאָך אַ מאָל געווען ווי מיין אייגן קינד... האָב איך דען אייגענע קינדער, האָב איך?... וואָס איז מיין וועלט? אַ ביטערע, פינצטערע אלמנה... ווי אַן אייגן קינד האָב איך אים געהאָדעוועט... עפּעס

האָב איך געזשאַלעוועט פאַר אים עפּעס? פון זיך געשפּאָרט, זיך ניט פאַר־גונען, און אים געגעבן. איצט באַצאָלט ער מיר, אַז אָך און ווי איז צו מיר..."

„איר דאַרפט זיך אַזוי ניט אָפּעסן דאָס האַרץ," האָט איר מלכּה גע־טרייסט. „איר זענט נאָך אַ יונגע פרוי, וועט איר נאָך מיט דער צייט חתונה האָבן און האָבן נאָך אייגענע קינדער... גיט, איך וועל אייך אָנגיסן נאָך אַ גלאָז טיי."

פון נאָך אַ גלאָז טיי — אפשר די צענטע אָדער מער — האָט זי זיך ניט אָפּגעזאָגט. זי האָט געוואָרט ביז וואַנעט עס איז פאַר איר אָנגעגאָסן געוואָרן, צוגעקוקט זיך צו מלכּהס באַוועגונגען, דערנאָך האָט זי אַריבערגעגאָסן דעם טיי פונעם גלאָז אין טעצעלע, עס אויסגעבלאָזן, צוריק אַריינגעגאָסן אין גלאָז, אַ זופּ געטאָן, און ווידער גערעדט:

„חתונה האָבן, זאָגט איר? אָט אַזוי גרינג טוט עס זיך? גיי זוך זיי, די חתנים... אָפּגילטן ווילן זיי אַז מען זאָל זיי... אָן אַ גרויסן נדן ווילן זיי קיינעם ניט, דערצו נאָך אַן אַלמנה... און ביז דער חתונה וואָס טוט מען?... ווייטער טרייבן די מיל?... אַ ייִדענע איינע אַליין. ווו נעמט מען די כּוחות פאַר דעם? כאַטש נעם און גיי איבער די הייזער, גיי אַוועק. שרייבן האָט מיין מאַן ניט געקענט, גאָרנישט פאַרשריבן, און חובות זיינען דאָ געבוג. גיי מאַן, אַז דו ווייסט ניט וויפל און ווייסט ניט ביי וועמען... וויפל האָב איך זיך ביי אים ניט געבעטן: גיב ניט, באָרג ניט! האָט ער מיך געהערט, מיינט איר? און איצט, גיי ווער אויסגעפינצטערט, אויסגעביטערט... אַ ייִדענע, איינע אַליין."

און די שטיפמאַמע האָט זיך צעוויינט. און וויינען וויינט זי אַזוי מאָדנע — הויך אויף אַ קול און די אויגן בלייבן טרוקן. דווידקע האָט אויף איר געקוקט פון דער ווייטן און געציטערט אַז זי זאָל ניט אָפּנעמען משהלען, דערפאַר האָט ער פרייער אָפּגעאָטעמט ווען זי איז אַוועק און אָן אים אין גאַנצן פאַרגעסן.

אין חדר איז משהלע ניט געגאַנגען, נאָר דער רבי, וואָס איז געקומען לערנען מיט דווידקען האָט מיט משהלען אויך געלערנט. אָנגעהויבן האָט משהלע לערנען חומש פון בראשית אָן און דווידקע האָט עס מיט אים שפּעטער איינגעחזרט. פאַר משהלען איז געווען שווער עפּעס אויסצולערנען זיך, און דווידקע איז געווען מלא שׂימחה, וואָס ער ווייסט אַלץ און קען געבן משהלען צו פאַרשטיין.

איין מאָל, אין אַ בין־השמשות, האָט געטראָפֿן, אַז מלכּה איז ערגעץ ווו אַוועק און דווידקע איז אַליין געבליבן אין הויז מיט משהלען, און דווידקע האָט זיך צערעדט און אָנגעהויבן דערציילן משהלען אַלערליי געשיכטעס, און געפֿילט, אַז משהלע האָט דרך־ארץ פֿאַר אים פֿאַר וואָס ער ווייסט אַזוי פֿיל זאַכן און ס׳האָט אים הנאה געטאָן. דווידקע טייטלט אָן מיט פֿינגער אויפֿן מערב־האָריזאָנט, וואָס זעט זיך אַרויס אין דרויסן דורכן פֿענצטער, און ער רעדט צו משהלען מיט אַ קול פֿון טיפֿן באַטייט:

„גיב נאָר אַ קוק, משהלע, זעסט דעם הימל ווי רויט ער איז דאָרט? דאָס זיינען די רשעים, וואָס מ׳ברענט זיי דאָרט. זיי האָבן זיך שלעכט אויפֿגעפֿירט אויף דער וועלט, דערפֿאַר בראָט מען זיי אין גיהנום אויף יענער וועלט... אַ גרויסער, גרויסער פֿייער ברענט אין גיהנום, און דאָס פֿייער ליגט אונטער קעסלען מיט פּעך, און דאָס פּעך קאָכט און זידט און אַהין וואַרפֿט מען אַריין די רשעים. אַנדערע רשעים וואַרפֿט מען גלייך אין פֿייער אַריין, און ניט אין די קעסלען. זיי ווערן פֿאַרברענט כּהרף־עין, דאַן שאַרט מען צונויף זייער אַש, מ׳מאַכט זיי צוריק לעבעדיק און מע וואַרפֿט זיי ווידער אין פֿייער. אַזוי ברענען זיי כּסדר. מער ניט ווי שבת רוען די רשעים. ווי נאָר ווייבער הייבן אָן בענטשן ליכט, לאָזט מען אַרויס די רשעים פֿון גיהנום און זיי זיצן אַ גאַנצן מעת־לעת אין גן־עדן. אָבער שבת ביי נאַכט, באַלד נאָך הבדלה, וואַרפֿט מען זיי צוריק אַריין אין גיהנום..."

משהלע הערט זיך איין אין דווידקעס דערציילונגען און ער ווערט באַנומען פֿון פּחד, און דווידקעס פֿאַנטאַזיע צעשפּילט זיך און ער דערציילט מעשׂיות נאָך מעשׂיות, און ער ווייסט שוין אַליין ניט, צי דאָס זיינען מעשׂיות וואָס ער האָט געלערנט אָדער געהערט, צי זיי ווערן פֿון אים אַליין אויסגעטראַכט.

געדיכטער צעלייגן זיך די שאָטנס אין הויז און אין דרויסן. דער הימל אין מערב, וואָס איז ביז איצט געווען רויזן־רויטלעך, האָט זיך צעפֿלאַקערט שטאַרקער און שטאַרקער. ניכּר, מיט מוראדיקער התמדה אַרבעט מען אין גיהנום... אויף דער שניי ווערט טונקעלער, אָבער פֿון ווייטן, נעענטער צום האָריזאָנט, צעגלאַנצט ער זיך אונטער דעם הימלישן פֿלאַקער און ווערט ווי מיט בלוט באַפֿאַרבט. אויף די פֿענצטער פֿון דעם שכנותדיקן הויז צעגלאַנצן זיך מיט רויטקייט, ווי אויף די ווענט פֿונעם הויז, און אַפֿילו משהלעס פּנים ווערט מיט פּורפּור באַדעקט.

„הער, משהלע,״ רעדט דווידקע שטיל, „ווען משיח וועט קומען וועלן אַלע מתים אויפשטיין פון די קברים און קיין רשעים וועלן שוין מער ניט זיין... אַלע וועלן לעבן אייביק און קיינער וועט שוין מער ניט שטאַרבן. די נשמות פון די פאַרשטאָרבענע וועלן זיך אומקערן צו זייערע גופים, אונטער דער ערד וועט ווערן אַ ברייטער שליאַך, און די מתים וועלן זיך קייקלען קיין ארץ־ישׂראל, און די לעבעדיקע וועלן גיין איבער אַ פֿאַפּירענער בריק און זיי וועלן אויך קומען קיין ארץ־ישׂראל. משיח אַליין וועט רייטן אויף אַ ווייסן אייזל און אליהו הנביא וועט רייטן אויף אַן אַנדער אייזל און וועט בלאָזן שופר. און דער קול פונעם שופר וועט זיין אַזוי הילכיק, אַז ער וועט געהערט ווערן פון איין עק וועלט ביזן צווייטן. פריִער וועט זיין אַ גרויסע מילחמה. זי וועט אָנהאַלטן פערציק יאָר כּסדר. ס׳וועלן מילחמה האַלטן גוג און מגוג. קודם וועט קומען משיח בן יוסף און ער וועט דערהרגעט ווערן אין דער מילחמה. ערשט נאָך דעם וועט קומען דער אמתדיקער משיח, משיח בן דוד. און ווען די מילחמה־לייט וועלן דערהערן זיין שופר, וועלן זיי אַוועקוואַרפן זייערע כּלי־זיין, וועלן אַוועק פון דער מילחמה און נאָכגיין משיחן. די געצנ־דינער וועלן גיין איבער אַן אייזערנער בריק און וועלן אַריינפאַלן אין ים, דאָרט דערטרונקען ווערן, און די ייִדן וועלן גיין איבער אַ פּאַפּירענער בריק און אָנקומען קיין ארץ־ישׂראל בשלום. יעמאָלט וועט מען אין גאַנצן חרוב מאַכן דעם גיהנום, מחמת קיין רשעים וועלן דאָך שוין מער ניט זיין און קיינער וועט שוין מער ניט שטאַרבן...״

אין שטוב, ווי אין דרויסן, ווערט טונקעלער און טונקעלער. דער פלאַקער אין הימל הייבט אָן אויסצולעשן זיך. דווידקע קוקט דורכן פענצטער אין דרויסן און דערציילט ווייטער:

„די ייִדן, אַפילו די רשעים, אָבער וואָס גלייבן אין גאָט, פאַרמישפּט מען זיי ניט אויף אייביק צו זיין אין גיהנום, און ווען זיי קומען אָפּ זייער שטראָף, ווערן זיי געבראַכט אין גן־עדן. ניט אַזוי די געצנדינער. זיי גלייבן ניט אין גאָט, קענען זיי ניט אָנקומען אין גאָטס גן־עדן. אַ ייִד, אַפילו ער האָט געזינדיקט, בלייבט אַ ייִד,״ באַשליסט דווידקע פאַר זיך, איבערחזרנדיק די ווערטער וואָס ער הערט אָפּט מאָל.

נייגעריק און באַדאַכט הערט זיך צו משהלע צו די אַלע מעשׂיות וואָס דווידקע דערציילט, אָבער קענטיק אַז ניט אַלץ לייגט זיך אים אויפן שׂכל.

ער דערמאָנט זיך דערביי אָן זיינע אייגענע טאַטע־מאַמע און ער חידושט זיך ווו זייערע נשמות זיינען, אין גן־עדן אָדער, זאָל גאָט אויסהיטן, אין גיהנום...

„געוויס זיינען זיי אין גן־עדן,״ באַשטימט דווידקע. „איך האָב געהאַט אַ חלום... איך האָב דיר דערציילט... איך האָב געזען דבורהלען אין חלום און זי האָט מיר געזאָגט אַז זיי זיינען אין גן־עדן...״

און דווידקע הייבט אָן צו פאַרקלאָגן זיך צו משהלען אויף יאָסעלען. יאָסעלע איז געווען דבורהלעס ברודער. אים האָט ער געמוזט אָפּגעבן דעם גרוס פון זיין שוועסטער. און איין מאָל, אין אַ פרייטאָג צו קבלת שבת, האָט ער אים געזען אין שול. האָט ער אים אָפּגערופן אָן אַ זייט און געזאָגט:

„איך וועל דיר דערציילן אַ גרויסן סוד, אָבער אָפּריִער שווער מיר מיט אַ ציצה, אַז דו וועסט אים קיינעם ניט איבערדערציילן.״

יאָסל האָט אים געפאָלגט, גענומען אין האַנט אַ ציצה פון זיין אַרבע כנפות און געשווירן. האָט אים דווידקע דערציילט זיין גאַנצן חלום. יאָסל האָט אים גוט אויסגעהערט און האָט זיך צעלאַכט, ווייל ער האָט אים ניט געגלייבט. און ער האָט ניט געהאַלטן זיין שבועה און אויף מאָרגן האָט ער פון אים חוזק געמאַכט און דאָס איבערדערציילט פאַרן גאַנצן חדר. און די קינדער פונעם חדר, ווען זיי באַגעגענען אים, רייצן זיי זיך מיט אים מיטן חומש לשון: „הנה בעל־החלומות הלזה״...

„דו האָסט דאָך מיר געשווירן מיט אַ ציצה, אַז דו וועסט קיינעם ניט דערציילן,״ האָט דווידקע צו אים געטענהט.

„נו, וויל איך, נו...״ האָט אים יאָסל געענטפערט.

„ס׳איז שוין גאָר פינצטער געוואָרן און די קינדער זיצן נאָך אַלץ ביי דעם פענצטער און צינדן ניט אָן קיין ליכט.

„מוזן דען אַלע ניט־ייִדן גיין אין גיהנום אַריין?״ פרעגט משהלע.

„יאָ. אַז זיי גלייבן ניט אין גאָט, קומט זיי ניט קיין גן־עדן.״

„אויב אַזוי איז מאַלווינקע אויך אין גיהנום?״ האָט זיך משהלע געחי־דושט און זיין שטימע האָט אויסגעדריקט צער.

„וועלכע מאַלווינקע?״ האָט דווידקע געפרעגט.

און משהלע האָט אים דערציילט וועגן מאַלווינקען: אַ קליינע שיקסעלע געווען אין קאַרבאַטשעווקע. אַ קיילעכדיקע יתומה, אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען. האָט זי געדינט ביי אַ רייכן פויער, פראָכאָר הייסט ער. זי האָט

געניאַנטשעט זיינע קינדער, געאַרבעט אויפֿן פעלד, געטראָגן וואַסער פאַרן הויז פונעם ברונעם, געפיטערט די חזירים. עסן האָט מען איר געגעבן בלויז די איבערבלייבעכטסן פונעם טיש, איז עס געווען זייער ווייניק, איז זי אַלע מאָל געווען הונגעריק. אַרומגעגאַנגען איז זי קרוע בלוע, באָרוועס און נאַקעט. אַפילו ווינטער. משהלע האָט אויף איר רחמנות געהאַט, פלעגט ער פאַר איר אָפּגנבענען פון דער שטיפמאַמען אַ שטיקל צוקער, ברויט, קעז. ווען די שטיפמאַמע האָט אים איין מאָל געכאַפּט, אַז ער טוט עס, האָט זי אים דערפאַר געשלאָגן און אים געשאָלטן. ער וואָלט זי צוריק געשלאָגן, אָבער ער האָט מורא געהאַט פאַרן טאַטן.

איין מאָל איז ביי פראַכאַרן פאַרלוירן געגאַנגען אַ חזיר. מן הסתם האָט אים עמעצער צוגעגנבעט. אַזעלכע גנבות קומען פאָר אין דערפער זייער אָפט. פראַכאַר האָט אָבער אויסגעלאָזט זיין כעס אויף מאַלווינקען און זי געשלאָגן אַזוי שטאַרק, אַז זי איז אומגעפאַלן און האָט שוין מער קיין כוח ניט געהאַט אויפצושטיין. פון דענסטמאָל אָן האָט זי אָנגעהויבן קרענקען און קרענקען, ביז וואַנען מ׳האָט זי איין מאָל אין דער פרי געפונען טויט.

דווידקען האָט פאַר מאַלווינקען פאַרקלעמט דאָס האַרץ. אַ שיקסע טאַקע, אָבער דאָך אַ צער בעלי חיים. אַ יתומה נעבעך, אַ געפּייניקטע. זי איז דאָך ניט שולדיק וואָס מ׳האָט מיט איר קיין תורה ניט געלערנט... און ער האָט אויסגערופן:

„ניין, מן הסתם איז עפּעס ניט אַזוי... פאַר גוטע מענטשן, אַפילו ווען זיי היטן ניט אָפּ אַלע מיצוות, און זיי גלייבן ניט אין אונדזער איין איינציקן גאָט, — פאַר זיי טאָרן אויך ניט זיין פאַרשלאָסן די טויערן פון גן־עדן. מאַלווינקע איז אָפּגעקומען גיהנום אויף דער וועלט, טאָר זי אויף יענער וועלט אויך ניט געשטראָפט ווערן! וואָס איז זי נעבעך שולדיק וואָס זי איז געבוירן געוואָרן אַ שיקסע און ניט קיין ייִדיש קינד?...״

## קאַפּיטל 12

לענגער האָבן זיך שוין געצויגן די טעג און קירצער די נעכט. אַפילו פון די זונליכט־פּאַסן, וואָס צעלייגן זיך דורכן פענצטער איבערן הויז, האָט

דווידקע געדרונגען, אַז די זון קלעטערט שוין היפּש הויך איבערן הימל. אַט די פּאַסן האָבן אין מיטן ווינטער ביים האַלבן טאָג געשטיגן הויך איבער דער אַנטקעגנדיקער וואַנט אין צימער, פּאַרנומען כּמעט אַ האַלבע וואַנט; אָבער איצט ווערן זיי קירצער פון טאָג צו טאָג און באַלד וועלן זיי די דאָזיקע וואַנט אין גאַנצן ניט קענען דערלאַנגען. אויך אין דרויסן האָט מען שוין געקענט מערקן די בשׂורה פון קומענדיקן אָנקום פון פרילינג. ביי טאָג האָט זיך שוין ממש געפילט די וואַרעמקייט פון דער זון: די שנייבערג האָבן אָנגעהויבן איינשרומפּן; פון די דעכער האָט געקאַפּעט און זיי זיינען באַזוימט געוואָרן מיט לאַנגע אייזליכטלעך; געאָטעמט האָט זיך פרייער און פריילעכער איז געוואָרן אויפן האַרצן.

אין אַזעלכע ליכטיקע און וואַרעמערע טעג איז פאַר דווידקען שוין גאָר שווער געווען דאָס שטענדיקע זיצן אין הויז. ס'האָט געצויגן צום דרויסן, געוואָלט האָט זיך זען ווי עס זעען אויס די פעלדער פוןביידע זייטן שליאַך, ווי דער סאָסנאָווער וואַלד קוקט אויס. רייניקן שוין דאָרט די פייגעלעך זייערע העלדזעלעך, מאַכן זיי הכנות פאַר די קומענדיקע פרילינג־נגינות? און ליגט נאָך דער שניי אומעטום, אָדער אפשר איז ער פון די העכערע פעלדער אין גאַנצן אַוועק? ווי גוט ס'וואָלט געווען גיין אַהין און פילן ווידער אַ מאָל דעם נחת פון טרעטן איבער הוילער, ממש הוילער ערד. און אפשר זיינען אין אייניקע ערטער די שנייען אין גאַנצן צעגאַנגען, און די ערד האָט זיך שוין אויך באַפרייט פון פראָסט, און עס שפּראָצן שוין די ערשטע פרילינג־גראָזן און עס בלויען זיך שוין דאָרט די אייגעלעך פון די ערשטע אונטער־שנייעלעך?

און דווידקע בעט זיך יעדן טאָג ביי דער מאַמען: זאָל זי אים אָפּלאָזן שפּאַצירן אַ ביסל אין דרויסן. גאָר, גאָר ניט ווייט וועט ער גיין, ניט מער ווי ביז דעם נאָענטן וואַלד; און ער וועט ניט לויפן, ניט שפּרינגען, ניט קלעטערן, נאָר זיך פּאַמעלעך שפּאַצירן אַ קליין ביסל. און די מאַמע לאָזט אים אָפּ — זאָל ער זיך גיין, אָבער טאַקע ניט ווייט, און אויפן שניי זאָל ער זיך ניט זעצן, ניט פונאַנדערשפּילען דעם מאַנטל און זאָל זיך לאַנג ניט זאַמען. דווידקע זאָגט צו אַלץ צו פאָלגן, אָבער ווי נאָר ער קומט אַרויס אויפן ברייטן פעלד, ווערן פאַרגעסן אַלע זיינע הבטחות, און ער טרעט דווקא אַריין אין טיפן שניי און ס'טוט אים הנאה צו פילן ווי דער שניי קרעכצט אונטער זיינע פיס,

ווייל ער איז האַרט און פאַרגליווערט פון אויבן, אָבער איז ווייך פון אונטן, און זיינע פיס זינקען אין אים, ערטערווייז ביז אַריבער די קני, זיי ברעכן דורך די אויבערשטע פלאַסטן, גראָבן דורך דעם אונטערשטן שנייזיקן פוך און, דוכט זיך אים, אַז זיינע פיס קענען דערטאַפּן דעם פאַרפרוירענעם ערדישן באָדן.

בעת אָט די שפּאַצירן פאַרגעסן זיך אין גאַנצן אַלע סודות און ספקות, און ווען משהלע איז מיט אים, האָט דווידקע אין גאַנצן ניט מכוח וואָס צו רעדן. דאָן רעדט משהלע, און אויך ער דערציילט אַלערליי מעשׂיות — מעשׂיות וועגן זיין טאַטנס געדונגענער מיל, וועגן דעם ווי ער האָט זיך געשפּילט מיט די שקצים און שיקסעס פון קאַרבאַטשעווקע; מעשׂיות וועגן טראַכימען און אַליאָנען זיין ווייב וועמען ער האָט יעדן טאָג געשלאָגן, ווייל ער איז תּמיד געווען שיכור; מעשׂיות וועגן הוליאַנקעס און וועטשערינקעס, ד"ה ווינטערדיקע אָוונט־הוליאַנקעס מיט געזאַנג און מיט טענץ אין באַשטימטע הייזער.

„איין מאָל," דערציילט משהלע, „קאָליאַדעס איז עס געווען, איז ביי מיכאַלקען געווען אַ וועטשערינקע. די מיל איז געשטאַנען, מחמת דאָס וואַסער האָט אויסגעפרוירן און איבער די חגאות האָט מען ניט געקענט געפינען קיין מענטשן אַרומצוהאַקן דעם אייז. דער טאַטע און די שטיפמאַמע האָבן זיך געלייגט שלאָפן פרי אין אָוונט און איך האָב זיי געמוזט נאָכטאָן און זיך אויך לייגן שלאָפן. אָבער מיר האָט זיך ניט געשלאָפן. מיכאַלקעס שטוב איז געווען פונקט אַנטקעגן אונדז, אַריבער דער גאַס, און איך האָב געהערט ווי עס שפּילט דאָרט די מוזיק און אַפילו ווי מע טאַנצט דאָרט. איך האָב זיי זייער מקנא געווען און ס'האָט זיך מיר זייער געגלוסט גיין אַהינצו. ליג איך אַזוי און הער זיך איין.

„פּלוצעם דערהער איך אַ פייף אונטער מיין פענצטער אין דרויסן און אַ שטילן קלאַפּ אין די שויבן. איך האָב אַרויסגעקוקט אין דרויסן. די נאַכט איז געווען אַ ליכטיקע, די פולע לבֿנה האָט געשיינט. אין דרויסן איז געשטאַנען אַ קליין שיקסעלע — יולקע...

„יולקע איז אונדזער מילנערס סטעפּאַנס טאָכטער. איך האָב זיך מיט איר געשפּילט פון קינדווייז אָן, ווען איך בין נאָך גאָר קליין געווען, ווען מיין מאַמע האָט נאָך געלעבט. מיר האָבן זיך אין מיל געטראָפן זייער אָפט, און

זומער פלעגן מיר אין איינעם גיין אין וואַלד קלייבן יאַגעדעס און שוועמלעך; אין פרילינג פלעגן מיר רייסן לאָזע אויף צו פלעכטן לאַפּטשעס.

„איך האָב זיך אויף דער גיך אָנגעטאָן און שטילערהייט אַרויס אין דרויסן, מורא געהאַט אויפצוּוועקן דעם טאַטן אָדער די שטיפמאַמען. מיר ביידע, איך און יולקע, זיינען אַוועק אויף דער וועטשערינקע, געשטאַנען אַן אַ זייט און צוגעקוקט זיך. פריילעך איז אויף די וועטשערינקעס; מ׳טאַנצט, מ׳עסט, מ׳טרינקט בראָנפן. איינער אַ שייגעץ, זעען מיר, האָט אַרומגענומען אַ שיקסע און זי געקושט. זי האָט זיך ניט געלאָזט, געקוויטשעט אויפן קול, אָבער ער האָט זי ניט אָפּגעלאָזט, און אַלע האָבן געלאַכט. קומט צו מיר צו יולקע און רעדט צו מיר שטיל, אַז קיינער זאָל ניט הערן: ,מאַשקאַ,׳ זאָגט זי, ,כאַפּ מיך אויך אַרום, אָט ווי יענער טוט צו האַנאַן, און קוש מיך... איך וועל זיך ניט לאָזן און דו דווקא קוש מיך...׳

„איך האָב זיך געשעמט און דאָס ניט געקענט טאָן. און זי האָט מיך אָנגעקוקט אַזוי מאָדנע, ווי זי וואָלט מיך געוואָלט מבזה זיין. און פּלוצעם האָבן זיך ביי איר אָנגעצונדן די אויגן, ווי ביי אַ קאַץ ווען זי וואַרפט זיך אויף אַ הונט, רויט איז געוואָרן איר פּנים, זי האָט אַ ווישצע געטאָן אויפן קול, זיך אויף מיר אַ וואָרף געטאָן, אַרומגענומען מיין קאָפּ, מיר אַ קוש געטאָן אין שטערן, און דערנאָך איינגעגעסן זיך אין מיינע ליפּן מיט אירע ציין. מיר האָט טאַקע וויי געטאָן, אָבער איך האָב געשוויגן... איך בין צעטומלט געוואָרן, און זי איז אויף שנעל אַרויס פון שטוב.

„פון אַלע זייטן האָט מען אויף מיר געקוקט און געלאַכט, און איך האָב זיך פאַרשעמט און ניט געוווּסט ווו אַהינצוטאָן זיך פאַר חרפה. ,דאָס איז אַ שד און ניט אַ מיידל׳, האָבן זיך דערטראָגן קולות, ,איי איז דאָס אַ פּראָכ־וואָסטע... נוקאַ, מאַשקאַ, און וואָס שטייסטו? שעמסט זיך? פאַר וואָס לויפסטו איר ניט נאָך? אויך מיר אַ יונג אַז אַ באַבע איז דרייסטער פון אים...׳

„אַזעלכע און ענלעכע אויסרופן האָבן זיך דערטראָגן פון אַלע זייטן. זיי האָבן מיך צערייצט. איך בין אַרויסגעלאָפן נאָך איר, זי אָנגעיאָגט און געוואָלט כאַפּן זי און קושן זי, אָבער זי האָט מיך אַ שטויס געטאָן און אויסגעשריִען: ,אַוועק פון מיר, ריר מיך ניט אָן, דו נבלה!...׳ און זי האָט זיך צעוויינט אויפן קול און איז אַנטלאָפן צו זיך אַהיים.״

„נו, און וואָס איז ווייטער געווען?״ איז דווידקע נייגעריק צו וויסן.

„ווייטער? גאָרניט. אויף מאָרגן האָב איך מורא געהאַט — ניט מורא געהאַט נאָר געשעמט זיך זי צו באַגעגענען, אָבער זי איז אַליין געקומען צו אונדז, פּונקט ווי עס וואָלט גאָרניט געווען... אַט אַזאַ ,כוואַט׳ אַ שיקסע איז דאָס...״

„נו, און דיין טאַטע מיט דער שטיפמאַמען, זיי האָבן גאָרניט געוווּסט?״

„יאָ, זיי האָבן זיך דערוווּסט אויף מאָרגן. שקצים האָבן זיי דערציילט.״

„איז וואָס האָבן זיי דיר געטאָן?״ האָט דווידקע געפרעגט.

„מיין טאַטע האָט מיך געפּאַטשט,״ האָט משהלע געענטפערט. „אָבער וואָס ווער איך נתפּעל פון דעם? איך האָב פאַר קלעפּ קיין מורא ניט. מיין טאַטע האָט מיך געפּאַטשט און איך בין, אים צו להכעיס, געגאַנגען צו יולקען. ס׳איז מיר געווען פריילעך צו גיין צו איר. איך זיץ און קוק אויף איר ווי זי שפּינט און זינגט זיך אַ לידל. זי זינגט זייער שיין... אַ מאָל פלעגט זי זיך אומקערן צו מיר און זאָגן: ,ווילסטו מיר אַ קוש געבן, מאַשקאַ?׳ ,יאָ,׳ פלעג איך ענטפערן. ,איז פאַר וואָס טוסטו עס ניט? שעמסט זיך, אַה?...׳ און מיר איז ניט אָנגעשטאַנען וואָס זי האָט געמיינט אַז איך שעם זיך, פלעג איך צוקומען צו איר זי צו קושן, אָבער זי פלעגט זיך אויסדרייען און מיך ניט צולאָזן צו זיך. שפּעטער בין איך דרייסטער געוואָרן: איך פלעג זיך פאַר־גנבענען הינטער איר, זי אַרומנעמען, אַראָפּשלעפּן זי פון דער באַנק, פאַלן מיט איר אין איינעם אויף דעם דיל און זי געקושט. זי פלעגט פאַרמאַכן די אויגן און האָט מיך אויך געקושט... ס׳איז אַזוי גוט געווען... אָבער איין מאָל, איך שטיי אַזוי, און פּלוצעם קומט אַריין וואָלאָדיע. וואָלאָדיע איז אַ שייגעץ, אַ חבר געווען מיט מיר. איך האָב זיך אָפט געטראָפן מיט אים ביי יולקען. אָבער זי האָט אים פיינט געהאַט. ער האָט מיך אַזוי געזען ווען יולקע און איך האָבן זיך אַרומגענומען. ער האָט גאָרניט געזאָגט, אָבער געזען האָב איך אַז ס׳האָט אים פאַרדראָסן. מיר האָט זיך אָבער געוואָלט ריידן מיט אים, ווי אויך האָט זיך מיר געוואָלט אַרויסווייזן פאַר יולקען אַז איך בין ניט אַ שעמעוודיקער. דערפאַר האָב איך פון איר ניט אָפּגעטראָטן. וואָלאָדיע איז דערביי געשטאַנען אָן דער זייט און איך האָב געזען ווי ס׳ברענט אין אים די קינאה און דער כּעס... איך האָב דענסטמאָל געכאַפּט יולקעס הענט, זיי פאַר־לייגט הינטער איר און פעסט געהאַלטן; זי האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסן און ניט געקענט; מיר האָבן ביידע געלאַכט אויפן קול. ,איך קען ניט... איך גיב

זיך אונטער...׳ האָט יולקע צום סוף געזאָגט. ,דו ביסט שטאַרקער פון מיר, מאָשקאָ.׳ ,ער איז אָבער ניט שטאַרקער פון מיר,׳ האָט וואָלאָדיאַ אויסגערופן מיט כּעס. ,אַזוי זאָגסטו?׳ האָט יולקע אים געענטפערט, ,נו, באַווייז דיין בריהשאַפט!׳

וואָלאָדיע האָט זיך גלייך אַ וואָרף געטאָן אויף מיר מיט די פויסטן, און אַזוי האַסטיק האָט ער עס געטאָן, אַז ער האָט איבערגעקערט די באַנק מיט יולקעס שפּינדל וואָס איז אויף דעם געשטאַנען, ער האָט מיך אויך אומגעשליידערט, אַוועקגעזעצט זיך צו מיר אויפן בויך און מיט רציחה מיך אָנגעהויבן שלאָגן. איך האָב גלייך דערזען אַז ער מיינט ניט קיין שפּאַס, האָב איך מיט איין קער אים פון זיך אַראָפּגעשליידערט און אַליין אויף אים אַרויפגעזעצט זיך. איי האָב איך אים צעמזיקט. מער איז ער צו מיר קיין מאָל ניט צוגעטראָטן, מער ניט וואָס פון וויטן פלעגט ער אויף מיר אַ מאָל וואַרפן אַ שטיין אָדער אַ פלאָקן און גלייך נאָך דעם אַנטלויפן... ער האָט מורא געהאַט פאַר מיר...״

דווידקע הערט משהלעס מעשׂיות און ס׳פאַרקלעמט אים עטוואָס ביים האַרצן. ער וואָלט אויך געוואָלט זיין דאָרט מיט משהלען, גיין צו וועטשע־רינקעס, לעבן לוסטיק און פריי, ניט האָבן אויף זיך דעם יאָך פון חדר, ווו דער רבי איז בייז, דאָס לערנען איז שווער, די צייט שלעפּט זיך אַזוי אומעטיק און ס׳ווערט איבערדריסיק טאָג איין און טאָג אויס צו זיצן און שאָקלען זיך איבער דער גמרא און צוהערן זיך צו איינעם און דעם זעלביקן ניגון. און אַפילו איצט, ווען ער גייט ניט אין חדר, איז נאָך שווערער צו זיצן אין שטוב, זוכן און ניט געפינען מיט וואָס צו פאַרטרייבן די צייט. ס׳הייבט זיך אים אָן בענקען נאָך דעם ברייטן לוסטיקן לעבן, ס׳בענקט זיך אים, אָבער גלייכצייטיק שרעקט דאָס האַרץ, אַז ס׳איז אַן עבירה אַזוי צו טראַכטן, אַז דאָס געוועלטיקט איבער אים דער יצר־הרע וועמען ער דאַרף גובר זיין; ער וועט בעסער זיין אַ צדיק, אַ נביא ווערן. ייִדישע קינדער טאָרן זיך ניט לאָזן פאַרפירט ווערן פונעם שׂטן, און הגם צו זיצן איבער דער גמרא איז טאַקע שווער, אָבער זיי טאָרן ניט פאַרגעסן ווי גרויס ס׳איז די עבירה צו שפּילן זיך מיט מיידלעך און אַ פּשיטא שוין מיט שיקסעס... „סטייטש, משהלע,״ האָט ער אויסגערופן, „יולקע איז דאָך אַ שיקסל. ווי מעג מען מיט איר שפּילן זיך, קושן זיך? סטייטש, משהלע...״

אָבער משהלע איז זיך פאַרטאָן אין זיינע זיכרונות און ער גיט ניט אַכטונג וואָס דווידקע זאָגט. ער שטעלט זיך ניט אָפּ און דערציילט ווײַטער:

„אַ מאָל זיץ איז ביי דיר אין דער היים, דווידקע, און דיין מאַמע איז צו מיר זייער גוט און דיין טאַטע איז אויך גוט. ס׳איז מיר גוט און ס׳פעלט מיר קיין זאַך ניט. אָבער ס׳איז מיר אומעטיק. איך טראַכט אָפּט וועגן קאַרבאַטשעווקע. דאָרט איז מיר זייער ביטער געווען מיט דער שטיפמאַמען. איך האָב זי פיינט געהאַט און זי האָט מיך פיינט געהאַט. זי האָט מיר דעם ביסן אין מויל ניט פאַרגונען. דער טאַטע איז שטענדיק געווען אין מיל, האָט ער ניט געוווּסט, בין איך אַלע מאָל געווען הונגעריק. אָבער דערפאַר איז אין קאַרבאַטשעווקע געווען פריילעך. אָפּט מאָל ווילט זיך מיר אַזוי שטאַרק אַנטלויפן אַהין... צוריק צו יולקען, צו די וועטשערינקעס, טאַנצן, רייטן אויף אַ פערד... אָבער צו וועמען וועל איך דאָרטן קומען? צו דער שטיפמאַמען? זי האָט פאַרכאַפּט די מיל, אַז אַ בראַנד איר אין די ביינער אַריין...

„פריילעך איז ווינטער אין קאַרבאַטשעווקע און נאָך פריילעכער איז זומער. אין זומער אין די אָוונטן פאָרן אַלע אָוועק אין וואַלד אויף איבער נאַכט צו פיטערן די פערד. מיין טאַטע האָט אויך געהאַט אַ פערד, פלעג איך אויך פאָרן. אויף גאַנצע נעכט פלעגן מיר פאָרן און שלאָפן פלעגן מיר אין וואַלד אָדער אויפן פעלד. ‚נאָטשליעג׳, הייסט דאָס. מען לייגט פאַנאַנדער אַ גרויסן פייער, און מען צעלייגט זיך אָדער מען צעזעצט זיך אַרום אים. ווער עס שלאָפט איין און ווער עס היט די פערד. יולקע האָט ניט קיין ברידער, האָט זי אַליין געמוזט פירן איר טאַטנס פערד. מיר פלעגן זיצן איינע לעבן די אַנדערע. איך האָב זי געהיט אַז קיינער זאָל זי ניט טשעפּען... און דער הימל איז טיף, די שטערן ליכטיק, און מיר האָט זיך געדוכט, אַז יולקעס אויגן זיינען צוויי ליכטיקע שטערן...

„איין מאָל פאָר איך אַזוי מיט יולקען אויף ‚נאָטשליעג׳, איך אויף מיין פערד און זי אויף אירן. אַלע זיינען אַוועק אַפריִער און מיר זיינען אָפּגעשטאַנען. מיט אַ מאָל האָט זיך מיין פערד אַ וואָרף געטאָן אָן אַ זייט אַזוי האַסטיק און אָנגעהויבן כראָפּען. איך בין שיער ניט אַראָפּגעפאַלן. אַזוי אויך יולקעס פערד. פון ביידע זייטן וועג איז געווען וואַלד. ס׳איז שוין געוואָרן פינצטערלעך און ווייט האָט מען ניט געקענט זען. ביי טאָג איז געווען זייער הייס

און איצט, אין אָוונט, האָט זיך צעלייגט אַ טומאַן און ס'איז געווען נאָך שווערער צו זען.

„,אפשר אַ וואָלף?' האָט יולקע זיך דערשראָקן.

„,ניין,' האָב איך געענטפערט, ,קיין וואָלף זיכער ניט. צו פרי פאַר זיי. ס'איז גאָרנישט.'

„מיר ווילן פאָרן ווייטער, אָבער די פערד גייען ניט. זיי הייבן אָן כראָפּען, וואַרפן זיך אָן אַ זייט און גייען ניט פאָרויס, כאָטש הרגע זיי. יולקע האָט קענטיק זיך דערשראָקן און זי האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דער גריווע פון איר פערד בכדי ניט אַראָפּצופאַלן. אויך איך האָב אָנגעהויבן מורא האָבן — מאַלע וואָס עס קען טרעפן... מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז געווען אַזאַ מין מעשה. אין אַנטאָנאָווקע, וואָס איז פיר ווייאָרסט פון קאָרבאַטשעווקע, האָט מען געכאַפּט אַ פערד־גנב, פּראָכאָר, און אים דערהרגעט. נאָך דעם האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פּראָכאָר איז טאַקע געווען אַ גנב, אָבער אָט די פערד, פאַר וועלכער גנבה מען האָט אים געהרגעט, האָט גאָר אַן אַנדערער געגנבעט. האָט מען דערציילט, אַז פּראָכאָר קומט אַרויס פון קבר יעדער נאַכט און וואַנדערט איבער די פעלדער...

„,לאָמיר פאָרן צוריק,' האָט יולקע אָן איבערגעשראָקענע געזאָגט. איך האָב אָבער אַפילו ניט געוואָלט הערן פון דעם. ,גיי שוין, דו נאַר איינע,' האָב איך איר געענטפערט, ס'איז ניטאָ פאַר וואָס מורא צו האָבן. איך וועל גיין זען וואָס דאָס איז.' איך בין אַראָפּ פון מיין פערד און איר איבערגעגעבן די לייצעס אים צו האַלטן. יולקע האָט מיך געוואָלט אָפּהאַלטן, אָבער איר מורא האָט מיר געגעבן קוראַזש: זאָל זי וויסן אַז איך בין ניט קיין שרעקעוו־דיקער. אמת, איך האָב אַ ביסל מורא געהאַט, אָבער איך בין פאָרט געגאַנגען און זיך אַרומגעקוקט. פּלוצעם האָט עפּעס אָנגעהויבן כראָפּען אַרום מיר און אַ גרויסע אַ ווייסע זאַך האָט זיך אַרויסגערוקט און גערוקט זיך גלייך אויף מיר. איך האָב זיך טאַקע דערשראָקן. הענט און פיס האָבן מיר אָפּגענומען. איך בין געבליבן שטיין. און די ווייסע זאַך רוקט זיך נעענטער און נעענטער צו מיר, און מיט אַ מאָל האָט עס געגעבן אַ שפּרונג און זיך אַרויפגעוואָרפן גלייך אויף מיר..."

„נו, וואָס איז עס געווען?..." האָט דווידקע, אויך איבערגעשראָקן, געפרעגט, ווען משהלע האָט אַ ווײַלע זיך אָפּגעשטעלט דערציילן זיין מעשה.

„ס׳איז געווען וואלאדיע...״ האט משהלע ווייטער דערציילט. „ער האט איבערגעקערט זיין פעלץ און אים אנגעטאן מיט די האר ארויף. ער האט אונדז געוואלט איבערשרעקן. נו, האב איך אים דערלאנגט! ער האט שוין מיך געהאט צו געדענקען״.

משהלע ווערט מלא שימחה דערמאנענדיק זיך ווי ער האט א מאל וואלאדיען צעקלאפט. דווידקע פארטראכט זיך דערביי: ער וואלט אויך געוואלט זיין דארט. ער פארטרייבט אבער באלד אט די זינדיקע מחשבות. א יידיש קינד טאר זיך ניט חברן מיט שקצים און שיקסעס; פאר אים איז די תורה געגעבן געווארן. און אויב ער פאלגט ניט, שמייסט מען אים אויף יענער וועלט מיט אייזערנע אנגעברענטע ריטער...

אבער דאך איז ער, ניט ווילנדיק, משהלען מקנא. משהלע איז א מאל געווען לוסטיק, פאר קיינעם ניט מורא געהאט, אפילו מיט שקצים געשלאגן זיך.

אבער, ס׳דערמאנט זיך דווידקע וואס אין חומש ווערט דערציילט: די יידן זיינען געווען אין מידבר און האבן פארבראכט מיט די טעכטער פון מדין און גאט האט זיי דערפאר באשטראפט. ווען משה וואלט ניט געמאכט די קופערנע שלאנג, וואלטן אפשר אלע יידן אויסגעשטארבן...

און ווי בכיוון האט זיך דער מערב־האריזאנט צעפלאקערט מיט רויטקייט. די רויטקייט האט אפגעגלאנצט אויפן שניי און באצויגן מיט רויטער מאט־קייט משהלעס פנים. „גיב נאר א קוק, משהלע,״ האט זיך דווידקע אפגערופן, „ווי ס׳האבן זיך צעצונדן די פייערן פון גיהנום! איי בראט מען און מען סמאליעט דארט איצט די רשעים! און זיי שרייען, נעבעך, פאר ווייטיק, אוי, שרייען זיי...״

*

באוויזן האבן זיך די ערשטע סימנים פון פרילינג. ביי טאג, ווי נאר די זון האט גענומען ווארעמען, אזוי גלייך האבן פון אומעטום אנגעהויבן שטראמען ריטשקעלעך; געצויגן האבן זיי זיך איבער דער גאס, איבער גערטנער און שליאך; אויסגעלייגט זיך אין וועגן מיט שטיינדלעך און געלן זאמד, און ווו נאר פון א בערגל צו א נידער, איז זייער שטראם געווען מיט אימפעט, געגליכן צו א קליינעם וואסערפאל.

משהלע האט בריהשאפט באוויזן. איין מאל האט ער אויסגעשטוקעוועט

אַ מילראַד. ער האָט קונציק צעשפּאָלטן אַ שטעקל אין פּירן, אויסגעשניטן אין מיטן אינעווייניק, אַריינגעשטעלט אין דעם רעדלעך וואָס ער האָט אויס־געבויגן פון ריטער, מיט ריטער דעם שטעקל צוריק צונויפגעהעפט, און געוואָרן איז פון דעם ווי אַ ראָד פון אַ מיל. האָט ער אָט דעם כּמו־מילראָד באַקרעפטיקט מיט שטיינדלעך איבער אַ ריטשקעלע און ס׳האָט זיך געדרייט ווי אַן אמתער מילראָד. אויך האָט משהלע באַוויזן אויסצוהוילן די קאָרע פון ווערבעצווייגן, פון דעם אויסשניצן פייפעלעך, וואָס איבער דעם האָט מען געקענט שפּילן פּונקט ווי אויף אַ דודע. אויך האָט ער פון צווייגן אויסגעבויגן בויגנס און אויסגעשניצט פיילן, מיט די פיילן אַלע מאָל געטראָפן פּונקט אין ציל און אויך דווידקען געלערנט ווי דאָס צו טאָן.

און נאָך אַ סך בריהשאַפטן האָט משהלע געקענט באַווייזן: קלעטערן אויף הויכעביימער, פייפן צווישן די ציין, נאָכמאַכן ווי פייגעלעך זינגען און ווי חיות ברומען. אויך קרעפטיק איז ער געווען — אַ גיבור! מיט דריי קינדער, אַזוי גרויס ווי ער, האָט איין מאָל זיך געראַנגלט און זיי צוזאַמענ־געוואָרפן אין איין קופּקע.

און דווידקע איז שטאָלץ געווען וואָס משהלע איז זיין בן־בית און וואָס תּמיד גייט ער אַרום מיט אים. ער האָט שוין אויפגעהערט טראַכטן מכּוח טויט און יענער וועלט, אויפגעהערט דערציילן משהלען פון זיינע מעשׂיות, נאָר ער האָט זיך בעסער אָנגעהויבן צוהערן זיך צו משהלעס מעשׂיות און דער־ציילונגען, אַ גלוסטונג האָט זיך ביי אים אַנטוויקלט צו אַזאַ לעבן ווי משהלע האָט זיך געפירט אין קאַרבאַטשעווקע, אַ גלוסטונג נאָך די זומער־נאַטשליעגן אין די וועלדער, נאָך דעם אַרומשווימען אויף שיפלעך איבער דער טייך און אַפילו נאָך דעם אַרויספאָר אויף שיפלעך ביי נאַכט צו כאַפּן פיש.

משהלע איז ניט איין מאָל אַרומגעפאָרן ביי נאַכט כאַפּן פיש, האָט ער דווידקען דערציילט ווי מען טוט עס: מען לייגט פאַנאַנדער אַ פייער אויפן שפּיץ שיף, אַז עס זאָל אָפּלייכטן אין טייך, מע לאָזט די שיף שווימען זייער שטיל, אַליין רעדט מען אויך ניט אַרויס קיין וואָרט, בכדי ניט איבערצושרעקן די פיש. און דאָס ליכט פון פייער מאַכט דאָס וואַסער דורכזיכטיק ביזן רעכטן דעק פון טייך, און מ׳זעט ווי די פיש ליגן אין וואַסער, רירן זיך ניט, דרעמ־לען, און ס׳איז זייער לייכט צו כאַפּן זיי. אַך, ווי דווידקע וואָלט געוואָלט האָבן אַזאַ שפּאַציר ביי נאַכט!

נו, און יולקע ?... איינציקע מאָל דערוועקט זיך אין אים אַ גלוסטונג אויך צו איר. ער ווייסט אַז ער זינדיקט מיט זיינע מחשבות, אָבער פאַרטרייבן זיי קען ער ניט. פאַר וואָס זי קומט אַזוי אָפט אויף זיינע געדאַנקען ווייסט ער ניט... צו פאַרברענגען מיט איר, אַזוי ווי משהלע פלעגט עס טאָן, וואָלט ער דאָך ניט געגאַנגען — ס'פּאַסט ניט פאַר אַ גמרא־יונג צו פאַרברענגען די צייט אָדער האָבן עסקים מיט אַ שיקסל, אָבער צו זיין אין וואַלד ביים „גאָטשליעג", ליגן ביים שייטער־הויפן, קוקן אין דעם באַשטערנטן הימל און דערביי פילן לעבן זיך יולקען מיט אירע רויטע באַקן און ברענענדיקע אויגן, וואָס זיינען ווי „צוויי שטערן אין הימל", — דאָס וואָלט זיך אים יאָ געגלוסט...

איין מאָל, אין אַ פרימאָרגן איז עס געשען, די זון האָט אַזוי ליכטיק געשיינט, געהערט האָט זיך ווי די וואַסערשטראָמען פונעם צעגאַנגענעם שניי זשורטשען אַזוי מעלאָדיש אונטערן פענצטער אין דרויסן, און ווי די פייגעלעך זינגען, — האָט אים אַזוי שטאַרק געצויגן וואָס גיכער צו זיין אין דרויסן. אָבער דאָ האָט ער זיך געשטעלט דאַוונען. געוואָלט האָט ער, אַזוי ווי אַלע מאָל, דאַוונען מיט כּוונה, אָבער, ווי צו להכעיס, זיינען זיינע געדאַנקען געפלויגן ערגעץ ווו אַנדערש: ס'האָט אים געצויגן אין דרויסן. דאָס מויל האָט די ווערטער פונעם דאַוונען אַרויסגערעדט, אָבער דאָ שטייט משהלע, שוין אויף שנעל אָן אָפּגעדאַוונטער, און ער פילט זיין אומגעדולד און ווי ער — אַפילו ניט אויסרייידנדיק קיין וואָרט — רופט אים, שלעפּט אים און ציט אים, אַז ער זאָל אָפּדאַוונען וואָס גיכער און גיין מיט אים אין דרויסן. האָט ער פון דאַוונען איבערגעהיפּט גאַנצע שטיקער, אויף דער גיך אַלץ אָפּגעכאַפּט און איז אַוועק מיט משהלען אין דרויסן.

שפּעטער האָט אים באַנג געטאָן. ס'איז צום ערשטן מאָל וואָס ער האָט איבערגעהיפּט אין דאַוונען, אָבער די הנאה פונעם פרילינג־באַגינען אין דרויסן האָט אים געמאַכט פאַרגעסן אין אַלץ, און אויף מאָרגן איז ער שוין צום דאַוונען גלייכגילטיקער געווען און וואָס אַ טאָג האָט ער די תּפילות אַלץ שנעלער אָפּגעכאַפּט, אַבי יוצא צו זיין, און ווען זיין געוויסן האָט אים פון צייט צו צייט יאָ געפּלאָגט, האָט ער זיך געפּרוּווט טרייסטן מיט דעם, וואָס ער איז נאָך ניט קיין בר־מיצווה און אויף אים ווערן קיין זינד ניט פאַררעכנט.

און ווען אים האָט געמאַטערט דער געדאַנק, אַז זיין טאַטע קען אפשר

באַשטראָפט ווערן פאַר זיינע זינד, האָט ער זיך אָנגעשטרענגט אויך אָט דעם געדאַנק צו פאַרטרייבן, מאַכנדיק דערביי אַ הסכם: וואָס איז דער טאַטע שולדיק? ער ווייסט דען? גאָט וועט אים ניט שטראָפן, מחמת ער מיינט דאָך, אַז איך דאַוון יאָ...

אָבער ווען די מאַמע האָט אויף אים געקוקט מיט נחת־רוח, געקוואָלן פאַר נחת וואָס זיינע באַקן ווערן פולער, ווי ס'הייבט זיי אָן באַדעקן אַ געזונ־טער פאַרב און אַז זיינע אויגן קוקן אויס לוסטיקער און מונטערער, — ערשט דענסטמאָל האָט ער זיך געפילט אַזוי שולדיק, און זיין האַרץ האָט אים געקלעמט — וואָרעם ער נאַרט זי. אין זיין האַרצן האָט ער זיך גענומען אַ תשובה, אַז פון היינט אָן און ווייטער וועט ער שוין ווערן גוט און פרום, ער וועט בעטן גאָט, אַז ער זאָל אים מוחל זיין פאַר זיינע ביז איצטיקע עבירות.

אָבער ווי נאָר ס'איז געקומען די צייט דורכצופירן די אָנגענומענע תשובה, איז דאָס דאַוונען געוואָרן אַזוי לאַנגווייליק און אַזוי לאַנג, און ס'איז אים געוווען דערווידער דאָס איבערחזרן די זעלביקע ווערטער, וואָס ער קען זיי שוין אויף אויסנווייניק, די כוונה האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן, און ער האָט ווידער געהיפּט די שורות, און דערביי האָט ער געשטילט זיין געוויסן מיט דעם, אַז ביז פּסח וועט ער הנאה האָבן און שפּילן זיך אין דרויסן און נאָך דעם, ווען ער וועט צוריקגיין אין חדר, וועט ער לערנען מיט התמדה און אַלע עבירות וועלן אים פאַרגעבן ווערן.

אַ מאָל פלעגט ער זיך דערמאָנען אָן זיינע חלומות: דיביידע הלומות ווען גאָט האָט זיך צו אים באַוויזן און שפּעטער — אליהו הנביא. ערשט דאַן האָט אים געקלעמט דאָס האַרץ וואָס ער פאָלגט זיי ניט, און זיי זיינען מן הסתם אויף אים זייער אין כעס; איצט וועט ער שוין קיין נביא זיכער ניט ווערן און אויף יענער וועלט, ווען ער וועט אַהין אָנקומען, וועט מען אים ברענען און בראָטן אין גיהנום. דעמאָלט פלעגט ער מיט אימפּעט כאַפּן זיך צום דאַוונען, זאָגן די תפילות מיט גרויס כוונה און פאַרציִען דעם „אחד" פון קריאת־שמע ביז דעם אויסגאַנג פונעם אָטעם. אָבער די גערוישן פון דרויסן, די באַנייטע וואַרעמקייט פון דער זון, דאָס זשורטשען פון די וואַסער־שטראָמען פון דעם צעגייענדיקן שניי, דאָס פּישטשען און טשיריקען פון די פייגעלעך, האָבן גערופן, געצויגן צו זיך, און דער חשק צום דאַוונען איז

ביסלעכווייז אויסגעגאַנגען, דער סידור האָט זיך במילא אַראָפּגעלאָזט, און ער פלעגט פאַרשטשעמען די ציין, ווי ער וואָלט באַדאַרפט גיין אַנטקעגן אַ מאַכטיקן שונא, און זיך אַרויסשליידערן אין דרויסן, לויפן איבערן אויס־געטריקנטן וועג, שפּרינגען איבער די וואַסער־קאַלוזשעס, אָנשטרענגען זיך צו דערשטיקן דעם רוף פון דער נשמה, דערדריקן זיין עגמת־נפש.



די וועגן זיינען קאַליע געוואָרן. איבער אייניקע ערטער איז נאָך געלעגן געדיכטער שניי און אין אַנדערע ערטער איז שוין דער שניי געווען צעגאַנגען. האָט מען ניט געקענט פאָרן ניט מיט שליטן און ניט מיט רעדער. די פּויערים וואָס זיינען געדונגען געוואָרן צו פירן צום טייך די אָפּגעהאַקטע קלעצער פון וואַלד, פון וואַנען זיי האָבן געזאָלט אין פרילינג אַראָפּגעשווומען ווערן צו דער גובערמיע, — האָבן געמוזט אָפּשטעלן זיך אין מיטן וועג און אָפּוואַרטן ביז דער צייט ווען דער שניי וועט שוין צעגיין אומעטום, די וועגן וועלן זיך אויסטריקענען, און דענסטמאָל פירן אויף רעדער זייער סחורה צום טייך. דערווייל האָבן זיי די קלעצער צוגעקייקלט ביזן שליאַך און ־אָרט זיי צעלייגט אויף אַ דערבײַיקן פעלד, אָנגעלייגט זיי הויך איינע איבער די אַנדערע.

דווידקע מיט משהלען האָבן אַרויפגעקלעטערט אויפן סאַמע שפּיץ פון דעם קלעצער־טורעם, דאָרט זיך אַנידערגעזעצט רייטנדיק אויף איינעם פון די קלעצער, געזעסן, געשאָקלט מיט די פיס, אָפּגערוט זיך פון דעם וואַנדער איבער די נאָך ווו־ניט־ווו פאַרבליבענע שנייבערגלעך.

פלוצעם האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ, ווי עטוואָס וואָלט זיך אָפּגעשלאָגן אָן אַ קלאָץ; אַ קלאָץ האָט זיך ווידערגעקולט מיט אַ ברומעריי וואָס האָט זיך איבערגעגעבן אין דווידקעס פוס. נאָכן ערשטן קלאַפּ האָט זיך דערטראָגן אַ צווייטער און אין זייער ריכטונג האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן שטיינער איינער נאָכן אַנדערן; זיי זיינען קענטיק געוואָרפן געוואָרן פון הינטערן פּלייט.

„דאָס איז אילושקאַ!“ האָט דווידקע אויסגעשריִען. „אָט, זע, אָן איז זיין הונט! נאָכן הונט קען איך אים דערקענען!“

משהלע איז אַראָפּגעשפּרונגען פון קלאָץ. „איך וועל אים שוין דער־לאַנגען,“ האָט ער אויסגערופן. „ער וועט שוין אויף אונדז מער קיין שטיינער ניט וואַרפן!“

„וואַרט, משהלע, גיי ניט,״ האָט דווידקע אויסגערופן ווען ער האָט דערזען אַז משהלע קלייבט זיך צו לויפן צום פּלויט וואָס פון הינטער דעם ווערן געוואָרפן די שטיינער. „גיי ניט! זיין הונט וועט דיך צעררייסן...״

משהלע האָט מיט ביטול אַ קוק געטאָן אויף דווידקען, ווי ער וואָלט געזאָגט: „זע נאָר, קוק אים אָן, אַפילו פאַר אַ הונט האָט ער מורא״, און ער איז צוגעלאָפן און איז אַריבערגעשפּרונגען דעם פּלויט.

„קוסאַי, קוסאַי!״ (בייס, בייס!) האָט זיך דערהערט אילושקאַס קול פון יענער זייט פּלויט, וואָס רייצט דעם הונט צו באַפאַלן משהלען. אָבער משהלע האָט זיך ניט אָפּגעשראָקן. ער האָט אויפגעהויבן אַ שטעקן, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אויף דער ערד, און איז מיט דעם אַוועק באַגעגענען דעם הונט. פון רוגזה האָבן זיך ביים הונט אויפגעשטעלט די האָר אויפן נאַקן, זיין בילעריי איז אַריבער אין אַ גרימצאָרנדיקער כריפּעריי, ער האָט איינגעבויגן דעם קאָפּ און זיך אַ לאָז געטאָן אויף משהלען. אָבער משהלע האָט ניט געוואַרט ביז דער הונט וועט צו אים צוקומען, נאָר ער האָט פון דער וויטן אים דערלאַנגט אַזאַ קלאַפּ מיטן שטעקן, אַז דער הונט איז אומגעפאַלן, האָט זיך צעיאָמערט און האָט אין גרויס פּחד גענומען מאַכן פּליטה.

דאָ האָט זיך אילושקאַ אויך באַוויזן, איז אַרויס פון זיין באַהעלטעניש פון הינטערן פּלויט און האָט זיך צעשריִען:

„טי זאַטשעם סאָבאַקו ביאָש, זשיד פּאַרכאַטי?״ (דו פּאַר וואָס שלאָגסטו דעם הונט, שמוציקער זשיד?), און מלא חימה האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צו שלאָגן משהלען. אָבער משהלע איז אים אַנטקעגן געקומען, מיט איין באַוועג מיט די הענט אים אומגעוואָרפן, מיט די קני אים צוגעשמידט צו דער ערד, אים אָנגענומען פאַר די האָר און גענומען קלאַפּן זיין קאָפּ אָן דער פייכטער ערד.

אילושקאַ, אַן אומבאַהאָלפענער און אַ פאַרציטערטער, האָט געמוזט נאָכגעבן און מחילה בעטן: „באַלשע ניע בודו, ראָדנינקי, יעי באָהו, ניע בודו!״ (מער וועל איך עס ניט טאָן, איך שווער ביי גאָט אַז איך וועל עס ניט טאָן!), האָט ער זיך ביי משהלען געבעטן.

און ווי נאָר משהלע האָט אים אָפּגעלאָזט, האָט ער קיין שהיות ניט געמאַכט, האָט גענומען אַנטלויפן אויף דער שנעל און זיך אומגעקוקט צי מען לויפט אים ניט נאָך. משהלע האָט זיך צוריקגעקערט צו דווידקען, אָבער

האָט דערביי ניט אַרויסגעוויזן קיין שום גאווה, פונקט ווי דאָס וואָס ער האָט אָפּגעטאָן וואָלט געווען גאָר אַ געוויינלעכע זאַך.

„משהלע, דו ביסט אַן אמתער גיבור! ווי שמשון הגיבור...״ האָט אים דווידקע געזאָגט און אים באַוווּנדערט.

## קאַפּיטל 13

אויף מאָרגן נאָך פּורים, ווען די קינדער דערהערן דעם קלאַנג פון דער פּסחדיקער בלעך, ווי מען שלעפּט זי אַראָפּ פון שולבוידעם, ווערן זיי מלא שימחה. די בלעך צו רעדלען די מצות און די לאַנגע שמאָלע טישן זיי צו וועלגערן, זיינען קהלשער אייגנטום אין קאַמאַרינקע, און אַ גאַנצן יאָר ווערן זיי געהיט אויפן שולבוידעם ווי אַ הייליקע זאַך וואָס טאָר ניט באַנוצט ווערן אויף קיין דבר־חול. אָבער ווי נאָר פּורים גייט פאַרביי, הייבן זיך אָן די הכנות צו פּסח, און עס שמייכלט שוין פאַר די קינדער דער ליבער גוטער תחיה יום־טוב.

עס קוקן זיך צו די קליינע קינדער צו די ערנסטע פּנימער פון די דערוואַקסענע און די עלטערן, ווי זיי זיינען זיך מתעסק לכּבוד דער קדושה פון אָט דעם יום־טוב און עס הייבט אָן צו שטייגן אין זייערע הערצער דאָס געפיל פון אַכפּערונג צו אים, און מיט אַ קלינגענדיקן קול זינגען זיי אויך, אַזוי ווי די גרויסע, דעם הלל, מיט וועלכן עס ווערט באַגלייט דאָס „כּשרן״ פון די בלעך און טישן. פול מיט געזאַנג ווערט דער שולהויף, און גויים, וואָס גייען פאַרביי, פאַרשטייען שוין אַז די ייִדישע „פּאַסכאַ״ קומט אָן, וואָס ווערט פון זייערע גלחים דערקלערט ווי אַ פאַרשוועכונג און ווידערשפּעניקונג פון זייער הייליקער קריסטלעכער אמונה, און זיי טוט הנאה אַריבערצוּוואַרפן איבערן פּלויט פון שולהויף צונויפגעשטייפטעביילן פון דעם זעלטן ווייַ איבערגעבליבענעם שניי, און ווען ס׳גליקט זיי אָפּ צו טרעפן מיט דעם אין פּנים פון אַ ייִדן, רייצן זיי זיך:

„נאַסאָלים אים פּאָטראָכו ק׳איכנים פּראַזדניקאָם, ניעכריסטי פּאָהאַנ־ניע!״... (מיר וועלן זיי אַ ביסל אָנזאָלצן צו זייערע ימים־טובים, שמוציקע אומגלויביקע).

און די ייִדישע קינדער — ניט אַזוי ווי די עלטערע ייִדן — פאַרשווייגן דאָס ניט. הינטערן פּלויט פונעם שולהויף און באַשיצט הינטער די פּלייצעס פון די גרויסע, האָבן זיי פאַר די שקצים קיין מורא ניט; און דאָרט אין ווינקל פון שולהויף, אונטערן פּלויט, איז נאָך פאַרבליבן געגנוג שניי, און ס'פאַרפירט זיך אַ מילחמה צווישן „קונדסים" און „שקצים", וואָס ווערט באַלד אָפּגע־שטעלט דורך דער אַריינמישונג פון די גרויסע:

„זאָלן זיי זיך וואַרפן קאָפּ אָן וואַנט," רופן זיי אויס צו די קינדער, „און איר ענטפערט זיי ניט, מחמת, מישטיינס געזאָגט, וואָס אַ ייִדיש קינד קען אויפטאָן קעגן אַ באַנדע שקצים..."

דאָס מאָל איז אָבער אויך משהלע געווען אויפן שולהויף, און אים איינ־האַלטן איז ניט אַזוי לייכט געווען. ער האָט קיין אָנגריפן בשום אופן ניט געוואָלט פאַרשווייגן. פאַרקערט, ער האָט אַרויסגעקוקט אויף געלעגנהייטן צו קענען אָפּשלאָגן אַזעלכע אָנגריפן. אים איז אויך ניט געווען צום האַרצן דאָס איבערוואַרפן זיך מיט שנייקוילן פון באַהעלטענישן הינטער דער שמירה פונעם פּלויט. האָט ער גערופן די קינדער אַרויסצוגיין אין דרויסן און אָפּצו־רעכענען זיך מיט די שקצים פּנים לפּנים. אָבער די קינדער האָבן פאַר די שקצים מורא געהאַט און זיינען ניט געגאַנגען. איז משהלע געוואָרן אין כּעס און האָט אָנגערופן די קינדער אַז זיי זיינען פּחדנים, און ווען אַ שנייקויל האָט געטראָפן ר' יחזקאלען, דווידקעס טאַטן, אין רוקן, האָט משהלע שוין ניט אַכטונג געגעבן, צי די איבעריקע קינדער פאָלגן אים נאָך אָדער ניט, און ער האָט זיך אַליין אַוועקגעלאָזט צו די שקצים.

די קינדער זיינען געבליבן שטיין אין אַ פאַרלעגנהייט און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן: צו גיין אַנטקעגן די שקצים האָבן זיי מורא געהאַט, און איבער־צולאָזן משהלען איינעם אַליין מילחמה צו האַלטן מיט אַ גאַנצער מחנה שקצים איז אַ מיאוסער אַרויסווייז פון פּחדנות. אויך דווידקע איז געבליבן שטיין און זיך געקווענקלט וואָס צו טאָן. ווען זיין טאַטע וואָלט דערביי ניט געווען, וואָלט ער זיכער ניט איינגעהאַלטן און וואָלט נאָכגעפאָלגט משהלען, אָבער דער טאַטע, ווייסט ער, וועט אים מוסרן אויב ער וועט עס טאָן. האָט ער אַרויפ־געקלעטערט אויפן פּלויט צו זען וואָס דאָרט אין דרויסן טוט געשען.

„אוי, קינדערלעך," האָט ער אויסגערופן מיט התפּעלות, „די שקצים האָבן פאַר משהלען מורא! זיי אַנטלויפן... און משהלע יאָגט זיי נאָך..."

משהלע איז מיט אַזאַ פוריע אַרויסגעלאָפן אַנטקעגן די שקצים, אַז זיי האָבן באמת אָנגעהויבן אָפּטרעטן, מורא באַקומען, קודם, פאַר זיין צאָרנדיקן אויסזען, און דערצו האָבן זיי שוין געוווּסט, אַז ער האָט ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק צעמזיקט אילושקען, האָבן זיי דרך־ארץ געהאַט פאַר אים. אָבער ווען זיי זיינען אַ ביסל אָפּגעטראָטן און געזען אַז משהלע איז איינער אַליין, האָבן זיי זיך קענטיק מיישב געווען, אַז ס׳איז ניט שיין פאַר זיי אַלעמען אין איינעם מורא צו האָבן פאַר איין „זשידאָק״, און זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אים צו באַגעגענען. און באַלד האָט דווידקע דערזען ווי זיי האָבן זיך איינגעפּלאָנטן אין איין קנויל מיט משהלען און וואַלגערן זיך מיט אים אויף דער ערד. צו ערשט האָט מען נאָך געקענט זען ווי משהלע איז פון אויבן, אָבער באַלד איז ער שוין געווען פון אונטן און אַלע שקצים איבער אים, און זיי שלאָגן אים מיט די פויסטן, און מיט אַלץ וואָס זיי קענען דערלאַנגען.

„אוי, קינדער, זיי וועלן אים צעמזיקן!...״ האָט דווידקע אויסגערופן, „קומט, לאָמיר זיי אָפּטרייבן פון אים!״

און דווידקע האָט שוין מער אין זינען ניט געהאַט, אַז זיין טאַטע וועט אים מוסרן, ער האָט זיך אָנגעפילט מיט אימפּעט און פאַרלוירן זיין מורא, נאָר איין זאַך האָט ער געקראָגן אין זינען, אַז דאַרט שלאָגט מען משהלען, ער דאַרף אים העלפן, און ער האָט אויף דער שנעל זיך אַריבערגעוואָרפן אויף דער אַנדער זייט פּלויט און געלאָזט זיך לויפן אַהין צו משהלען. ווען די איבעריקע קינדער האָבן דאָס דערזען, האָבן זיי אים נאָכגעפּאָלגט און — עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מילחמה צווישן יידישע קינדער און שקצים, אַ מילחמה וואָס איז אין קאַמאַרינקע געשען צום ערשטן מאָל אַז יידישע קינדער זאָלן באַפאַלן שקצים, אַ מלחמה, וואָס האָט זיך פריער ניט געענדיקט ביז די שקצים זיינען אַנטלאָפן צעביילטע און צעמזיקטע. און ווען פון די „גרויסע״ יידן איז מען אָנגעקומען פונאַנדערנעמען די צדדים, האָבן די שקצים שוין געמאַכט פּליטה און די יידישע קינדער האָבן זיי נאָכגעוואָרפן שנייקוילן.

אָבער די „גרויסע״ יידן האָבן זיך פאַרט באַצויגן צו משהלען מיט נזיפה און אויסוואָרף: „וואָס פאַר אַ תּכלית קען מען וואַרטן פון אַ ,בעז־באַטשקאָ־וויטש׳ (פּאָטערלאָזן)״, האָבן זיי געזאָגט, „אַז ס׳איז ניטאָ ווער ס׳זאָל אויף אים אַכטונג געבן... ער וועט נאָך דאָס גאַנצע שטעטל קינדער אַראָפּפירן פון וועג...״

די קינדער האָבן געהערט די דאָזיקע באַמערקונג, אָבער זיי האָבן פֿאַר־שטאַנען, אַז ס׳איז בלויז אַן אָנשטעל און, באמת, טראַכטן אַפֿילו אויך אָט די באַלעבאַטישע ייִדן, אַז משהלע האָט געהאַנדלט גוט מיט דעם וואָס ער איז געגאַנגען אָפּרעכענען זיך פֿאַר רב יחזקאל, וואָס איז צו אים געוואָרן ווי אַ טאַטע, און זיי האָבן אָנגעהויבן מער שאַצן משהלען, מער שאַצן אים פֿאַר דעם וואָס ער האָט באַוויזן אַז אויך קעגן שקצים דאַרף מען ניט מורא האָבן זיך אַנטקעגנצושטעלן.

דווידקע איז אַהיימגעגאַנגען מיט אַ פֿאַרקלעמט האַרץ: זײַנע הויזן האָבן זיך אײַן געשלעג צעריסן, זײַן פּנים איז געווען צעדראַפּעט, האָט ער זיך געריכט אַז ערשט ווען ער וועט קומען אַהיים וועט אים דער טאַטע באַ־שטראָפֿן, אָבער צו זײַן גרויסן וווּנדער האָט דער טאַטע געשוויגן און גאָר־נישט געזאָגט, נאָר בלויז די מאַמע, ווען זי האָט אים דערזען און ווי ער זעט אויס, האָט זי אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און האָט אין שרעק אים אָנגע־הויבן אויספֿרעגן וואָס עס איז געשען. האָט איר דער טאַטע אַליין באַרויִקט, אַז ס׳איז קיין בייז ניט, ס׳וועט אים גאָרנישט שאַדן, נאָר זאָל זי, די מאַמע, אים אַרומוואַשן און מער גאָרנישט.

דווידקען איז אויף זײַן טאַטן געווען אַ חידוש און ער איז באַהערשט געוואָרן פֿון אַ גרויסער פֿרייד.



אויף די פּסחדיקע הכנות וואַרטן די קינדער אַ גאַנצן ווינטער. דעמאָלט הייבט זיך אָן פֿאַר זיי אַ לוסטיקע צײַט: דער בין־הזמנים קומט אָן. זיי פֿילן זיך אויסגעמאַטערט פֿון דעם לאַנגן ווינטער, פֿון זיצן גאַנצע טעג ביז שפּעט אין די נעכט אין חדר און אָן אָפּרו שאָקלען זיך איבער די שווערע, שווערע ספֿרים און צו געפֿינען זיך אונטער דעם אומאויפֿהערלעכן אויפֿזען פֿון דעם בייזן רבין. זומערצײַט האָט דער רבי זײַן באַשטימטע צײַט ווען אַרויסצולאָזן די קינדער פֿון חדר: ווי באַלד קיין זייגער האָט ער ניט, קוקט ער אַרויס אין דרויסן, און דענסטמאָל ווען די טשערעדעס קומען פֿון פֿרייען פֿעלד, די בהמות, ציגן און שעפּסן, געמאָלקן צו ווערן און אײַנגעשפּאַרט צו ווערן אין די שטאַלן אויף איבער דער נאַכט, — גייען די קינדער אַרויס פֿון זייער אײַנשפּאַרעניש אין חדר, צו כאַפּן פֿרישע לופֿט איבער די פֿרייע פֿעלדער, ביז וואַנעט מאַמעס פֿאַריאָגן זיי אין שטוב — צו דאַווענען מעריב, עסן ווע־

טשערע און גייען שלאָפן. ווינטער אָבער איז נאָך ערגער, די טעג זיינען קורץ און די נעכט לאַנג, און דער רבי האָט ניט קיין באַשטימטע צייט, און ער לאָזט אָפּ די קינדער ווי ס׳פאַלט אים איין, אַ מאָל פריער און אַ מאָל זייער שפּעט, און עס צעציט זיך דער אָוונט זייער לאַנג, עס שרעקן די שאָטנס, וואָס ווערן קוים צעטריבן פון דעם טונקעלן נאַפּטלאָמפּ, און איינגעמאַטערט, זייער איינגעמאַטערט ווערן די קינדער — גלאַנצן בלויז גרויסע טרויעריקע אויגן אויף זייערע בלייכע פּנימער און קיין שמייכל באַווייזט זיך ניט אויף די ליפּן: אין חדר ווערן זיי שוין באַלעבאַטישע ייִדן...

ווינטערצייט זיינען אַפילו די פרייטאָגס קורץ, און האַלבן טאָג, ווען מ׳גייט אַרויס פון חדר, הייבן שוין אָן די נאַכטשאָטנס אַרויסקלעטערן פון ערגעץ, און עס גלאַנצן שוין די שבתדיקע ליכט אין יעדן ייִדישן הויז. און אויך דער שבתדיקער טאָג איז זייער קורץ און מען האָט נאָך ניט קיין צייט צו ענדיקן עסן דעם טשאָלנט ווי מען דאַרף שוין גיין אין שול דאַווענען מנחה. און אויך איז ניט פאַראַן קיין אָרט ווו צו שפּילן זיך. אין דרויסן איז קאַלט און אין די קורצע ווינטערטעג זיצן ייִדן תּמיד אין שול און לערנען אָדער זאָגן תּהלים. אַ שווערע, שווערע צייט איז דער ווינטער פאַר ייִדישע קינדער, און דעריבער פרייען זיי זיך מיט די הכנות צו פּסח, וואָס זאָגן זיי אָן דעם קומענדיקן בין־הזמנים, דעם אָנהייב פון פרילינג, די לאַנגע, פריילעכע, ליכטיקע, וואַרעמע טעג, דאָס פאַרגעניגן אָן אויפהער, מחמת ס׳וועלן זיך צעגרינען די לאָנקעס, ס׳וועלן זיך צעזינגען די פייגל, צעקריכן זיך מיט סמאָלע די סאָסנעס, און גוט וועט זיין צוצולייגן זיך אונטער די שאָטנדיקע דעמבעס.

און פון דעם טאָג אָן וואָס עס דערהערט זיך דער קלונג פון דער פּסח־דיקער בלעך, ווען מען שלעפּט זי אַראָפּ פון שולבוידעם, ווייסן שוין די קינדער אַז זיי הערן אויף צו זיצן אין חדר ביי נאַכט, און זיי וועלן פריילעך פאַרברענגען די אָוונטן אין די מצות־בעקערייען, דאָרטן קנעטן קניידלעך, רעדלען די מצות, אַרומקריכן אונטער די לאַנגע טישן איבער וועלכע מ׳וועל־גערט די מצות, אָפּבינדן די פאַרטעכער ביי די מיידלעך וואָס וועלגערן די מצות, צושפּילן מיט שפּילקעס זייערע קליידלעך איינע צו די אַנדערע, זיך שטיל אָפּרוקן און אויסשטעלן אומשולדיקע פּנימער אַז זיי ווייסן גאָרניט וואָס צו זאָגן ווער עס האָט געטאָן, און שטאַרק הנאה האָבן צו זען ווי פאַרלעגן

ס'ווערט אַ מיידל ווען זי דערזעט זיך אָן אַ פֿאַרטעך, אָדער ווען זי פֿאַרפּלאָנ־טערט זיך, ווען זי וועלגערט אויס די מצה און וועלנדיק אָפּטראָגן זיך צום בלעך, קען זי קיין טראָט ניט מאַכן.

„ס'זענען שקצים און ניט קיין ייִדישע קינדער!" ווערט זי אין כּעס און די אַנדערע מיידלעך צעלאַכן זיך אויפֿן קול, זייענדיק צופֿרידן פֿון זייער חברטעס פֿאַרלעגנהייט, לאַכן זיי אַזוי לאַנג ביז דאָס צוגעשפּילעטע מיידל הייבט אויך אָן לאַכן און ס'ווערט פֿריילעך און לעבעדיק אין הויז.

פֿרום זיינען די קאַמאַרינקער ייִדן און זיי פֿאַרטרויען ניט די בעקערייען צו באַקן זייערע מצות. זיי אַלע זיינען שמורה־ייִדן און יעדער באַלעבאָס באַקט זיינע מצות אין זיין אייגן הויז און גיט אַליין אַכטונג אויף כּשרות. יעדער הויז ווערט דעריבער אויף איין טאָג פֿאַרוואַנדלט אין אַ בעקערײ און עס פֿאַרקלייבן זיך אַהין אַלע מיידלעך פֿונעם שטעטל צו וועלגערן די מצות בחברותא, און ביי אַ צווייטן טיש שטייען די בחורים און קנעטן טייגלעך, און ס'איז פֿריילעך... די בחורים רעדן ניט, חס וחלילה, קיין דברים בטלים מיט די מיידלעך, נאָר זיי באַגלייטן זייער הייליקע אַרבעט מיט זאָגן הלל און שאָקלען זיך גאָטספֿאַרכטיק איבער די טישן, און טאָמער וואַרפֿט אַ בחור אַ קיילעכל טייגל אין פּנים פֿון אַ מיידל, טוט ער עס אויך אומבאַמערקט, און דערביי צעקלינגט זיך העכער זיין הלל־ניגון. איז עס איבער דעם אַז די רויטקייט, וואָס באַגיסט דערביי זיין פּנים, זאָל ניט באַמערקט ווערן? אָדער אפֿשר איבער דעם אַז זיין פֿאַרשטאַרקטער האַרצקלאַפּן זאָל זיך באַרויִקן? און דאָס מיידל מאַכט זיך ניט זעעוודיק דעם קיילעכל טייג, וואָס טרעפֿט איר גלייך אין נאָז, נאָר זי בייגט זיך איין נידעריקער איבער איר מצה און עס קלאַפּט פֿלייסיקער אין טיש איר וועלגערהאָלץ און קיינער וואָלט ניט געקענט זאָגן אַז דאָס האָט זי צוריקגעוואָרפֿן דאָס קיילעכל טייג צום בחור, נאָר מן הסתם האָט עס געטאָן אַ קונדס אַ חדר־ייִנגל... און די „קונדסים", זיי מערקן אַלץ און זיי הייבן אויך אָן באַוואַרפֿן די מיידלעך מיט קיילעכלעך מצה־טייג...

דווידקע און משהלע געניסן מער פֿון אַלעמען אין די בעקערייען. אין חדר גייען זיי ניט, קענען זיי קומען אין די בעקערייען פֿריִער פֿון אַלע אַנדערע קינדער, און זיי קנעטן טייגלעך באַגלייך מיט די גרויסע בחורים, רעדלען די מצות אויף די בלעכן מיט אַ סך בריהשאַפֿט, פֿאַנאַדערוואַרפֿנדיק

מיטן רעדל מיט דער פולער לענג פון דער האַנט, געשווינד לויפן מיט אים איבער די מצות און דערביי אויך מאַלן קווייטלעך איבער די מצות, אָפּט מאָל אַפילו אַריינמאָלן אין דעם די בילדער פון די פיר זין פון דער הגדה און אַנדערע הגדה־געשטאַלטן.

און מכּוח משהלען ווערט טאַקע אָפּט גערעדט אין די בעקערייען. עס ווערט איבערדערציילט מיט אַלע פּרטים און מיט אַ סך צוגאָבן די מעשׂה מיט אילושקאַן און מיט די שקצים פון שולהויף און זיין בראַווקייט ווערט פון אַלעמען באַוואונדערט. משהלע ווערט שטאָלץ מיט דעם, אָבער דווידקע פאַלט ביי זיך אויך ניט אַרונטער, אויך ער האָט אַ חלק אין דעם געשלעג מיט די שקצים און ער דערציילט מיט אַלע פּרטים ווי ער איז געשטאַנען אויפן פּלויט, און ווען ער האָט געזען וואָס עס טוט זיך האָט ער גאָר ניט מורא געהאַט צו לויפן און העלפן משהלען.

„היינטיקע קינדער, זיי זיינען שוין ניט ווי אין אונדזערע קינדערישע צייטן...” שמועסן צווישן זיך די בחורים מיט די מיידלעך, פּונקט ווי ווער וויס ווען זייערע קינדערישע צייטן זיינען געווען... „יאָ, יאָ, היינטיקע צייטן, אַ הפקר־וועלט געוואָרן...”



דער טאָג ווערט פאַרבראַכט אין די מצה־בעקערייען און אין די אָוונטן זיצן זיך דווידקע און משהלע ערגעץ ווו אין אַ ווינקל אין הויז און שמועסן צווישן זיך. די שמועסן פירט דווידקע. משהלע איז נאָך גאָר אַ תּם. ער ווייסט גאָרנישט. אין קאַרבאַטשעווקע האָט ער די הכנות צו פּסח קיין מאָל ניט געזען און דווידקע דאַרף אים דערקלערן יעדע זאַך באַזונדער. דווידקע פילט זיך שטאָלץ דערמיט און אים טוט הנאה אַרויסצווייזן זיך פאַר זיין חבר מיט קענטשאַפט און באַווייזן אים, אַז ניט אומעטום איז משהלע אין דער אויבערהאַנט. באַצייטנס האָט ער משהלען געלערנט די פּסחדיקע הלכות פון ניס־שפּילן: „אום־צי־גראַד”, „ביקלעך” און „יאַרמאָלקעס”. און אויך די נסים פון יציאת־מצרים דערציילט אים דווידקע און איבערלייגט זיי אויף זיין אייגענעם שטייגער פון התלהבות:

„פאַרשטייסטו, משהלע!” דערציילט ער, „אויך ער האָט געהייסן משה. דיין נאָמען האָט ער געהאַט. און זיין געזיכט איז געווען אַזוי ליכטיק, אַז מע האָט אים גלייך אין פּנים ניט געקענט קוקן, אַזוי ווי אויף דער זון.

און ווען ער איז געבוירן געוואָרן, איז אין געצעלט ליכטיק געוואָרן און די יידן האָבן זיך איינע די אַנדערע אָפּגעגעבן מזל־טוב, מחמת זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז ער וועט ברענגען די גאולה.

„און פרעה האָט פאַר אים זייער מורא געהאַט. ער האָט בכישוף געזען, אַז מיט דער צייט וועט ער דורך אַ יידן באַשטראָפט ווערן, אָבער ער האָט ניט געוווּסט דורך וועלכן יידן. דערפאַר האָט ער געהייסן אַז אַלע זכרים, וואָס וועלן ביי די יידן געבוירן ווערן, זאָל מען אַריינוואַרפן אין טייך און אַלע טעכטער זאָלן בלייבן לעבן. נו, פלעגן די יידישע מאַמעס גיין האָבן זייערע קינדער אין מידבר און דער מלאך גבריאל פלעגט זיי ברענגען צוויי שטיינער צו זייגן — פון איין שטיין פלעגט רינען האָניק און פון צווייטן — מילך... און וואָס מער פרעה האָט געדריקט די יידן אַלץ מער האָבן זיי זיך געפרוכפּערט און געמערט..."

משהלען געפעלן די מעשׂיות, די מעשׂיות ווו די יידן האָבן געטאָן אויף צו להכעיס פרעהן, און באַזונדערס געפעלט אים די מעשׂה פון ים־סוף.

„די יידן לויפן און די מצרים לויפן זיי נאָך," דערציילט דווידקע מכּוח דעם. „און משה שטייט און טוט תּפילה צו גאָט. דענסטמאָל האָט גאָט געזאָגט צו משהן: ,געַנוג דיר שוין צו שרייען צו מיר, גיי בעסער און פיר די יידן!' און משה האָט אַ מאַך געטאָן מיטן שטעקן און דער ים־סוף האָט זיך צעשפּאָלטן און די יידן זיינען אַוועק איבער אים. אָבער ווי נאָר די מצרים זיינען אַריין האָבן זיך אַרויפגעגאָסן איבער זיי די וואַסערן און זיי זיינען געזונקען ווי אַ בליי אין דעם טיפן אָפּגרונט און האָבן זיך דערטרונקען...

„און די יידן האָבן דערזען די גרויסע ישועה און זיי זיינען אַרויס טאַנצן. מרים איז אַרויס מיט די פּויקן און פייפלעך און אַלע מיידלעך נאָך איר, און משה רבינו האָט געזונגען שירה, און אַלע האָבן געטאַנצט: די יידן, די קינדער, די בחורים, די מיידלעך, פּונקט אַזוי ווי שׂימחת־תּורה אין שול, און ס'איז נאָך פריילעכער געווען... און געווען איז עס דאָך פּסח־צייט, פרילינג, די זון האָט געשיינט, דיביימער האָבן געגרינט, דער ים האָט געבלישטשעט, די פייגעלעך געזונגען, איז גוט געווען..."

דווידקע שווייגט אַ ווײַלע און קענטיק ער איז באַגייסטערט, ער זעט אין זיין זעונג אַן אַמאָליקע שיינע וועלט, זי לעבט אויף פאַר אים, און ער לעבט זיך אַריין אין איר.

„גוט געווען דעמאָלט, אַ יאָ גוט געווען?" זאָגט ער אַרויס צום סוף. משהלע שווייגט.

„אוי, ווי איך וואָלט דאָרט געוואָלט זיין..." זאָגט ער ווייטער.

און די אוממעגלעכקייט דאָרט איצט צו זיין מישט אויס דווידקע דערמיט וואָס יידן זיינען איצט אין גלות און דאָס שטערט אים צו זען יציאת מצרים.

„און איצט זיינען מיר דאָך אויך אין גלות," רעדט ער ווייטער צו משהלען. „אויך איצט זיינען מיר קנעכט ביי גוים... צום דריטן מאָל זיינען מיר אין גלות. אַ פריער זיינען מיר געווען אין גלות־מצרים, נאָך דעם — אין גלות־בבל, און איצט — גלות־אֶדום. ניט גוט, ניט גוט, משהלע, איז צו זיין אין גלות. קנעכט זיינען מיר, משהלע. אוי, משהלע, ווען משיח קומט! ווי גוט עס וואָלט געווען! משיח וועט זיין אָנגעטאָן אין אַ ווייסן קיטל, און רייטן וועט ער אויף אַ ווייסן אייזל, און אַ קול פון אַ שופר וועט זיך דער־טראָגן, און אַלע, אַלע יידן, סיי די לעבעדיקע, סיי די טויטע וועלן זיך ציען קיין ארץ־ישׂראל..."

„ווייסט, משהלע," איז דווידקען איינגעפאַלן אַ התפעלותדיקער געדאַנק, וואָס האָט אים געמאַכט מלא שׂימחה, „ווען מיר וואָלטן געוואָלט, וואָלטן מיר געקענט אַראָפּברענגען משיחן. איך ווייס וואָס מע באַדאַרף טאָן. מע דאַרף גיין אין מידבר און פאַסטן פערציק טעג און פערציק נעכט, און יעדן טאָג צוויי מאָל טובל זיין זיך אין מיקווה, און ווערן ריין פון אַלע עבירות. דע־מאָלט ווערט מען אַן אמתדיקער צדיק און מע גייט אַוועק אויפן קבר רחל און צו דער מערת־המכפלה און אַנדערע הייליקע קברים, און מע בעט זיי אַז אויך זיי זאָלן תּפילה טאָן, און מע שטעלט זיך דאַווענען צו גאָט. און דאַווענען דאַרף מען פערציק טעג און פערציק נעכט, און אויך די אָבות און אַנדערע צדיקים וועלן פון גן־עדן בעטן גאָט, און גאָט וועט אַזוי פיל בקשות שוין ניט קענען מעיז פנים זיין, און ער וועט משיחן אַראָפּשיקן... לאָמיר עס טאָן, משהלע, ווען מיר וועלן גרויסע ווערן!..."

משהלע האָט אויף דעם אויך ניט געענטפערט. הפּנים ער טיילט ניט דווידקעס מסירות־נפש. ערשט שפּעטער, נאָך אַ קורצן שווייגן, האָט משהלע שטיל אַ פרעג געטאָן:

„הער, דווידקע, וועט אַ שיקסע אויך קענען גיין קיין ארץ־ישׂראל ווען משיח וועט קומען?"

„אַ שיקסע?" פֿאַרוואונדערט זיך דווידקע, „ווי קומען אַהין שיקסעס?"

„און ווי אַז אַ שיקסע וועט וועלן גיין אַהין?" פֿרעגט ווידער משהלע.

„וועט זי מוזן ווערן אַ ייִדיש קינד, זי וועט מוזן מגייר זיין זיך," האָט דווידקע באַשלאָסן.

„נו, און יולקע וועט זיכער וועלן ווערן אַ ייִדיש קינד, ווען משיח וועט קומען..." האָט משהלע פֿאַר זיך אָפּגעפּסקנט.



ס'האָט זיך דערהערט דער קלונג פֿון אַ גלאָק: איינס... צוויי... דריי...

ס'מוז שוין זיין שפּעט ביי נאַכט — מלכּה שלאָפֿט שוין פֿון לאַנג אין איר צימער און בלויז דווידקע און משהלע זיצן נאָך אין זייערע אונטערוועש אין זייערע בעטן און רעדן צווישן זיך. אין צימער איז פֿינצטער, דער נאַכט־לאָמפּ קוים וואָס ער לייכט אָפּ אַ האַלבן ווינקל.

„הערסט, משהלע?" האָט דווידקע שטיל געזאָגט, „הערסט? עפּעס אַ גלאָק קלינגט."

„יאָ, איך הער," האָט משהלע געענטפֿערט.

„אַזוי שפּעט ביי נאַכט... וואָס זאָל עס זיין?" האָט זיך דווידקע געחידושט.

צו ערשט איינציקווייז האָבן זיך די קלונגען דערטראָגן און באַלד האָבן זיי זיך אָנגעהויבן הערן אָפֿטער און אָפֿטער, און אָט איז שוין פֿול די לופֿט מיט געקלאַנג. אַלע גלאָקן פֿון קאָמאַרינקער גלאָקטורעם האָבן זיך הויך צעקלונגען. און דער געקלאַנג איז עפּעס אַזאַ מאָדנער, אַן אויסערגעוויינלע־כער, ניט אַזאַ ווי ווען מע קלינגט אין חגאות צו רופֿן דעם עולם אין קירך אַריין. עס צעגיסן זיך איבער דער לופֿט דינינקע, וויינענדיקע קולכעלעך פֿון קענטיק קליינע גלעקלעך, און עס ענטפֿערט זיי אָפּט דער הויכער באַסאָוועך קול פֿון דעם גרויסן גלאָק: „בום... בום... בום..."

„אפֿשר איז עס אַ שׂרפֿה?" האָט דווידקע אויסגערעדט מיט אַ ציטעריק קול.

און באמת — איבערן צימער האָט אָנגעהויבן פֿאַנאַנדערלייגן זיך אַ רויטער שיין. ניט אַוועקגעלייגט האָט ער זיך פֿעסט ווי דער שיין פֿון באַגינען, ווען עס הייבט אָן אויפֿגיין די זון, נאָר אַרומגעשוועבט האָט ער איבערן צימער, אָט אויפֿגעפֿלאַקערט און באַלד אויסגעלאָשן זיך, אַ שיין געטאָן און

פאַרשוווּנדן געוואָרן, אָבער מערקן האָט מען געקענט, אַז אַפילו אין דער צייט וואָס ער פאַרשווינדט איז ער אויך דאָ, ווי אַ שאָטן פון רויטן ליכט.

און די גלאָקן קלינגען אָפטער און שטאַרקער, קלאָגן זיך און טראָגן זיך אָפּ מיט מורא אין דער שטילקייט פון דער נאַכט און זייער געקלאַנג מישט זיך מיט דעם רויטן שימער אין דער לופט.

און פלוצעם איז ליכטיק געוואָרן אין צימער, אַ רויטע ליכט האָט זיך צעלייגט, באַגאָסן אַלץ ווי מיט אַ גיהנום־אָפּגלאַנץ, שאַרף געמאַכט די קאָנטורן און אָנגעצונדן זיך אין פענצטער.

„פּאָזשאַר!... פּאָזשאַר!...״ (אַ שׂרפה!... אַ שׂרפה!...״) האָט זיך פון דער גאַס פאַרטראָגן אַן איינציקער קול, און דערהערט האָבן זיך באַלד קלאַפּערייען פון טירן, טויערן האָבן אָנגעהויבן סקריפּען, און דער אויסגעשריי „פּאָ־זשאַר!...״ האָבן אויפגעכאַפּט אַנדערע שטימעס און אויסגעמישט האָבן זיך דער גלאָקן־געקלאַנג מיט די אָפּגעריסענע קולות פון אַ המון אין דער גאַס.

ס׳האָט זיך דערהערט אַ הונט־וואָיערײַ, צו ערשט אַן איינציקער געוואָי, און באַלד פון אַ צווייטן הונט, און באַלד האָבן זיך אַלע קאַמאַרינקער הינט צונויפגעגאָסן אין איין באַנומענער וואָיערײַ.

„וואָס זיצן מיר ווי גולמס?״ האָט משהלע אויסגערופן און איז אויף שנעל אַראָפּ פון בעט. „שנעל, דווידקע, טו זיך אָן און גיי וועק אויף די מאַמע!״

דווידקע האָט אויך אין איילעניש גענומען אָנטאָן זיך, אָבער ער איז צו פיל מבולבל געוואָרן, האָט די קליידער ניט געקענט געפינען, און ווען ער האָט זיי יאָ געפונען, האָט ער זיך געפּלאָנטערט ווי אָנצוטאָן זיי. משהלע איז אָבער געשווינד פאַרטיק געוואָרן מיט זיין אָנטועכץ און האָט זיך צעבייזערט:

„וואָס נעמט עס ביי דיר אַזוי לאַנג? אייל זיך צו!״ און איז אַליין אַוועק צו מלכּהס צימער, בדעה זי אויפצוּוועקן, אָבער ער האָט זי שוין באַגעגנט ביי דער טיר: די קולות פון דרויסן האָבן זי אויפגעוועקט פון שלאָף, איז זי מיט פּחד און אין איילעניש צוגעקומען צו דווידקען און אים געהאָלפן אָנ־צוטאָן זיינע קליידער. משהלע האָט זיך צוגעקוקט און געזען ווי זיי ביידע, מאַמע און זון, זיינען מלא פּחד און ער האָט זיך געוווּנדערט פאַר וואָס זיי זיינען אַזוי. דורכן פענצטער האָט ער געקענט זען, אַז די שׂרפה איז ערגעץ ווייט אויף דער אַנדער זייט שטעטל און דערפאַר איז נאָך דערווייל ניט פאַראַן

פאַר וואָס מורא צו האָבן. מיט אים איז פאַרקערט, ער איז אַפילו צופרידן: פאַר אים איז עס אַן אַנגענעמענע באַרוישונג. „ניטאָ וואָס מורא צו האָבן," האָט ער זיך געווענדט צו מלכּהן. „די שׂרפה איז ווייט פון דאַנען. „טוט זיך אָן וואַרעם און מיר וועלן אַרויס אין דרויסן. איך וועל העלפן דווידקען אָנצוטאָן זיך."

מלכּה איז צוגעקומען צום פענצטער און אַרויסגעקוקט אין דרויסן. אין גאַס איז שטילער געוואָרן, דער עולם איז קענטיק אַוועק צו דער שׂרפה, בלויז עטלעכע מענטשן זיינען געשטאַנען אין מיטן גאַס, זעט אויס געבליבן דאָ אַכטונג צו געבן אויף זייערע אייגענע הייזער. מלכּה האָט פאַרשטאַנען, אַז דערווייל איז די סכּנה צו דער זייט שטעטל נאָך ניט גרויס, האָט זי זיך באַרויִקט. דער הימל איז רויט געווען און אַ גרויסער זייל רויך אויסגעמישט מיט פייער און פונקען האָט אים פאַרדעקט זייער הויך. די נאַכט איז געווען אַ קלאָרע און אַ פינצטערע און די פייער־פונקען האָבן זיך געמישט מיט די שטערן. משהלע האָט געהאָלפן דווידקען אָנצוטאָן זיך און דערווייל האָט מלכּה זיך אויך אָנגעטאָן און זיי זיינען אין איינעם אַרויס אין דרויסן.

אין דרויסן האָט מען די שׂרפה גוט געקענט זען: געברענט האָט אַ שייער פון הינטער דער גויִשער קאַמאַרינקע און אומגעלאָפן זיינען מענטשן אין איילעניש און מבולבל. די פייערלעשערס האָבן פונעם ברונעם געשעפּט וואַסער אין די פעסלעך אויף די וועגענער, צו וואָס עס זיינען געווען געשפּאַנט פערד, און זיי זיינען אויף שנעל אַוועק צו לעשן די שׂרפה.

„אוי, אַ פייער, שוין אין מאָל אַ שׂרפה!" איז משהלע באַגייסטערט געוואָרן. „ס'מוז זיין אַ סך שטרוי אין שייער, דערפאַר ברענט עס אַזוי שטאַרק. אוי, ווי איך וואָלט געוואָלט אַהין צוקומען. דאָ איז קיין סכּנה ניטאָ. דער ווינט טראָגט די פונקען אין דער אַנדער זייט."

„וואָלט דיר ניט געאַרט אַוועקגיין פון דאַנען און אונדז דאָ איבערלאָזן אַליין?" האָט אים מלכּה געזאָגט.

„איך גיי דאָך ניט," האָט זיך משהלע פאַרענטפערט. „איך זאָג ניט מער, אַז איך וואָלט געוואָלט אַהין צוקומען... ס'איז דאָך שיין..."

דערווייל האָט זיך דער ווינט פאַרקערט אין אַן אַנדער זייט און אַ געדיכטער רויך מיט פונקען האָט זיך אָנגעהייבן פאַרשפּרייטן איבער זייער אייגן הויז.

„אוי, ווײ איז מיר ניט!" האָט מלכּה אויסגערופן מיט שרעק. „עס רוקט זיך אַהערצו... דאָס גאַנצע שטעטל קען נאָך אָפּברענען... וואָלט כאָטש כאָטשע געווען אין דער היים..."

משהלע איז געשטאַנען, באַטראַכט די זיילן פונקען וואָס האָבן זיך מיט דעם רויך געטראָגן אין דער הייך. ער האָט קענטיק באַשלאָסן וואָס עס דאַרף געטאָן ווערן און ער האָט זיך געווענדט צו מלכּהן: „איך דאַרף האָבן אַ שטריק, אַ לאַנגע שטריק. האָט איר ערגעץ ווו אַ שטריק?"

„אַ שטריק?... וואָס עפּעס אַ שטריק?" האָט זיך מלכּה פאַרוווּנדערט.

„גיט מיר נאָר אַ שטריק, וועט איר שוין זען," האָט אומגעדולדיק משהלע איר געענטפערט. „זאָגט מיר נאָר ווו עס ליגט ביי אייך אַזאַ שטריק."

מלכּה האָט אים געענטפערט אַזאַ אַזאַ שטריק ליגט ביי זיי אין הויז הינטערן אויוון. משהלע איז געשווינד אַוועק אין הויז און האָט זיך באַלד צוריקגעקערט מיט דער שטריק און אַן עמער וואַסער. איין עק שטריק האָט ער אַרומגעבונדן אַרום זיינע לענדן און דעם צווייטן עק צום עמער וואַסער. דערנאָך האָט ער געשווינד און פלינק אַרויפגעקלעטערט אויפן פלויט, וואָס איז געווען באַהעפט צום הויז, און פון דאָרט האָט ער קונציק, און לויט אויסזען אַקראָבאַטיש, באַוויזן אַרויפצוקומען אויפן דאַך פון הויז און מיט דער שטריק אַרויפגעשלעפּט צו זיך דעם עמער מיט וואַסער. פון דער שׂרפה האָבן זיך איבערן דאַך געשאָטן פייער־פונקען און אַלע פון אונטן האָבן געזען און זיך געחידושט ווי משהלע לויפט דאָרט אַרום און ווו נאָר עס פאַלט אַ פונק, לעשט אים משהלע אויס עס זאָל ניט אָנצינדן דעם דאַך.

„ברענגט נאָך וואַסער," האָט ער באַלד אויסגערופן און האָט אַרונטער־געלאָזט דעם ליידיקן עמער. „גיכער, גיכער!"

אַ גרויסע האַלאַוועשקע איז אַראָפּגעפאַלן אויפן דאַך און האָט אים אָנגעהויבן צינדן. „וואַסער, נאָך וואַסער!..." האָט משהלע געהאַלטן אין איין אויסרופן. „גיכער! גיכער!" און דערווייל האָט ער אָנגעהויבן צו צעטרעטן דעם פייער מיט די פיס.

פונעם דאַך פון הויכן הויז האָט משהלע אַכטונג געגעבן אויפן אויסזען פון גאַנץ קאַמאַרינקע, וואָס איז דורך דער שׂרפה איינגעטונקט געוואָרן אין רויטקייט. אויך אויף אַנדערע דעכער זיינען געשטאַנען מענטשן צו לעשן די פייער־פונקען וואָס זיינען אויף זיי געפאַלן פון דער שׂרפה, און אויסגעזען

האָט זיך ווי דאָס גאַנצע שטעטל וואָלט געשלאָפן אין האַלב־טונקעלער רויט־קייט. קוקנדיק פון אויבן אַרונטער זיינען די שמאָלע גאַסן פאַרשטעלט דורך די דעכער פון זייערע הייזער און די מענטשן דאָרט זען זיך ניט אַרויס, און משהלען האָט זיך געדוכט ווי ער אַליין וואָלט געווען דער עדות פון דער גאַנצער ברייטקייט פון אַרום, און דאָס שטייט ער אַליין אַרומגערינגלט מיט גלאָקן־געקלאַנג, הינטוואָיעריי, און אַלערליי מענטשלעכע קולות, וואָס רייסן זיך אַריין איינע אין די אַנדערע, און ער אַליין שטייט אויפן שפּיץ פונעם משופּעדיקן דאַך, לענט זיך אָן דעם קוימען, און די שׂרפה אָט דאָרט און די קולות און געקלאַנגען פון אונטן רופן דאָס אַרויס צו אים פון אויבן.

אַרונטער פון דאַך איז ער ערשט דעמאָלט ווען די סכנה איז שוין אין גאַנצן געווען אַריבער, און אַרונטער איז ער מיט פרייד פון דעם געפיל, אַז ער האָט איצט פאַרדינט די פריינדשאַפט פון כאַטשען און מלכהן, און אַז אַלע אין קאַמאַרינקע וועלן שוין איצט האָבן אַ סך דרך־ארץ פאַר אים.

מלכה איז צו אים צוגעקומען, אים אַרומגענומען און געזאָגט: „אַ דאַנק, משהלע! דו האָסט געראַטעוועט אונדזער שטוב פון שׂרפה...״ מער האָט זי ניט געזאָגט, אָבער אַנגעזען האָט זיך, אַז זי האָט איצט מער ליבשאַפט צו אים. און דאָס האָט משהלען פאַרשאַפט פרייד. און משהלע האָט גלייך גע־מערקט, אַז דווידקע קוקט אויף אים מיט גרויס באַוווּנדערונג און פאַרערונג. און דאָס האָט משהלען נאָך מער געפרייט.

## קאַפּיטל 14

פסח. דער ערשטער סדר. די שטוב איז פאַרפּוצט און עס גלאַנצט און שיינט אין יעדן ווינקל. דער טיש איבערגעדעקט מיט אַ שנייווייסן טישטעך, ווײַן אויסגעשטעלט אין קרישטאָל־פלעשער, אַרומגערינגלט מיט קרישטאָל־בעכערס און באַזונדערע זילבער־בעכערס פאַר קידוש און דעם אליהו הנביא־כוס, מיט די אָנגעצונדענע בענטשליכט אין די גלאַנציקע לייכטערס און די שיין געמאָלענע און קאָלירטע פסחדיקע געפעס. עס פילט זיך די נשמה־יתירה, עס פילט זיך דער גרויסער יום־טוב פון באַפרייונג.

און די מאַמע — אויך זי זעט אויס גאָר אַנדערש. עס דוכט זיך דווידקען

אַז פון אַלע מלכּהס איז זי די שענסטע. פון איר ווייסזיידן קליד ביז איר ווייסזיידן קאַפּטיכל און די שנורן פּערל און אַנדערע צירונג וואָס הענגען אַרונטער פון איר האַלדז, איז נעימות אויסגעגאָסן. נעימותדיק איז אויך איר פּנים. אַפילו די קנייטשן אויף איר שטערן און באַקן האָבן זיך אויסגעגלעט און אויך אירע אויגן לויכטן מיט שׂימחה, מיט רו און פרידן.

און דער טאַטע — באמת אַ מלך. ניט קיין שטרענגער מלך, נאָר אַ גוט־האַרציקער, אַן ענִיוותדיקער. העכער און אויסגעגלייכטער ווייזט ער זיך אויס אין זיין ווייסן קיטל און ווייסער יאַרמלקע, וואָס זיינע שוואַרצע האָר רינגלען אַרום ווי מיט אַ קראַנץ, און די שוואַרצע באָרד צעלייגט זיך אַזוי שיין, און די אויגן לייכטן. שטאָלץ איז דווידקע צו זיין דער בן־מלך פון אָט די מלך ומלכּה און אַ געפיל פון רחמנות דערוועקט זיך ביי אים צו משהלען, וואָס שטייט אָן אַ זייט, זעט אויס אומעטיק און פאַרפרעמדט און קוקט זיך אַרום פאַרוווּנדערט.

„פאַר וואָס ביסטו אַזוי אומעטיק, משהלע?״ פרעגט ער אים.

„גאָרניט,״ ענטפערט משהלע. „עפּעס מאָדנע. דיין טאַטע איז אַן אַנדע־רער און דיין מאַמע איז אויך גאָר אַנדערש...״

דווידקע קוועלט. ער איז צופרידן וואָס אויך משהלע האָט באַמערקט די ענדערונג אין זיין טאַטע־מאַמע און ער וואָלט שוין וועלן זעצן זיך ביים סדר און פרעגן די פיר קשיות, כּדי משהלע זאָל פילן, אַז אויך ער, דווידקע איז אַן אַנדערער, אַז ער איז ניט דער פּשוטער דווידקע, נאָר אַ פּרינץ, אַ בן־מלך פון זיין טאַטע־מאַמע.

אָבער אַ גרויסער חידוש. אַלץ איז גרייט פאַרן סדר, אָבער דער טאַטע הייבט אים ניט אָן צו פּראַווען. דער טאַטע האָט שוין אויך געמאַכט קידוש, אָבער ער הייבט ניט אָן זאָגן די הגדה. טאַטע־מאַמע קוקן אַרויס דורך די פענצטער, אין דרויסן שיינט די פולע לבנה. „אפשר זאָל איך שוין אָנהייבן דעם סדר?״ ווענדט זיך דער טאַטע צו דער מאַמען. „לאָמיר נאָך וואַרטן אַ ביסל,״ ענטפערט די מאַמע. „ער וועט געוויס קומען... סיידן, זאָל גאָט היטן, ער איז פאַרשוואַכט, וועט מען דאַרפן אַרויסשיקן איוואַנען אים אויפזוכן. מ'קען דאָך ניט איבערלאָזן אים ערגעץ אין אַ גוייִשער שטוב פּסח־צייט...״

ער?... ווער איז ער?... דווידקע ווייסט: ער איז ר' יחיאל דער פעלדשער.

מכמה יאָרן זייער שטענדיקער אורח אויף פסח. אָבער היינט האָט ער זיך פאַרשפּעטיקט צו קומען. פאַר וואָס? געוויס עפּעס אַ סיבה דערביי. דווידקען פאַרקלעמט אויך דאָס האַרץ. ער ווערט אויך אומרויִק. ער האָט ליב ר׳ יחיאלן. פאַר וואָס אַזוי פאַרשפּעטיקט? אַן אומגליק, חס וחלילה? ער קוקט אויך אַרויס דורכן פענצטער און דערזעט: עמעצער קומט! איז דאָס ער? ער וואַרט ער זאָל זיך דערנעענטערן צו דערקענען ווער דאָס איז. און ער דערקענט אים באַלד. „ער קומט! ער קומט!״ רופט ער אויס, און גייט געשווינד עפענען די טיר.

ר׳ יחיאל איז אַריינגעקומען אין הויז. דעם פּעקל פון זיין רוקן האָט ער נאָך אין דרויסן אַראָפּגענומען און איבערגעלאָזט אין פירהויז. ער האָט שווער געאָטעמט, קענטיק מחמת זיין איילענדיקן גאַנג, אָבער האָט לוסטיק אויסגעשריגן: „גוט יום־טוב! איך בעט ביי אייך מחילה... איך האָב פאַרשפּעטיקט...״

„גוט יום־טוב, גוט יאָר,״ האָט דער טאַטע געענטפערט, „און ברוך הבא! און אויב איר האָט זיך פאַרשפּעטיקט איז מן הסתם געווען אַ סיבה... האָט איר שוין געדאַווענט מעריב״?

יאָ, מעריב האָט ער געדאַווענט, געדאַווענט גייענדיק. מחמת דעם וואָס ס׳איז אַזוי שפּעט האָט ער אַפילו שמונה עשׂרה געדאַווענט גייענדיק.

„אויב אַזוי,״ האָט דער טאַטע געזאָגט, „קומט צום טיש און מאַכט קידוש. איך האָב שוין געמאַכט קידוש, אָבער פאַר אייך האָב איך ניט יוצא געווען.״

באַזונדערס האָט זיך דווידקע דערפרייט מיט ר׳ יחיאלן. ער האַלט אים פאַר זיין טייערן גוטן פריינד. איז ער צו אים צוגעקומען, אויסגעשטרעקט די האַנט און געזאָגט: „שלום עליכם, ר׳ יחיאל, און גוט יום־טוב!״

„אַה, שלום עליכם, עליכם שלום, דווידקע! און גוט יום־טוב גוט־יאָר דיר! און וואָס מאַכסטו, רב קונדס?״ און ווענדנדיק זיך צום טאַטן האָט ער ווידער געפרעגט: „וואָס מאַכט ער באמת? ער זעט אויס, קיין עין הרע, אַ סך בעסער. די בעקלעך פולער געוואָרן, ניט אַזוי ווי איך האָב אים געזען דאָס לעצטע מאָל.״ און ער האָט אַרויפגעלייגט זיינע הענט איבער זיין קאָפּ און געזאָגט מיט כוונה:

„יברכך אלהים כאפרים וכמנשה!...״

„אָמן!״ האָבן טאַטע־מאַמע געענטפערט. און די מאַמע, נייגעריק, האָט דערביי צוגעגעבן אַ פראַגע: „באמת, ר׳ יחיאל, פאַר וואָס זענט איר געקומען

אַזוי שפּעט? מיר האָבן אויף אייך געוואַרט אַ גאַנצן טאָג. געמיינט איר וועט קומען אין דער פרי. דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז איר וועט אונדז ניט פאַרלאָזן און איר וועט הײַיאָר אויך קומען צו אונדז אויף פּסח. מיר האָבן מצה אויך געבאַקן אויף אייער חלק און ווי איר זעט, פאַר אייך אויפגעשטעלט אַ באַזונדער היסב־בעט. דווידקע האָט אויך געהאַלטן אין איין נאָכפרעגן זיך אויב און ווען איר וועט קומען. איך האָב שוין ניט אַנדערש געטראַכט, אַז דער אייבערשטער זאָל אונדז אָפּהיטן, עפּעס, חלילה, אַ סיבה האָט געטראָפן..."

„אַ סיבה?... גאָר אַ סיבה?..." האָט ר׳ יחיאל געענטפערט. „קודם, דער רבש״ע זאָל אייך משלם זיין פאַר וואָס איר האָט זיך געזאָרגט וועגן מיר און פאַר אייער מכניס אורח זיין מיך אויף פּסח. אָבער וואָס שייך אַ סיבה," האָט ער אָנגעהויבן ריידן שפּאָסיק, ווי ס׳איז זיין שטענדיקער שטייגער, „דאַרפט איר קיין מורא ניט האָבן... מיט ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַטן טרעפן זיך ניט קיין סיבות. אַז מיר האָבן געקענט אויסהאַלטן אָט יענע אַכזורדיקע סאָלדאַטשטשינע, קענען מיר אויסהאַלטן אַ סך אַנדערע זאַכן. אָבער אָט איז מחמת וואָס איך האָב היינט פאַרשפּעטיקט: פאַר טאָג בין איך אַרויס אין וועג צו קומען צו אייך. די וועגן זיינען שוין איצט אויסגעטריקנט, קיין שנייען זיינען שוין מער ניטאָ, האָב איך זיך גערעכנט אָנקומען אַהער אַרום האַלבן טאָג. אָבער ווי נאָר איך בין אָנגעקומען קיין דאַמבראָווע, באַגעגנט מיך אַ פּויער און בעט זיך ביי מיר רחמים: זיין ווייב איז מסוכן קראַנק, איך זאָל זיך דערבאַרעמען און זי קומען אָפּראַטעווען. איך האָב ניט געקענט און ניט געטאָרט אָפּזאָגן זיך. אמת טאַקע, ערב פּסח, אָבער דאָ איז דאָך פּיקוח נפש. ס׳איז געווען אַ צער בעלי חיים אָנצוקוקן. די פרוי זייער קראַנק, און דאָ קליינע קינדער, אַ ביטערע אָרעמקייט. אין הויז איז אַפילו קיין ברויט ניט פאַראַן. געדאַרפט גיין צו שכנים אויסבעטלען פאַר זיי אַ ביסל ברויט, גרויפּן. און דער אַוויר אין הויז איז ממש ניט איבערצוטראָגן. ניטאָ קיין ביטחון אַז זי וועט אין איר הויז קענען געזונט ווערן: מ׳מוז זי נעמען אין אַ „באָל־ניצע" (שפּיטאָל). אָבער קיין אייגענעם פערד האָט ניט דער פּויער, האָב איך געדאַרפט איינבעטן זיך ביי אַן אַנדער פּויער, אַז ער זאָל זיך אונטערנעמען דאָס צו טאָן. דערווייל איז די צייט אַוועק. איך כאַפּ זיך — די זון האַלט שוין ביים פאַרגיין..."

„איר, ר׳ יחיאל," האָט געענטפערט ר׳ יחזקאל, „וועט תּמיד געפינען

פאַר וועמען צו זאָרגן זיך... אָבער איצט לאָמיר אָנהייבן אָפּריכטן דעם סדר. היינט האָבן מיר נאָך אַ גאַסט צום סדר. ביי איך וועט ער פרעגן די פיר קשיות און דווידקע וועט, ווי תּמיד, ביי מיר פרעגן די פיר קשיות. דאָס איז משהלע, דער זון פון חיים קאַרבאַטשעווקערס ע״ה.״

ר׳ יחיאל האָט באַטראַכט משהלען. ״יאָ, איך האָב געהערט...״ האָט ער געזאָגט. ער איז צו אים צוגעקומען, אַרויפגעלייגט זיינע הענט איבער זיין קאָפּ, ווי ער האָט דאָס פריִער געטאָן צו דווידקען, פאַרמאַכט די אויגן און געזאָגט מיט כּוונה: ״יברכך אלהים כּאפרים וכמנשה...״ געשטאַנען אַ ביסל פאַרטראַכט, נאָך דעם אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט געזאָגט: ״געוויס ווייסט דאָך גאָט וואָס ער טוט...״ און איז אַוועק צום טיש, אויפגעהויבן זיין כּוס און געמאַכט קידוש.

## קאַפּיטל 15

דאָ איז כּדאַי איבעררייסן די דערציילונג וועגן דווידקען, זיינע טאַטע־מאַמע און משהלען און איבערדערציילן די לעבנס־געשיכטע פון ר׳ יחיאל, אַזוי ווי ער האָט זי דערציילט ביים סוף פון ערשטן סדר און אויף מאָרגן נאָכן צווייטן סדר.

קעגן וואָס איז דאָס געקומען צו רייד?

אָט קעגן וואָס:

נאָכן סדר האָט ר׳ יחיאל זיך אָנגעלענט אָן זיין היסב־בעט, באַטראַכט משהלען, וואָס איז געזעסן קעגן אים און מיט אַ שמייכל גוטמוטיק ביי אים אַ פרעג געטאָן:

״זאָג נאָר, משהלע, איצט, אַז דו וווינסט שוין אין קאַמאַרינקע און ביסט געוואָרן אַ שטאָט דאָ אין הויז, שפּילסטו זיך אויך אַ מאָל מיט שיקסלעך, אַזוי ווי אין קאַרבאַטשעווקע?... הערט נאָר,״ האָט ער זיך געווענדט צו ר׳ יחזקאל מיט מלכּהן, ״איך קום איין מאָל אין קאַרבאַטשעווקע און ער, משהלע, גייט אַרום אַ צעביילטער. וואָס איז? דערציילט מיר זיין טאַטע, עליו השלום, אַז ער האָט זיך צעמזיקט מיט אַ שייגעץ איבער אַ שיקסל... ווי געפעלט אייך אונדזער קליינוואַרג?... ערשט אַרויס פון די וויקעלעך און שלאָגן זיך שוין פאַר אַ שיקסל...״

משהלע, פאַרשעמט און פאַררויטלט, האָט אַראָפּגעבויגן זיין קאָפּ.

„שעמסט זיך, משהלע,״ האָט ר׳ יחיאל זיך צו אים געווענדט מיט אַ קול פון חרטה פאַר וואָס ער האָט אים מבייש געווען, „נו, ניטאָ פאַר וואָס צו שעמען זיך. אין דיינע יאָרן איז מיר אויך אויסגעקומען האָבן עסקים מיט אַ שיקסל. אויך געווען אַ שיקסל אַזאַ...״

„איר און אַ שיקסל?״ האָט מלכּה פאַרוואונדערט ביי אים געפרעגט. „ס׳איז מיר אַ גרויסער חידוש...״

„חידושט זיך ניט,״ האָט ר׳ יחיאל געענטפערט. „אָט ווי איר זעט. און אַז אַ שיקסל איז וואָס? מיינט איר אַז נאָר ביי ייִדן זיינען דאָ נשים צנועות? פרויען מיט אמת כּשרע נשמות? פאַראַן אַ סך ייִדישע פרויען וואָס זיינען מרשעתן און פאַראַן ניט־ייִדישע פרויען — און אויך מענער — וואָס זיינען צדקניות און צדיקים, חסידי אומות העולם, רופט מען זיי. אַזוינע וואָס הלוואי אויף אַ סך ייִדן געזאָגט געוואָרן.״

און ר׳ יחיאל האָט אָנגעהויבן דערציילן די מעשׂה מכּוח אים אַליין און זיין שיקסל.

ווען מ׳האָט אים געכאַפּט און געשטעלט צום פּריזיוו פאַר אַ קומענדיקן סאָלדאַט — האָט ר׳ יחיאל אָנגעהויבן זיין דערציילונג — איז ער ערשט געוואָרן בר־מיצווה. „אייך איז דאָך געוויס באַקאַנט, אַז אין דעמאָלטיקע צייטן איז געווען אַ גזירה, אַז יעדער ייִדישע קהילה דאַרף יעדן יאָר צושטעלן אַ באַשטימטע צאָל רעקרוטן פאַר דער צאַרישער אַרמיי,״ האָט ער ממשיך געווען זיין דערציילונג. „איז פון וועמען זאָל מען נעמען די דאָזיקע רע־קרוטן? — פאַרשטייט זיך, פון די אָרעמע לייט. די רייכע האָבן געגעבן כאַבאַר ווו מ׳האָט געדאַרפט און זייערע זין האָט מען ניט אָנגערירט; די אָרעמע קינדער זיינען אָבער געווען הפקר. אַ שטייגער: אַ יתום, אַ זון פון אַן אַלמנה, אָדער סתּם אַ זון פון אָרעמע לייט. „כאַפּערס״ זיינען געווען, רשעים — ייִדן אָדער ניט־ייִדן, וועמען די רייכע האָבן אונטערגעקויפט, און זיי פלעגן אָפּהיטן אַ באַשטימט ייִדיש קינד, אים פאַרפירן פון זיין היים, אָדער אים פאַרנאַרן, אים אַזוי אַרום אַריינכאַפּן און אים צושטעלן צום מיליטער־דינסט ווי אַ רעקרוט במקום דעם זון פון דעם רייכן מאַן.״

נו, יחיאלס טאַטע איז געווען אַן אָרעמער שניידער, קומען אַהיים ניט מער ווי אויף שבתים און ימים־טובים, און אין וואָכעדיקע טעג איז ער

אַרומגעגאַנגען איבער דערפער, נייען קליידער סיי פאַר די פּריצים און סיי פאַר די פּויערים, און דערפון געצויגן זיין אָרעמע חיונה.

אין אונדזער שטעטל איז געווען אַ ישיבה, האָט ר׳ יחיאל וויטער דער־ציילט, און דאָרט האָב איך געלערנט. געלערנט האָב איך מיט גרויס חשק, און געזאָגט האָט דער ראש־ישיבה אַז איך האָב אַ גוטן קאָפּ, אַפילו געהאַלטן מיך פאַר אַן עילוי, מחמת צו דרייצן יאָר האָב איך שוין אַליין געקענט לייענען אַ בלאַט גמרא, מיט רש״י, תּוספות און מהרש״א, און געקענט פאַרוואַרפן דעם ראש־ישיבה מיט קשיות, צו וועלכע אים איז ניט לייכט אָנגעקומען צו געפינען די תּירוצים. פאַרשטייט זיך, אַז הגם מיינע טאַטע־מאַמע האָבן געהאַט נאָך פינף קינדער אַחוץ מיר, בין איך געווען זייער יחוס און זיי האָבן געהאָפט, אַז מיט דער צייט וועל איך פאַרשיינען זייער עלטער. האָבן זיי מיך שטאַרק אָפּגעהיט און געוווילטיקט מער פון מיינע ברידער און שוועסטער.

איין מאָל, אין אַן אָוונט, און איך בין געקומען אַ היים פון דער ישיבה, האָב איך זיך, ווי דער שטייגער, גענומען אַ גמרא און אין דעם אַריינגעקוקט. מיין מאַמע איז אין דער היים ניט געווען — מן הסתּם אַוועק צו אַ שכנה, אָדער אין אַ קראָם עפּעס איינקויפן. מיינע ברידער און שוועסטער זיינען אויך ניט געווען אין דער היים — ווו ווייס איך ניט. די טיר איז געווען אָפן און איך האָב זי ניט פאַרריגלט. בדרך כּלל זיינען ביי אונדז די טירן קיין מאָל ניט געווען פאַרריגלט. מחמת נאָך וואָס? פאַר גנבים און גזלנים וועלן דאָך קיין ריגלען ניט העלפן, און פאַר סתּם מענטשן זיינען די טירן תּמיד אָפן. בין איך אַזוי געזעסן פאַרחושט אין אַן ענין פון דער גמרא און קיין אַכט ניט געגעבן ווי עס עפנט זיך די טיר און אין שטוב קומען אַריין צוויי הויכע, ברייטפּלייציקע ייִדן. זיי זיינען אַריינגעקומען, זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן. ווען איך האָב זיי דערזען, בין איך אויפגעשטאַנען און געוואַרט צו הערן וואָס זיי האָבן עפּעס וואָס צו זאָגן. אָבער, אַז זיי האָבן געשוויגן, האָב איך זיך צו זיי געווענדעט:

„שלום עליכם. וואָס האָט איר געוואָלט?״

„עליכם שלום,״ האָט איינער פון זיי געענטפערט, „מיר וואָלטן געוואָלט וויסן צי מיר קענען דאָ איבערנעכטיקן?״

„איך ווייס ניט,״ האָב איך געענטפערט, „אָט ווען די מאַמע וועט קומען, וועט זי אייך זאָגן.״

„און ווו איז די מאַמע?״ פרעגט זיך אַלץ דער זעלביקער ייִד.

„איך ווייס ניט,״ האָב איך געענטפערט. „מסתּמא אַרויס עפּעס איינקויפן אין קראָם.״

איך האָב גלייך באַמערקט, אַז די ייִדן האָבן זיך איבערגעוווּנקען און מאָדנע אַ שמייכל געטאָן. באַמערקט האָב איך עס, מחמת ווי נאָר זיי זײַנען אַרײַנגעקומען האָב איך אויף זיי געוואָרפן אַ חשד, אַז זיי זײַנען ניט גלאַט אַזוי ייִדן, און אַז עפּעס דאַרף מען אויף זיי האָבן אַ חשד... מײַן טאַטע מיט דער מאַמען האָבן מיר נאָך פון פריִער מתרה געווען, אַז איך זאָל זיך זייער אָפּהיטן, מחמת „כאַפּערס״ דרייען זיך אַרום אין אונדזערע קאַנטן. ווען איך האָב באַמערקט, אַז זיי האָבן זיך איבערגעוווּנקען, האָב איך אָנגעהויבן מורא האָבן. איך האָב גלייך אַ טראַכט געטאָן אַרונטערצוּוואַרפן זיך אונטערן טיש, כּדי זיי זאָל אָנקומען שווערער מיך צו דערלאַנגען, און דערווייל וועט אפשר אָנקומען די מאַמע. אָבער די ייִדן זײַנען געווען געשיקט, זיי האָבן מסתּמא דערקענט מײַנע מחשבות, און איידער וואָס און ווען, האָבן זיי זיך אויף מיר אַרויפגעוואָרפן, מיר פאַרשטאָפּט דאָס מויל, איבער מיר אַרויפגעוואָרפן אַ זאַק און — בקיצור, איך האָב זיך געווערט מיט די הענט און די פיס, אָבער זיי האָבן מיך געהאַלטן זייער פעסט און זיי האָבן מיך אַרײַנגעוואָרפן אין אַ וואָגן און זײַנען מיט מיר אַוועק איידער ווער עס איז האָט זיך געקענט כאַפּן ווו איך בין אַהינגעקומען.

און פון דענסטמאָל אָן האָבן זיך אָנגעהויבן מײַנע פּלאָגענישן. די דאָזיקע צוויי ייִדן האָבן מיך איבערגעגעבן צו אַנדערע מענטשן — ייִדן אָדער גויִים, ווייס איך ניט, און זיי האָבן מיך לאַנג געהאַלטן פאַרשפּאַרט אין אַ פינצטערן חדר. דאָרט בין איך איינער אַליין געזעסן, און מײַן פּחד געדענק איך נאָך עד היום. מיר איז געווען קאַלט און ניט געגעסן האָב איך אַ היפּשע צייט — אַ טאָג אָדער צוויי, איך ווייס ניט. אָבער דאָס האָט מיך אַזוי ניט געאַרט, ווי דאָס וואָס איך האָב ניט געוווּסט וואָס מיט מיר וועט זײַן. קודם האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל און מיט כּוונה געלייענט קריאת־שמע און דערנאָך האָב איך אָנגעהויבן זאָגן תּהילים, — די קאַפּיטלעך וואָס איך האָב געוווּסט אויף אויסנווייניק. דאָרט איז געשטאַנען אַ האַרטע באַנק, האָב איך זיך אויף דעם געזעצט און מורא געהאַט זיך אַ ריר צו טאָן און איך האָב כּסדר געשעפּטשעט קאַפּיטלעך תּהילים. דערנאָך האָב איך זיך אָנגעהויבן

דערמאָנען דפים פון דער גמרא און זיי אָנגעהויבן לערנען אויף אויסנווייניק. פון אָרט אָבער האָב איך זיך ניט גערירט ביז וואַנען איך האָב פּלוצעם דער־פילט ווי עטוואָס צופּט מיך ביים אַרבל און מיר אויף דער האַנט איז אַרויפ־געקומען עפּעס אַ האָריקע פייכטע זאַך. ס׳איז מן הסתם געווען אַ מויז אָדער אַ קאַץ, אָבער מיין שרעק איז געווען אומגעווייניגלעך. איך בין האַסטיק אויפ־געשפּרונגען צו אַנטלויפן, אָבער ניט געקענט מאַכן מער ווי צוויי־דריי טריט און זיך אָן עפּעס פאַרטשעפּעט און בין אומגעפאַלן און אָן עפּעס שטאַרק אָפּגעשלאָגן מיין קאָפּ. לכתחילה האָב איך קיין ווייטיק ניט געפילט, אָבער מיין שרעק איז געווען אומגעוויינלעך. איך האָב זיך אויפגעהויבן און גענומען מיט די פויסטן קלאַפּן אין וואַנט און שרייען. אויף מיינע קלעפּ און געשרייען האָט זיך קיינער ניט אָפּגערופן. בין איך באַלד אָוועקגעפאַלן און פאַרלוירן מיין באַוווסטזיין.

ווי לאַנג איך האָב זיך געפונען אין יענער פינצטערער צעל ווייס איך ניט. אַ פּאָר מאָל האָט זיך געעפנט אַ שפּאַלט אין דער טיר און אַ פּאָר הענט פון אַ מענטשן, וואָס זיין פּנים האָט זיך ניט באַוויזן, האָט אויף דער באַנק אַוועקגעשטעלט עפּעס שפּייז און אַ קורץ ברענענדיק ליכט. אָבער צום שפּייז האָב איך זיך ניט צוגערירט און דאָס ליכט האָט באַלד אויסגעברענט און זיך אויסגעלאָשן. און ווידער פינצטער, פינצטערער ווי אין דער פינצטערסטער נאַכט. די צייט האָט זיך געצויגן אַזוי לאַנגזאַם, אַז מיר האָט זיך אויסגעוויזן אַז איך געפין זיך דאָרט טעג און טעג און וואָכן און וואָכן. פאַרשטענדלעך, מיין יאוש איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ווען מ׳האָט מיך פון דאָרט שוין יאָ אַרויסגענומען, איז אַלץ וואָס מיך האָט געפרייט איז געווען די ליכטיקייט פון דרויסן און מיר האָט שוין ווייניק וואָס געאַרט וואָס מ׳וועט טאָן מיט מיר, אַבי איך זאָל כאָטש קענען זיין אויף דער פרייער לופט און זען דאָס ליכט פון טאָג.

פון דאָרט האָט מען מיך גלייך אָוועקגעפירט אין „פּריזאָם״. שוין ניט־יידן האָבן מיך געפירט, נאָר רוסישע פּאָליציי־לייט. נאָך אַ לאַנגן מאַרשרוט האָט מען מיך אַריינגעפירט אין אַ גרויסן צימער, אָנגעפילט מיט סאָלדאַטן און פּאָליציי־לייט. דאָרט האָב איך זיך שוין אָנגעטראָפן מיט נאָך יידישע קינדער. אייניקע האָבן אויסגעזען צו זיין עלטער פון מיר און אַנדערע אַפילו יינגער. אַ סך פון זיי זיינען געשטאַנען אין גאַנצן נאַקעט. אויך מיר האָט מען

געהייסן אויסצוטאָן זיך. דערנאָך האָט מען מיך אַריינגעפירט אין אַ צווייטן צימער, ווו מ׳האָט מיך געוווּיגן און געמאָסטן, מיט אַ קליינעם האַמער געקלאַפּט אין ברוסט, געטאַפּט דעם בויך, געציילט דעם דופק. דער פּסק איז געווען: „ער טויג״. דאָס הייסט, ער טויג מושטירט צו ווערן אַז מיט דער צייט זאָל ער קענען ווערן אַ גוטער סאָלדאַט צו דינען דעם צאַר באַטיושקאַ. מ׳האָט מיר באַפעלן צוריק אָנצוטאָן זיך און אין איינעם מיט אַנדערע קינדער האָט מען מיך אַריינגעזעצט אין אַ פאַרמאַכטן וואָגן, פאַרריגלט די טיר און מיך אַוועקגעפירט. וווּהין? דאָס האָט מען אונדז ניט געזאָגט. און אַז ווער פון אונדז האָט געפרעגט, האָט מען אים ניט געענטפערט.

אונדזער נסיעה האָט זיך געצויגן לאַנג. טעג נאָך טעג, וואָך איין און וואָך אויס. די סאָלדאַטסקע שמירה האָט זיך געביטן, אויך די וועגענער און אויך די פערד. אייניקע קינדער זיינען פון די וועגענער אַרונטערגענומען געוואָרן, אַוועקגעשיקט געוואָרן ערגעץ ווו אַנדערש, אַנדערע קינדער זיינען אַרויפגעבראַכט געוואָרן. פאַרבייגעפאָרן זיינען מיר וועלדער און פעלדער, פאַרביי זומפּן און טייכן, אַדורך דערפער, שטעט און שטעטלעך, יעדע נאַכט זיך אָפּגעשטעלט אין אַרעסטאַנטן־הייזער ווו איבערצונעכטיקן, און מיטן פריימאָרגן גלייך ווידער געפאָרן און די שמירה האָט זיך פון אונדז קיין מאָל ניט אָפּגעטאָן.

אַ מאָל פלעגן מיר זיך אָפּשטעלן איבערצונעכטיקן אין אַ ייִדיש שטעטל. דעמאָלט פלעגן צו אונדז צוקומען ייִדן און ייִדענעס, אונטערגעקויפט אונדזער שמירה, אַז זיי זאָלן דורך די גראַטעס פון דער תּפיסה קענען שמועסן מיט אונדז, און זיי האָבן אונדז געפּרוווט טרייסטן, גענומען אונדזערע היימישע אַדרעסן, צוגעזאָגט מודיע צו זיין אונדזערע משפּחות, פאַר אונדז איבערגעלאָזט כּשרע שפּייז און, ווער עס האָט געבעטן — אויך סידורים, און פאַר בר־מצוותס — אַפילו תּפילין.

ווען אַזעלכע ייִדן פלעגן צו אונדז צוקומען, האָב איך זיי אַלע מאָל גוט באַטראַכט — צי געפינט זיך ניט צווישן זיי מיין טאַטע אָדער מיין מאַמע אָדער ווער ניט איז אַנדערש פון מיינע קרובים. געדוכט האָט זיך מיר, אַז ווען נאָר זיי דערוויסן זיך ווו איך בין, וועלן זיי מיך קענען באַפרייען. יעדעס מאָל האָב איך געבעטן די ייִדן צו שרייבן צו מיינע עלטערן. אָבער אַלץ איז געווען אומזיסט. מ׳האָט מיך געפירט ווייטער און ווייטער און מיינע

טאַטע־מאַמע האָב איך שוין מער קיין מאָל ניט געזען און פון זיי מער קיין מאָל ניט געהערט.

די ערשטע צייט האָב איך זיך נאָך געטרייסט, אַז דאָס מוז זיין עפּעס אַ טעות, מיט דער צייט וועט אַלץ קלאָר ווערן און איך וועל קענען צוריק־קערן זיך אַהיים. מיר האָט זיך בשום אופן ניט געגלייבט אַז די גרויסע עוולה, וואָס ווערט קעגן מיר באַגאַנגען, וועט קיין מאָל ניט פאַרריכט ווערן. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַ ניסיון פון גאָט — אַזוי, למשל, ווי ער האָט געפּרוּווט אַברהם אָבינו צו פירן יצחקן צו דער עקדה. און אַ מאָל האָב איך זיך אויך געפּרוּווט איינרעדן, אַז דאָס איז ניט אַנדערש ווי אַ חלום און מיט דער צייט וועל איך זיך אויפכאַפּן און זען אַז איך בין אין דער היים און ליג אין בעט. אָבער — אומזיסט איז געווען מיין טרייסט.

מ׳זאָגט אַז צרת רבים חצי נחמה. ס׳איז אָבער ניט אין גאַנצן אמת. יעדער איינער איז אַ יחסן פאַר זיך אַליין. איך בין דאָך געווען אַרומגערינגלט מיט אַ היפּשער צאָל אַנדערע יידישע קינדער, פון דעסטוועגן האָב איך ניט געקענט מסכּים זיין, אַז וואָס ס׳טוט זיך מיט זיי מעג אויך געטאָן ווערן מיט מיר. ניין, ס׳האָט זיך מיר געדוכט אַז מיין עוולה איז גרעסער ווי פון אַלע אַנדערע. אָבער ס׳איז די טבע פון מענטש צו קענען צופּאַסן זיך אַפילו צו דאָס סאַמע ערגסטע. בלית ברירה מאַכט מען שלום אַפילו מיט יסורים. ביסלעכוויז האָב איך זיך געלערנט ווי צוצופּאַסן זיך צו אונדזער „קאַנוואָי", פּאָליציייִשע און זעלנערישע שמירה הייסט עס, און נאָכצופאָלגן צו טאָן אַלץ וואָס ס׳האָט זיך געפאָדערט פון מיר בכדי אויסצוהיטן זיך פון די קלעפּ מיט זייערע פויסטן אָדער די שמיץ פון זייערע בייטשן.

אַחוץ קינדער האָט מען צווישן אונדז געפירט אויך דערוואַקסענע בחו־רים און יונגע לייט; אָבער זיי זיינען געזעסן אין באַזונדערע וועגענער און צו זיי האָט מען אונדז ניט צוגעלאָזט. איין מאָל בלויז האָבן מיר איבער־גענעכטיקט אין אַן „עטאַפּ" (אַרעסטאַנטן־הויז), ווו ס׳איז מער ניט געווען ווי איין גרויסער צימער, און מיר זיינען איינגעשפּאַרט געוואָרן, קליין און גרויס, אין איינעם. צום ערשטן מאָל האָבן מיר, די קינדער, געקענט צוזאַמענ־רעדן זיך מיט דערוואַקסענע.

איינער פון זיי דערמאָנט זיך מיר עד היום. ער איז געווען אַ נידעריקער דאַרער ייִד, מיט אַ שפּיציק בערדל, אָבער מיט קורצע פּאות (וואָס דאָס איז

מיר געוועזן אַ חידוש). ער האָט מיט אונדז געשמועסט, ביי יעדער איינציקן פון אונדז פונאַנדערגעפרעגט זיך וואָס און ווי אַזוי מיט אים איז געשען און געפונען ווערטער מיט וואָס צו טרייסטן אים אָדער געבן אים ביטחון. גערעדט האָט ער אַזוי צאַרט און ליבלעך, אַז זיינע רייד האָבן באמת געבראַכט, אויב ניט בטחון, איז לכל הפחות עטוואָס נחמה. ער האָט אונדז דערציילט, אונדז פאָרויסגעזאָגט וואָס עס קען אָדער וועט אונדז דערוואַרטן. מ׳וועט אונדז איבערגעבן אין די הענט פון קריסטן־פויערים, וואָס איניקע פון זיי וועלן זיין קאַפּאַבל אונדז צו פּייניקן בכדי צו צווינגען אונדז צו שמדן זיך, און ער האָט אונדז מתרה געווען אָנצונעמען יסורים באהבה — אַזוי ווי ייִדן האָבן געטאָן בכל הדורות — און אָנצוהאַלטן אונדזער ייִדישקייט בכל לבבינו ובכל נפשותינו — אַזוי ווי אונדזערע אָבות האָבן זיך נוהג געווען צו טאָן בדור דורות. ווען אונדזערע יסורים וועלן שוין ווערן אַזוי שטאַרק, אַז׳ש ניט אויסצוהאַלטן, איז דערלויבט, למראית עין אַפילו צו פעלשן, אָבער אין אונדזער ייִדישקייט זאָלן מיר קיין מאָל ניט פאַרגעסן. דער עיקר פון ייִדיש־קייט געפינט זיך ניט קודם כּל אין דעם אופן פון עבודת אלוקים, נייערט אין מעשׂים טובים און אין דעם אופן און אויסטייטש פון ואהבת לרעך כּמוך. אַלע זינד פון בין אָדם למקום ווערן פאַרגיבן, אָבער די זינד פון בין אָדם לחברו זיינען ניט אין דעם רשות פונעם רבונו של עולם פאַרגעבן צו ווערן.

און בכדי צו שטאַרקן אונדז און אונדזערע געמיטער, האָט ער, אַגב אורחא, אונדז דערציילט מעשׂיות פון ייִדן און ייִדישע קינדער, וואָס האָבן אין גורלדיקע אומשטענדן זיך מקריב געווען על קידוש השם, און אונדז דערמוטיקט, אַז אויב נאָר און ווען נאָר, אים וועט אויסקומען צו שטיין על הניסיון, זאָל זיין האַרץ ניט אָפּגעשוואַכט ווערן און ער זאָל בייקומען זיין גורל. „ס׳איז דאָ", האָט ער געזאָגט, „חיי שעה און חיי עולם... זייט געשטאַרקט צו קענען איבערקומען די יסורים פון חיי שעה פאַר די ברכות פון חיי עולם!"

גערעדט האָט ער צו אונדז שטיל און מיט אַזוי פיל ליבשאַפט אין זיין קול, אַז ס׳האָט יעדער איינציקן פון אונדז פאַרנומען ביים האַרצן, אַפילו אַריינגעפירט אין אַ התלהבות, און צעשטעלט האָבן מיר זיך אין קדושה און ער האָט בקול רם מיט אונדז געלייענט קריאת שמע. און ווי געעפנט עס האָבן זיך אונדזערע הערצער, אַזוי האָבן מיר זיך — קעגן אונדזער איי־גענע ווילנס — צעיאָמערט און צעקלאָגט. אַז די זעלנערס פון אונדזער

שמירה („קאַנוואָי״), וואָס האָבן זיך געפונען אין פאָדערהויז פון אונדזער אַרעסטאַנטן־הויז, זיינען צו אונדז אַריינגעקומען, און ווען זיי האָבן דערפילט וואָס דאָ ביי אונדז קומט פאָר (ס׳קען זיין אַז אויך יידן זיינען געווען צווישן זיי — ווער ווייסט) זיינען זיי געבליבן שטיין ביי דער טיר, אייניקע האָבן שטומערהייט אַרונטערגענומען די היטלען פון זייערע קעפּ און גענומען צלמען זיך, און די אַנדערע, וואָס האָבן דאָס ניט געטאָן, האָבן פאַרמאַכט די אויגן און עטוואָס געשעפּטשעט — אפשר קריאת שמע געזאָגט...

✶

מיין ערשטע אַכסניה — האָט ר׳ יחיאל ממשיך געווען זיין דערציילונג — איז געווען ביי אַ פּויער. פאַר וואָס ביי אַ פּויער? דאָס איז מחמת דעם וואָס איך בין נאָך געווען צו יונג און צו קליין מושטירט צו ווערן פאַר אַ זעלנער, און אין דעם פּויערישן הויז האָב איך געדאַרפט דערצויגן ווערן איינצופּאַסן זיך אין זעלנערישקייט. אַזוי האָט מען אין יענער צייט זיך אויפ־געפירט מיט יידישע רעקרוטן פאַר דער צאַרישער אַרמיי אין אונדזער געבענטשטן רוסישן לאַנד.

געבראַכט האָט מען מיך קיין קאָסטראָוו, אַ קליינער יישוב ביי דער וואָלגע, און באַשטימט האָט מען מיך צו זיין אַ פּאַראָבעק (באַדינער) ביי איינעם אַ פּויער, איוואַן כריטאָנאָוו. כריטאָנאָוו איז געווען דער רייכסטער פּויער אין דאָרף און ביי אים האָב איך געדאַרפט דינען ביז וואַנען איך וועל ווערן אַלט גענוג צו ווערן פּאַסיק פאַר זעלנערישער דינסט. כריטאָנאָוו האָט געהאַט טשערעדעס חזירים און שעפּסן, אויך האָט ער געהאַט אייגענע פּאַשע, און איך בין באַשטימט געוואָרן צו זיין דער פּיטערער פון זיינע פי. כריטאָנאָוו איז געווען פאַרמעגלעכער פון די אַנדערע פּויערים פון יענעם דאָרף, דערפאַר איז זיין הויז געווען אַ סך גראַמער פון די אַנדערע פּויערישע הייזער פונעם דאָרף, אָבער מיט עטוואָס אַנדערש האָט זיך דאָס הויז ניט אויסגעצייכנט: שמוציק, נאַקעט, איין גרויסער איווון, און ווינטערצייט, ווען אין דרויסן זיינען געשטאַנען גרויסע פרעסט, האָט מען אין הויז אויך אַריינגענומען די יונגע שעפּסן און חזירים בכדי זיי זאָלן ניט פאַרפרוירן ווערן אין די קאַלטע ניט געהייצטע שטאַלן.

אַנגעקומען בין איך צו איוואַן כריטאָנאָוו אָנהייב פרילינג. ס׳איז געווען זונטאָג. מען האָט מיך אַריינגעבראַכט אין הויז, איבערגעגעבן צו דער באַלע־

באַסטע און מײַנע באַגלײטערס זײַנען אַוועק. איך האָב ניט געוווּסט וואָס צו טאָן און וואָס צו זאָגן. האָב איך זיך צוגערוקט צו אַ ווינקל און דאָרט געבליבן שטײן. פאַרשטײט זיך, מײַן האַרץ איז געווען אָנגעפילט מיט שרעק. ווידער אַ נײַ לעבן. און וויפל נײַע לעבנס האָב איך איבערגעלעבט פאַר די לעצטע חדשים, פון אײן קאָנוואָי צו אַ צווייטן, פון קאַזאַרמע צו קאַזאַרמע. דאָ אָבער האָב איך פאַרשטאַנען, ווּעל איך שוין פאַרבלײַבן אויף לענגער. האָב איך זיך אַרומגעקוקט וווּהין עס האָט מיך פאַרטריבן מײַן גורל: אין הויז איז שמוציק; אַפּפאַל פון הינער און שעפּסן; אַ צלם מיט איקאָנעס אין פאַ־דערשטן ווינקל פונעם הויז, ווו עס שטײט אַ לאַנגער טיש אַרומגערינגלט מיט לאַנגע האַרטע בענק; אַן אומגעווײַנלעכע אומהיימישקײט און פרעמד־קײט. ס׳האָט מיר דערמאָנט מײַן הויז אין דער היים, ווי ליכטיק און ציכטיק דאָרט איז געווען. מײַן טאַטע־מאַמע... ווו זײַנען זײ איצט? ווייסן זײ ווו איך בין? ווייסן זײ וואָס פאַר אַ צרות איך האָב? איך וואָלט געוואָלט כאָטש אויף אײן ווײַלע אַריבערפליִען צו זײ און אַ קוק טאָן וואָס זײ טוען. און דער־ווײַל פאַרצאַפּלט זיך מײַן האַרץ מחמת דעם וואָס איך ווער געצוווּנגען צו זײַן צווישן גויִים, עסן טרפה...

דערווײַל איז צו מיר צוגעקומען די באַלעבאָסטע און בײַ מיר געפרעגט צי איך בין הונגעריק. זי קען מיר געבן עסן. וואָס איך וויל: ברויט, קעז, ניטאָ קײן פּוטער, אויסגעגאַנגען, אָבער חזיר־שמאַלץ איז דאָ. ס׳האָט מיר פאַרנאַגט מײַן האַרץ: חזיר־שמאַלץ... טרפה שבטרפה, און דאָס וועל איך זײַן געצוווּנגען צו עסן? איך בין טאַקע געווען זײער הונגעריק. ווער ווייסט ווי לאַנג אַז איך האָב שוין ניט געגעסן, אָבער גלײַך אָפּפאַסטן זיך מיט חזיר... אַ ציטער איז מיר אַדורך איבערן לײַב. איך האָב גלײַך באַדאַנקט די באַלע־באָסטע: אַ גרויסער דאַנק אײַך, אָבער איך בין לחלוטין ניט הונגעריק. ניט איך וויל און ניט איך וואָלט געקענט איצט עסן.

די באַלעבאָסטע האָט צו מיר אַ שמײכל געטאָן זײער פרײַנדלעך. ס׳האָט מיך דערמוטיקט. זי איז געווען מײַן ערשטע באַגעגעניש אין יענעם הויז. שפּעטער האָב איך דערפאַרן, אַז טאַקע פאַר איר, פאַר דער באַלעבאָסטע, האָב איך ניט וואָס מורא צו האָבן. זי איז באמת גוטהאַרציק. זי האָט מיך גלײַך גענומען פונאַנדערפרעגן, ווי איך הייס, ווער איך בין, פון וואַנען איך קום. ביז דעמאָלט האָב איך שוין געהאַט אויסגעלערנט זיך אַ ביסל צו קענען

פאַרשטיין און רעדן רוסיש, אָבער דאָך איז מיין שפּראַך געווען צו אָרעם צו קענען דערקלערן צו דער דאָזיקער גוטער פרוי אַלץ וואָס מיט מיר איז געשען און ווי ביטער מיר איז אויפן האַרצן. געוואָלט האָט זיך מיר אַראָפּריידן זיך פאַר איר אַלץ וואָס מיר האָט זיך אָנגעקליבן אויפן האַרצן, אָבער מיר האָט אויסגעפעלט לשון. האָב איך זיך צעוויינט. די גוטע פרוי האָט ביי מיר מער גאָרנישט געפרעגט. זי איז נאָר צו מיר צוגעקומען, מיר אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ און איז פון מיר אָפּגעטראָטן. זי האָט מיר באַלד דערנאָך צוגעטראָגן אַ שטיקל ברויט מיט קעז און האָט זיך פאַרנומען מיט אַנדערע שטובישע אַרבעטן.

פון מיין ווינקל, ווו איך בין געשטאַנען, האָב איך נייגעריק גענומען באַטראַכטן יענע פרוי. זי איז דאָך — דאָס האָט מען מיר אָנגעזאָגט, בעת מ׳האָט מיך אַריינגעפירט אין דאָזיקן הויז — מיין באַלעבאָסטע און ביי איר אין הויז וועל איך דאַרפן וווינען און זי וועל איך דאַרפן באַדינען. ווער און וואָס איז זי? לויטן אויסזען איז זי אַ מיטליעריקע פרוי. בלאָנדע האָר, אַ פריינדלעך פּנים, בלויע אויגן. איך האָב גענומען עסן דעם ברויט מיטן קעז. זי האָט אויף מיר געקוקט און איז ווידער צו מיר צוגעקומען. געפרעגט מיין נאָמען. איך האָב איר געזאָגט. דערנאָך האָט זי מיך ווידער עטוואָס געפרעגט. איך האָב געענטפערט. ביסלעכווייז האָט זי גענומען מיך פונאַנדערפרעגן ווער און וואָס איך בין, און אויף וויפל מיין קענטשאַפט פון רוסיש לשון האָט מיר דערלויבט האָב איך איר דערציילט אַלץ און וויפל נאָר איך האָב געקענט. איך האָב איר דערציילט ווי מ׳האָט מיך פון מיין היים אַרויסגעגנבעט, ווי מע האָט מיך אַרומגעפירט מיט די עטאַפּן. און וואָס לענגער איך האָב גערעדט, אַלץ ביטערער האָט זיך מיר פאַרגעשטעלט מיין לאַגע, און איך האָב שטאַרקער באַנומען, אַז איך בין איינער אַליין, אָן אַ גואל און אָן אַ קרוב, און אַ רחמנות צו זיך גופא האָט זיך ביי מיר דערוועקט און איך האָב ווידער זיך צעוויינט. ווען איך האָב זיך אויסגעוויינט, האָב איך באַמערקט ווי אין אַ צווייטן ווינקל פונעם הויז זיצט אַ יונג מיידל (אַ שיקסל, האָב איך זי דענסטמאָל אָנגערופן), אַזוי אַלט מן הסתם ווי איך בין אַליין געווען, און זי קוקט אויף מיר מיט גרויס מיטלייד. קענטיק אַז מיין סיפור המעשה האָט ביי איר אַרויסגערופן אַ טיפן געפיל פון רחמנות.

לויט איר אויסזען, האָב איך געשאַצט, אַז דאָס שיקסל איז געווען אין

איך עלטער מיט מיר. בלאָנד ווי איר מאַמע, אַ מילד געזיכט, בלויע, גרויסע, גוטע אויגן. באמת, אין יענער רגע האָב איך בשום אופן ניט באַמערקט און ניט געקענט מערקן איר אויסזען. פאַר דעם בין איך דעמאָלט געווען צו פיל צערודערט און איבערגעשראָקן. ערשט שפּעטער האָב איך זיך אויף איר אַרומגעקוקט. אָבער ווען איך האָב יאָ באַמערקט, בעסער געזאָגט, דערפילט, ווי זי קוקט אויף מיר מיט אַ געפיל פון רחמנות, איז מיר אַ סך לייכטער געוואָרן. איך האָב זיך דערפרייט, וואָס איך וועל האָבן עמעצן פון וועמען איך קען זיך ריכטן צו באַקומען געפילן פון מיטלייד און פריינדשאַפט, און דאָס וועט אפשר פאַרלייכטערן מיין מצב.

אָבער אַ ביסל שפּעטער, ווי נאָר איך האָב דערזען מיין באַלעבאָס אַליין, האָב איך באַלד פאַרשטאַנען, אַז מיין נחמה איז געווען אַ גאַנץ קנאַפּע. ער איז געווען אַ הויכער בעל־גוף פון אַ פויער, מיט צעקודלעוועטע האָר, אַ געלע באָרד, און — דאָס האָב איך גלייך דערקענט — רוצחישע אויגן. ניכטערהייט איז ער אַרומגעגאַנגען אַ שווייגנדיקער, אַן אומצופרידענער, ווי אַלע וואָלטן אים עפּעס שלעכטס געטאָן און אים עפּעס שולדיק געווען. ער האָט אָבער דערביי קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן. אָבער ניכטער איז ער געווען זייער זעלטן, און שיכּורערהייט איז ער געווען אַן אמתער רצחן. זיין אייגן הויזגעזינד האָט פאַר אים געציטערט. ער האָט נאָר געזוכט אַ צוטשעפּעניש בכדי אַרויפצוואַרפן זיך מיט רוגזה אויף דעם אָדער יענעם מיט די פויסטן, דערביי האָט ביי אים אָפט געררונען פינע פון מויל, ער האָט געקריצט מיט די ציין און האָט זיך געשליידערט צו שלאָגן מיט די פויסטן און געררעוועט ווי אַ ניט דערקוילעטער אָקס, און וואָס מער מ'האָט זיך אים קעגנגעשטעלט, אַלץ מער האָט זיך ביי אים צעפלאַקערט די רציחה. זיינע אייגענע פרוי און קינד האָט ער מערדעריש געשלאָגן.

אמת, אין וואָכעדיקע אַרבעטסטעג איז ער זעלטן געווען שיכּור, אָבער אום זונטיק און חגא איז ער פּונקט אַזוי זעלטן געווען ניכטער. אין יענע טעג פלעגט ער פון קלויסטער אין דער פרי גלייך גיין אין שענק אַריין און געקומען איז ער אַהיים שפּעט אין אָוונט, און קוים וואָס ער האָט זיך געהאַלטן אויף די פיס. זיין ווייב און קינדער האָבן געוואַרט אויף אים ווי אויף אַן אומפאַרמיידלעכן אומגליק און נאָר געהאָפט אַז ער זאָל קיין רישעות ניט טאָן.

זיין אָנקום האָט איוואַן אָנגעזאָגט דורך זיין שרייענדיקן זידלענדיקן קול, וואָס מיר האָבן נאָך פון דער ווייטנס דערהערט. אַריינגעקומען איז ער אין שטוב, קוים וואָס ער האָט זיך געהאַלטן אויף די פיס, און ניט געקענט פאַרמאַכן די טיר. ער האָט אויסגעזען שרעקלעך — ווי אַ צעיושעטער בער וואָס רייסט זיך אָפּ פון די קייטן; די ליפּן און די ניט געגאָלטע באָרד מיט פינע באַגאָסן, די אויגן ווי זיי וואָלטן פון זייערע שפּאַלטן געוואָלט אַרויס־שפּרינגען. געוויס האָט אים עמעצער ערגעץ ווו דערצאָרנט און דער כּעס האָט פון אים איצט געברויזט און געזוכט אויף וועמען אים אַרויסצוגעבן.

„פּעדאָסיאַ,‟ האָט ער געשריִען צו זיין ווײַב, „דו הינטישע טאָכטער איינע, דאַרף איך דאָס דיר דערמאָנען די שוואַרצע קו צו פאַרטרייבן? אַליין ווייסטו עס ניט?‟

פּעדאָסיאַ האָט ציטערנדיק אָפּגעטראָטן פון אים. קיין איין וואָרט ניט אויסגערעדט. זי האָט מיט שרעק אַכטונג געגעבן אויף זיינע באַוועגונגען, בכדי צו קענען אָפּטרעטן און אַנטלויפן פון אים אויב ער וועט זיך וואַרפן שלאָגן זי. און אַזוי איז טאַקע געשען. ער האָט זיך אויף איר אַ שליידער געטאָן מיט זיינע אויפגעהויבענע פאַרקלעמטע פויסטן, אָבער דערביי האָט ער זיך פאַרפּלאָנטערט מיט די פיס אָן אַ בענקל, איז געפאַלן און האָט זיך אויסגעצויגן מיט זיין גאַנצער לענג אויף דער ערד. דאָס האָט זיין רציחה נאָך מער אָנגעצונדן. ער האָט געפּרווט אויפהייבן זיך און ניט געקענט. האָט ער אָנגעהויבן קלאַפּן מיט די פויסטן אָן באַנק און זיינע עכטע רוסישע זילזולים האָט ער שוין ניט אַרויסגעשריִען, נאָר זיי אַרויסגעכריפּעט: „אַלעמען וועל איך אייך ממיתן!‟

און דערביי האָט ער מיך דערזען...

„אַהאַ, און ווער איז דאָס?‟ האָט ער אויסגעשריִען. ער האָט זיך שוין אַ ביסל אויפגעהויבן פון דער ערד און געוואָלט אויפשטעלן זיך, אָבער ס׳האָט זיך אים ניט איינגעגעבן. דאָס האָט זיין רציחה נאָך מער צעפּלאָקערט און ער האָט זיך צערעוועט ווי אַן אָקס און געשאָטן זילזולים אויף אַלץ און אַלעמען.

איך בין געזעסן אויף דעם זעלביקן אָרט און פאַר פּחד קוים געקענט כאַפּן דעם אָטעם. איך האָב געוואָלט אויפשטיין בכדי צו קענען אַנטלויפן, אָבער די שרעק האָט מיך ווי פאַרגליווערט און איך האָב זיך ניט געקאָנט רירן פון אָרט. צום סוף איז ער אויפגעשטאַנען, געשאָקלט זיך פון שיכּרות

און אַנגעהויבן דערנעענטערן זיך צו מיר מיט אַ רוצחישן אויסדרוק אויף זיין פּנים און מיט פאַרביילטע פויסטן. און ערשט דעמאָלט, ווען ער איז שוין גאָר נאָענט צוגעקומען צו מיר, האָב איך, ווי אויסער זיך, אַ שפּרונג געטאָן, געוואָלט אַנטלויפן, אָבער ס׳איז שוין געווען צו שפּעט — ער האָט מיך אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און פון דער האַסטיקער באַוועגונג און פון מיין אָנשטרענגונג זיך אַרויסצורייסן פון אים, איז ער ווידער געפאַלן און מיך מיטגעשלעפּט מיט זיך.

„אַהאַ,״ האָט ער געדעוועט, „געוואָלט אויסרייסן זיך פון מיר, אָבער ס׳האָט זיך דיר ניט איינגעגעבן... פון מיינע הענט וועסטו זיך שוין ניט אַרויסדרייען...״

און האַלטנדיק מיך ביי דער האַנט האָט ער ווידער גענומען אויפשטיין און דערביי האָט זיך זיין רציחה נאָך מער צעפלאַקערט. אָבער אַזוי ווי אַ קאַץ, וואָס שפּילט זיך צו ערשט מיט איר קרבן, דער מויז, האָט ער ניט גענומען גלייך שלאָגן מיך, נאָר צוגעפירט מיך צום פענצטער צוצוקוקן זיך ווער איך בין.

„ווער ביסטו ?״ האָט ער אויסגעכריפּעט.

איך האָב געוואָלט ענטפערן, אָבער איך האָב אַזוי געציטערט אַז איך האָב קיין וואָרט ניט געקענט אויסריידן.

„ווער ביסטו פרעג איך דיך,״ האָט ער שוין פאַרכליפּענדיק זיך פון רציחה אויסגעשרי̇ען.

איך האָב נאָך אַלץ ניט געקענט און ניט געוווּסט ווי צו ענטפערן.

„וועסט ענטפערן אָדער ניט ?״ האָט ער ניט געשרי̇ען נאָר ווי געדעוועט מיט אַ רציחהשן קול, און זיין פּנים — איבערגעבן אָט דעם אויסדרוק איז אוממעגלעך. איך בין שוין, גאָט צו דאַנקען, אַ מאַן אין די אַכציקער. געגוג אָנגעזען זיך אויף מיין לעבן. רישעותן און פּלאַגענישן. אָבער אַזאַ ווילדע רציחה האָב איך נאָך קיין מאָל ניט געזען. ס׳איז געווען אַ פּנים ווי פון שר המשחית אַליין ; דער אַשמדאַי אין דער פאַרשטעלונג פון זיין העסלעכסטער געשטאַלט. און איבער מיין קאָפּ האָט זיך אויפגעהויבן אַ שרעקלעכע פויסט, וואָס ווען ער וואָלט זיך איבער מיר אַראָפּגעלאָזט, וואָלט איך איצט דאָ ניט געקענט זיין צו דערציילן אָט די געשעעניש. אָבער די פויסט האָט זיך איבער מיין קאָפּ ניט אַראָפּגעלאָזט. איבער דעם פויערס האַנט האָט זיך אָנגעטשעפּעט

דאָס מיידעלע, וועלכע איך האָב פריִער געהאַט באַמערקט. זי האָט פּונקט אין צייט אָנגעהאַנגען זיך אָן זיין האַנט און מיט תּחנונים און געוויין געשריִען:

„פּאַפּאָטשקאָ, פּאַפּאָטשקאָ ליבינקער, נעמט ניט קיין עבירה אויף אייער נשמה! שלאָגט ניט קיין אומשולדיקן! ער האָט קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן... אויב אייך גלוסט זיך צו שלאָגן, שלאָגט מיך אַנשטאָט אים...”

מיינע אויגן וואָס איך האָב געהאַט פאַרמאַכט, דערוואַרטנדיק דעם שרעק־לעכן קלאַפּ, האָבן זיך געעפנט ווי פון זיך אַליין, און איך האָב באַגעגנט דעם בליק פון אָט דעם מיידעלע און דעם אויסדרוק אויף איר פּנים, און דאָס וועל איך קיין מאָל ניט פאַרגעסן. ווי העסלעך און שרעקלעך דער שיכּור איז געווען, אַזוי ליבלעך און אָנגענעם איז איר פּנים געווען. אַפילו אין מיין יענעם גרויליקן מצב האָב איך עס געקענט מערקן, מחמת דער היפוך האָט זיך אַזוי שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן.

איוואַן האָט אויף איר אַ קוק געטאָן מיט אַזאַ בייזקייט ווי ער וואָלט זי אַליין געוואָלט שלאָגן. זי האָט אָן שרעק געקוקט אים גלייך אין פּנים אַריין. ער האָט זיך אָנגעהויבן ווי שעמען זיך, ביסלעכוויז אָפּגעקערט זיינע אויגן און אַרונטערגעלאָזט זיין האַנט. זיך אָפּגעקערט, אַ שפּיי געטאָן און איז אָפּגעטראָטן, אַרויפגעקראָכן אויף די פּאַלאַטיעס, וואָס האָבן, ווי דער שטיי־גער אין פּויערישע הייזער, געדינט ווי בעטן פאַר דעם גאַנצן הויזגעזינד, און זיין כראָפּען האָט זיך צעטראָגן איבערן גאַנצן הויז.

*

אויף מאָרגן — האָט ר׳ יחיאל ווייטער דערציילט — האָט זיך אָנגעהויבן מיין דינסט.

אַז איך בין ניט געשלאָפן אין יענער נאַכט איז גאַנץ פאַרשטענדלעך. איך בין געלעגן אויף מיין צוגעטיילטן געלעגער און האָב געציטערט, געציטערט פאַר דעם מאָרגנדיקן טאָג, ווען איך וועל כריטאָנאָוון ווידער דאַרפן באַגעגענען. און ווי נאָר מען האָט אין הויז אָנגעהויבן אויפשטיין בין איך שוין געווען אויף די פיס. די רוסישע פּויערים שטייען אויף זייער פרי. דער צווייטער קרייען פון דעם האָן דערוויסט זיי שוין אויף די פיס, און פלייסיק נעמען זיי זיך גלייך צו דער אַרבעט. מיין ערשטע מלאכה איז געווען צו גיין מיט דער גאַנצער משפּחה אין שייער אַריין צו דרעשן די תּבואה.

איוואַן, דער באַלעבאָס אַליין, האָט קענטיק זיך נאָך ניט אויסגעניכטערט פון זיין נעכטיקער שיכּרות און איז פאַרבליבן אין דער היים. געווען אין שייער זיינען, אַחוץ מיר, פּעאָדאָסיאַ, פּאַלאַשקאַ — די טאָכטער וואָס האָט ממש געראַטעוועט מיין לעבן — און זייערע צוויי פּאַראָבקעס, וואָס איך האָב זיי פריִער ניט געזען. פאַרשטענדלעך, איך בין געווען מלא שׂימחה וואָס איוואַן איז פאַרבליבן אין דער היים. די נייע אַרבעט, וואָס איך האָב ביז דעמאָלט נאָך קיין מאָל ניט געהאַט געזען, איז מיר געפעלן געוואָרן. איך האָב זיך פאַר איר גענומען מיט התמדה און געלערנט זיך ווי צו שלאָגן מיטן קייט אין טאַקט מיט די איבעריקע אַרבעטער, וואָס האָט זיך מיר ניט איינגעגעבן. ווען דער באַלעבאָס, איוואַן אַליין, וואָלט דערביי געווען, וואָלט איך דערפאַר, מן הסתּם, ניט גוט אָפּגעשניטן, אָבער איצט איז עס פאַר אַלעמען געווען ניט מער ווי אַ געלעכטער. מער פון אַלעמען האָט פּאַלאַשקאַ געלאַכט. אָבער איר געלעכטער איז געווען אַזאַ אומשולדיקער, פריינדלעכער און קלינגענדיקער, אַז אַפילו איך אַליין, אויף וועמענס חשבון דאָס געלעכטער האָט זיך באַצויגן, — האָב אויך פאַרגעסן מיין ביטערע לאַגע און האָב אויך געלאַכט. און פון דענסטמאָל אָן — קען איך איצט זאָגן — האָט זיך אַ לאַנג־דויערנדיקע פריינדשאַפט פאַרבונדן צווישן מיר און אָט דעם מיידל־קינד, וואָס מיטן נאָמען „שיקסל" האָב איך זי דאַן באַטראַכט, מחמת שוין דאָרט אין שייער האָט זי אָנגעהויבן באַווייזן מיר און לערנען מיך די נייע מלאכות, וואָס מיר וועט אויסקומען מיט זיי צו באַשעפטיקן זיך, און געטאָן האָט זי דאָס מיט פריינדשאַפט און געדולד.

צוריק אין שטוב זיינען מיר געקומען שפּעט אין אָוונט און ביז דעמאָלט האָט איוואַן שוין ווידער אָנגעשיכּורט זיך. איך האָב גלייך באַמערקט ווי אַלע, וואָס זיינען אין שייער אַזוי לוסטיק געווען, זיינען פּלוצעם מרה־שחורהדיק געוואָרן. אַ שרעק האָט אַלעמען באַפאַלן. מ'האָט אויפגעהערט ריידן און געטראָטן פאַרזיכטיק, אויסגעמיטן צוצוקומען נאָענט. אויב מ'האָט פאָרט באַדאַרפט אים פאַרבייגיין האָט מען אויף זיינע תּנועות אַכטונג געגעבן מיט שרעק.

מע האָט זיך געזעצט עסן. אויבן אָן, אין ווינקל, אונטער די איקאָנעס, וואָס זיינען געהאַנגען אויף די ווענט, האָט זיך געזעצט כריטאָנאָוו און די איבעריקע האָבן זיך אָנגעשטערנגט צו זעצן זיך ביי די זייטן און פון דער־

וויטנס. איך האָב געגעסן בלויז ברויט און אַ ביסל קאַשע מיט מילך. אַלע האָבן געגעסן פלייש, אָבער איך האָב זיך צו דעם ניט צוגערירט. די באַלע־באָסטע, פּעאָדאָסיאַ, האָט עס באַמערקט און זי האָט מיך געפרעגט פאַר וואָס איך טו אַזוי. האָב איך איר דערקלערט, אַז ס׳איז אַן איסור אויף אַ ייִדן צו עסן טרפות. פּעאָדאָסיאַ האָט מיין ענטפער ניט פאַרשטאַנען און איך האָב דעם ענין איר געפּרוווט אויפקלערן. זי האָט מיט מיר ניט מסכּים געווען, מחמת ביי זיי איז ביז מיין אָנקומען געווען אַן אַנדער ייִדישער רעקרוט און ער האָט געגעסן צוגלייך מיט אַלעמען. איך האָב איר געענטפערט אַז מכּוח יענעם ווייס איך ניט פאַר וואָס ער האָט אַזוי געטאָן, אָבער דאָס גיט מיר ניט קיין היתּר אויך צו טאָן דאָס זעלביקע.

כריטאָנאָוו האָט דוכט זיך צום געשפרעך ניט צוגעהערט זיך, און דאָך האָט ער פּלוצעם אויפגעהויבן זיין קאָפּ און געווענדט זיך צו מיר: „קום נאָר אַהער!"

איך האָב זיך דערשראָקן, אָבער ניט צו פאָלגן אים איז די סכּנה געווען נאָך גרעסער. איך בין צוגעקומען צו אים און ער האָט מיך גענומען באַ־טראַכטן. זיין בליק איז געווען אַ ווילדער און איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

„הייב אויף דיין קאָפּ, ,כאַלאַמיד׳!" האָט ער מיר שטרענג באַפוילן מיט זיין זידלוואָרט.

איך האָב אויף אים אַ קוק געטאָן, אָבער לאַנג איינהאַלטן אויף אים די אויגן האָב איך ניט געקענט.

„אַהאַ, דו ביסט נאָך פאַרעקשנט," האָט ער מיט בייזקייט אויסגערופן, „וועל איך דיך באַלד ווייך מאַכן..." און ער האָט מיר אַזוי אָנגעהויבן דרייען אַן אויער, אַז איך האָב ניט געקענט איינהאַלטן זיך פון שרייען. מיין אויסגע־שריי האָט, ווי עס ווייזט אויס, אים הנאה געטאָן, און בכדי די הנאה זאָל נאָך שטאַרקער ווערן, האָט ער מיך אויך פאַרן צווייטן אויער גענומען.

„נו, און איצט וועסטו שוין פאָלגן?" האָט ער מיך געפרעגט.

איך האָב איינגעהאַלטן מיין שרעק און געקוקט אים אין פּנים אַריין. זיין פּנים איז געווען אַזוי ווילד, אַז דאָס איינע אָנקוקן אים האָט אָפּגענומען מיין קול. ער האָט מיך אויפגעהויבן פאַר די אויערן. דער ווייטיק איז געווען שרעקלעך. איך האָב אָבער ניט געשריִען.

ער האָט מיך באַלד אָפּגעלאָזט, אַוועקגעשטעלט אויף דער ערד מיטן פּנים אין ווינקל, צו די איקאָנעס, און באַפוילן:

„צלם זיך איבער, זשידאָווסקע מאָרדע!"

איך האָב ניט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט, האָב איך געקוקט אויף אים און גאָרנישט געזאָגט.

„צלם זיך איבער, זאָג איך דיר!" האָט ער זיך ווידער צעשריִען. „אויב ניט, מאַך איך אַ סוף פון דיר. מיט איין קלאַפּ וועל איך דיך צעקוועטשן."

„איך ווייס ניט וואָס איר מיינט," האָב איך קוים אויסגעשטאַמלט.

„אַהאַ, דו הייבסט שוין אָן פאַרשטעלן זיך פאַר אַ ,דוראַטשאָק' (אַ צעטומלטן, אַ נאַר) ?..." האָט ער זיך נאָך מער צעווילדעוועט. „צלם זיך איבער, זאָג איך דיר! אויב ניט, וועסטו דאָ ביי מיר אַ מיתה משונה איינגעמען, דו ,הורדוס שטאַם'!..."

איך בין געשטאַנען ווי געליימט. באמת ניט פאַרשטאַנען וואָס ער האָט געמיינט. דאָס האָט שוין זיין רציחה אין גאַנצן אויפגעקאָכט. זיין נאַטור איז געווען אַזעלכע, וואָס מערקט זיך אָפּט צווישן רוסישע פויערים — זייער צוקוקן זיך צו יסורים, רופט ביי זיי אַרויס, במקום רחמנות, אָן אייגענעם פאַרהוילענעם מערדערישן אינסטינקט, און דעמאָלט איז זייער גרעסטער פאַרגעניגן אַרויפצוואַרפן זיך אויף זייער קרבן, אַזוי ווי ס'וואָלט געווען אַ ווילדע חיה, שלאָגן אים מיט עקסטאַז, און פילן דערביי אַ סאַדיסטישע הנאה. איך האָב דערפילט אויף מיין קאָפּ אַ שרעקלעכן קלאַפּ. ס'האָט מיר אָנגעהויבן קלינגען אין די אויערן, און מער געדענק איך גאָרנישט. פאַרשטענדלעך, איך בין געפאַלן און געבליבן ליגן אָן באַוווּסטזיין.

*

ר' יחיאל איז אויף אַ ווײַלע געבליבן זיצן פאַרטראַכט. קענטיק אַז די זכרונות האָבן אַרויסגערופן טרויער אין זיין האַרץ, און צו אָט דעם טרויער האָט ער זיך געוואָלט אָפּגעבן אויף אַ ווײַלע, ניט זייענדיק געשטערט דורך דער באַדערפעניש צו ריידן.

די איבעריקע זיינען געזעסן און געוואַרט אויף דעם המשך פון דער דערציילונג. דווידקע איז אומגעדולדיק געוואָרן: „נו, און ווייטער ?... וואָס איז ווייטער געשען ?..." האָט ער געפרעגט.

ר׳ יחיאל האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אַ קוק געטאָן אויף אים און קוים צו באַמערקן אַ שמייכל געטאָן.

„אַהאַ, רב דוד, ס׳האָט דיך דערנומען,״ האָט ער געענטפערט, „ווילסט וויסן וואָס ווייטער איז געווען? אָבער איך מיין, אַז פאַר אַזעלכע קונדסים ווי דו ביסט איז שוין איצט צייט צו גיין שלאָפן. ס׳איז שוין שפּעט״.

„ס׳איז ניט שפּעט, ניט שפּעט!״ האָט דווידקע געענטפערט מיט התפּעלות, „איך וויל נאָך גאָרניט שלאָפן. אַפילו ווען איך וואָלט זיך איצט געלייגט אין בעט, וואָלט איך אויך ניט געקענט איינשלאָפן.״

אויך רב יחזקאל מיט מלכּהן האָבן געבעטן רב יחיאלן צו דערציילן ווייטער, און צום סוף האָט ער מסכּים געווען.

„בכן,״ האָט ער געזאָגט, „איך וועל אייך דערציילן ווייטער. על־פּי דין וואָלטן מיר היינט געדאַרפט דערציילן פון יציאת מצרים. אָבער איך נעם זיך דעם היתּר, מחמת מיין מעשׂה קלינגט ווי אַ גלות מצרים, און היות אַז ס׳איז דאָ אַ גלות — און הגם ער איז נאָר בזעיר אַנפּין — קען אויך מיט דער צייט זיין אַ יציאה...״

ווי געזאָגט, — האָט ער ווייטער דערציילט — איך בין געפאַלן אויף דער ערד און פאַרלוירן מיין באַוווסטזיין. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז כריטאָנאָוו האָט געמיינט, אַז מיין פאַלן איז בלויז געווען אַן אָנשטעל און ער האָט ניט אויפגעהערט שלאָגן מיך. ער האָט מיך געשלאָגן מיט די הענט און מיט די פיס. איך האָב אָבער גאָרנישט געפילט. ס׳וואָלט דעמאָלט זיכער מיין סוף געווען, ווען ניט די זעלביקע פּאַלאַשקאַ. אַלע אַנדערע אין שטוב האָבן מורא געהאַט צוצוטרעטן צו אים, בלויז זי האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן און איז געקומען העלפן מיר. זי איז געווען פון יענעם מין קינדער, וואָס זיינען גרייט מקריב צו זיין זיך פאַר אַ צווייטן. פרעמדע ליידן טוען זיי מער ווי איידער אייגענע. מענטשן פון אָט דעם שטייגער פאַרמאָגן אין זיך תּמיד אַ גרויסן כּוח פון השפּעה, זייער איינפלוס איז גרויס אַפילו אויף ברוטאַלסטע נאַטורן. אַזעלכע לייט זיינען תּמיד אַזוי עניוותדיק, אַז זיי ווייסן ניט אַז זיי באַזיצן אין זיך זייער כּוח. פון איין זייט איז זייער לעצטע מידה גוט און פון דער אַנדער זייט איז זי שלעכט. שלעכט אי זי דערמיט, וואָס ניט דערקענענדיק די אייגענע כּוחות, קענען זיי זיי ניט אויסנוצן אויף אַ געהעריקן שטייגער און דעריבער איז דער סכום פון זייערע מעשׂים קליין, מחמת זיי

ווייסן ניט ווען צו נוצן זייער תּרופה און דערפאַר נוצן זיי זי אויס ניט אַלע מאָל ווען מ׳נייטיקט זיך אין דעם. גוט איז זייער מידה דערפאַר, וואָס ווען זיי וואָלטן זי יאָ דערקענט, וואָלט זי שוין עטוואָס פאַרלוירן פון איר ווערט און זי וואָלט שוין ניט געקענט ווירקן אין אַזאַ גרויסער מאָס. מחמת ווירקן ווירקט נאָר דאָס וואָס קומט סטיכיש, בלינד און אָן באַוווסטזיין און מיט די טיפסטע און ניט קאָרומפּירטע געפילן פון האַרצן, אָבער געמאַכטע, אויסגעקינצלטע, אויסגערעכנטע ליבע, שׂכלדיקע ליבע, קען ווירקן בלויז אויפן שׂכל, אָבער זי האָט קיין השפּעה ניט אויפן האַרץ.

פּאַלאַשקאַ איז געווען אַ שיקסל פון דעם אומשולדיק־נאַיוון, איבערגעגעבן־געטרייען, פּרימיטיוון גוטן רוסישן פּאָלקלעכן מין. אַזעלכע גוטע פּשוטע מענטשן באַגעגענען זיך אין רוסלאַנד אין אַ גרויסער צאָל. זיי זײַנען דער לגמרידיקער היפּוך פון ברוטאַליטעט, וואָס מ׳שטעלט זיך פאָר אַז ער איז דער הויפּט־כאַראַקטער פון דעם רוסישן פויער, פון דעם פויער וואָס מאַכט פּאָגראָמען, שעכטעוועט, פּייניקט און מאָרדעוועט. דער כּוח פון פּאַלאַשקאַן איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז אַפילו איר ברוטאַלער טאַטע האָט קעגן אים ניט געקענט שטעלן זיך. דאָס מאָל האָט זי מיך געראַטעוועט דורך דעם, וואָס זי האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף מיר, און כריטאַנאָווס הענט זײַנען אָפּגעשוואַכט געוואָרן און ער האָט ניט געקענט שלאָגן זי כּדי צו קענען מיך דערלאַנגען.

וועגן פּאַלאַשקאַס אַריינמישונג האָב איך זיך ערשט שפּעטער דערוווּסט. ווען איך האָב צוריקגעקראָגן מיין באַוווסטזיין האָב איך מכּוח דעם גאָרנישט געוווּסט. פון דער שרעק, און מן הסתם אויך פון די קלעפּ, וואָס איך האָב געקראָגן, האָב איך באַקומען פיבער און צו מיין באַוווסטזיין בין איך געקומען ערשט אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דער געשעעניש. קומענדיק צו מיין באַוווסטזיין האָב איך זיך דערוווּסט ליגנדיק אויף אַ געלעגער אין אַ גרויסן ליכטיקן צימער, מיט גרויסע פענצטער דורך וועלכע עס האָט אַריינגעשיינט די זון. מיין ערשטער באַגער איז געווען אויפצוהייבן זיך, אָבער פון דעם ערשטן ריר, וואָס איך האָב געוואָלט מאַכן, האָב איך דערפילט שרעקלעכע ווייטיקן איבערן קערפּער. איך האָב אָנגעהויבן קרעכצן, און איבער מיר האָט זיך איבערגעבויגן אַ פרויען־געזיכט, מיט בלויע גוטע אויגן און שמייכלענדיקע ליפּן.

„אַ דאַנק גאָט," האָט די פרוי געזאָגט, „דו ביסט צו זיך געקומען. שאַ, מיין קינד, באַוועג זיך ניט. איצט וועט שוין איבערגיין, איצט וועסטו שוין געזונט ווערן."

„ווו בין איך?" האָב איך געפרעגט.

„שאַ, רעד ניט, מיין קינד," האָט די פרוי געענטפערט. „טאָרסט ניט רעדן. האָב קיין מורא ניט, דו ביסט צווישן גוטע מענטשן און מ'וועט דיר קיין בייז ניט טאָן..."

איך האָב גענומען באַטראַכטן די פרוי און פאַרוווּנדערט זיך אויף איר אויסזען. זי איז געווען געקליידט אין אַ לאַנגן שוואַרצן מאַנטל מיט ברייטע אַרבל — פונקט ווי אַ גלח. אָבער קיין פרויען־גלחים, ד"ה מאַנאַשקעס, האָב איך נאָך ביז דעמאָלט ניט געזען.

„ווו בין איך?" האָב איך ווייטער געפרעגט, זיך אָנגעשטרענגט צו דערמאָנען וואָס מיט מיר איז געשען און ווי אַזוי איך בין אַהער געקומען. מיין טירחה איז אָבער געווען אומזיסט. די פרוי איז מיר אויך געווען פרעמד. אויף מיין פראַגע ווו איך בין, האָט זי מיר ניט געענטפערט. זי האָט נאָר פאַרריכט מיין געלעגער און מיך געפרעגט אויב איך פאַרלאַנג וואָס עס איז. איך האָב נאָר געבעטן אַ ביסל וואַסער, האָט זי עס מיר צוגעטראָגן אין אַ גלאָז און מיר אויפגעהויבן דעם קאָפּ אַז איך זאָל קענען טרינקען. אַזוי אויפהויבנדיק זיך האָב איך פלוצעם באַמערקט פּאַלאַשקען, ווי זי שטייט אַן אַ זייט ביים פענצטער און גיט אַכטונג אויף מיינע באַוועגונגען. ווען איך האָב זי דערזען האָב איך זיך אַן אַלץ דערמאָנט. דערמאָנט זיך אַז איך בין אַרויסגעריסן געוואָרן פון מיין היים, אַז איך בין פאַרטריבן צווישן פרעמדע מענטשן, אַז איך בין פאַרשלעפּט געוואָרן צו די פייניקונגען פון כריטאַנאָוון. די פלוצלעכקייט פון מיין דערקענונג האָט מיך באַנומען מיט אַזאַ יי'אוש, אַז איך האָב זיך פאַרכלינעט מיטן וואַסער, וואָס איז מיר דערלאַנגט געוואָרן, איך האָב דערפילט ווי קאָנוווּלסיעס האָבן מיך אַרומגענומען און איך האָב זיך צעוויינט אויפן קול, דערביי געפילט, אַז איך דאַרף איינהאַלטן מיין געוויין, און ניט געקענט.

געלעכטער בעת טרערן פאַרשאַפט אַ ביטערן געפיל; מיטלייד־טרערן פאַרלייכטערן געפילן־ביטערקייטן. איך האָב באַנומען ווי נאָך עמעצער וויינט לעבן מיר. איך האָב זיך אַרומגעקוקט און דערזען, אַז לעבן מיר שטייען נאָך

עטלעכע פרויען, געקליידט אין ענלעכע מלבושים ווי די ערשטע פרוי וואָס איך האָב פריִער געזען. געקוקט האָבן זיי אויף מיר מיט פריינדשאַפט און מיטגעפיל, ווי זיי ווילן מיר גוטס טאָן און ווייסן ניט ווי אַזוי. און פּאַלאַשקאַ — זי איז געשטאַנען אויף די קני אַנטקעגן די איקאָנעס וואָס זיינען געהאָנגען אויף דער וואַנט און אויך זי האָט געוויינט. דאָס זיינען געווען אירע טרערן וואָס איך האָב דערזען אין מיטן פון מיין געוויין. האָב איך מיינע טרערן גלייך איינגעהאַלטן, און פון דענסטמאָל אָן האָב איך שוין מער קיין מאָל ניט געוויינט. ס'זיינען מיינע לעצטע טרערן געווען. פון דעמאָלט אָן איז מיין האַרץ פאַרהאַרטעוועט געוואָרן ווי אַ שטיין.

איך, ווי געזאָגט, האָב אויפגעהערט וויינען און פּאַלאַשקאַ האָט נאָך אַלץ געוויינט; אירע טרערן זיינען געווען ווי אַ נחמה פאַר מיר. איך האָב דערפילט אַן אָנגענעמע מידקייט. מיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן ניט ווילנדיק פאַרמאַכן זיך, און ווי דורכן שלאָף האָב איך שוין געהערט פּאַלאַשקאַס שטילן כליפּען און דעם איבעררעדן, וואָס די איבעריקע פרויען האָבן געפירט צווישן זיך.

„ער וועט איינשלאָפן, וועט ער געזינטער ווערן,״ האָט איין פרוי געזאָגט.

„פאַר וואָס האָט ער זיך אַזוי צעוויינט?״ האָט אַ צווייטע פרוי זיך געוואונדערט.

„קיין חידוש ניט: ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין היים...״ האָט אַ דריטע פרוי געזאָגט.

„אַ רחמנות נעבעך,״ האָט אַן אַנדער פרוי באַמערקט.

פאַר מיר איז געווען אַ טרייסט וואָס די פרויען דריקן אויס געפילן פון רחמנות אויף מיר און אויך דאָס וואָס פּאַלאַשקאַ געפינט זיך דאָ לעבן מיר. איך האָב געוואָלט עפענען מיינע אויגן און באַדאַנקען זיי פאַר זייער גוטסקייט, אָבער מיר איז שווער געווען דאָס צו טאָן: ניט איך האָב געקענט אויסריידן אַ וואָרט און ניט איך האָב געקענט האַלטן אָפן די אויגן. איך בין איינגעשלאָפן.

*

שפּעטער איז מיר באַקאַנט געוואָרן ווו איך געפין זיך: ס'איז געווען אַ פרויען־מאָנאַסטיר וואָס האָט זיך געפונען בשכנות מיט קאָסטראָוו. פּאַלאַשקאַ איז דאָרט געווען באַקאַנט און דורך איר בקשה האָט מען מיך אַהין אַריינגענומען נאָך דעם ווי כריטאָנאָוו האָט מיך צעמזיקט. פּאַלאַשקאַ איז געקומען

צו דער איגומעניאַ און ביי איר געפּועלט אַז מ׳זאָל מיך אַריינגעמען אין דעם שפּיטאָל פון דעם מאָנאַסטיר. דער שפּיטאָל האָט ניט געהאַט קיין סאַניטאַרע און מעדיציניש עינריכטונגען, און געהיילט האָט מען דאָרט דורך תפילות פאַר די קראַנקע און היימישע סגולות פון „אָפּשפּרעכן עין־הרעס״, „פאַר־טרייבן די ,ניט־גוטע׳״ און אַ צאָל אַנדערע איבערגלויבענישן. די רפואות וואָס מ׳האָט די קראַנקע יאָ געגעבן, זיינען צוגעריכט געוואָרן פון אַן אַלטער מאָנאַשקע פון די בלעטער, גראָזן, וואָרצלען, צווייגן פוןביימער און שוואָמען, וואָס זי האָט געקליבן אין וואַלד. זייער מעגלעך, אַז אַ סך פון אירע רפואות זיינען געווען זייער ניצלעך און האָבן באמת געהיילט קראַנקייטן; ס׳קאָן אָבער אויך זיין אַז אייניקע פון די דאָזיקע רפואות האָבן געבראַכט מער שאָדן איידער נוצן. מיין לעבן האָט אָבער יענער שפּיטאָל יאָ געראַטעוועט. ביי כריטאָנאָוון אין הויז וואָלט מען מיך, מן הסתם, אַריינגעוואָרפן אין אַ שטאָל אָדער אַ שייער און דאָרט וואָלט איך אויסגעגאַנגען. פּאָלאַשקאָן איז ניט אַזוי לייכט אָנגעקומען אַריינצוברענגען מיך אין יענעם שפּיטאָל. פאַר מענער זיינען דאָרט בכלל קיין איינריכטונגען ניט געווען, און פאַר ניט־קריסטן — פאַר ייִדן — אַוודאי און אַוודאי ניט. אָבער פּאָלאַשקאָן האָט דערביי פיל אַרויסגעהאָלפן די שוועסטער מאַריאַ, וועמען איך האָב פריִער דערמאָנט, וואָס איך האָב זי צום ערשטן מאָל געטראָפן שטייענדיק ביי מיין בעט און אַכטונג געבן אויף מיר. די איגומעניאַ האָט מסכים געווען אַז מ׳זאָל מיך אַריינגעמען אין שפּיטאָל, אָבער דערביי האָט זי שטרענג מזהיר געווען, אַז איך זאָל זיך געפינען אין גאָר אַ באַזונדערן צימער, וואָס איז אָפּגעטיילט אין איינעם פון די שייערן, און איך זאָל זיך ניט באַווייזן אין דרויסן אין דער צייט ווען מ׳פּראַווועט גאָטעסדינסטן — בכדי ניט מחלל צו זיין די קדושה פון אָט דעם הייליקן אָרט. אַ ייִד און אַ שד איז, נאָך דער השׂגה פון די זייער־פרומע פרויען־נזירות, ענג געבונדן, און מ׳טאָר מיט זיי קיין שום מגע־ומשׂא ניט האָבן. פון דעסטוועגן, ווען איינער איז פאָרט אַזוי קראַנק און דערשלאָגן, ווי איך בין געווען, איז יאָ אַ מיצווה אים צו היילן, אָבער דערביי דאַרף מען זיין זייער אָפּגעהיט פון אים און פּרווון מיט אַלע כוחות צו פאַרקערן אים צום גוטן, צום עכטן קריסטלעכן גלויבן.

די השגחה איבער מיר האָט מען איבערגעגעבן צו שוועסטער מאַריאַ; און אויך מכּוח איר איז דערביי כּדאי עטוואָס צו דערציילן.

זי האָט געשטאַמט פון אַ קליין ייִדיש שטעטל. ייִדן האָבן זיך דאָרט אָנגעזען מער פון קריסטן. צווישן אירע חברטעס זיינען געווען אויך אַ סך ייִדישע מיידלעך און זי איז געווען אַן אָפטע אַריינגייערין אין ייִדישע הייזער. זי האָט צווישן ייִדן אָנגעטראָפן אַ סך „גייסט", אָבער קיין מאָל ניט אָנגעטראָפן קיין „אומריינעם גייסט". ווען פּאַלאַשקאַ האָט געפּועלט אַז מ'זאָל מיך אַריינגעמען אין דעם שפּיטאָל, האָט שוועסטער מאַריאַ זיך פרייוויליק אונטערגענומען צו זיין די „באַרמהאַרציקע שוועסטער" אַכטונג צו געבן אויף מיר ביז איך וועל געזונט ווערן. ווען ניט זי, וואָלט געקענט געשען אַז אַן אַנדער מאָנאַשקע וואָלט אפשר מורא געהאַט מיך צו באַדינען, און ווער ווייסט וואָס מיט מיר וואָלט געשען. שפּעטער אָבער, אין שפּיטאָל טאַקע, ווען די אַנדערע מאָנאַשקעס האָבן דערזען, אַז דער שוועסטער מאַריאַ ווערט ניט געשאָדט דורך דעם וואָס זי עוסקט זיך מיט מיר, האָבן זיי אויפגעהערט מורא צו האָבן און זיי האָבן אָנגעהויבן אַריינצוקומען אין מיין קראַנקן־צימער.

אָפּילו איידער איך בין נאָך אַריינגעבראַכט געוואָרן אינעם מאָנאַסטירישן שפּיטאָל איז פּאַלאַשקאַ געווען אַן אָפטע באַזוכערין אינעם מאָנאַסטיר. זי פלעגט אַהין קומען יעדער זונטיק און אַ מאָל אויך אין מיטן דער וואָך — ווען נאָר זי האָט געהאַט צייט. און איצט, ווען איך בין דאָרט געווען, פלעגט זי נאָך אָפטער אַריינקומען בכדי מיך צו געזוויר ווערן. ווען זי האָט געדאַרפט האָבן אַן אויסרייד פאַר וואָס זי קומט אין מאָנאַסטיר אָפטער איידער געווינטלעך, איז דער אויסרייד געווען, אַז זי קומט זען זיך מיט שוועסטער מאַריאַ, וואָס פון איר שעפּט זי גייסטיקע אויפמונטערונג.

נאָך פון פריִער איז פּאַלאַשקאַ געווען אַ בת־בית אין מאָנאַסטיר און מ'האָט זי באַטראַכט, און זי האָט זיך אַליין אויך באַטראַכט, אַז מיט דער צייט, ווען זי וועט עלטער ווערן, וועט זי זיך אַליין אָנשליסן צו ווערן אַ מאָנאַשקע. דערוויל איז זי אָבער נאָך צו יונג געווען פאַר דעם צו אַנטשליסן זיך.

אַליין פלעגט פּאַלאַשקאַ צו מיר אין צימער אַריינקומען זייער זעלטן. מערסטנס פלעגט זי באַגלייטן די שוועסטער מאַריאַ אָדער אַן אַנדער מאָנאַשקע. צו מיר אַליין האָט זי זעלטן גערעדט. בעת מאַריאַ, אָדער די אַנדערע מאָנאַשקע האָט זיך מיט מיר געעסקט און אַכטונג געגעבן אויף מיינע באַ־

קוועמלעכקייטן, פלעגט זי שטיין אָדער זיצן אָן אַ זייט, זעלטן ווען גערעדט צו מיר, אָבער קיין מאָל ניט אַראָפּגעלאָזט אירע אויגן פון מיר. אָבער מאָדנע — אין כמעט שטומקייט האָט זיך שוין דעמאָלט פאַרבונדן צווישן אונדז אַזאַ נאָענטקייט. מיין האַרץ האָט ניט אויפגעהערט צו לעכצן צו זען זי. אומגליקלעך בין איך געווען אין דעם טאָג ווען זי האָט ניט באַוויזן זיך פאַר מיר, און פונקט אַזוי אָנגעפילט מיט פרייד בין איך געוואָרן ווען זי האָט זיך יאָ באַוויזן פאַר מיינע אויגן. ס'איז געווען אַ געפיל פון לעכצעניש צו זען איר פנים, איר גאַנצן וועזן, אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט, וואָס זי — און נאָר זי — האָט געראַטעוועט מיין לעבן, און אַחוץ דעם נאָך אַ געפיל — אַ געפיל, וואָס איז פאַר מיר אַליין בשום אופן ניט געווען קלאָר — דער עצם געפיל פון צו זעטיקן מיין האַרץ פון צו זען זי, בלויז פון צו זען זי...



אין דער צייט וואָס איך בין געווען אין מאָנאַסטיר איז דער האַרבער ווינטער געווען כמעט פאַרביי און דער פרילינג האָט שוין אָנגעהויבן באַווייזן זיינע ערשטע שפּראָצן. איך האָב עס אָבער קוים געקענט מערקן. קיין יידישן לוח האָב איך ניט געהאַט און ניט געקענט האָבן, און וואָס שייך עצם יידיש־קייט האָב איך עס נאָר געקענט פילן אין האַרצן, אָבער די צייטיקייט פון טעג און וואָכן און פון ימים טובים איז פון מיר געווען פאַרהוילן. געוווּסט נאָר האָב איך ווען עס זיינען געווען שבתים און זיי האָב איך געפּרוּווט אָפּהיטן מיט די תפילות וואָס איך האָב געדענקט אויף אויסנווייניק. פון דעסטוועגן האָט זיך דער אָנהייב פרילינג יאָ אָנגעהויבן מערקן אין מיין צימער. געקענט מערקן האָב איך אים בחוש אָבער ניט דורכן אָנזען. מחמת אין מיין צימער בין איך געווען ווי אין אַ תפיסה, פון אים האָט מען מיך אין דרויסן ניט אַרויסגעלאָזט און פאַר מיינע פיזישע באַדערפעניש האָב איך געקענט גיין בלויז אין אַן אַנדער צימער, און ניט אין דרויסן. און דורך דעם פענצטער פון מיין צימער האָב איך מער ניט געקענט זען ווי אַ שמאָל געסל, אויסגע־לייגט מיט שטיינער, און קעגן איבער איז געשטאַנען אַ הויכע, שטומע, געמויערטע וואַנט, וואָס האָט פאַר מיר אָפּגעדעקט ניט מער ווי אַ שמאָלן פּאַס הימל. פאַר קיין תפיסה האָב איך דאָס ניט געקענט און ניט געדאַרפט באַטראַכטן, ווייל ס'איז ניט געווען אַרומגערינגלט מיט אַ צוים און איז ניט

געווען באַוואַכט פון וועכטערס, באמת אָבער איז עס יאָ געווען בבחינת אָ תּפיסה, ווייל איך אַליין האָב מורא געהאַט אַרויסצושפּאַנען פון דאָרט, ווייל ערשט אין דרויסן, האָב איך מורא געהאַט, לויערט אויף מיר אַ גרויסע סכנה און וואָס נאָר דאָ קאָן זיין אַ פאַרהוילעניש פאַר איר.

ווי איך האָב שפּעטער פאַרשטאַנען האָט מען מיך אַזוי לאַנג געהאַלטן אָפּגעזונדערט אין מאַנאַסטיר מיט דער אויסרעכענונג צו „ראַטעווען מיין נשמה", ד"ה צו פאַרקערעווען מיך צום קריסטלעכן גלויבן און די אַרבעט צו ווירקן אויף מיר איז איבערגעגעבן געוואָרן צו מאַריאַ. געטאָן האָט עס מאַריאַ זייער פאַרזיכטיק. פון צייט צו צייט אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט וועגן די יסודות פון קריסטלעכקייט, אַז זיי זיינען לחלוטין ניט אַנדערש פון די יסודות פון ייִדישקייט, ס'איז איין תּורה, טאַקע די איינציקע תּורה, וואָס פירט אויפן גוטן וועג פון דער ישועה פאַר דעם מענטשלעכן מין, און זי האָט מיר ציטירט פּסוקים פון תּנך, ווו עס ווערט געזאָגט נביאות, אַז מיט דער צייט וועלן אַלע מענטשן אָננעמען דעם אמתן גלויבן און זיי וועלן זיך ציִען צום הויז פון גאָט און אַלע מיט אַלעמען וועלן לעבן בשלום — ניט נאָר מענטש מיט מענטש, נאָר אַפילו חיה מיט מענטש און חיה מיט חיה.

פאַרשטענדלעך, איך האָב אָנגענומען אירע רייד פאַר דעם משיחישן אידעאַל פון באַחרית הימים, ווי ער ווערט אויסגעדריקט פון די נביאים, און ווען זי האָט צו מיר אַזוי פריינדלעך גערעדט און דערצו האָט זי זיך צו מיר אויך אַזוי פריינדלעך באַצויגן, האָב איך זי אָנגעהויבן באַטראַכטן ווי ממש אַ הייליקע און אירע רייד האָב איך איינגעזאַפּט, ממש איינגעזאַפּט אין זיך, און איך האָב געפילט ווי נייע וועלטן ווערן פאַר מיר אַנטפּלעקט. אָבער איבערגענומען האָב איך אָט די אַלע געשיכטעס ניט אַנדערש ווי אין אַן עכט ייִדישן אויסטייטש. מיר האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז דאָס אַלץ, וואָס זי דערציילט מיר, איז מיר שוין פון לאַנג באַקאַנט, איך האָב דאָס אַלץ געזען ביי מיר אין דער היים, אין חדר און אין דער ישיבה ווו איך האָב געלערנט. מיר האָט זיך אויך פאַרגעשטעלט אַז די אַלע הייליקע פּנימער, די אָן אַ גרענעץ גוטע מענטשן, וואָס זי האָט פאַר מיר געמאָלן, זיינען מיר אַלע באַקאַנט און זיי האָבן אומגעשוועבט פאַר מיין דמיון, ווי זיי וואָלטן זיך געפונען אין מיין אייגן שטעטל, דאָרט צווישן די אַלטע איינגעבויגענע הייזלעך, דאָרט אין דער הויכער קאַלטער שול, אויף דעם געשניצטן אָרון־

קודש און געמאָלטן באַלטן, ווי אויך דאָרט אין קלויז אין דעם בין מנחה למעריב, ווו איך פלעג זיצן און זיך צוהערן צו די דברי חולין פון די עלטערע חסידים, וואָס האָבן דערציילט די מופתים פון די רביים און דעם בעל־שם־טוב. און ווען פאַר מיר האָט זיך שפּעטער אַנטפּלעקט די כוונה פון מאַריאַס רייד און צו וואָס זיי צילעווען מיך צו פירן, האָט מיך באַנומען אַ ציטער — צי זיינען דאָס נישט די פאַרפירעניש פון אַשמדאַי, רחמנא לצלן?

ווען מאַריאַ האָט אָנגעהייבן האַלטן אַז מיין נשמה האַלט שוין ביי איבער־קערט ווערן, אַז זי האַלט שוין ביי דערגרייכן, וואָס זי האָט זיך אונטערגענו־מען צו טאָן מיט מיר, האָט זי שוין אָנגעהויבן דערלויבן זיך מיט מיר מער פרייהייט, און איין מאָל האָט זי מיך אַרויסגעפירט אין גאָרטן. פון דעם ערשטן אויגנבליק בין איך שיער ניט פאַרבלענדט געוואָרן. די זון האָט געשיינט, די פייגל האָבן געזונגען, די פרוכטביימער זיינען געווען באַשאָטן מיט בלומען. דער פרילינג האָט זיך משמח געווען מיט זיין ווידערגעבורט, און איך האָב זיך משמח געווען מיט דער פרייד פון דער נאַטור, מיט וואָס גאָט מיט זיין ברכה האָט באַשאָנקען הימל און ערד און מענטש, חיה, בהמה און אַפילו שרץ — צו די אַלע ברואים צו וועמען די ערד איז געוואָרן געשאָנקען. און דער־מאָנט האָבן מיר זיך גלייך די שורות פון שיר השירים, וואָס איך האָב זיי יעדן פרייטאָג־פאַרנאַכט געזונגען אין בית המדרש פאַר קבלת שבת:

שטיי דיר אויף מיין געליבטע,
מיין שיינע, און קום דיר.
וואָרעם זע, דער ווינטער איז אַריבער,
דער רעגן איז פאַרגאַנגען, אַוועק.
די בלומען האָבן זיך באַוויזן אין לאַנד,
די צייט פון געזאַנג איז געקומען,
און דאָס קול פון דער טורקלטויב
לאָזט זיך הערן אין אונדזער לאַנד.
דער פייגנבוים צייטיקט זיינע פריפייגן,
און די וויינשטאָקן אין בליונג גיבן אַ ריח.

מאַריאַ האָט זיך געזעצט לעבן מיר אויפן גראָז און אָנגעהויבן, ווי איר

שטייגער, דערציילן מיר אירע מעשׂיות. מיר האָט זיך דעמאָלט אויסגעדוכט, אַז אַלע אירע סיפּורים זיינען אַ חלק פון דער גאַנצער שיינקייט פון דער וועלט, אַז זיי זיינען די האַרמאָניע פון דער טבע גופא. איך האָב געשלונגען אירע ווערטער צוזאַמען מיט דער לופט און, מערקווערדיק, ס׳האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט אַז דער גאַנצער אַרום, מיט מאַריאַס מעשׂיות, זיינען עס ניט מער ווי מיין שטעטל, און דאָס איז עס, מיין אייגן שטעטל טאַקע, וואָס איז מיט ריחות און בלומען איינגעטונקט, און דאָס איז אין אים ווו „די בלומען האָבן זיך באַוויזן אין לאַנד, (און) די צייט פון געזאַנג איז געקומען.״ און ס׳האָט זיך מיר אָנגעהויבן בענקען, אומגעהייער בענקען נאָך אים.

און דאַן איז לויט זייער חשבון געקומען דער טאָג ווען מיין נשמה האָט שוין באַדאַרפט אָנהייבן „געראַטעוועט״ ווערן. ס׳איז דווקא געווען אַ רעגנ־דיקער טאָג און אַרויסצוגיין אין דרויסן צו דער נייטיקער צערעמאָניע איז ניט געווען אָנגענעם, האָט מען מיך אַריינגעפירט אין אַ באַזונדער צימער און מיך געגרייט צו וואָס עס דאַרף געשען, ווען די איגומעניאַ אַליין וועט מיך קומען זען, און מען האָט מיך געלערנט ווי צו באַגיין זיך מיט איר און ווי צו רעדן צו איר. צו דער באַגעגעניש האָט מען מיך לאַנג מושטירט, אַז מיר האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז דאָס איז ניט אַ פּשוטע פרוי, ווער׳מען איך דאַרף באַגעגענען, נאָר אַ הערשערין, פון וועמען מיין גאַנץ לעבן איז אָפּהענגיק, און ס׳האָט מיר געשראָקן מיין האַרץ. איך בין געשטאַנען ביים פענצטער פול מיט פּחד און זיך צוגעקוקט ווי רעגן־טראָפּנס קלאַפּן אין די שויבן, ווי אין דרויסן שטייען די ביימער אַזוי אומעטיק אַראָפּגעלאָזט די צווייגן און זיי טריפן, ווי זיי וואָלטן געוויינט. און קוקנדיק אַזוי אויף דער מרה שחורה פון דרויסן, האָט זיך צו מיר פון דאָרט דערטראָגן דאָס ווידערקול פון מיין אייגענעם איך, וואָס איך ווייס ניט פאַר וועמענס און וועלכע זינד ער קומט אָפּ. און אָט זע איך, איך בין צווישן גויִים. איך ווער אַליין אַ גוי. מיינע טאַטע־מאַמע דערוויסן זיך. זיי רייסן קריעה, זיצן שבעה. איך בין איינער אַליין אויף דער גאַנצער וועלט, עלנט, אַליין, קיין אייגענער, קיין גואל, אַ פרעמדער, איך האָב אויף זיך אַליין אָנגעהויבן רחמנות האָבן.

ס׳זיינען דאָ צוויי פאַרשיידענע געפילן פון רחמנות ביי מענטשן: רחמנות אויף פרעמדע און רחמנות אויף זיך אַליין. דעם לעצטן געפיל פילט מען ניט שטענדיק, מען ליידט, מ׳מאַטערט זיך, מ׳האָט יסורים, אָבער די גרעסטע

מדרגה פון יסורים, איז, ווען דער איך טיילט זיך אָפּ פון זיך אַליין, פאַר־קערט זיך אין אַ צווייטער געשטאַלט און מ׳דערפילט אַ טיפן געפיל פון רחמנות צו אָט דער צווייטער געשטאַלט. אוי, אָט דאָס געפיל איז דער אומדערטרעגלעכסטער, דאָס איז דער סאַמע עצם פון יי׳אוש, דאָס שטייגט אַריבער דעם סאַמע עצם פון יסורים. אויב גיהנום איז באמת פאַראַן, איז דאָס זיין סאַמע עצם.

ס׳איז געווען פרייטאָג צו נאַכטס, קבלת שבת. אָבער אַרום זיך האָב איך נאָר וואָכעדיקייטס געזען. ניט קיין טבילה און ניט קיין בגדי שבת. די עצם קדושה, רחמנא לצלן, ווערט פאַרשוועכט. אויך דעם תּנך האָט מען מיט מיר געלערנט. שמע ישׂראל ד׳ אלוהינו ד׳ אחד. אחד — אָבער ווי קומט די דריי־איינקייט? קען דען אחד אליין ניט ביישטיין די וועלט? בכן איז דאָך וועלט אַ צעטומלעניש. בכן ווי קומט עס „בראשית ברא״, און ברא איז ניט בלשון רבים. ס׳איז דאָ נאָר איין בורא. איצט זאָגט מען מיר: דריי בוראים: דער פאָטער, דער זון און דער הייליקער גייסט. דער פאָטער, נו ער איז פאַר־שטענדלעך, גאָט אַליין. אָבער דער זון? מיר אַלע זיינען דאָך די זין פון מענטש. און אויך ער איז געווען דער זון פון מענטש: אַ מאַמע און אויך אַ טאַטע. אָבער דער הייליקער גייסט? איז דען יעדער מענטש (און אַלע אַנדערע ברואים) דער פּראָדוקט פון הייליקן גייסט?

שבת, קדושה. אָבער אַרום זיך האָב איך נאָר וואָכעדיקייט געזען. ס׳האָט זיך מיר געדוכט, אַז די קדושה גופא, רחמנא לצלן, ווערט פאַרשוועכט. פאַר מיין זעונג האָט געשוועבט דער פאַרשניטענער שבת ביי מיר אין דער היים. מיין מאַמעס אָנגעצונדענע ליכט אין די שבת־לייכטערס. מיין טאַטע און איך קומען פון שול. אין שטוב איז ליכטיק און ציכטיק. גוט שבת! שלום עליכם מלאכי השרת, און קידוש, עס פילט זיך דער גרויסער עונג. קדושה. אָבער דאָ?

אין דרויסן טריפט דער רעגן. ס׳איז אַזוי וואָכעדיק. און אָט שטיי איך אַליין און וואַרט אויף אַ פרוי, איך בין איבערגעגעבן איר רצון. אַ שרעק באַפאַלט מיך אין פאַרויס. איך האָב זיך פאַרקערט צו דער וואַנט, פאַרמאַכט די אויגן. ווי לאַנג בין איך אַזוי געשטאַנען? איך ווייס ניט. ערשט אַ שטימע:

„הער, ווי רופט מען דיך? קער זיך אום! קום נאָר אַהערצו!״

איך האָב זיך אומגעקערט. אין ווינקל, ביי דער טיר, אין דעם צווייטן

עק צימער איז געשטאַנען אַן אַלטע פרוי, אָנגעטאָן אין מאָנאַכישע קליידער, מיט עטוואָס, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ קרוין, איבערגעדעקט איבער איר קאָפּ, אַרומגערינגלט מיט נאָך עטלעכע מאָנאַשקעס. איך האָב פאַרשטאַנען נאָך איר האַלטונג אַז זי איז די „איגומעניאַ" — די עלטסטע פון זיי אַלעמען. מיין האַרץ האָט מיר געציטערט. מיינע פיס האָבן זיך געוואַקלט. פון דעסט־וועגן האָב איך זיך צו איר דערנעענט. שטייענדיק, האָט זי מיך אַ ווײַלע באַטראַכט. דערנאָך איז זי צוגעקומען צו אַן אויפגעהויבענעם שטול, אַרויפ־געקלעטערט אַ פּאָר טרעפּ, זיך אַנידערגעזעצט, מיך אַ ווײַלע באַטראַכט, מיר געגעבן אַ צייכן צוצוקומען נעענטער צו איר און מיך געפרעגט:

„ווי הייסטו?"

„יחיאל." האָב איך איר געענטפערט.

„ווי? יע... יע... יע־־כיל?..." דעם לאַמעד האָט זי ווייך אויסגערעדט.

זי האָט אויף מיר שאַרף געקוקט. מיך באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס, אָן קיין שום אויסדרוק אויף איר פּנים. אָבער פון איר קאַלטקייט און אויס־דרוקלאָזיקייט האָב איך געפילט אַז קיין גוטס וואַרט ניט אויף מיר. מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ האָב איך געוואַרט צו זען וואָס נאָך פאַר אַ פּלאָג וועט אויף מיר אָנגעשיקט ווערן. באַזונדערס דערפאַר ווייל איך האָב געפילט אַז לויט מיין האַלטונג איז פאַר איר שוין מער קיין סוד ניט אַז ס'איז מיין באַשלוס ניט אָפּצוקערן זיך פון דעם גלויבן פון מיינע עלטערן. איך בין צו איר פרעמד, ווי פרעמד זי איז צו מיר.

„ווייסטו", האָט זי זיך צו מיר געווענדט, „אַז איצט ביסטו שוין געזונט? מיר קענען דיך מער ניט האַלטן אין אונדזער מאָנאַסטיר און מיר דאַרפן דיך צוריקשיקן צו איוואַן כריטאָנאָווון — ווייסטו דאָס?"

דאָס איז געווען דאָס ערגסטע וואָס איך האָב געקענט דערוואַרטן. צוריק צו אים וועל איך געשיקט ווערן? ניט צו קיין אַנדערן? אויף דעם האָב איך זיך ניט גערעכנט. קיין ברירה: שמד אָדער איוואַן כריטאָנאָוו. אומקום דורך גרויליקסטע יסורים. איך האָב ניט געענטפערט, געשוויגן, זיך געטראַכט: אפשר פאַלן אויף די קני און בעטן זיך רחמים? אָבער ניין, און דאָס האָב איך גוט פאַרשטאַנען: ס'איז ניט רחמים, ס'איז אַ נסיון. און דעם נסיון דאַרף איך, מוז איך אויסהאַלטן. דאָס איז דער געבאָט פון מיינע אייגענע טאַטע־מאַמע, דער געבאָט פון גאָט אַליין. דער נסיון פון גאָט אַליין.

„ווילסטו צוריקגיין צו איוואַן כריטאָנאָוון ?..." האָט די איגומעניאַ מיך געפרעגט נאָך מיין לאַנגן שווייגן.

„איך בין אין אייער רשות," האָב איך איר געענטפערט. „איר קענט טאָן מיט מיר וואָס איר ווילט. אַלץ איינס וועל איך קיין מאָל ניט פאַרגעסן די אַלע חסדים, וואָס איר האָט געטאָן פאַר מיר. איך בין דורך אייך אויפגענומען געוואָרן אויף דעם פריינדלעכסטן אופן און איר האָט מיך זייער גוט באַ־האַנדלט. פאַרשטיי איך דערפון אַז איר זענט זייער גוטע מענטשן. איך קען ניט דערוואַרטן פון אייך מער איידער דאָס וואָס איר האָט ביז איצט שוין געטאָן פאַר מיר. אָבער ווען איר קענט מיך איבערלאָזן אויך אויף ווייטער דאָ צו זיין, וואָלט איך אייך אָפּגעדינט פאַר אַלץ וואָס איר האָט פאַר מיר געטאָן, און איך וואָלט זיך אונטערגענומען צו טאָן אַלע אַרבעטן כדי צו פאַרדינען דעם שטיקל ברויט וואָס איר וועט באַוויליקן מיר צו געבן עסן. און צו כריטאָנאָוון — פאַר וואָס זאָלט איר מיך צו אים צוריקשיקן? איך בעט אייך, דערבאַרעמט זיך אויף מיר!..."

די איגומעניאַ האָט מיך אויסגעהערט, שטרענג געקוקט אויף מיר און אַ קורצע ווילע געשוויגן. דערנאָך האָט זי גענומען ריידן. ניט לאַנג גערעדט. קורצע פראַזן. געענוי די ווערטער, וואָס זי האָט געזאָגט, אָדער גערעדט, געדענק איך שוין ניט. איך געדענק נאָר דעם אינהאַלט. ניט מיין גוף איז דער מאָנאַסטיר אויסן געווען צו ראַטעווען, נאָר די נשמה. נאָר היות די נשמה מיינע איז ניט באַווירקט געוואָרן, איז דאָך ניט שייך, אַז איך זאָל ווייטער געהאַלטן ווערן אין מאָנאַסטיר. איך מוז צוריקגיין פון וואַנעט איך בין אַהער געבראַכט געוואָרן. וואָס שייך אַרבעטן אין מאָנאַסטיר, קענען דאָ אַרבעטן גלייביקע מענטשן, פאַר אומגלייביקע מענטשן איז דאָ קיין אַרבעט ניט פאַראַן. איך האָב די ברירה איבערצונעמען דעם ריכטיקן קריסטלעכן גלויבן, און אויב ניט — מוז איך זיך צוריקקערן פון וואַנען איך בין אַהער געבראַכט געוואָרן.

פאַרשטענדלעך, די ערשטע ברירה איז מיר אַפילו אין זינען ניט גע־קומען זי צו באַטראַכטן. איך האָב וועגן דעם אַפילו קיין יישוב הדעת ניט געדאַרפט האָבן. שמד אָדער קידוש השם. איך האָב אויסגעקליבן קידוש השם. איך פאַרלאָז זיך אויף גאָטס גענאָד, ווי מיינע טאַטעס און טאַטעס־טאַטעס האָבן געטאָן און ווי מיינע מאַמעס און מאַמעס־מאַמעס האָבן געטאָן.

דער סוף איז געווען, אַז די איגומעניאַ איז אַוועק מלא־רציחה, דערביי באַפוילן די שוועסטער מאַריאַ צו היטן מיך, אַז איך זאָל ניט פאַרשווינדן און זי וועט שפּעטער זען וואָס צו טאָן מיט מיר.

איך האָב זיך גערעכנט אַז מע וועט באַלד אַריינקומען און מיך אַוועקשיקן צו איוואַנען, אָבער צו מיין גרויס וווּנדער האָט זיך די צייט געצויגן און נאָך מיר איז קיינער ניט געקומען. ערשט פאַר נאַכט איז אַריינגעקומען אַ מאָנאַשקע און מיר באַפוילן נאָכצופאָלגן זי. מיר האָט פאַרקלעמט דאָס האַרץ. איך האָב אָנגעהויבן אין מיינע געדאַנקען געזעגענען זיך מיט אָט דעם אָרט ווו מ׳האָט מיר צו ערשט אַרויסגעוויזן זייער פיל גאַסטפריינדשאַפט און איצט שיקט מען מיך אַוועק אין אַן אָרט ווו איך וועל דאַרפן אויסשטיין פיין און ליידן. צו מיין חידוש, האָט מיך אָבער די מאָנאַשקע פון מאָנאַסטיר ניט אַרויסגעפירט, נאָר זי האָט מיך אַריינגעפירט צוריק אין מיין צימער, איבערגעלאָזט פאַר מיר אויפן טיש אַ פּעקל עסנוואַרג, ניט אויסגערעדט קיין וואָרט, ניט געענטפערט אויף מיינע פראַגעס, איז אַרויס פון צימער און איך האָב געהערט ווי זי האָט פאַרשלאָסן הינטער זיך די טיר.

אין צימער איז געווען שטאָק פינצטער. אַפילו די לאָדן זיינען פון דרויסן פאַרשלאָסן געוואָרן. אַ קליין ליכטל האָט קוים שעמערירט אין אַ ווינקל פונעם צימער, אָבער כמעט גאָרנישט באַלויכטן. איך האָב זיך פאַרוווּנדערט פאַר וואָס מ׳האָט פאַרמאַכט די לאָדן. פריִער האָט מען עס קיין מאָל ניט געטאָן. איך בין אַוועק אין ווינקל ווו עס איז אַלע מאָל געשטאַנען מיין בעטל, געוואָלט זיך צוזעצן אויף דעם, און ערשט דאַן, ווען איך האָב עס ניט געטראָפן אויפן פּלאַץ, איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן: מיין צימער איז איבערגעמאַכט געוואָרן אין אַ תפיסה און דאָ וועט מען ווײלן ברעכן מיין עקשנות.

איך וועל זיך ניט אונטערנעמען צו דערציילן איך, — האָט ר׳ יחיאל פאָרגעזעצט זיין דערציילונג — וויפל מ׳האָט מיך געמאַטערט אין דער צייט וואָס איך בין געזעסן אין דער דאָזיקער תפיסה. געזעסן בין איך דאָרט מער פון צוויי חדשים און די יסורים זיינען געווען אויסערגעוויינלעך. מ׳האָט אויספּרובירט אויף מיר אַלע מיטלען: הונגער, קעלט, גלחים און נאָנעס זיינען געווען שטענדיקע געסט און איבעררײדערס. אָבער ווי פאַלש זיינען געווען זייערע רייד לגבי די יסורים וואָס זיי האָבן מיר פאַרשאַפט. וואָס מער יסורים אַלץ שטייפער איז געוואָרן מיין געמיט. אויב ס׳איז אֵל מלא חנון

ורחמים, איז ווי געשיקט זיך עס מיט יסורים? ווי נעמט מען אָן אָן אמונה, וועלכע פרײדיקט ליבע דורך עינויים פון האַס?

איך מוז זיך מודה זיין, אַז ס׳זיינען געווען צייטן ווען מיינע עינויים זיינען שוין געווען אַזוי פיינלעך, אַז איך האָב זיך שוין אָנגעהויבן וואַקלען. מיר פלעגט אַריינפאַלן אַ שרעקלעכער געדאַנק נאָכצוגעבן וואָס מ׳פאַרלאַנגט פון מיר, אַבי צו ווערן אויסגעלייזט פון די יסורים. אָבער אָט די צייטן זיינען געווען זייער קורץ און די געדאַנקען פלעגן מיך באַלד אָפּשרעקן. איך פלעג זיך דאַן צושטעלן צו דער וואַנט, קודם כל לייענען קריאת שמע און פרובירן זאָגן קאַפּיטלעך תהלים, אויף וויפל נאָר איך האָב זיי געקענט אויף אויסנווייניק, און דאָס האָט מיך געשטאַרקט און מיר געשאַפן געדולד צו קענען איבערטראָגן די קומענדיקע יסורים.

און מערקווערדיק, דורך מיין תפיסה האָט מיין גייסט דערקענט פונקט דעם היפוך, וואָס די נאָגעס האָבן געוואָלט אַז ער זאָל באַנעמען. איך בין געווען עלנט, פאַרייאושט, פאַרהאַסט, נידערשלאָגן, כמעט שטענדיק הונגעריק (ווייל מורא האָבנדיק פאַר טרפה האָב איך אַחוץ ברויט כמעט מער גאָרנישט געגעסן), — און דווקא אונטער אַזעלכע אומשטענדן ווערט דער מענטש פעיִק אָפּצושאַצן אַלץ וואָס איז אַרום אים און משיג זיין זיך אַליין. אין משך פון די צוויי חדשים, וואָס איך בין געזעסן אין דער פינצטערניש און געטראַכט און איבערגעטראַכט אַלע מענטשלעכע ווערטן, איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז ניט גוף איז דער ווערט פון מענטש, נאָר וואָס איז פאַרהוילן אין גוף פון מענטש. און פאַרהוילן איז וואָס? גוף ליידט פינצטערניש, פיין, יסורים, אָבער איך זע ליכט, ליכט אין פינצטערניש. איך זע זעונגען. וואָס זיינען זעונגען? ווער זעט עס זעונגען אין סאַמע פינצטערניש? ניט די אויגן פון מענטש. פאַר זיי זיינען די זעונגען פאַרשטעלט. עפּעס אַנדערש זען די זעונגען, ניט די אויגן. פאַר די אויגן איז פינצטערניש. עפּעס איז דאָ אין מענטש: ניט אויגן, ניט געשמאַק, ניט פינגער-אָנריר, ניט די אַלע פינף חושים. עפּעס אַנדערש. נשמה? נשמה? און וואָס איז נשמה? טאַקע אומבאַקאַנט, אָבער פאָרט נשמה. קיין אַנדער זאַך איז ניט באַגרייפלעך. אויך נשמה איז ניט באַגרייפלעך, אָבער פאָרט נשמה. קיין אַנדער פאַרשטעלונג איז ניט פאַראַן. טאָ לאָמיר פּרווון פאַרטיפן זיך אין דעם. אפשר וועט נשמה אַליין באַגרייפן וואָס נשמה איז אַזוינס. פלאי פלאות.

אָבער נשמה, וואָס זי זאָל ניט זיין, פאַרמאָגט גלוסטעניש, שׂינאה, קינאה — ס׳פירט צו אומגליק. פאַרקערט, ליבע — פון דעם פאַרמאָגט דאָך מענטש אַזוי ווייניק. ס׳איז אָבער פאַרט אַ דבר של קיימא. ליכט איז אַ יש, פינצטער איז נאָר אַ חיסרון פון אָט דעם יש, פוסטקייט. אַזוי איז ליבע אַ יש און שׂינאה איז נאָר דער חיסרון, די אויסליידיקייט פון אָט דעם יש, קיין יש ניט — בלויז פוסטקייט... ליבע, דאָס איז די איינציקע זאַך וואָס פעלט מענטש. ליבע איז אַ דבר של קיימא; אומליבע איז אַ פוסטקייט; שׂינאה איז עצם חשכות, און חשכות איז אַ קללה שבקללה.

היוצא מדברינו: דאָס וואָס איז ממשותדיק אויף דער וועלט איז גוט, און נאָר דענסטמאָל ווען מענטשן פאַרטרייבן פון זיך דאָס ממשותדיקע, ווערט פוסט, און פוסט איז שלעכט. גיט נאָר אַ קוק אויף דער טבע פון דער וועלט, ווי פול זי איז מיט פרייד. קוקט זיך צו צו די פעלדער, וועלדער, צום ליכט פון דער זון, צו דער לבנה, צו די שטערן און אַלע אַנדערע געשאַפֿנקען פון דער וועלט, וועט איר זען ווי אַלץ איז מלא שׂימחה. בלויז צווישן מענטשן איז דאָ אומגליק, בלויז מענטשן זיינען מרה שחורהדיק. דאָס איז מחמת דעם וואָס זיי האָבן אויפגעהערט ליב צו האָבן און אויף דעם אויסגעליידיקטן אָרט, ווו די ליבע האָט געזאָלט זיין, קומען אַריין די שלעכטע מידות פון קינאה, תאווה, שׂינאה...

קודם כל איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז די וועלט קען זיך ניט פירן סיידן על־פּי שׂכל. און אויב אַזוי, — פאַר וואָס מיינע יסורים? האָב איך דען אַזוי געזינדיקט? אויב יאָ, איז ווען? ווי אַזוי? און אויב איך האָב יאָ געזינדיקט, — בין איך דאָך נאָך אַפילו קיין בר מיצווה ניט געווען, וואָס איך זאָל אַזוי שווער געמישפּט ווערן און אַזוי האַרב געשטראָפט ווערן. אלא, וואָס דען? ס׳איז ניט קיין זינד. וואָס דען, אַ ניסיון? אַזאַ ניסיון צו וועלכער יצחק אָבינו איז געשטעלט געוואָרן ווען אַברהם האָט אים געפירט צו דער עקידה? איז דאָך דענסטמאָל אַברהם געשטעלט געוואָרן צום ניסיון און ניט יצחק... היות דאָס זאָל זיין דער תירוץ, — פאַר וואָס מיינע יסורים?

קשיות אויף קשיות, עינויי נפש אויף עינויי נפש, און קיין תירוץ האָב איך ניט געפונען.

טעג נאָך טעג האָבן זיך געצויגן און מיינע יסורים האָבן ניט אויפגעהערט. איך האָב שפּאַצירט איבערן צימער הין און צוריק, ניט געוווסט ווען

טאָג און ווען נאַכט, און געהאַלטן אין איין זאָגן תפילות... ניט געוווּסט — אפשר געדאַוונט מעריב ווען ס'איז געווען די צייט פון שחרית, אָדער פאַר־קערט. און ווידער געטראַכט פאַר וואָס איך בין דאָ. איין זאַך איז פאַר מיר קלאָר געווען: איך האָב יסורים דער עיקר דערפאַר וואָס מע וויל מיך מאַכן פאַר אַ זעלנער. דאָס איז מחמת דעם וואָס עס איז דאָ בכלל אַ מינהג פון זעלנעריי. און אַ מינהג פון זעלנעריי איז איינגעפירט איבער דער וועלט, ווייל עס זיינען דאָ מלחמות, מחמת מענטשן ווילן הרגענען איינע די צווייטע, ווילן רויבן.

וועט איר מיך פרעגן: ווי אַזוי צו מיר האָבן געקענט קומען אַזעלכע טיפע געדאַנקען? איך בין דאָך נאָך גאָר אַ קינד געווען. אָבער ס'איז גאָר קיין חידוש ניט. יידישע קינדער פון תחום המושב, פון 12־13 יאָר, וואָס האָבן תמיד געפילט אַרום זיך פלאָג און שרעק, וואָס האָבן שוין אין זיך אַריינגעזאַפּט אַ היפּש ביסל פון גמרא און פוסקים, וועלכע האָבן שוין בכלל פאַרזוכט אין זיך און אַרום זיך דעם ביטערן טעם פון ניט־פריידיקן לעבן אויף דער ערד, זיינען שוין קיין קינדער ניט. — און איך האָב דעם איבל פון דעם גאַנצן ענין דעמאָלט שוין גוט פאַרשטאַנען און מיין גאַנץ האַרץ איז געווען אָנגעפילט מיט מרידה אַנטקעגן דעם, אַנטקעגן אָט דער גרויסער עוולה. איך האָב גוט באַנומען אַז איין עבירה שלעפּט די צווייטע. ס'זיינען דאָ מלחמות, באַדאַרף מען האָבן בעלי־מלחמה, שלעפּט מען אָט די בעלי־מלחמה און מ'פרעגט קיין קשיות ניט: צי ער וויל, צי ער וויל ניט, צי ער טויג, צי ער טויג ניט. מ'וועט אים שוין איינברעכן, מ'וועט אים שוין אויס־מושטירן. ער וועט שוין מוזן וועלן, ער וועט שוין מוזן טויגן.

יאָ, איך וואָלט געקענט ליינדערן מיינע ליידן. נאָר איין פּיפּס טאָן: איך בין גרייט צו שמדן זיך. אָבער אָט דער געדאַנק איז מיר אַפילו אויפן זינען ניט געקומען. ס'וואָלט געווען ניט נאָר פאַרברעכעריש, נאָר אויך לעכערלעך. די גויים, די וואָס ווילן מיך שמדן, פריידיקן ליבע און פּראַקטיצירן האַס; אַפילו זייערע מאָנאַסטירן, זייערע קדשי־קדשים, זיינען פול מיט האַס, זיי ווערן באַהערשט פון די אָפּגעטער פון מלחמה, די אָפּגעטער פון מאָרד, פון דעם אַשמדאי אַליין.

מחמת מלחמה — איז דאָס די פּרוכט פון דעם גייסט פון קריסט? קריסט פריידיקט ניט קיין מלחמה. קריסט האַלט מלחמה, אָבער איז אַנטי־מלחמה...

ער טוט וואָס ער פּריידיקט ניט, ער פעלשט, דינט דעם טייוול און רעדט אין נאָמען פון גאָט פון ליבע. פאַלש, אייביקער גיהנום. פינצטער איז מיר טאַקע פינצטער, אָבער ליכט זע איך נאָר אין דער אמונה פון מיינע אָבות. אין מיין ייִדיש שטעטל איז שטיל, רויִק. אוי, אוי, אָמר אַביי... און בית הלל אומרים... אומרים און אומרים, אָבער קיין שפיכת דמים... שפיכת דמים חייב מיתה... תיהרג ולא תהרוג... און פאַר מיר איז פאַרשטענדלעך געוואָרן, אַז ווען איך זאָל מסכים זיין צו שמדן זיך, וואָלט עס געהייסן אַ הסכמה צו מלחמה, און דער פּועל־יוצא איז אויך אַ הסכם צו דעם, אַז מיינע יסורים זיינען געווען באַרעכטיקט. און ס'איז מיר אויסגעקומען לעכערלעך, אַז מען מאַטערט מיך איבער דעם, אַז איך זאָל מסכים זיין אַז מען מעג מיך מאַטערן... און דער פּועל־יוצא? דער פּועל־יוצא איז, אַז לפי שׂכל הישר דאַרף איך מסכים זיין אַז מיינע יסורים זיינען לפי הטבע, און — טבע איז דאָך השם יתברך הוא בכבודו ועצמו. איז ווער בין איך און וואָס בין איך וואָס זאָל האָבן תּרעומות? דער שׂכל איז מחייב, אַז מען מאַטערט מיך צוליב דעם, אַז איך זאָל מסכים זיין אַז איך בין מחוייב געמאַטערט צו ווערן... לאָגיק? אָבער לאָגיק האָט דאָך אַ טבע צו פאַרקריפּלען זיך, און אין דעם לאַנד פון קריפּלס, ווערן גלייכע מענטשן פאַררעכנט פאַר קריפּלס... הייסט עס: בכּיוון מאַכן זיך אַליין פאַר אַ בעל־מום... אַן איסור מדאורייתא... און קעגן דעם האָב איך געציטערט בלב ונפש.

צעשאָטענע געדאַנקען, אָן אַ סדר. אָט געשטאַרקט מיך, אָט געפירט מיך אויף אַזאַ שטייגער, ווי, למשל, אַ חולה נופלים. ווער קען עס אויפקלערן פּלוצעמדיקע געדאַנקען פון אַ בעל ייִאוש און דערצו אַ יושב חושך? איין זאַך האָט מיך אָבער תּמיד אויפגעמינטערט: פאַלשעוועז מיין אמונה? אָפּטרעטן פון דער אמונה פון אָבות אבותינו? ווערן אַ כּופר פון קידוש השם און מחלל זיין זייער קדושה פאַר אַ סיר הבשׂר? — אַזוי געשטרויכלט טאָר איך בשום אופן ניט ווערן!

האָב איך טאַקע געליטן עינויים און געשטרויכלט בין איך ניט געוואָרן.

געהאָלפן האָבן מיר דערביי די זיכרונות פון מיין היים, מיין שטעטל. שוואַכינקע זאַכן, אָבער זייער טייער פאַר מיין נשמה: אין און אַרום זיי בין איך אויפגעקומען, זיך דערצויגן, זיך אויסגעלעבט, פון רישעות זיך אָפּגעהיט, צו צידקות זיך געהויבן. אָט האָט זיך מיר פאַרגעשטעלט מיין אייגענע היים,

מיין שטעטל, די שול, די קלויז, די פרומע ייִדן, די צניעותדיקע ייִדענעס, און איך האָב באַשיימפערלעך דערזען מיט מיין גייסטיקן אויג, אַז דאָרט וואָלט מען אַזוי רוצחיש ניט געקענט זיין אַפילו קעגן אַ רוצח, אַ פשיטא שוין אַקעגן איינעם אַזאַ ווי איך בין, וואָס איך בין קיין רוצח אַוודאי ניט. דאָרט וואָלט מען עלנטע קינדער, ווי איך בין אַצינד, אָפּגעהיט, פאַר זיי וואָלט מען זיך אַפילו מקריב געווען און בשום אופן ניט פאַרשאַפט זיי אַזעלכע יסורים אין וועלכע איך ווער איצט געפּלאָגט. און מיין פּלאָגעניש — פאַר וואָס? מ׳וויל פון מיר אויסרייסן מיין אמונה. ווידערשפעניקונג אין דער זעלביקער אמונה, פאַר וואָס מיינע אָבות אבותינו האָבן זיך מקריב געווען על קידוש השם. אומבייטן חיי עולם פאַר חיי שעה?...

און ווי גרויס מיינע פיזישע יסורים, אַזוי בין איך גייסטיק געשטאַרקט געוואָרן. פון טאָג צו טאָג בין איך געשטאַרקט געוואָרן. וואָס מער יסורים, אַלץ שטאַרקער מיין גייסט.

ר׳ יחיאל האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און דערנאָך איבערגעחזרט: „שטאַרקער מיין גייסט...״ איך דערמאָן זיך, אַז ניט שטענדיק איז מיין גייסט געווען אַזוי שטאַרק, אַז איך זאָל אַפילו קיין תרעומות ניט האָבן... תרעומות באַגלייט מיט פאַרביטערונג אַפילו קעגן מיין אייגענעם שטאַם, מיינע אייגענע אחינו בני ישׂראל. ווי האָב איך דאָס געקאָנט פאַרגעסן? דאָס האָבן דאָך אונדזערע אייגענע ייִדן, טאַקע אחינו בני ישׂראל זיינען דאָס געווען, וואָס האָבן מיך איבערגעגעבן צו אָט די פּיין און עינויים אין וועלכע איך געפין זיך איצט; דאָס האָבן זיי דאָך מיך איבערגעגעבן דאָ אין תּפיסה פאַרשפּאַרט צו ווערן — ניט דערפאַר וואָס מיין גורל איז אויסגעפאַלן צו באַדאַרפן זיין אַ זעלנער, נאָר דערפאַר וואָס איך בין אויף אַן אומגערעכטן און אומפאַרדינטן גורל געכאַפּט געוואָרן צו זיין אַ כפרה פאַר אַ וועלכן עס איז גבירישן בחור, וועמען עס ווערט צוגעטיילט כבוד פון אַלע זייטן און וואָס פאַרנעמט אַן אויבנאָן ביי דעת הקהל און אפשר איז ער אויך אַפילו אַ מורה הוראה, פּסקנט דינים פאַר אַנדערע און אים פאַלט אַפילו ניט איין פּוסק צו זיין אַ האַרבן דין קעגן זיך אַליין... אָבער אויך אָט די און ענלעכע מחשבות פלעג איך באַלד אַליין מבטל מאַכן, מחמת שולדיק באמת איז דאָך ניט דער ייִד און זיין ייִדישקייט, וואָס האָט מיך געפאַנגען, נאָר שולדיק איז די גאַנצע מענטשלעכע פעלקערשאַפט, מיט זייערע באַזונדערע גזעס און באַזונדערע גלויבנס, די

גלויבנס וואָס בעל־פה פריידיקן זיי ליבע און במעשה טוען זיי פאַרשפּרייטן שׂינאה און מאָרד, און וואָס געניטער איז דער מערדער הרי זה משובח...

און אַ מאָל האָבן בילדער פון מיין עבר געשוועבט פאַר מיינע אויגן און ווען מיין יי:אוש פלעגט ווערן זייער שאַרף, פלעג איך בכיוון אַרויסרופן אין מיין זיכּרון די רייד פון דעם יי:ד, וואָס איז אַ קורצע צייט אויך געווען מיט אונדז אויפן עטאַפּ און ער האָט אונדז מזהיר געווען אַז מיר זאָלן זיך ניט אונטערגעבן צו חיי שעה, אַז מיר זאָלן נאָר חיי עולם האָבן אין זינען. די עינויים פון קידוש השם, ווי וויטיקלעך זיי זאָלן ניט זיין, זיינען זיי דאָך ניט מער ווי אַ שמץ לגבי חיי עולם. און דערביי פלעגן מיינע אייגענע טאַטע־מאַמע מיר אַרויפקומען אויפן זינען. איך פלעג זיי דערזען ווי זיי וואָלטן בפועל ממש געשטאַנען קעגן מיר, און טרויעריק זיינען זייערע אויגן, און איך האָב געפילט, אַז הגם מיר זיינען אויף אַ מרחק איינע פון די אַנדערע, דאָך איז דאָ אַ קשר צווישן אונדז און ווי נאָר איך וועל דורך שמד איבעררייסן אָט דעם קשר, וועט עס זיין אַן איבעררייס אויף אייביק, טאַטע־מאַמע וועלן זיך זעצן שבעה איבער מיר און פון זייער זכּרון וועל איך אויסגעריסן ווערן לעולם ועד... און איך וועל בלייבן אַליין, עלנט־אַליין, בגשמיות וברוחניות, אויף אייביק און איביק, לעולם ועד...

פאַראַן אַזאַ טבע ביי מענטשן, וואָס, ווען די יסורים שטייגן ביז אומדערטרעגלעכקייט, דעמאָלט פאַרוואַנדלט ער זיך אַליין אין הפקר. דער מענטש טוט זיך דעמאָלט אויס פון דעם אייגענעם גוף, און ער קען דאַן פון זיינע אייגענע יסורים אַפילו הנאה האָבן. דאָס איז די טבע פון אַרויסרופן זיך אַליין אין דעם מצב פון זעלבסט־פאַרגעסונג, פון טעמפּטקייט צו אייגענע ליידן. אָט די טבע איז נאַטירלעך פאַר אַלע מענטשן. אַפילו שוואַכערע נאַטורן זיינען ניט קיין יוצאי מן הכּלל, מחמת צרות פאַרהאַרטעווען יעדן איינעם און אין דעם באַשטייט דאָס גליק פון מענטש — מחמת דורך דעם קען דער מענטש ניט ליידן אָן אַ גרענעץ, מחמת ווען די מאָס ווערט פאַרפילט, גרייכט ער די מדרגה פון הפקרות, וועלכע דריקט זיך אויס אין פאַרטעמפּטקייט און אומבאַגרענעצטער עקשנות, וואָס פאַרהאַרטעוועט דעם גייסט ביז אָפּשיידן זיין קערפּער צו לחלוטין פרעמדקייט, ווי איינס צו דאָס אַנדערע וואָלטן גאָר קיין מאָל קיין שייכות ניט געהאַט.

און ווען איך האָב מיינע יסורים שוין אויפגעהערט פילן, האָב איך

געקענט מאַכן מיין חשבון הנפש, און ניט טאָן עס זעלבסטזיכטיק. ווי לאַנג עס האָט געדויערט, האָב איך שוין דעם חשבון פאַרלוירן, אָבער לסוף האָט זיך די טיר פון מיין תפיסה פאַר מיר געעפנט. און ווען איך בין פון דאָרט אַרויסגעלאָזט געוואָרן, האָב איך זיך שוין מער ניט געפילט ווי אַ שרעקעוו־דיק קינד, נאָר ווי אַ דערוואַקסענער מענטש וואָס האָט ביי זיך פעסטגע־שטעלטע מידות. און נאָך עטוואָס נייעס איז אין מיר אין תפיסה איינגעוועבט געוואָרן, עטוואָס אַזוינס וואָס איז צום מייסטנס אומבאַקאַנט: איך האָב אָנגעהויבן ליב צו האָבן יסורים. ס׳קלינגט משונהדיק, אָבער פאַקטיש איז עס אַזוי געווען... מיין טבע איז אַזוי געענדערט געוואָרן, אַז שפּעטער שוין, ווען איך בין געווען פריי, ווען איך פלעג שטיין אין דאָרף און צוקוקן זיך ווי יונגע פויערים לאָזן זיך ווילגיין אין טענץ מיט געזאַנג מיט די יונגע פויערטעס פונעם דאָרף און שדכענען זיך צווישן אַנאַנד, האָב איך זיך געטראַכט:

„ניין, ניט דאָס איז שימחה, ניט דאָס איז פרייד!"

און איך האָב מיט זיי מיטלייד געהאַט. זיי פעלט עטוואָס פון דעם מיט וואָס איך בין אַליין באַשאָנקען געוואָרן. זיי זיינען בעלי־מומים. זיי קענען ניט פאַרנעמען אמתדיק גליק...

איך האָב אָנגעהויבן אַלץ מקבל באהבה זיין, און אויב ווער האָט מיר שלעכטס געטאָן, האָב איך אויף אים אַליין רחמנות געהאַט און ניט אויף זיך, מחמת דאָס איז דאָך ער וואָס איז בלינד צו זען, אַז דורך דעם וואָס ער פאַרשאַפט מיר ליידן, מאַכט ער זיך אַליין אָרעם, דערמיט וואָס ער שליסט פון זיך אויס דעם געטלעכן גענאַד פון גוטסקייט, וואָס דאָס איז דער סאַמע עצם פון גליק פון מענטש. איך האָב זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כוחות ליב צו באַקומען אַפילו די וואָס האָבן מיך געפייניקט, און דער סוף איז געווען, אַז אַלע האָבן אָנגעהויבן אויפצופירן זיך לגבי מיר אויף אַזאַ שטייגער ווי זיי וואָלטן געוואָלט אויסמיידן מיך. ממש, ווי זיי וואָלטן זיך פאַר מיר געשעמט...

אַזוי האָט זיך שפּעטער מיין לעבן געשטייגערט אין קאַסטראָוו, און דאָ וויל איך ווידער צוקומען צו מיין באַגייטער באַגעגעניש מיט פאַלאַשקען, וואָס דורך דעם, ווי איך וועל אייך באַלד דערציילן, מיין גאַנץ לעבן איז באַאיינפלוסט געוואָרן.

*

ס'איז געווען שניטצייט ווען איך בין באַפרייט געוואָרן פון מאָנאַסטיר־תּפיסה. באַגלייט פון דאָרט האָט מען מיך צו כריטאַנאָוס הויז. אַריינקומענ־דיק אין שטוב האָב איך דאָרט געטראָפן פּאַלאַשקאַן איינע אַליין. זי איז געזעסן פאַרטראַכט, די טיר פון הויז איז געווען אָפן, און דערפאַר האָט זי ניט באַמערקט מיין אָנקומען. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט ביים אַריינגאַנג און אויף איר אַרומגעקוקט זיך. דורכן פענצטער איז אויף איר געשוווּמען אַ ברייטער פּאַס פון זונשיין, אין וועלכן עס האָט זיך געבאָדן אַ דינער שטויב. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס שוועבט אַ גאָלדן וואָלקנדל אַרום אַ קאָפּ ניט פון אַ שיקסל (מיטן נאָמען „שיקסל" האָב איך דעמאָלט גערופן אַלע מיידלעך וואָס זיינען געווען ניט־ייִדיש) נאָר פון אַ מלאך... אין זונשיין איז זי אין גאַנצן דורכזיכטיק געווען און איז געווען באַשיינט און באַחנט ניט אַזוי ווי אַן ערדישע באַשעפעניש.

אָנקוקנדיק זי האָט מיין האַרץ אָנגעהויבן פלאַטערן. איך בין דאָך איר אַזאַ גרויסער בעל־חוב! און איך בין זיכער געווען אַז אויך להבא וועט זי מיך שיצן אויף אַלערליי אופנים. זי וועט זיין אַ נחמה פאַר מיר, אַ פריינד אין נויט, — באַזונדערס אין מיין נויט, ווען איך בין פאַרמישפּט צו עלנט און בין אַרומגערינגלט דורכויס מיט שׂונאים.

„פּאַלאַשקאַ!" האָב איך זי שטיל אַ רוף געטאָן, און איך האָב געפילט, אַז מיין אויסרוף, הגם איך האָב אים ניט געפעלשט, דריקט ער אויס די איבערגעבנקייט און דאַנקבאַרקייט, וואָס מיין האַרץ פילט באמת צו איר.

דערהערנדיק מיין קול האָט זי אַ ציטער געטאָן, הפנים אַז זי איז געווען זייער שטאַרק פאַרטיפט אין מחשבות, און אויך אַז מיין אָנקום צו איר אין הויז איז פאַר איר געווען אומגעריכט. אויפציטערנדיק האָט זי זיך נעענטער אַריינגעטאָן אין זונפּאַס און ער האָט אירע לאָקן דורכגעוועבט מיט גאָלד. מחמת איר איבערראַשונג האָט זיך איר פּנים עטוואָס פאַררויטלט און אירע אויגן האָבן אויסגעדריקט וווּנדער.

„פּאַלאַשקאַ," האָב איך צו איר גענומען ריידן, „איך בין פריי! אָט בין איך געקומען ווידער צו דיר אין הויז. די נאָגע מאַריאַ האָט מיך אַהער צוגעפירט. איך האָב שוין מער פאַר דיין טאַטן קיין מורא ניט. איך וועל איצט אַרבעטן און פאַרדינען מיין ברויט. איך דאַנק דיר, פּאַלאַשקאַ, איך דאַנק דיר זייער שטאַרק..."

און נאָך האָב איך צו איר גערעדט און איך געדענק שוין ניט וואָס: סיי די פרייד, וואָס איך בין שוין פריי פון תּפיסה, סיי די מורא פאַר איר טאַטן און סיי די האָפענונג אַז אין גויט וועט זי זיך פאַר מיר איינשטעלן. איך האָב גערעדט און געפילט אַז אין מיינע רייד קלעפּט זיך ניט אַ וואָרט צו אַ וואָרט, אָבער מיין פלוצעמדיקע פרייהייט, דאָס ליכט פון טאָג, און דער סאַמע עצם וואָס איך קען רעדן, און צו וועמען? צו מיין שיצערין, צו פאַלאַשקאַן אַליין, האָט מיך ממש ווי פאַרשיכּורט.

פאַלאַשקאַ האָט מיך אָבער לאַנג ניט געלאָזט ריידן. זי האָט מיך אָפּגעשטעלט אין מיטן פון מיין גערעדעריי און האָט מיט בייזקייט אַזוי ווי אויסגעשריִען:

„דערמאָן ניט מיין טאַטנס נאָמען! דו ביסט נאָך אַלץ פאַרביטערט! געוועז אַ ייִד און געבליבן אַ ייִד. נאָך אַלץ אַן אומגלייביקער. און מיין טאַטע איז איצט הייליק, ער קומט־אָפּ פאַר זיינע זינד...״

„האָב איך דען פאַרשוועכט דעם נאָמען פון דיין טאַטן?״ האָב איך זיך פאַרוווּנדערט.

„דו האָסט דאָך זיך ערשט אַליין אויסגעלאַכט, אַז דו האָסט פאַר אים מער קיין מורא ניט.״

„איך האָב פאַר אים מער קיין מורא ניט,״ האָב איך איר געענטפערט, „מחמת איך האָב זיך שוין זייער אַ סך אָנגעליטן. מיין געמיט איז שוין פאַרהאַרטעוועט. דער אויסזיכט פון נאָך ליידן שרעקט מיך שוין מער ניט. איך האָב זיי געפילט אין דעם פינצטערן צעל פון מאָנאַסטיר... וואָס קען זיין ערגער? פיזישע ווייטיקן? זאָלן זיי!... עלנדקייט איז ערגער פון אַלץ, אָבער דאָ, ווייס איך, וועסטו פאַר מיר זיין אַ שוץ קעגן דיין טאַטן, אויף וויפל דו וועסט נאָר קענען. איצט בין איך צופרידן, וואָס דו ביסט איינע אַליין און איך בין פריי אויסצודריקן דיר מיין טיף־האַרציקע דאַנקשאַפט פאַר דיין שיצן מיך און פאַר די אַלע טובות וואָס דו האָסט מיר געטאָן.״

„מיין טאַטע וועט דיך מער ניט קענען שלאָגן!...״ האָט פאַלאַשקאַ, נאָך אַלץ ברוגזדיק געענטפערט.

איך האָב ניט פאַרשטאַנען וואָס זי מיינט מיט דעם. פאַר וואָס קען ער מיך ניט שלאָגן? עפּעס איז געשען, אָבער וואָס? זי האָט געזאָגט: „איר טאַטע איז איצט אַ הייליקער...״ איך האָב געקוקט אויף איר פאַרוווּנדערט,

מורא געהאַט צו פרעגן. זי האָט אויף מיר געקוקט און געזען מיין פאַרוווּנ־דערונג און זי האָט פאַרשטאַנען. האָט זי מיך געפרעגט:

„ווייסטו באמת קיין זאַך ניט?"

„ניין!" איז געווען מיין ענטפער.

„ווייסטו דען ניט, אַז מיין טאַטע איז פאַרשיקט געוואָרן אויף אייביקער קאַטאָרגע?"...

איך בין באמת דערשטוינט געוואָרן. איך האָב לחלוטין גאָרנישט געוווּסט וועגן דעם. ווען איך טראַכט וועגן דעם איצט, קען איך ניט זאָגן, אַז איך האָב זיך וועגן דעם מצטער געווען, אָבער קיין פרייד איז עס אויך ניט געווען. גרויליקע איבעראַשונג, וואָלט איך עס געקענט אָנרופן. פאַרלייכטערונג פון שרעק — יאָ, אָבער גרויסע פרייד — דאָס ניט. מיין פאַרוווּנדערונג איז מן הסתּם געווען קענטיק אויף מיין פּנים.

„ווייסטו דען באמת גאָרנישט וועגן דעם?" האָט זי מיט פאַרוווּנדערונג געפרעגט.

„ניין," האָב איך נאָך אַ לענגערן ישוב הדעת איר געענטפערט. „ניין, איך ווייס לחלוטין גאָרנישט וועגן דעם..." און ווי צו פאַרענטפערן זיך וועגן דעם, האָב איך איר געזאָגט: „איך בין דאָך געווען אַרומגערינגלט אין אַ תּפיסה און קיין שום ידיעות זיינען צו מיר ניט דערגאַנגען."

פאַלאַשקאַ האָט אויף מיר אַ ווײַלע געקוקט, ווי זי וואָלט געוואָלט דערקענען דעם אויסדרוק פון מיין פּנים. פאַרביטערט, האָט זי דערנאָך געזאָגט:

„געוויס, דו פרייסט זיך... ווי קען עס דען אַנדערש זיין? ער איז אָבער מיין טאַטע און די ביבל זאָגט: ,זאָלסט ליב האָבן דיין טאַטן און דיין מאַמען'. ווי קען אַן אייגענע טאָכטער זיך צוקוקן צו דער מפּלה פון איר אייגענעם טאַטן? דו אַליין, ווי אַ סך אַנדערע, ביסט דאָך צופרידן מיט דער מפּלה פון מיין טאַטן..."

„איך?" האָב איך איר געענטפערט מיט טיפן געפיל. „איך, דענקסטו, בין צופרידן? ניין, פאַלאַשקאַ, האָסט אַ טעות! קענסט ניט אָנרופן מיינע געפילן מיטן נאָמען ,צופרידן'. אמת, איך קען ניט זאָגן, אַז זיינע ליידן טוען מיר וויי. איך האָב דיין טאַטן קיין שלעכטס קיין מאָל ניט פאַרשאַפט און ער האָט מיך געפייניקט זייער שטאַרק, אומזיסט געפייניקט. אָבער צו זיין

אַ נוקם ונוטר איז אַ גרויסע זינד, און איך וויל זיך אויסהיטן פון זינד. אמת, דיין טאַטע איז געווען אַ שלעכטער מענטש, אַ קריגער, אַ קריגער אַפילו צו זיין אייגענער משפּחה. אָבער אפשר איז ער אין דעם גאָר ניט שולדיק געווען. אפשר האָבן אים שונאים פאַרשאַפט ווייטיקן, און דאָס האָט אים געטריבן צו שיכּרות, און שיכּרות — צו זינד. איצט האָט ער גרויליקע יסורים, איז אויף אים אַ רחמנות. מיט די וואָס האָבן יסורים דאַרף מען אַלע מאָל מיטלייד האָבן..."

בדעה האָב איך געהאַט אַ סך צו ריידן צו איר, אַנטפּלעקן פאַר איר די יסודות פון מיין ייִדישער אמונה, אַז מ'טאָר זיך ניט פרייען מיט די יסורים פון אַ שונא, אָבער איך האָב פּלוצעם דערקענט נאָך איר אויסזען, אַז זי גלייבט מיר ניט, און דאָס האָט פאַרפּלאָנטערט מיינע געדאַנקען און איך בין אַנט־שוויגן געוואָרן.

אַ קורצע ווײַלע האָבן מיר ביידע געשוויגן, דערנאָך האָב איך זיך אָנגע־נומען מיט מוט און איך האָב איר געפרעגט: „דו גלייבסט מיר ניט?"

„ניין!" האָט זי גלייך געענטפערט.

זי האָט געשוויגן. קענטיק זי האָט ניט געהאַט גענוג מוט צו ענטפערן און ווען זי האָט שוין יאָ געענטפערט האָט איר קול עטוואָס געציטערט.

„פאַר וואָס האָסטו זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען דעם ריכטיקן קריסטלעכן גלויבן?"

איר פראַגע האָט מיך שאָקירט:

„דו אויך, פאַלאַשקאַ?..." האָט זיך, צעוויטיקט, פון מיר אַרויסגעריסן די פראַגע.

זי האָט ניט געענטפערט. מיר זיינען געבליבן שטיין איינער קעגן דער אַנדערער, אָבער אָפּגעקערט די בליקן פון צווישן זיך. נאָך דעם האָב איך זיך אָפּגעקערט, אַוועק צום פענצטער און אַרויסגעקוקט אין דרויסן, געקוקט, אָבער גאָרנישט ניט געזען. אין דער פינצטערניש פון מיין תּפיסה איז מיין געמיט ניט געווען אַזוי פינצטער ווי איצט, אין דער ליכטיקייט פון זוניקן טאָג. דעם לעצטן, דעם איינציקן פריינד פאַרלוירן. ס'איז אַדורך אַ קורצע ווײַלע, ערשט איך האָב דערהערט פאַלאַשקאַס פראַגע געווענדט צו מיר:

„איז עס אמת אַז די זשידעס (ניט ייִדן, נאָר זשידעס האָט זי געזאָגט) האָבן זייערע נשמות פאַרקויפט צום שד?"

איך האָב נישט געענטפערט. צו פיל אומגעלומפּערט איז געווען די פראַגע, אַז איך זאָל אויף דעם ענטפערן אָדער פאַרענטפערן זיך.

„און דיין נשמה איז אויך צום שד פאַרקויפט און דו קענסט זי גאָר ניט אויסלייזן״ ?... האָט זי ווייטער געפרעגט. און פון איר קול האָט זיך געפילט די צאַפּלעניש פון טרויער, כּמעט טרערן. און ווידער האָט זי איבערגעחזרט איר פראַגע: „אין מאַנאַסטיר האָט מען אַנדערש ניט געוואָלט ווי דיך ראַטעווען, און דו האָסט זיך ניט געלאָזט. פאַר וואָס זאָלסטו וועלן ברענען אין אייביקן פייער פון גיהנום ?״

„און דו זשאַלעוועסט מיך ?״ האָב איך איר געפרעגט.

„יאָ,״ האָט זי שטיל געענטפערט און אַראָפּגעלאָזט איר קאָפּ. איר ענטפער האָט מיך טיף גערירט.

„פּאַלאַשקאַ,״ האָב איך איר געזאָגט, „גלייב ניט! ס'אַליגן! אַ בייזוויליקע אויסטראַכטעניש! יידישע נשמות זיינען ניט פאַרקויפט צו טייוולאָנים! יידן זיינען ניט ווייניקער פרום פון קריסטן. אונדזערע בתּי תּפילות זיינען עטוואָס אַנדערש, די נוסחאות פון אונדזערע תּפילות זיינען אַנדערש, אָבער מיר דינען באמונה שלימה צו איין גאָט. דער אַלטער טעסטאַמענט איז אויך אונדזער טעסטאַמענט — אונדזער הייליקסטער ספר, אַזוי ווי ער איז אויך אייער הייליקסטער ספר. מיר דינען גאָט בלב ונפש, מיר הייליקן צו אים אונדזערע לעבנס. פון אָנהייב ביזן סאַמע סוף.״

„אויב אַזוי, פאַר וואָס האָט די שוועסטער מאַריאַ מיר געהאַלטן אין איין דערציילן...״

„די שוועסטער מאַריאַ האָט דיר דערציילט ?״ איז עס פאַר מיר געווען אַ גרויסער חידוש.

„יאָ. און ניט נאָר זי, אויך אַנדערע. אַלע וויסן עס...״

דער לעצטער פונק פון אמונה אין מענטשלעכער אויפריכטיקייט, און באַזונדערס אין זייערע נשמה־בלאָנדזשעניש, איז ביי מיר אויסגערונען. די שוועסטער מאַריאַ ? אויך זי ? אַפילו אָט די צאַרטע, גוטע פרוי, וועלכע האָט מיט יידן געלעבט און יידן גוט געקענט, — אויך זי איז אָנגעשטעקט מיט פאָראורטייל ? ממש אומגלייבלעך !

„די שוועסטער מאַריאַ ?״ האָב איך זי מיט וווּנדער איבערגעפרעגט.

„האָט זי אַליין דאָס דיר דערציילט ? אפשר עמעצער אַנדערש ?״

„זי אויך... אַוודאי... אויך אַנדערע, אַלע נאַנעס. ווער ווייסט דאָס נישט? מאַריאַ ווייסט עס מער פון אַנדערע. זי האָט געלעבט צווישן ייִדן, זי קען זיי מער פון אַנדערע. זי האָט מיר אויך דערציילט דעם גרויסן סוד, אַז ייִדן שעכטן קליינע קריסטלעכע קינדער פאַר דער זשידאָווסקער פאַסכאַ, ווען זיי באַקן זייער מצה־קוילעכצן און זיי טונקען דאָס קריסטלעך בלוט אין זייער מצה־ברויט...״

„און די שוועסטער מאַריאַ זאָגט, אַז זי האָט עס אַליין געזען?״

„ניין, זי האָט עס אַליין ניט געזען, אָבער אַלע ווייסן עס... ווען זי איז נאָך געווען אַ קליין קינד, האָט איר מאַמע זי פון שטוב ניט אַרויסגעלאָזט ערב די זשידאָווסקע חגאות, מחמת זי האָט מורא געהאַט, אַז די ייִדן קענען זי פאַרנאַרן און אויסצאַפּן איר בלוט...״

„פאַלאַשקאַ,״ האָב איך איר געענטפערט, „גלויב ניט! ס׳איז שקר וכזב!״

„טאָ פאַר וואָס דערציילן דאָס אַלע?״

„פאַלאַשקאַ, די אַלע דערציילונגען זיינען ליגן!״ האָב איך איר געענטפערט. „אויסטראַכטענישן, בייזוויליקייט! ייִדישקייט מיינט פרומקייט. טייטן אַ מענטשן ווערט ביי אונדז פאַררעכנט פאַר דער גרעסטער עבירה. מיר הרגענען קיין מענטשן ניט און אַפילו דאָס בלוט פון אַ חיה טאָרן מיר ניט נוצן אין אונדזערע עסנס, ווייל בלוט איז הייליק, ווערט געזאָגט אין אונדזער תורה. מיר פאַרקויפן ניט אונדזערע נשמות צו קיין שדים, די שדים אַליין באַטראַכטן אונדז פאַר זייערע גרעסטע שונאים. מיר דינען צו גאָט און, חס וחלילה, מיר זאָלן האָבן מגע ומשא מיט שדים. פאַראַן ביי אונדז אַזאַ תפילה, וואָס מיר זאָגן דריי מאָל אַ טאָג, בכדי די שלעכטע גייסטער זאָלן זיך אָפּווענדן פון אונדז. מיר באַטראַכטן דעם שׂטן פאַרן ערגסטן שונא פון מענטש און ער איז מקטרג קעגן אונדז. ייִדן פריידיקן פרומקייט, גוטע מעשׂים פאַר גאָט און פאַר מענטש. באַזונדערס פאַרן מענטש; ווען אַ ייִד זינדיקט קעגן גאָט, קען אים גאָט מוחל זיין, ניט אַזוי קעגן מענטש: ווען מ׳טוט שלעכטס אַ מענטשן, קען נאָר ער אַליין, דער מענטש אַליין, מוחל זיין די באַגאַנגענע זינד קעגן אים. איך זאָג ניט, אַז אַלע ייִדן זיינען גוט און פרום. צווישן אונדז זיינען אויך פאַראַן שלעכטע מענטשן, ווי צווישן אַנדערע פעלקער, אָבער ייִדיש־קייט אין סאַמע עצם איז גוטסקייט, פרומקייט, גאָטספאַרכטיקייט. זיי מיידן אויס שלעכטס. זעלטן ווער פון זיי עס שיכּורט, זעלטן ווער פון זיי זיינען

שלעגערס. גלייב נישט, פאַלאַשקאַ, אין די אַלע שלעכטיקייטן, וואָס ווערן דערציילט וועגן ייִדן און ייִדישקייט!...״

דערביי האָט רב יחיאל זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט און האָט זיך פאַרטראַכט. דערנאָך האָט ער צוגעגעבן:

זינט מײַן דעמאָלטיקער באַגעגעניש מיט פאַלאַשקען זײַנען שוין פאַרביי צענדליקער יאָרן. איך קען איצט בשום אופן ניט דערמאָנען זיך מײַנע פּינקטלעכע רייד, וואָס איך האָב דעמאָלט גערעדט צו פאַלאַשקען. בלויז דעם אינהאַלט געדענק איך. גערעדט האָב איך לאַנג, זי געוואָלט באַאײַנדרוקן. איך בין ערשט אַרויס פון טורמע און דערפילט אַז איך בין פריי צו רעדן. האָב איך גערעדט, לאַנג גערעדט. און זי, פאַלאַשקאַ, האָט זיך צוגעהערט, און דאָס האָט מיך געמאַכט נאָך מער רעדעוודיק. זי האָט געפרעגט פראַגעס און איך האָב געענטפערט. אַפילו די פראַגע וועגן יעזוס איז געפרעגט געוואָרן, אָבער מײַן דעמאָלטיקן ענטפער אויף דעם געדענק איך ניט. איך געדענק אָבער יאָ, אַז איך האָב זיך היפּש געפּלאָנטערט. קענטיק פאַלאַשקאַ האָט שטודירט די ביבל. צו פיל האָט זי נישט פאַרשטאַנען, אָבער גלייביק איז זי יאָ געווען, שטאַרק גלייביק. איך געדענק ניט ווי אַזוי, נאָר בעת אונדזער רעדן איז אויך דער נאָמען איוב דערמאָנט געוואָרן.

„איוב?...״ האָט זי זיך פאַרוווּנדערט, „איז ער אויך געווען אַ ייִד?...״

„געוויס אַ ייִד! מכּוח אים ווערט געניו דערציילט אין אונדזער תּנך.״

„און איך האָב געמיינט אַז ער איז געווען אַ קריסט...״

„ניין, ער איז געווען אַ ייִד. ווי אַזוי האָט ער געקענט זײַן אַ קריסט, אַז יעזוס איז נאָך דעמאָלט אַפילו ניט געבוירן געוואָרן. יעזוס איז געבוירן געוואָרן ערשט מיט אַ פּאָר טויזנט יאָר שפּעטער. איוב איז אַ טייל פון תּנך און דער גאַנצע תּנך איז געשאַפן געוואָרן מיט אַ סך הונדערטער יאָרן פריִער איידער יעזוס איז געבוירן געוואָרן.״

און אַזוי ווײַטער און ווײַטער האָט זיך געפירט אונדזער דיסקוסיע. דערביי האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך האָב מער קענטשאַפט פון איר, און אַפילו פון נײַעם טעסטאַמענט האָב איך אַרויסגעוויזן מער קענטשאַפט פון איר. און דאָס איז ניט קיין חידוש: אין דער צײַט וואָס איך בין געלעגן אין שפּיטאָל האָט מען מיר קיין אַנדערע ביכער ניט געגעבן צו לייענען אַחוץ דעם נײַעם טעסטאַמענט. איך האָב אים דורכגעלייענט עטלעכע מאָל און ער

האָט אויף מיר קיין שום ווירקונג ניט געמאַכט. קריסטוס, לויט מיין איינדרוק, איז געווען אַ פרומער ייִד, אַ גלייביקער ייִד. טאָמער האָט ער זיך געקריגט מיט אַנדערע ייִדן, זיינען עס געווען פלוגתּות און ניט מער. צווישן אַביי און רבא זיינען אויך געווען פלוגתּות, אַזוי אויך צווישן הלל און שמאי, אויך צווישן אַנדערע. זיינען זיי דען געווען אויסגעשלאָסן פון ייִדישקייט? אמת, קריסטוס איז געפּייניקט געוואָרן. זיינען דאָך רבי עקיבא און אַ סך אַנדערע אויך געפּייניקט געוואָרן. זיינען זיי דורך דעם געוואָרן געטלעך? און ווער האָט קריסטוסן געפּייניקט? ניט קיין ייִדן — רוימער האָבן דאָס געטאָן... פאַר וואָס קומט ייִדן געשטראָפט צו ווערן פאַר דעם? אלא, ער איז שפּעטער אויפגעשטאַנען תּחית המתים? זיינען ביי ייִדן נאָך אַזעלכע וווּנדערלעכע געשעענישן געווען: אליהו הנביא איז קיין מאָל ניט געשטאָרבן, נאָר ער איז אויך לעבעדיקערהייט אַרויף אויפן הימל; אַזוי איז אין דער תּורה פאַרשריבן וועגן חנוך, „אַז ער איז געגאַנגען מיט גאָט און איז ניט געוואָרן, וואָרן גאָט האָט אים צוגענומען", ד"ה, געשטאָרבן איז ער ניט...

די שמועסן צווישן אונדז האָבן זיך געפירט אַ לאַנגע צייט. באמת, איז דאָס גאָר קיין וויכּוח ניט געווען. איך האָב גערעדט און זי האָט געשוויגן. בלויז ווען ניט ווען האָט זי געפרעגט אַ פראַגע און דאָס האָט ביי מיר אַרויס־גערופן נאָך רייד. ס'האָט אויסגעזען, אַז נאָך אַזאַ לאַנגן שווייגן צו וועלכן איך בין געצוווּנגען געווען, אין דער צייט וואָס איך בין געווען אין תּפיסה, האָט זיך ביי מיר ווי געעפנט דער קוואַל פון גערעדעריי. איך האָב הנאה געהאַט פון צו האָבן אַ צוהערער און איך האָב גערעדט און גערעדט. בלויז איין פראַגע האָט פאַלאַשקען קענטיק זייער פאַרביטערט און זי האָט מיך איבערגעריסן:

„און דו, נאָך אַזוי פיל יסורים, גלייבסטו נאָך אַלץ ניט אין יעזוסעס תּחית המתים?"

איך האָב איר ניט גלייך געענטפערט. מיט זיך אַליין האָב איך זיך מיישב געווען: אפשר זאָל איך אויסמיידן אַ דירעקטן ענטפער. כ'האָב מורא געהאַט אַרויסצורופן איר שׂינאה צו מיר. זי איז דאָך אַ גלייביקע; זי קומט דאָך זייער אָפט אין מאָנאַסטיר. מיין אויפריכטיקער אומגלויבן וועט זי אָפּפרעמדן פון מיר און דאָס האָט מיך געשראָקן. אפשר וועט עס אויפוועקן אין איר אַ שׂינאה געגליכן צו איר טאַטנס שׂינאה, און פאַר דעם האָב איך מורא

געהאַט. אויסמיידן אַן ענטפער טאָר איך ניט, ס'וועט אַרויסרופן חשד און אומצוטרוי צו מיר. פאַלשעווען טאָר איך אוודאי ניט: ס'וועט זיין אַ גרויסע זינד... און איך בין שנעל געקומען צום הסכם: איך וועל ריידן זייער פאַר־זיכטיק, אָבער פאַלשעווען טאָר איך ניט. און איך האָב איר געזאָגט:

„איך ווינטש זיך ליבערשט מיין טויט, איידער דיין צאָרן, פאַלאַשקאַ. אָבער פאַלשעווען קעגן דיר קען איך ניט. איך מוז דיר זאָגן דעם אויפריכטיקן אמת. מיין אמת איז, אַז איך גלייב ניט אין דער פאַרשריבענער געשיכטע, אַז ער איז אויפגעשטאַנען תחית המתים. הער, איך וועל דיר דערציילן פאַר וואָס איך גלייב ניט אין דעם. לאָמיר נעמען אַ משל: ווען משה רבינו האָט די ייִדן געגעבן די תורה און ער האָט געוואָלט, אַז אַלע זאָלן אין דעם גלייבן, האָט ער עס געטאָן בפרהסיה: ער האָט צונויפגעזאַמלט אַלע ייִדן און אַלע האָבן געקענט הערן ווי גאָט האָט גערעדט. און אויב קריסטוס איז אויפגעשטאַנען תחית המתים, פאַר וואָס האָט ער עס ניט געקענט מאַכן אַז אַלע זאָלן עס קענען זען? ווי אַזוי ער איז געשטאָרבן אויפן קרייץ, דאָס האָבן אַלע געזען, אָבער ווי אַזוי ער איז אויפגעקומען צו תחית המתים האָבן בלויז עטלעכע מענטשן געזען. ווילסטו, אַז די גאַנצע וועלט זאָל גלייבן אין די עדות פון געציילטע אין היפוך צו דעם עדות זאָגן פון פילצאָליקע? און אַחוץ דעם: פאַר וואָס איז ער לכתחילה געשטאָרבן אויפן קרייץ? זאָגט מען, אַז צוליב זיינע יסורים האָט ער געדאַרפט מכפר זיין אויף די זינד פון דער וועלט. פאָדערט דען גאָט אַ קרבן פון איינעם פאַר דער אויסלייזונג פון אַ סך אַנדערע? אין דער תורה איז דאָך דייטלעך פאַרשריבן גאָטס וואָרט אַז איינער קען ניט מכפר זיין פאַר די זינד פון אַן אַנדערן. און ווידער אַ מעשׂה: אויב קריסטוס איז באמת אויפגעשטאַנען תחית המתים, פאַר וואָס פאַרבאָרגט ער זיך? פאַר וואָס איז ער נישט פאַרבליבן צווישן די מענטשן פאַר וועמענס זינד ער האָט זיך געלאָזט מקריב זיין — אַזוי ווי מיט אים וואָלט גאָרנישט געשען? לכל הפחות אויף אַ קורצער צייט וואָלט ער באַ־דאַרפט פאַרבלייבן צווישן די לעבעדיקע, בכדי מ'זאָל אים זען און גלייבן אין אים..."

פאַרשטענדלעך, אַז לויט מיין איצטיקן פאַרשטאַנד, זיינען מיינע טענות געווען נאַיִוו. זיי זיינען אַ סך מאָל געפרעגט און איבערגעפרעגט געוואָרן, געענטפערט און איבערגעענטפערט געוואָרן. אָבער נישט איך און נישט

פּאַלאַשקאַ האָבן וועגן דעם געוווּסט. מיין חידוש איז אָבער דאַן באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך האָב זיך געריכט אויף פּאַלאַשקאַס צאָרן און ער איז ניט געקומען. אַנשטאָט דעם איז זי אַ לענגערע צייט געזעסן פאַרטראַכט און האָט גאָרניט געזאָגט. ערשט שפּעטער האָט זי אַרויסגערעדט אַ געדאַנק אויף וואָס איך האָב זיך גאָרניט געריכט און האָט מיך ממש געחידושט:

„דו רעדסט קלוג...״ האָט זי געזאָגט. „וואָס ווייס איך? איך ווייס גאָר־ניט... איך וועל דאַרפן ריידן מיטן גלח ווען איך וועל גיין פּאַר מיין ווידוי...״ דערנאָך האָט זי זיך פאַרטראַכט אויף נאָך אַ ווײַלע און געזאָגט: „אָבער צו אים האָב איך ניט וואָס צו גיין... ווען דו ביסט נאָך געווען אין תּפיסה האָט ער מיר געזאָגט, אַז דיך קען מען ניט פאַרקערן צום גוטן, ווייל דו האָסט שוין דיין נשמה פאַרקויפט צום טייוול. אומזיסט צו האַלטן דיך לענגער אין תּפיסה, קיין נוצן וועט פון דעם ניט אַרויסקומען. בעסער אַרויסלאָזן דיך אין דרויסן און האַלטן דיך פאַר אַ פאַראַבעק. וועסטו אַרבעטן און ברענגען נוצן... מ׳דאַרף דיר פאַרשאַפן אַ סך יסורים... אָבער איצט זע איך, דו ביסט מוטיק און דערצו פאַרעקשנט. דורך יסורים לאָזטו זיך ניט איינברעכן, האָסט קיין מורא ניט. ווי אַזוי האָסטו, יחיאל, געקענט אויסשטיין אַזוי פיל יסורים, הונגער, קעלט, פינצטערניש, וואָכן נאָך אַנאַנד?...״

איך האָב איר ניט געענטפערט. וואָס האָב איך איך געזאָלט אָדער געקענט ענטפערן, אַז זי זאָל מיך פאַרשטיין? האָט זי איבערגעחזרט די פראַגע: „קענסט אַפילו ניט ענטפערן, אָדער דו ווילסט ניט ענטפערן?...״

„שווער אויף דעם צו ענטפערן, פּאַלאַשקאַ. אמונה איז איינגעוואָרצלט אין האַרצן מיט אומצייליקע וואָרצלען — ווי קען מען זיי אַרויסרייסן? וועגן דעם ווערט ביי אונדז דערציילט אַן אמתע געשיכטע, לאָמיר זי דיר איבער־דערציילן:

„די ייִדן האָבן אַמאָל געלעבט אין אַן אייגן לאַנד, אין ארץ־ישׂראל. איז דאָס לאַנד איינגענומען געוואָרן פון אַן אַנדער לאַנד, דאָס מאַכטיקע לאַנד, יוון. איז צו די ייִדן געקומען דער קעניג פון יוון און האָט באַפוילן, אַז אַלע ייִדן זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייער אמונה און אַז זיי זאָלן אָנהייבן דינען די יווָנישע אָפּגעטער. ער האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ניט אַזוי לייכט דורכצופירן. האָט ער באַשטימט צו ברענגען אַ מוסטער. ער האָט באַפוילן צו ברענגען צו זיך אין פּאַלאַץ איינע פון די חשובסטע ייִדישע

פרויען, חנה האָט זיך געזעגנט מיט אירע זיבן זין. דער קעניג האָט אַרויס־געצויגן דעם עלטסטן זון און אים באַפוילן צו בוקן זיך צום יווגישן אָפּגאָט. ער האָט ניט געפאָלגט און דער קעניג האָט געהייסן אים אומברענגען פאַר זיין מאַמען אין די אויגן. אַזוי האָט ער געטאָן צו די איבעריקע פינף זין און אויך זיי האָט ער אומגעבראַכט, און די מאַמע האָט עס אַלץ צוגעזען. ווען עס איז געקומען צום זיבעטן קינד, האָט אויף אים דער קעניג רחמנות געהאַט און געוואָלט לאָזן אים לעבן. האָט ער זיך אָפּגערופן צו דער מוטער, צו חנהן: „פיר אָוועק דיין זון אָן אַ זייט און רעד אים איין, זאָל ער ניט זיין אַזוי איינגעעקשנט ווי זיינע ברידער זיינען געווען, וועט ער בלייבן לעבן". און די מאַמע האָט געפאָלגט, זי האָט אָפּגעפירט איר לעצטן זון אָן אַ זייט און זי האָט צו אים אַזוי געזאָגט: „מיין זון, פאָלג נאָך דיינע ברידער! זיי האָבן דיר באַוויזן, אַז טויט איז ליבערשט איידער אומרעכט! פעלשן אין גאָט איז אומרעכט. דאָס קען קיין מאָל ניט פאַרגעבן ווערן!..." און דאָס קליינע יינגל איז צוגעקומען צום קעניג, אָן מורא, אָן פחד און זיך געלאָזט טייטן... די מאַמע, ווען זי איז איבערגעבליבן אַליין, אָן אירע קינדער, איז זי אַרויף אויפן דאַך, האָט זיך פון אים אַראָפּגעשליידערט און איז אויך דערהרגעט געוואָרן. דאַן איז אַראָפּ אַ בת־קול פון הימל און האָט אויסגערופן: „חנה, מוטער פון אָט די קינדער, פריי זיך! דו, מיט זיי אין איינעם זענט אויפגע־קומען צום אייביקן לעבן!"

„פאַרשטיי דאָס, פאַלאַשקאַ, פאַרשטיי! מע האָט דער מאַמען פון אַלע אירע זיבן אומגעבראַכטע קינדער, געהייסן פרייען זיך. ניט קלאָגן, ניט מתאבל זיין זיך, נאָר פרייען זיך. מחמת זי האָט ניט פאַרלוירן אירע קינדער, זי האָט זיי געפונען. דערמיט וואָס זיי זיינען געגאַנגען על קידוש השם, זיינען זיי פאַר דער מאַמען געפונען געוואָרן... איצט פאַרשטייסטו, פאַלאַשקאַ? איצט פאַרגלייך דאָס מיט מיר, מיט מיינע יסורים. וואָס האָט מען פון מיר געוואָלט? הער, מע האָט מיך בגזלה אַרויסגעריסן פון מיין היים; מע מאַטערט מיך פאַר אומזיסט און אומנישט; איז נאָך ווייניק דאָס וואָס איך בין בגוף אָפּגעריסן געוואָרן פון מיינע טאַטע־מאַמע, ווילן נאָך די גאַנעס אויך בנפש אָפּרייסן מיך פון זיי. ווייל קום שמד איך זיך, ווער איך מיטן גאַנצן וואָרצל אויסגעריסן פון זיי, נאָך ערגער פון אַ מפיל־קינד.

„ניין, דערצו קען איך מיין הסכמה ניט געבן! בעסער מיין לעבן מקריב

זיין!... ווען איך פאָלג די נאָגעס, וואָלט איך ניט ווערט געווען צו בלייבן לעבן אויף דער ערד. איך וואָלט דעמאָלט אפילו דעם טויט ניט ווערט געווען.

„הער, פאַלאַשקאַ, איך וויל דיך ניט באַליידיקן! דיין אמונה וויל איך אַוודאי ניט גרינגשעצן. ס'איז קיין חילוק ניט צי איך גלייב יאָ אָדער איך גלייב ניט אין דער געטלעכקייט פון יעזוס קריסט. דער גרויסער חילוק באַשטייט אָבער אין דעם, וואָס אפילו זיינע גלייביקע טוען אין נאָמען פון דער אמונה אין אים, און דערפאַר אַליין וואָלט איך אייער אמונה ניט געביטן אויף אונדזוערער. די שוועסטער מאַריאַ האָט מיט מיר אַ סך איינגעטענהט און איך האָב אירע רייד פאַרשטאַנען. זי האָט מיט מיר גערעדט מכּוח אייער אמונה, און אירע רייד זיינען שיינע רייד, גאָר שיינע רייד. זיי קענען טאַקע מחיה מאַכן די נשמה. אָבער וואָס איז די פּעולה, אַז דער פּועל־יוצא פון די אַלע רייד וועגן מעשׂים טובים ווערט דורכגעפירט דורך אונדז ייִדן מער, אַ סך מער, איידער דורך אייך, קריסטן. גלייבסט ניט? גלייב, פאַלאַשקאַ! איך וויל זיך ניט באַרימען, איך רעד ניט פאַלש, אָבער אַזוי איז פּאַקטיש דאָס לעבן. קוק און זע: דאָס בין איך דאָך, אַ ווילד פרעמדער, וואָס איך שטיי איצט און רעד צו דיר. אָבער גיב נאָר אַ טראַכט: ווי אַזוי קום איך אַהער? און גיב זיך אַליין דעם ענטפער, און דו וועסט גלייך דערזען אַז איך בין גערעכט. איך קום אַהער מחמת מע האָט מיך פון מיין היים אַוועקגערויבט. מעג מען רויבן קינדער פון זייערע עלטערן? האָט עס גאָט מתּיר געווען? און ווער האָט עס אָט די זינד באַגאַנגען? איר, קריסטן. און מחמת וואָס איז אָט די זינד באַגאַנגען געוואָרן? מחמת דעם אַז מע זאָל מיך מאַכן פאַר אַ זעלנער! ווייסטו וואָס דאָס באַטייט? דאָס באַטייט, אַז מע וועט מיך לערנען ווי צו הרגענען מענטשן, שיסן מענטשן, שטעכן מענטשן, פירן מלחמה. מעג מען הרגענען מענטשן? האָט עס גאָט מתּיר געווען? און ווער טוט עס, אויב ניט איר, קריסטן? בכן, וואָלט איר נאָך דערצו געוואָלט, אַז איך זאָל זיך שמדן, אַז איך זאָל געבן מיין הסכּמה, אַז מע מעג פירן מלחמות, מע מעג הרגענען, אַז מע האָט מיך קליינערהייט געמעגט אַרויסרייסן פון מיין היים? און דערצו זאָל איך זיך נאָך שמדן און דאָס וואָלט ביי אייך געהייסן, אַז איך וואָלט געראַטעוועט מיין נשמה?

„ניין, פאַלאַשקאַ, ניט געראַטעוועט וואָלט איך מיין נשמה, נאָר איך וואָלט זי פאַרשולדיקט צו מיין אייגענעם געוויסן, צו מיין אייגן פאָלק, צו

מיינע אייגענע טאַטע־מאַמע. ערשט דעמאָלט וואָלט עס געהייסן אַז איך האָב זי באמת פאַרשולדיקט! צו מיר האָבן גערעדט די נאָנעס, און איך האָב זיך געטראַכט: איר רעדט באמת שיינע רייד, גוטע רייד, אויך ווילט איר טאָן יענע שיינע און גוטע רייד, אָבער טוט איר זיי? בלאַנדזשעט איר ניט? אָבער מיר, ייִדן, האַלטן ניט פון קיין רייד, מיר טוען. איר זאָגט אַליין אַז גאָט איז אַ גוטער, איז עס דען ניט אַ סתירה צו טאָן שלעכטס אין נאָמען פון גוטס? איר זאָגט, אַז קריסטוס האָט מתפּלל געווען, אַז גאָט זאָל מוחל זיין זיינע תּלינים און איר אַליין האָט מיר פאַרזענלעך אָנגעטאָן די גרויליקסטע עינויים — פאַר וואָס? פאַר ווען? איז עס ניט אַ גאָטס־לעסטערונג?

„ניין, פּאַלאַשקאַ, ווען איך דערמאָן זיך אָן די אַלע מעשׂים וואָס די קריסטן טוען אין נאָמען פון גאָט, ערשט דעמאָלט פאַרשטיי איך גוט, אַז ניט זיי דינען גאָט, נאָר זיי לעסטערן אים. און איך בין אַוועק אויף קידוש השם; איך בין געבליבן געטריי צו מיין אמונה, מחמת איך האָב גוט איינגעזען אַז די אמתדיקע דינער פון גאָט זיינען נאָר די וואָס גלייבן אין אים בלב ונפש, ניט די פעלשערס, ניט די וואָס מיטן מויל ריידן זיי גוטס און מיט די הענט טוען זיי אַלערליי מעשׂים תּעתּועים. און די אַלע מעשׂים תּעתּועים וואָס מ'האָט מיר אָפּגעטאָן — ניט אַזוי בשוגג ווי במזיד!“

דאָס איז אַן ערך וואָס איך האָב געזאָגט. איך געדענק די דאָזיקע רייד מיינע. ניט וואָרט אין וואָרט געדענק איך זיי, נאָר דאָס, לפי ערך, איז געווען דער אינהאַלט. איך בין נאָך דעמאָלט יונג געווען — לפי ערך 15 יאָר, אָבער אַ ייִדיש קינד, אַ גמרא־ייִנגל, אַ בעל יסורים, איז צו 15 יאָר שוין אַ בר־דעת. שוין געקענט גאַנצע מסיכתּות אויף אויסנווייניק. אָבער אויב יאָ אַ חידוש, איז דער חידוש געווען ניט איך, נאָר פּאַלאַשקאַ. זי האָט זיך צוגעהערט צו מיינע רייד, זי האָט געשלונגען יעדעס וואָרט. צי זי האָט אַלץ פאַרשטאַנען, ווייס איך ניט, צוגעהערט האָט זי זיך אָבער יאָ. לויט דעם אויסדרוק פון איר פּנים האָב איך געדרונגען, אַז זי פאַרשטייט מיך יאָ. ווען ניט, וואָלט זי איבערגעריסן מיינע לאַנגע רייד. פּאַלאַשקאַ, וויל איך דערביי איבערחזרן מיינע רייד וואָס איך האָב פריִער געזאָגט, איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך מיידל. אַנדערש פון אירע חברטעס. קענטיק, אויף איר האָט געווירקט די סביבה פון איר הויז, איבערהויפּט, די רישעות און שיכּרות פון איר טאַטן. אויך, מן הסתם, איר מיטלייד מיט מיין גורל. אויב זי האָט

באמת ניט פאַרשטאַנען אַלץ וואָס איך האָב געזאָגט, איז עס אָבער פאַר איר געווען אַ חידוש, און זי האָט געוואָלט פאַרשטיין, פאַרשטיין אויף איר אייגנ־אַרטיקן אופן, נאַטירלעך. אַחוץ דעם, און דאָס איז געווען זיכער, ביי איר האָט זיך דערוועקט אַ געפיל פון דערבאַרעמונג אויף מיר. איך האָב זייער געוואָלט אַז זי זאָל מיר עפּעס זאָגן, אָפּרופן זיך אויף מיינע רייד, אָבער זי האָט געשוויגן. האָב איך אַ ווײַלע געוואַרט און דערנאָך ביי איר געפרעגט:

„פאַרשטייסטו מיינע רייד, פאַלאַשקאַ? פאַרשטייסטו פאַר וואָס איך האָב אַזוי געהאַנדלט ווי איך האָב געהאַנדלט, ניט געאַכט אויף אַלע מיינע יסורים?"

„איך פאַרשטיי."

„בין איך געווען גערעכט אָדער אומגערעכט?"

אַנשטאָט צו ענטפערן דירעקט אויף מיין פראַגע, האָט זי נאָך אַ קורצן שווייגן געפרעגט:

„און פון וואַנען ווייסט איר, ייִדן, אַז איר פאָלגט בעסער גאָטס געבאָטן?"

פאַר מיר איז געווען אַ פרייד וואָס זי האָט מיר געשטעלט אַזאַ פראַגע. ס'האָט באַוויזן, אַז איך האָב אין איר אַריינגעטאָן ספקות וועגן די בילבולים וואָס ווערן פאַרשפּרייט וועגן ייִדן, באַזונדערס צווישן אַזעלכע קריסטן, וואָס זיינען געשטראָפט געוואָרן מיט אַזאַ פאָטער, אַ שיכּור און אַ ברוטאַלער מענטש, וואָס איז פאַרמישפּט פאַר מאָרד אויף אייביקער קאַטאָרגע. געוויס האָבן זי ספקות אויך פריִער באַהערשט. זי האָט זיי אָבער ניט פאַרשטאַנען. זי האָט ניט געפּרוווט זיי צו פאַרשטיין, זיי אָפּגעטרייסלט פון זיך, מורא געהאַט זיך אויסצוטענהן מיט זיי. בכלל טאָר מען ניט טענהן, אַזוי איז דער ווילן פון גאָט און ווער איז מענטש און וואָס איז מענטש, אַז ער זאָל קומען נאָכפרעגן דעם אויבערשטן ווילן? אַלץ וואָס מ'דאַרף איז תּפילה טאָן, תּפילה און ניט טראַכטן. ס'איז דאָ איין גלויבן און אים טאָר מען ניט איבערפרעגן. און דאָ קומט איינער און ניט ער פרעגט איבער, נייערט ער קלערט אויף. און דאָס אויפקלערן לייגט זיך אויפן שׂכל.

איך בין העכסט צופרידן געווען פון איר פראַגע. ס'האָט באַוויזן, אַז איר אמונה טרייסלט זיך און די אַלע בילבולים, וואָס זיינען אין איר אַריינגעגעבן געוואָרן קעגן מיר און קעגן מיין רעליגיעזער עקשנות, זיינע באמת ניט אַזוי אויפריכטיק ווי זי האָט געמיינט. אפשר בין איך גאָר ניט אַזוי אומגערעכט, אפשר קען איך און דאַרף איך זי איבערצייגן, אַז די ייִדן זיינען באמת יאָ

גערעכט. אַט דער געדאַנק האָט מיך באַגייסטערט. און ווי נאַיִוו איך בין געווען, אַזוי האָט מיין באַגייסטערונג אין מיר געשטיגן. דערצו דאַרף באַ־מערקט ווערן, אַז בעת איך האָב שוין לגבי איר געהאַט אַ סך וויסן: תּנך מיט רש״י, אַ סך גמרא, אַפילו מיט דרוש, און אַפילו געכאַפּט אין עטוואָס קבלה, האָט זי מער גאָרניט געוווּסט ווי דעם פּאָפּולערן קאַטעכיזם פון איר פּאָלקשול. און איך האָב ווייטער אָנגעהויבן ריידן, אפשר מער געפלוידערט איידער גערעדט, אָבער זי האָט אויף מיר געקוקט מיט גרויס וווּנדער און אָנגענומען אַלע מיינע רייד. און איך האָב איר אָנגעהויבן דערקלערן אַלע מעלות פון ייִדישקייט און פון ייִדן. ייִדן שיכּורן ניט און שלאָגן זיך ניט; איך האָב געמאָלן פאַר איר די שול, די קלויז, די ייִדן מיט די גרויע בערד; די צניעותדיקע מיידלעך, די פרומע ישיבה־בחורים, — און זי האָט מיך אָנגעקוקט, אָנגעקוקט פאַרווּנדערט, און אירע אויגן האָבן אויסגעדריקט בענקשאַפט און ס׳איז קענטיק געווען, אַז איר האַרץ האָט מיט מיר געצויגן, געצויגן און אַרומגעשוועבט האָט זי אין דעם אמתדיקן נחת־רוח פון אַ ייִדישן שטעטל. גערעדט האָב איך לאַנג און זי האָט זיך צוגעהערט. און וואָס מער אידיליש איך בין געווען, אַלץ מער איז זי געצויגן געוואָרן. און ווען איך האָב געענדיקט ריידן, זיינען מיר לאַנג, זייער לאַנג פאַרבליבן זיצן שטום, פאַרטיפט אין די אייגענע געדאַנקען און געפילן. איך אין דער בענקשאַפט נאָך די אידיליעס פון מיין היים פון וועלכער איך בין אַזוי ברוטאַל אָפּגעריסן געוואָרן, און זי — מן הסתם אויך פון איר ביטער לעבן וואָס האָט זיך אַזוי גרויליק אַנטוויקלט. אויפגעכאַפּט האָבן מיר זיך בלויז דעמאָלט, ווען עס האָט זיך דערהערט דער טומל פון די טשערעדעס שאָף און רינדער, וואָס ווערן געטריבן צוריק אין דאָרף אַריין פון זייער טעגלעכער פּאַשע.

פּאַלאַשקאַ האָט דערביי באַמערקט:

„די טשערעדעס קומען שוין אַהיים. מ׳דאַרף גיין אויסמעלקן די בהמות און פאַרטרייבן זיי צוריק אין שטאַל״. אָבער דערביי האָט זי זיך ניט גערירט פון אָרט, קענטיק זי האָט ניט געוואָלט וואָכעדיק מאַכן איר שטימונג. די זון האָט שוין אָנגעהויבן נידעריקן צו איר מערב־האָריזאָנט און מיט פּורפּור האָט זיך באַגאָסן דער הימל אַרום איר און מיט פּורפּור האָט זיך באַגאָסן אויך פּאַלאַשקאַס פּנים. און איך בין זיך מודה: איך האָב פון דעם מיידל מיינע אויגן ניט געקענט אָפּרייסן. ס׳האָט זיך מיר געוואָלט צוזאַמענגיסן זיך

מיט איר, און אַזוי פליִען, אַוועקפליִען מיט איר, און אַזוי פאַרבלייבן אויף שטענדיק, אויף אייביק. ס׳טרעפן דאָך אַזעלכע מאָדנע מחשבות ביי מענטשן, איבערהויפט ווען מ׳איז נאָך זייער יונג. ס׳איז ניטאָ קיין טומאה אין זיי... ניט דער מינדסטער געדאַנק אַפילו...

ס׳האָט זיך געעפנט די טיר און פאַלאַשקאָס מאַמע איז אַריינגעקומען. פאַלאַשקאַ האָט זיך גלייך אויפגעהויבן און איז אַרויס אין דרויסן אַכטונג צו געבן אויף די פי. איך בין איר נאָכגעגאַנגען איר צו העלפן.



רב יחיאל האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַלע זיינען געזעסן געשפּאַנט און געוואַרט אויפן סוף פון דער מעשׂה, אָבער ער האָט זיך ניט געאיילט ווייטער צו דערציילן. קענטיק ס׳איז ניט לייכט געווען פאַר אים צו גריבלען און פאַרטיפן זיך אין די סאַמע צעוויטיקסטע געפילן און געשעענישן פון זיין עבר. אפשר האָט זיך זיין פרישקייט נאָך ניט אויסגעוועפּט אַפילו נאָך אַ המשך פון אַזוי פיל יאָרן, אפשר האָט זיך די צייט ביי אים אָפּגעשטעלט, פאַרגליווערט געוואָרן. מ׳דערציילט: אַזוינס קען געשען אַ מאָל און טוט טאַקע געשען. און ערשט דאַן, ווען דווידקע האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל דערציילן ביזן סוף, האָט ער ווייטער דערציילט:

צוויי יאָר בין איך געווען אין פאַלאַשקעס הויז. ס׳זיינען געווען די צוויי גליקלעכסטע יאָרן פון מיין לעבן. אידיליע־יאָרן, רופט מען דאָס אויף הייַנט־צייטיקן לשון. פאַלאַשקאַ האָט אַזוי אויסמערקירט מיט איר מאַמען, אַז איך זאָל ווערן פאַררעכנט אין איר הויז ווי אַן אייגענער. איך האָב אָנגעפירט מיט דער באַלעבאַטישקייט; איך האָב זיך געפילט פריי און בין געווען אומ־געשטערט; אַלע אין דאָרף, אַ חוץ פאַלאַשקאַן און איר מאַמען, האָבן אויס־געמיטן צו דערנענטערן זיך צו מיר מחמת מיין אויסטערלישער ייִדישקייט־אויפפירונג, ווי, למשל, דאָס אויסמיידן אַרבעטן אום שבת, נישט עסן קיין פלייש — איבערהויפט חזיר־פלייש; ניט גיין אין קירך אַפילו אין די הייַ־ליקסטע טעג, אאַז״וו. מיר האָט עס אָבער ניט צו פיל געאַרט. וואָס ווייטער אַלץ מער האָב איך זיך צוגעוווינט צו מיין עלנט. נאָך מער: אָפט מאָל האָט עס מיר הנאה געטאָן. ס׳האָט מיר געגעבן די געלעגנהייט צו פאַרטיפן זיך אין זיך אַליין, צו מאַכן מיין אייגענעם חשבון־הנפש, ווי מ׳רופט עס אָן,

און בלית ברירה בין איך פון דעם געווען צופרידן. אַחוץ דעם האָב איך בדרך כלל זייער ווייניק צייט געהאַט צו טראַכטן וועגן זיך אַליין. זומער האָב איך געפּיטערט די פּי, געאַרבעט אויפן פעלד און גאָרטן; ווינטערצייט האָב איך געטאָן די הויזאַרבעט, אַכטונג געגעבן אויף די בהמות אין שטאַל, געפירט האָלץ פון וואַלד, געדראָשן די תבואות אין שייער, געמאָלן די קערנער אויף מעל. איך האָב זיך צוגעוווינט צו מיין מצב און ניט געהאַט קיין צייט צו בענקען נאָך עטוואָס אַנדערש. פאַר אין זאַך בלויז איז מיר ממש אויסגעגאַנגען דאָס חיות זיי צו זען, און דאָס זיינען געווען מיינע עלטערן. איך האָב אָבער ניט געוווּסט ווי אַזוי צו פאַרבינדן זיך מיט זיי. קיין פּאָסט איז אין קאַסטראָוו ניט געווען. און אַרויסצופאָרן אין דער נאָענטסטער שטאָט, ווו ס'איז יאָ געווען אַ פּאָסט, האָב איך קיין שום מעגלעכקייטן ניט געהאַט. אַריבערצושיקן אַ בריוו דורך עמעצן אַנדערש איז געווען פאַרבאָטן און איך האָב סיי מורא געהאַט דאָס צו טאָן און סיי ניט געהאַט די מעגלעכקייט דאָס צו טאָן. שפּעטער האָט זיך מיר יאָ איינגעגעבן אַרויסצושיקן עטלעכע בריוו צו מיינע עלטערן, אָבער קיין ענטפער אויף זיי האָב איך ניט באַקומען. צי זיי האָבן די בריוו יאָ אָדער ניט דערהאַלטן ווייס איך ניט. און נאָך אַלעמען בין איך דאָך נאָך געווען זייער יונג, ערשט פון קינדהייט אַרויס, ס'האָט זיך ביי מיר גענומען אויסוואַפן די בענקשאַפט נאָך דער היים און זי האָט אויפגעהערט אַזוי שטאַרק צו נאָגן מיין געמיט. דערצו האָט פּאַלאַשקאַ פאַרנומען מיין געמיט.

אין מיין איינזאַמקייט איז פּאַלאַשקאַ געוואָרן מיין איינציקע נחמה. זי פלעגט מיר ברענגען עסן אויפן פעלד (ניט פליש, נאָר אַנדערע געקעכצן), און די אומגעגנטן זיינען דאָרט געווען אומגעוויינלעך שיין. פון איין זייט דער טייך וואָלגע מיט אירע סטעפּעס און פון דער צווייטער זייט די וואָלגע, און הינטער איר די בערג און טאָלן פון די אוראַלן. און דער וואָלגע־טייך איז געווען שטענדיק פול מיט לעבן: עס שווימען איבער איר אָן אויפהער פליטן און שיפן, וואָס זייערע מאַנשאַפטן האָבן קיין מאָל ניט ליב צו שווייגן, נאָר עס טראָגט זיך תמיד זייער געזאַנג. זיי זינגען יענע שיינע רוסישע פאָלקמעלאָדיעס — פריילעכס געמישט מיט טרויער און בענקשאַפט, וועלכע שפּיגלען אין זיך די סאַמע ריינקייטן פון פאָלקס־נשמות, וואָס זיי אַליין זיינען אויסגעברייטערט ווי די סטעפּעס און די בענקשאַפטן פון אַ קינדער־

רישער נשמה, וואָס איז פון זיין מאַמען אָפּגעריסן. און אַזאַ קינד בין איך אַליין דאָך געווען. שעהען און שעהען בין איך געלעגן און זיך צוגעהערט, אָפט מאָל, ביי אַ געלעגנהייט, פלעגט פּאַלאַשקאַ באַגלייטן מיך אין פעלד, אַרויסהעלפן מיר אין מיין אַרבעט, אָדער סתּם זעצן זיך לעבן מיר און זיך מיט מיר מיישב זיין מכּוח אַלערליי היימישע באַלעבאַטישקייטן.

זייער שווערע צייטן האָט פּאַלאַשקאַ אָנגעהויבן איבערלעבן, צייטן פון אַ סך עגמת נפש. דער טאַטע איז אויף קאַטאָרגע אַוועק און די מאַמע, פריי פון איר אייגענעם מאַן, האָט זיך אָפט אַרומגערינגלט מיט פרעמדע מענער, און ווי איר מאַן פריִער, האָט זי ליב באַקומען דעם ביטערן טראָפּן. פּאַלאַשקאַ האָט זיך צו דעם אַלעמען צוגעקוקט, געליטן, זייער אָפט פאַרגאָסן טרערן, אָבער גאָרניט געזאָגט און געשוויגן. איך האָב געפּרוווט טרייסטן זי, אָבער זי פלעגט זיך אָפּקערן פון מיר און מיר גאָרניט ענטפערן. און אַ חידוש: ווער פון אונדז ביידן האָט זיך גענייטיקט מער געטרייסט צו ווערן?

אין מאָנאַסטיר האָט פּאַלאַשקאַ אויפגעהערט גיין, מחמת די נאָנעס האָבן זי ניט אַזוי גוט ווי פריִער אויפגענומען. ווען זי פלעגט דורכשפּאַצירן איבערן דאָרף האָבן קליינע קינדער איר אָפט אויסגעשטעקט די צונג, איר נאָכגעלאָפן און געשריִען: „קאַטאָרזשאַנקאַ״ און אַנדערע שענדלעכע נעמען. האָט זי אָנגעהויבן אויסמיידן צו באַווייזן זיך אין דרויסן.

דערוויל האָט זי זיך קערפּערלעך אַנטוויקלט. מן הסתּם שוין צו בגרות געקומען. די אָפטע יִונגערע אַריינגייערס צו איר מאַמען האָבן זי אָנגעהויבן מערקן. זי האָט זיך געשראָקן און אָפּגעקערט פון זיי. אָפט מאָל איז עס איר אָנגעקומען שווער, יונגע מענטשן זיינען פון איר אָפּגעטראָטן מיט צעקראַצטע פּנימער, איינעם האָט זי אַפילו צעשטאָכן מיט אַ גאָפּל, ביז ער איז מיט לעסטערונג אָפּגעטראָטן פון איר. דערפון האָט זי נאָך מער געליטן. דערפאַר פלעגט זי זייער גערן זוכן אָפטערע געלעגנהייטן צו קומען צו מיר אין פעלד, און דאָרט, ביי דער וואָלגע האָבן זיך ביידע אונדזערע חלומות געוועבט. מיר זיינען געזעסן זאַלבענאַנד אינעם שאָטן פון אַ בוים, צוגעהערט זיך צו די מעלאָדיעס, מיט וועלכע ס'האָט זיך געדוכט אַז די לופט איז דורכגעדרונגען, געקוקט אין ווייטן מרחק און ניט געפעלט האָבן אונדז דמיונות דורך וועלכע צו פּרווון פאַרטרייבן די יִיאושדיקע ווירקלעכקייט פון לעבן.

זי האָט געבענקט און איך האָב איר בענקשאַפט אין הויט און ביינער

אַריינגעטאָן. איר האָט זיך געבענקט נאָך אַ שענער בעסער לעבן; זי האָט געבענקט נאָך דעם וואָס איר אין הויז האָט געפעלט איצט און וואָס זי האָט דאָס דאַרט קיין מאָל ניט געהאַט; איך האָב געבענקט נאָך דעם וואָס איך האָב אַ מאָל יאָ געהאַט און דערנאָך פאַרלוירן. און דאָס וואָס איך האָב אַ מאָל געהאַט, האָב איך, דורך מיין בענקשאַפט, פאַר איר געמאָלן אין די ליכטיק־סטע פאַרבן, און דאָס איז מיט דער צייט אַ דבר ממש אויך פאַר איר געוואָרן.

און דערציילט האָב איך פאַר איר די פרייד און נשמה־דערהייבנקייט פון אַן עונג שבת; די עליית נשמה און די שטילע לוסטיקייט און די שירה פון ייִדישע ימים־טובים; די זמירה פון שיר השירים ביי קבלת שבת; די פרייד פון ייִדישע ימים־טובים; דעם ייִחוד הנשמה וואָס שאַפט זיך ביי דער באַזונדערער גמרא־נגינה וואָס צעגיסט זיך מיט חיות איבער אַלע אברים; פון דער פרומקייט פון די ייִדן און דער ריינקייט און צניעות פון אונדזער לעבן, פון זיין שטילקייט און רויִקייט; די ייִדישע אגדות; די פאָלקסטימלעכע און חסידישע סיפּורי מעשׂיות. פאַלאַשקאַ האָט זיך צוגעהערט און האָט פאַרגליכן די דאָזיקע מעשׂיות מיט אירע רוסישע פאָלקס־מעשׂיות פון די באָוואַ־קאָראָלעוויטשעס, וואָס האָבן געהאַקט קעפּ און אומגעבראַכט אַרמייען פון אומצאָליקע מענטשן בכדי צו געווינען זייערע הערצישע־מערדערלעכע רי־טערישקייטן; מעשׂיות פון מכשפות, וואָס האָבן געשוועבט אין דער לופטן אויף בעזעמער און אָפּגעטאָן מעשׂים דורך כּישוף.

פאַלאַשקאַ האָט זיך צוגעהערט צו די אַלע מעשׂיות, און ביסלעכוויז האָט זיך אין איר געמיט געשאַפן אַ בענקשאַפט און אַ געפיל פון גרויס דרך־ארץ פאַרן דאָזיקן טייערן לעבן, פון וואָס מיין ביטער מזל האָט מיך אַזוי ברוטאַל אַרויסגעריסן, דורך די זעלביקע מענטשן, וואָס האָבן דורך זייער אויסזען באַוויזן צו זיין לייטיש, אָבער וואָס האָבן זייערע נשמות איבער־געגעבן צום דינסט פונעם ניטגוטן.

צוויי יאָר, צוויי גאָלדענע יאָר זיינען אַזוי פאַרביי.

פאַלאַשקאַ האָט זיך שוין אַנטוויקלט צו ווערן אַ בוגרת און איך — איך בין געוואַקסן פאַר רייפקייט און טויגלעכקייט פאַרן צאַרישן מיליטער.

✱

איין מאָל, אָנהייב ווינטער, זיינען איך און דער פֿאַראָבעק אַוועקגעפֿאָרן אין וואַלד, אויף צוויי באַזונדערע שליטנס, אָנצוהאַקן האָלץ צו באַהייצן די הויזאויוונס און די שייערן אין משך פֿון די ווינטערפֿרעסט. ס׳האָט געבלאָזן אַ שטאַרקער ווינט, אָבער מיר האָבן אויף דעם ניט אַכטונג געגעבן. ווען בלאָזט דען ניט אַ ווינט איבער דער טייגע? דער וואַלד איז געווען נאָענט און אין צוויי־דריי שעה אַרום וואָלטן מיר שוין געקענט זיין צוריק אין דער היים. אין וואַלד גופא האָבן מיר דעם ווינט כמעט אין גאַנצן ניט געפֿילט, און מיר האָבן רויִק און ניט געאיילט אָנגעזעגט האָלץ, אַרויפֿגעלייגט עס אויף די שליטנס, עס גוט איינגעבונדן, אַז ס׳זאָל זיך ניט צעשיטן אויפֿן וועג צוריק. אַהיים.

דערווייל האָט זיך דער טאָג געררוקט. דער ווינטערדיקער טאָג איז קורץ און ס׳האָט שוין אָנגעהויבן פֿינצטערער ווערן, און אַרויסקומענדיק פֿון וואַלד, האָבן מיר ערשט דעמאָלט באַמערקט, אַז ס׳האָט זיך אויפֿגעהויבן אַן אמת־דיקע זאַווערוכע, אָדער „בוראַן״, ווי זיי רופֿן עס, וואָס איז אַ בפֿירושדיקע סכּנה פֿאַר רייזנדיקע פֿאַרבלאָנדזשעט צו ווערן און פֿאַרשאָטן צו ווערן פֿון שניי. דער פֿאַראָבעק און איך האָבן זיך אָפּגעשטעלט זיך מיישב צו זיין וואָס צו טאָן: צו פֿאָרן אַהיים מיינט צו ריזיקירן פֿאַרבלאָנדזשעט צו ווערן און פֿאַרשאָטן צו ווערן פֿונעם שניי אויפֿן פֿעלד, אָבער צו בלייבן נעכטיקן אין וואַלד ביז דער טאָג וועט אויפֿגיין איז אויך אַ גרויסע סכּנה, דער עיקר פֿאַר וועלף. אמת, מיר קענען טאַקע פֿונאַנדערלייגן אַ פֿייער וואָס וועט אונדז וואַרעמען, און שפּייז פֿאַר זיך מיט די פֿערד האָבן מיר אויך מיטגענומען, אָבער די סכּנה איז פֿאָרט גרויס, ווייל ווער ווייסט ווי לאַנג דער בוראַן וועט אָנהאַלטן? אַחוץ דעם איז אין וואַלד די סכּנה זייער גרויס פֿאַר וועלף.

טאָ האָבן מיר באַשלאָסן צו פֿאַרלאָזן זיך, אַזוי צו זאָגן, „אויף גאָטס באַראָט״ און לאָזן זיך פֿאָרן. אפֿשר וועלן מיר זיך דערשלאָגן צו אַ ייִשוב, אויב ניט צו אונדזער אייגענעם, אָבער פֿאָרט אַ מענטשלעכער ייִשוב. זיינען מיר אַוועק. דער פֿאַראָבעק איז אַוועק פֿאָרויס און איך האָב זיך אָנגעהאַלטן אָן מיין שליטן און זיי נאָכגעגאַנגען.

מיר זיינען אַוועק, אָבער וואָס מער מיר האָבן זיך דערווייטערט פֿונעם וואַלד אַלץ שווערער איז געוואָרן דער וועג. אויסגעקומען איז אונדז צו גיין אַנטקעגן דעם ווינט. דער ווינט האָט ממש די אויגן פֿאַרבלענדט און מ׳האָט

לגמרי ניט געקענט זען וואָס איז פאַרויס. די פערד האָבן קוים געשלעפּט די שליטנס און איך אַליין האָב זיך אָנגעהאַלטן אָן מיין וואָגן און קוים גע־שלעפּט די פיס. מיין פערד איז צו ערשט געגאַנגען ביז די קני אין שניי און באַלד האָט ער אָנגעהויבן אָפּטער און אָפּטער דורכפאַלן ביזן בויך אין שניי, און איך האָב גלייך פאַרשטאַנען אַז מיר פאָרן שוין ניט איבער אַן אויס־געטראָטענעם וועג, אַז מיר בלאָנדזשען אַרום איבער פעלדער. ביז וואַנען מיין פערד האָט זיך אין גאַנצן אָפּגעשטעלט, שווער געאָטעמט, קענטיק מער ניט געהאַט קיין כוח צו רירן זיך פון אָרט.

„שטיי!" האָב איך אָנגעהייבן אויסשרייען צום פאַראָבעק. „מיר זיינען אַראָפּ פון וועג!..."

דער ווינט האָט אָבער געטראָגן אין פּנים אַריין. איך האָב זיך געטראַכט, אַז דער פאַראָבעק קען מיינע אויסגעשרייען ניט הערן, בין איך אַוועק אָניאָגן אים. אָבער צו מיין גרויסן פּחד האָב איך אים ניט געפונען. ער איז ניט געוואָרן, ער מיט זיין פערד און שליטן אין איינעם. מיין פערד, האָב איך זיך געטראַכט, איז פיל שוואַכער פון זיינעם, בין איך מיט מיין שליטן מן הסתם אָפּגעשטאַנען פון אים און אין דער זאַווערוכע האָב איך דאָס ניט באַמערקט. איצט בין איך אַליין, אָבער ווו בין איך? וווהין זאָל איך זיך קערן צו גיין?

איך האָב גענומען טרעטן אַרום און אַרום מיין פערד און שליטן. אפשר וועל איך געפינען ערגעץ ווו אַ האַרטן באָדן, אַן אָנווייז אויף אַ וועג, וואָס זאָל מיך פירן וווהין עס איז, אָבער געפונען האָב איך גאָרנישט. שנייִקע ווילדערניש און ווינט וואָס שמייסט אין פּנים מיט ווירבלווינט און פראָסט. אָפּצוגיין צו ווייט פון מיין פערד און שליטן האָב איך אויך מורא געהאַט, מורא געהאַט אויך זיי צו פאַרלירן. האָב איך זיך געטראַכט אַז מיין פערד קען האָבן מער אינסטינקט פון מיר און איך באַדאַרף זיך פאַרלאָזן אויף זיין באַראַט. חיות און בהמות, און פערד צווישן זיי, האָבן מער אינסטינקט פון מענטש, אָדער חושים, אָדער דערקענטעניש, צו געפינען זאַכן וואָס פון מענטש זיינען זיי פאַרהוילן. מענטש טרעט אַוועק אַלץ ווייטער און ווייטער צו פאַרהוילעניש און טרעט אָפּ וואָס ווייטער אַלץ מער פון די מאַטעריעלע עצמיותדיקייטן פון וואָס ער קומט אַרויס. חיה איז צו נאַטור מער צוגעבונדן און איז מער קליגעריש איבערצוקומען שטרויכלונגען. איך האָב עס שוין דענסטמאָל געוווסט, אַזוי ווי איך ווייס עס איצט. האָב איך אַראָפּגעוואָרפן

דאָס האָלץ פונעם שליטן, לייכטער צו מאַכן דעם וועג, אַליין אַרויפגעזעצט זיך אויפן שליטן און געלאָזט דאָס פערד צו גיין זיך לויט זיין אייגענעם פאַרשטאַנד און באַראָט. דאָס פערד איז אַוועק. באַלד האָב איך דערפילט אַז במקום צו גיין פאָרויס קערט עס זיך צוריק. דערפילט האָב איך עס מחמת דעם וואָס פריִער האָט דער שטורעמווינט מיר געבלאָזן אין פנים אַריין און איצט האָט ער אָנגעהויבן בלאָזן מיר אין רוקן. איך האָב געמיינט אַז דאָס פערד קערט זיך צוריק אין וואַלד אַריין, אָבער שטערן אים אין זיין גאַנג האָב איך ניט געוואָלט. מחמת נאָך אַלעמען איז דאָך אין וואַלד די סכּנה קלענער איידער אויפן אָפענעם פעלד. און ווען איך האָב שפּעטער דערפילט אַז דאָס פערד האָט אויפגעהערט דורכפאַלן אין שניי און עס שטעלט שוין פעסטערע טריט, האָב איך פאַרשטאַנען אַז מיר זיינען אַרויף אויף אַן אויס־געטראָטענעם וועג וואָס וועט אונדז דערפירן צו אַ ייִשוב — אויב ניט צוריק אַהיים אין קאַסטראָוו, איז צו אַן אַנדער באַוווינטן מענטשלעכן ייִשוב. האָב איך דעם פערד ניט געשטערט אין זיין גאַנג, זאָל עס זיך גיין וווּהין עס גייט.

און אַזוי איז טאַקע געשען. די צייט האָט זיך געצויגן זייער לאַנג. דער ווינט האָט געשמיסן שניי אין פּנים אַריין. די קעלט איז געווען זייער ביטער. איך האָב זיך איינגעוויקלט אין מיינע בגדים וויפיל איך האָב נאָר געקענט. די קעלט האָט דורכגענומען אַלע מיינע אברים, אָבער סוף־כּל־סוף האָט דאָס פערד מיך און זיך צוגעפירט צו אַ הויז און זיך אָפּגעשטעלט. ווי עס וואָלט געזאָגט: „איך האָב געטאָן אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך געווען, איצט איז דיין צייט צו טאָן וואָס איז נייטיק צו טאָן.״

ווי שפּעט עס איז געווען ווייס איך ניט, ווייל אין הויז איז געווען פינצ־טער, קיין ברעקל ליכט האָט ניט אַרויסגעשיינט פון די פענצטער, און איך האָב געמוזט קלאַפּן אין דער טיר זייער לאַנג איידער זי האָט זיך געעפנט, און שפּעטער ערשט האָב איך דערהערט אַ פאַרשלאָפענעם מענערישן קול: „ווער איז דאָס?״

„אייגענע מענטשן. איך בעט אייך, עפנט אויף.״ האָב איך געענטפערט.

„ווער אייגענע?״

און איך האָב דערציילט, אַז איך בין פאַרכאַפּט געוואָרן דורך דער זאַווע־רוכע, אַז איך האָב פאַרבלאָנדזשעט, אַז איך ווייס ניט ווו איך בין און איך

ווייס ניט ווו ווייטער צו פאָרן. בעט איך אים, ער זאָל זיך מרחם זיין, לאָזן מיך איבערשטיין ביי אים אין הויז איבער נאַכט.

ס'האָט זיך דערהערט אַן אומצופרידענער מורמל, אָבער די טיר האָט זיך פאַרט געעפנט און איך בין אַריין אין הויז. אין הויז איז געווען שטאָק פינצטער.

קיין שוועבעלעך זיינען נאָך דענסטמאָל ניט געווען און פייער האָט מען נאָך באַדאַרפט אויסהאַקן מיט אייזן איבער אַ שטיין. דער באַלעבאָס האָט מיר דערלאַנגט דאָס גאַנצע נייטיקע געצייג, אַז איך זאָל אַליין אויסהאַקן דעם פייער. איך האָב זיך פאַרוווּנדערט פאַר וואָס ער הייסט עס מיר טאָן און ער טוט עס ניט אַליין. אָבער איך האָב אים געפאָלגט. ערשט ווען איך האָב שוין געהאַט אָנגעצונדן דאָס ליכט, האָט זיך מיר אין די אויגן גלייך אַ וואָרף געטאָן די לייכטער, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן טיש. איך האָב זיך גלייך געכאַפּט אַז ס'איז פרייטאָג אויף דער נאַכט: שבת!... איך האָב זיך איינגעקוקט אינעם מאַן און פאַר מיר איז שוין מער קיין ספק ניט געווען ווער ער איז.

„איר זענט אַ ייִד?" האָב איך אים געפרעגט אין ייִדיש.

די שׂימחה פון דעם מאַן ווען ער האָט מיך דערהערט רעדן ייִדיש איז ניט איבערצוגעבן. ער האָט זיך ממש געוואָרפן האַלדזן און קושן זיך מיט מיר. קענטיק אַז די אומגעוויינטלעכע, אומגעריכטע און איבערראַשנדיקע באַגעגעניש מיט אַ ייִדן האָט אים ממש פריטשמעליעט. ער האָט גלייך אויפגעוועקט זיין ווייב און זי איז געוואָרן ניט ווייניקער איבערראַשט און דערפרייט פון אים. זי האָט זיך אַזש צעוויינט. נו, און מיין שׂימחה איז אויך געווען זייער גרויס. שוין דריי יאָר ווי איך האָב קיין פרצוף־ייִד ניט אָנגעקוקט. איך האָב אין האַרצן געדאַנקט גאָט פאַר דער זאָווערוכע איבער וועלכער איך בין אַהער פאַרטריבן געוואָרן. אין מיין געדאַנק האָב איך זיך אַפילו פאַרגליכן צו יונה הנביא, וואָס דורך אַ גרויסן שטורעם אין ים האָט ער געראַטעוועט פון אומקום די שטאָט נינוה. און ווער ווייסט וואָס פאַר אַ רעטעניש עס וועט ברענגען אָט דער איצטיקער שניישטורעם?

דער ייִד, ווי ער האָט מיר דערציילט, איז געווען אַ פאַרשיקטער אין אָט דעם דאָרף איבער עפּעס אַ בילבול פאַר אַ פאַרברעכן, וואָס ער איז קיין מאָל ניט באַגאַנגען. ער קומט אָז פאַר אַן אַנדערנס זינד. שוין פינף יאָר ווי

ער איז דאָ אַ פֿאַרשיקטער און פֿאַר דער גאַנצער צייט בין איך דאָ דער ערשטער ייִד וועמען ער זעט. אַרום פּופּציק וויאָרסט פֿון דאַנען איז דאָ אַ שטעטל וווּ עס וווינען אַ פּאָר מנינים ייִדן, אָבער אים איז ניט דערלויבט אַהין צו פֿאָרן. ער מוז זיך יעדן טאָג באַווייזן פֿאַרן עלצטסטן פֿונעם דאָרף, וואָס איז אַ רשע מרושע. ד״ה כּאַבאַר פֿאָדערט ער פֿאַר יעדער קלייניקייט, אָבער פֿונעם דאָרף לאָזט ער אים ניט אָפּ — פֿאַר קיין שום געלט ניט. אפשר האָט ער אַליין אויך מורא. צו פֿירן געשעפֿט איז דעם ייִד יאָ דערלויבט. פֿאַרשטענדלעך, ער מוז צאָלן אַן אַ שיעור כּאַבאַר. ער פֿירט האַנדל מיט די בורלאַקעס — די שיפֿנפֿירערס אויף דער וואָלגע. אָבער וואָס טויג עס, אַז מ׳זעט ניט קיין ייִדן פֿאַר די אויגן...

ער האָט מיר זיינס דערציילט און איך האָב אים דערציילט מיינס, ווער איך בין און ווי אַזוי איך קום אַהער. און שפּעטער, ווען מיר האָבן זיך צערעדט, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מיר האָבן זיך שוין עטלעכע מאָל פֿריִער באַגעגנט, אָבער מיר האָבן ניט געוווּסט אַז מיר ביידע זיינען מאחינו בני ישׂראל.

די באַגעגעניש מיט דעם דאָזיקן ייִדן איז פֿאַר מיר געווען אַן אמתדיק גליק. זיין הויז איז געווען אויף אַ מהלך פֿון בלויז עטלעכע וויאָרסט פֿון קאָסטראָוו, ניט צו ווייט, אַז מיר זאָלן זיך דאָרט קענען טרעפֿן. איך אַליין בין ביי אים געווען אַן אָפֿטער גאַסט, און אויך פֿאַלאַשקאַן האָב איך אַהין מיטגענומען. ס׳איז געווען אַזאַ פֿאַרפֿאַלק וואָס דער לאַנגער גלות, זינט זיי זיינען פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון זייער אייגן היים פֿון ערגעץ אַ ווייט ייִדיש שטעטל, האָט אויף זיי ניט געווירקט צום ערגערן, נאָר פֿאַרקערט, אויסגעוועבט אין זייערע נשמות יענע געוועבסן, וואָס שטעלן זיי אין גאָר הויכע מדרגות. פֿאַלאַשקאַ האָט אַזוי אַרום געהאַט די מעגלעכקייט צו דערקענען אַ ריין ייִדיש לעבן, און זי האָט דערזען אַז די בילדער, וואָס איך האָב פֿאַר איר געמאָלן וועגן ייִדן און ייִדישקייט, זיינען ניט געווען איבערטריבן און זי האָט שוין קענטיק אָנגעהויבן קווענקלען זיך צי עס וואָלט ניט געווען אַ דערלייזונג פֿאַר איר נשמה אַריינצוטרעטן, בשוגג אויב ניט במזיד, אין ייִדישער משפּחהדיקייט, און אפשר טאַקע צו פֿאַרקערעווען זיך צו ווערן אַ ייִדיש קינד — אויב ניט בפּועל, וואָס דורך דעם וואָלט זי דאָך ריזיקירט מיט איר גאַנץ לעבן — איז לכל הפּחות אין גייסט. איך האָב ביי דעם ייִדן

געקראָגן אַ פּאָר ספרים, שטילערהייט זי גענומען צו לערנען, שרייבן און לייענען עברית, און איין מאָל האָט זי זיך פאַר מיר אַפילו מודה געווען, אַז זי טראַכט ערנסט וועגן איבערנעמען דעם יידישן גלויבן. ביסלעכווייז האָבן מיר זיך שוין דעררעדט דערצו, אַז מיר ביידע זאָלן אָנהייבן אויס־אַרבעטן פּלענער ווי אַזוי צו אַנטלויפן פון קאַסטראָוו.

און נאָך אַן עצה ווי אַזוי מיר זאָלן עס קענען טאָן זיינען מיר געקומען צו דעם ניי־געפונענעם יידן און ער איז געווען וויליק אונדז צו העלפן. זיין עצה איז געווען, אַז ער וועט אונדז געבן געלט מיר זאָלן נעמען אַ שיפל און אַוועקשווימען מיט דער ווײַסל. פּופּציק וויאָרסט נידעריקער איז דאָ אַ שטאָט מיט אַ יידישער קהילה ווו מ׳וואָלט אונדז באַזאָרגט מיט לעגאַלער הילף.

אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק פאַר דער אונטערנעמונג. דאָס שיפל איז געשטאַנען גרייט און אין אַ באַשטימטער נאַכט האָט דער ייד אונדז געזאָלט באַגעגענען ביי דעם טייך און ברענגען אונדז די נייטיקע זאַכן, ווי געלט, שפּייז און קליידער, פאַר דער נסיעה. פּאַלאַשקאַ האָט מיט אירע געפילן גענומען געזעגענען זיך מיט אַלץ און אַלעמען וואָס זי האָט באַדאַרפט פאַר־לאָזן. איך האָב אומגעדולדיק געוואַרט אויף דער נאַכט. אונדזער פּלאַן איז געווען צו לייגן זיך שלאָפן אין דער געוויינלעכער צייט גלייך מיט אַלעמען אין דעם הויז און שפּעט אין דער נאַכט אַרויסשמוגלען זיך פון הויז און לאָזן זיך שווימען מיט דער שיף. ביז וואַנעט מע וואָלט אונדז אָנגעהויבן חושד זיין און מאַכן אַן אַלאַרם צו זוכן אונדז, וואָלטן מיר שוין געווען ווייט אַוועק און אויסבאַהאַלטן, אַזוי אַז מ׳זאָל אונדז ניט קענען אַזוי לייכט אַנטפּלעקן.

*

דאָ האָט זיך רב יחיאל אָפּגעשטעלט און געשוויגן. הגם מיר האָבן די געוויינלעכע פיר כוסות וויין, וואָס ווערן געטרונקען ביי די סדרים, שוין אויסגעטרונקען, פון דעסטוועגן האָט ער זיך אָנגעגאָסן אַ נייע כוסע וויין טאַקע פון דעם שטאַרקן וויין, און זי גענומען לאַנגזאַם זופּן. מיר אַלע האָבן געשוויגן און געוואַרט, וואָס ער וועט ווייטער דערציילן. ער האָט אָבער געשוויגן אַ היפּש לאַנגע צייט, קענטיק, ס׳איז שווער געווען פאַר אים צו ריידן. האָבן מיר אַלע געוואַרט און אויך געשוויגן, ביי אים קיין זאַך ניט

נאָכגעפרעגט זיך. די שפּאַנונג צווישן אונדז איז געווען גרויס, און קענטיק רב יחיאל האָט עס אויך געפילט און געוווּסט, אַז ער מוז די געשיכטע פאַרענדיקן. צום סוף האָט ער געזאָגט און געפילט האָט זיך ווייטיק אין זיין שטימע, און אויך אַזאַ געפיל, אַז ער קען לאַנג וועגן דעם ניט רעדן, אָבער ער מוז זיין געשיכטע פאַרענדיקן.

„פאַרשטייט איר דאָך,‟ האָט ער פּלוצעם גענומען ריידן אויף דאָס ניי, „דער פּלאַן האָט זיך ניט איינגעגעבן... נאָך איידער דער דאָזיקער טאָג איז אַריבער איז אָנגעקומען אַ קאָמאַנדע סאָלדאַטן, מיט אַ באַפעל פאַר מיר צוצושטעלן זיך צום רעגימענט סאָלדאַטן, צו וועלכן איך בין באַשטימט. מע האָט מיך אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן און מע האָט מיך גלייך אַוועקגעפירט ניט אַהין וווּהין איך האָב זיך געריכט צו גיין, נאָר אונטער אַ שטרענגער וואַך האָט מען מיך געפירט און געפירט, טאָג און נאַכט, און פאַרפירט אַהין ווו איך האָב בשום אופן ניט דערוואַרט צו גיין. און דערמיט האָט זיך ער געענדיקט...‟

ר׳ יחיאל האָט מער ניט גערעדט. מיר אַלע האָבן געשוויגן, יעדער אויף זיין שטייגער פאַרטראַכט. נאָך אַ קורצער ווײַלע איז מלכּה געווען די איינציקע וואָס האָט געוואָגט צו פרעגן: „און פאַלאַשקאַ?...‟

„פאַלאַשקאַ,‟ האָט רב יחיאל געענטפערט, „מער האָב איך זי ניט געזען, אָבער געהערט וועגן איר האָב איך יאָ. אין דריי יאָר אַרום איז פון קאַסטראָוו אָנגעקומען אַ רעקרוט אין מיין מיליטער־אָפּטייל, און ער האָט מיר דערציילט, אַז פאַלאַשקאַ איז אַרומגעגאַנגען ווי צעמישט אַ לאַנגע צייט. מ׳האָט זי חושד געווען, אַז זי איז ניט ביים זינען. ווען מ׳האָט זי גענומען מאַטערן וואָס עס פעלט איר, האָט מען ווי עס איז אַרויסגעקראָגן פון איר, אַז זי האָט עטוואָס פאַרטראַכט וועגן ענגער צוזאַמענצוקומען זיך מיט מיר. ווי אַזוי מ׳האָט פון איר אַרויסגעקראָגן אָט דעם ווידוי, פאַרשטיי איך ניט. אפשר האָט מען זי געפייניקט, אפשר האָט מען עס אַנדערש ווי אויסגעפאָרשט. יעדן פאַלס, ס׳איז אַ סוד. הקיצור, ווי די זאַך זאָל ניט האָבן געווען, אָבער פון דער ידיעה, אַז אַ קריסטלעך מיידל האָט געוואָלט פאַראייניקן זיך מיט אַ ייִדן, האָט אויפגעציטערט די גאַנצע געגנט. באַזונדערס גרויס איז די אויפרודערונג געווען אין מאָנאַסטיר. אַזוי ווי פריִער מיך, האָט מען פאַלאַשקאַן דאָרט פאַרשפּאַרט, אַז זי זאָל אָפּקומען פאַר אירע זינד.

אין צוואַנציק יאָר אַרום, ווען איך בין שוין באַפרייט געוואָרן פון מיין מיליטער־דינסט, האָב איך זיך אומגעקערט קיין קאָסטראָוו. איך משך פון דער צייט איז דאָס דאָרף כמעט אין גאַנצן חרוב געוואָרן: שׂרפות, חורבות, פאַרניכטונג. פון דאָס אַמאָליקע איז כמעט גאָרניט געבליבן. ווו פּאַלאַשקאָס הויז איז פריִער געשטאַנען איז איצט געווען אַ גאָרטן. דער ייִד, ווען עס האָט זיך געענדיקט זיין צייט פון פאַרשיקונג, איז אַוועק צוריק צו דער שטאָט פון וואַנען ער איז געקומען. און וואָס שייך פּאַלאַשקאַן אַליין האָט מיר ווער איר דערציילט איר מאַמע, וואָס האָט געוווינט אין עפּעס אַן אַנדער הויז ביים עק דאָרף, צוזאַמען מיט איר אומגעזעצלעכן זון, וואָס איז געבוירן גע־וואָרן שפּעטער, ווען פּאַלאַשקאַ אַליין איז שוין פון יענעם דאָרף אַוועק. נאָך אַ צאָל יאָרן, ווען די נאָנעס אין מאָנאַסטיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז פּאַלאַשקאַ איז געוואָרן אַ בעלת־תּשובה, האָט מען איר דערלויבט צוצושטיין צו אַ צאָל נאָנעס עולה־רגל צו זיין צו די הייליקע מקומות אין קיִעוו, און ווען זיי זיינען אָנגעקומען אין דער שטאָט האָמעל איז זי פאַרשוווּנדן געוואָרן. מע האָט גערעדט, אַז זי האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דעם דאָרטיקן טייך דניעפּער און איז דערטרונקען געוואָרן. איר קערפּער האָט מען אָבער קיין מאָל ניט געפונען...

„און ווי אַזוי האָט איר זי שפּעטער יאָ געפונען?” האָט מלכּה געפרעגט.

ר׳ יחיאל האָט געשוויגן און ניט געענטפערט. קיינער האָט ביי אים מער גאָרניט ניט געפרעגט.

## קאַפּיטל 16

פּסח שווימט שוין נידעריקער די לבנה אין הימל און זי שיינט גלייך איבערן טייך, פּונקט אַנטקעגנאיבער דעם פענצטער, ביי וועלכן עס שטייט דווידקעס בעטל. פון אויבן איז דער טייך פאַרנעפּלט, קוים וואָס פאַרנעפּלט, און עס שווענקען זיך אינעם נעפּל די לבנה־שטראַלן, מישן זיך אויס מיט אים און וועבן צוזאַמען אין צויבער אַ דורכזיכטיק־גלאַנצנדיק זילבער־געוועב. דווידקע קוקט דורכן פענצטער און וווּנדערט זיך: פון וואַנען קומט אָט דער צויבערגלאַנץ? פון דער לבנה אין הימל, אָדער אפשר פון דער לבנה וואָס איז אין טייך אָפּגעשפּיגלט?

אוןביידע לבנות זיינען מיט ליכטיקע קרייזן אַרומגערינגלט. „אַ הייליקע, אַ הייליקע איז זי מן הסתם, די לבנה," טראַכט זיך דווידקע, „זייער, זייער אַ הייליקע איז זי!" מחמת ער, דווידקע, ווייסט, אַז צווישן מענטשן איז ניט קיין אַנדערנס, אַחוץ משה רבינוס פּנים, באַשטראַלט געווען מיט אַ הימלליכט. און אויך אַזוי איז די לבנה. און דווידקען הייבט זיך אָן דוכטן, אז דאָס איז ניט די לבנה אויף וועמען ער קוקט, נאָר ס׳איז אַ מילד געזיכט פון עפּעס אַ גרויסן צדיק. און דווידקע פאַרזשמורעט די אויגן און האָט שטאַרק הנאה פון דעם וואָס די שטראַלן ציִען זיך אַזוי ווי שפּיזן און דערגרייכן ביז די סאַמע אויגן זיינע. ווען ער פאַרזשמורעט שטאַרקער די אויגן, קומען נעענטער די שטראַלן, און ווען ער עפנט זיי ברייטער — רוקן זיי זיך ווייטער אָפּ, און דווידקע, שפּילנדיק זיך אַזוי געשווינד, זעט ווי די שטראַלן הייבן אָן אַרומשוועבן אַהין און צוריק, ווי אין אַ טאַנץ, און אַליין זיינען זיי בלוילעך, בלייך און אַזוי איינגענעם.

שייך זאָגן ער וויל ניט שלאָפן, דווידקע? — ער וויל יאָ שלאָפן. אָבער מאָדנע געדאַנקען פליִען אַרום אין זיינע זעונגען און זיי פאַרוואָגלען דעם שלאָף. נו, טאָ האָט ער זיך אָוועקגעלייגט הויך אויפן קישן און קוקט דורכן פענצטער, קוקט אויפן טייך מיט דער לבנה וואָס איז אין איר און דער לבנה וואָס איז אין הימל. און קוקנדיק אויף די צוויי לבנות פילט ער אַ חיות, מחמת אויך זיי, דוכט זיך, קוקן גלייך אים אין די אויגן אַריין, ווי זיי וואָלטן באמת אַריינגעדרונגען אין זיין געמיט און געהאָלפן אים פאַרענטפערן תּי־רוצים, — תּירוצים אויף די פראַגעס, וואָס ער ווייסט אַפילו ניט ווי צו פרעגן זיי און ניט אַפילו וואָס צו פרעגן, און נאָך מער פרוווט עס העלפן פונאַנדערצוקלייבן זיך אין גאָר נייע מחשבות וואָס פאַלן אים אַריין אין געדאַנק, נייע מחשבות מכּוח גאָר נייע ענינים וואָס ער באַנעמט.

ער טראַכט מכּוח ענינים, אָבער באמת איז עס אפשר מען ניט ווי איין ענין. ס׳איז אַ מאָדנער ענין. ער האָט וועגן אים ביז היינט אויך געוווּסט, אָבער ניט געטראַכט וועגן דעם, און היינט טראַכט ער יאָ און טראַכט שטאַרקער וועגן דעם. און ס׳טראַכט זיך אַנדערש ווי אַ מאָל, עפּעס ווי אַ נאָענטערע שייכות וואָלט ער מיט אים באַקומען, ווי עס וואָלט געהאַט אַ שייכות צו אים אַליין. ער ווייסט ניט ווי אויסצודריקן עס, אָבער ער פילט עס, ער פילט אַן אָנשטרענגונג צו זיך אַליין, אַן אָנגעצויגנקייט, אַ גלוסטונג.

משהלע האָט אים אַ מאָל דערציילט וועגן מאַלווינקען, און ר׳ יחיאל, ווען ער איז נאָך געווען יונג, איז געווען אַ קלאָמערונג צווישן אים און פּאַלאַשקאַן.

וואָס איז עס אַזוינס וואָס ציט אַ יינגל צו אַ מיידל און אַ מיידל צו אַ יינגל?

און בכלל פאַר וואָס זיינען דאָ אויף דער וועלט צוויי מינים? זכר און נקבה האָט גאָט באַשאַפן דעם מענטש. אָדם און חוה.

און אַז מאַן און ווייב האָבן חתונה, האָבן זיי קינדער. און טאָמער ניט, האָט מען ניט. פאַר וואָס איז עס אַזוי?

ער פאַרשטייט: געוויס איז עס אמת וואָס מע דערציילט... ס׳איז דאָך אָבער אַזוי מיאוס. ער וואָלט זיך געשעמט...

און דאָך פילט ער עפּעס אַזאַ מאָדנע נייגונג. ער שעמט זיך פאַר זיך אַליין...

אָבער געדאַנקען — זיי לאָזן ניט אָפּ.

און זיין טאַטע־מאַמע — אויך אַזוי? אויך זיי?! און אָט איז ער אַליין, דווידקע, אויך אויף דער וועלט, אַ פּרי פון...

און אין פּרקי אָבות ווערט געזאָגט: „זאָלסט האָבן אין זינען פון וואַנען דו קומסט אַרויס, פון אַ ,טיפּה סרוחה׳.״ — איז דאָס די „טיפּה סרוחה?״

איז דאָס מענטש? פון אַזאַ ברעקלקייט קומט אַרויס אַזאַ גרויסקייט? איז דערביי אַ האַרבע קשיא: ווי אַזוי איז גרויסקייט אַ גרויס־קייט? מ׳זאָגט, אַ גרויסער מענטש און ער איז גאָר קליין; מ׳זאָגט, ער איז אַ קלייניקער מענטשעלע, און ער איז מגושמדיק... אָבער דאָס איז בכלל ניט קיין ענין. דער עצם באַשטייט דאָך אין דעם, וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער מענטש צו זיין סאַמע בראשית? און אויב דער סאַמע בראשית איז ניט מער ווי אַ טיפּה סרוחה, אַזאַ גאַרנישטקייט, אַזאַ ברעקלקייט, איז פאַר וואָס איז יעדער מענטש ביי זיך אַזאַ יחוס?

און ראיות זיינען דאָ אויך אין תנך: „און ער איז מיט איר געלעגן און זי איז טראָגעדיק געוואָרן און האָט געהאַט אַ זון...״

„פרעה און שרה, אַבימלך און רבקה, יעקב און זיינע ווייבער, דינה און חמור, יהודה און תמר, יוסף און פּוטיפרע, אַמנון און תמר, דוד און בת שבע...״

אַ סך מאָל האָט אים דער רבי געהייסן איבערהיפּערן פּסוקים אין חומש,

אָבער היות ער האָט פאָרט געוואָלט וויסן וואָס דאָרט שטייט, האָט ער זיי אַליין דורכגעקוקט און זאָל עס דאָס באַטייטן די ווערטער פון שכבת זרע?
„דערפאַר זאָל אַ מאַן פאַרלאָזן זיין פאָטער און זיין מוטער און זיך באַהעפטן אין זיין ווייב"... איז דאָס די סיבה פאַר דעם?

און דערפאַר איז דאָס די ציִונג צווישן מאַן און פרוי אַזוי שטאַרק? איז עס דערפאַר פּאַלאַשקאַ אַזוי טייער רב יחיאלן? רב יחיאל — ער אויך? און אַזוי אויך זיינע טאַטע־מאַמע? און אַפילו די סאַמע צדיקים האָבן ווייבער געהאַט, אַפילו משה רבינו? און אויך אין דער תורה שטייט פאַרשריבן: „דערפאַר זאָל אַ מאַן פאַרלאָזן זיין פאָטער און זיין מוטער און זיך באַהעפטן אין זיין ווייב..." איז דאָס די סיבה פאַר דעם?

פאַר וואָס איז עס אים דווקא היינט געקומען אויפן זינען? ער ווייסט אַליין ניט. נאָר פאַרטראַכט האָט ער זיך מכּוח דעם ווען רב יחיאל האָט דערציילט ווי די שיכּורים אין פּאַלאַשקאַס הויז האָבן אויף איר גופא אָנגעהויבן קוקן ווי אויף אַ פרוי, און דאָס האָט זי באַליידיקט...

דווידקע האָט דערביי דערהערט אַז משהלעס בעט קרעכצט. קענטיק, משהלע שלאָפט אויך ניט. דאָס האָט דווידקען דערפרייט. ס'ווילט זיך אים זיין מיט נאָך איינעם, ס'ווילט זיך טיילן די געפילן מיט נאָך וועמען. ניט מיט די נייע ספקות און קשיות, נאָר מיט אַנדערע געפילן. מכּוח אָט די נייע ספקות וועט ער מיט קיינעם ניט רעדן. ער וואָלט עס ניט געקענט טאָן אַפילו ווען ער וואָלט געוואָלט. ער וואָלט זיך געשעמט. אָבער ס'זיינען דאָ אויך אַנדערע געפילן, וואָס טראָגן זיך פון סאַמע אינעווייניק, פון עכטן מיטלפּונקט פון זיין האַרץ.

„משהלע, דו שלאָפסט?" האָט ער שטיל אַ פרעג געטאָן.

און משהלע שלאָפט טאַקע אויך ניט. אַזוי ווי דווידקע, איז ער אויך וואַך. ער האָט ניט דווידקעס ספקות, פאַר אים איז שוין אַלץ קלאָר, און רב יחיאלס דערציילונג האָט זיינע אייגענע זכרונות צעגריבלט, און ער בענקט נאָך מאַלווינקען. ער איז געלעגן אין בעט מיט אָפענע אויגן און זיין האַרץ האָט אים גענאָגט.

„ניין, איך שלאָף ניט," האָט ער דווידקען געענטפערט.

„פאַר וואָס שלאָפסטו ניט?" האָט אים דווידקע געפרעגט.

„ס'שלאָפט זיך ניט... און פאַר וואָס שלאָפסט דו ניט?"

„איך ווייס אויך ניט... ווייסטו וואָס? קום אַריבער אין מיין בעט... מיר'ן ריידן...״

און אַט ליגן זיי שוין ביידע אין איין בעט, לעבן פענצטער. זיי קוקן אַרויס אין דרויסן.

„דו זעסט, משהלע?״ האָט דווידקע געפרעגט. ער האָט ניט אָנגעוויזן אויף עטוואָס באַשטימטס, נאָר סתּם געפרעגט. אָבער משהלע האָט יאָ פאַר־שטאַנען וואָס ער מיינט און האָט גלייך געענטפערט: „יאָ.״

און זיי האָבן זיך צוגערוקט נאָענט איינער צום אַנדערן, אָנגעשפּאַרט זיך מיט די עלנבויגנס אין פענצטער און אַרויסגעקוקט אין דרויסן. עס האָט געשיינט אַ פולע לבנה. אַ זילבערנע נאַכט. אַן דער זייט פון דער לבנה האָט זיך פון הימל אַ שטערן אַראָפּגעקייקלט — ס'האָט זיך באַוויזן אַ ליכ־טיקער שנור און האָט זיך גלייך אויסגעלאָשן.

„ברוך דיין אמת,״ האָט דווידקע שטיל געזאָגט. „אַ קינדערישע נשמה איז אויפן הימל אַרויף...״

משהלע האָט דעם פאַלנדיקן שטערן ניט באַמערקט און דערפאַר האָט ער געפרעגט:

„פאַר וואָס?״

אָבער דווידקע האָט ניט געענטפערט. ס'איז געווען אַ טירחה פאַר אים צו רעדן; צו עפענען דאָס מויל איז אַ טירחה געווען. ס'האָט זיך געדוכט, אַז אָט די אָנשטרענגונג וועט דעם כּישוף פאַריאָגן. ס'איז אַזוי אָנגענעם אַזוי צו זיצן, סתּם קוקן אין דרויסן אַרויס, ניט רירן זיך, ניט צעשטרויען זיך. און אויך משהלע האָט זיין פראַגע ניט איבערגעפרעגט. זיי ביידן איז אַזוי זיסלעך נאָגנדיק אויפן האַרצן. חלומות אומקלאָרע, שיטערע, דורכזיכ־טיקע, ניט ממשותדיקע, אַזוי ווי שיטערע וואָלקנדלעך, וואָס שוועבן אין אַ שיינעם טאָג אין הימל אַרום, און זיי וועקן דמיונות מכּוח מלאָכימישע קלאָרע פליגלען, — שוועבן אין קאָפּ אַרום. אָננעמען, אָנרופן אָט די חלומות קען מען ניט. סטאַיעט ניט קיין לשון פאַר זיי. מחמת ווי נאָר מ'הייבט אָן באַטראַכטן זיי אין ממשותדיקייט, שוועבן זיי שוין אַוועק און ווערן אויף עפּעס אַנדערש פאַרביטן, און אויך דאָס שוועבט גלייך אַוועק — אָן אַרומ־צוקוקן זיך, אָן אַרומצוטראַכטן זיך. ס'איז אַזוי ווי דער אַקאָרד פון אַ סטרונע, וואָס איז שוין ניטאָ אין דער צייט וואָס מ'טראַכט מכּוח אים, מחמת ער איז

דאָ נאָך איידער ער קומט אַריין אין מחשבה, און ביז דער צייט ווען ער גרייכט יאָ די מחשבה, גייט ער שוין אַוועק אויף אייביק — אָן דעם ביטחון פון תחית המתים... דער אַקאָרד הערט־אויף, און דאָך דוכט זיך, אַז ער איז געבליבן הענגען אין לופטן און איז נאָך אַלץ פאַרקניפּלט מיט די פאַרהוילענע געפילן פון דער נשמה. און אַזוי טוט עס נאָך לאַנג דויערן.

און אַזוי איז עס אויך פונעם געפיל צום יש, פון אויסדרוקטעניש ביזן גשמיותדיקן באַנעם. „גשמיותדיקער באַנעם״... איז גשמיות דאָס וואָס איז באַנעם? און באַנעם — האָט עס אַ שייכות צו גשמיות?

באַנעם... גשמיות... — דוכט זיך: קיין שום פאַרבונד צווישן זיי.

און אויב יאָ פאַרבונד — וואָס בינדט זיי?

מיסטורין שבמיסטורין!

דווידקע איז אַ סך געבונדן צו מיסטורין, ניט אַזוי משהלע. האָט ער איבערגעריסן דעם שטילשווייגן:

„הער נאָר, דווידקע: דו האָסט היינט געווייגט, פאַר וואָס?״

אָט די פראַגע איז דווידקען ניט געווען אָנגענעם. האָט ער אויף איר ניט געענטפערט. ער האָט זיך שוין איצט געשעמט מיט זיין באַנעמונג ביים סדר. ס׳האָט זיך אים איצט פאַרגעשטעלט אַז זיין אויפפירונג איז געווען זייער מיאוס און דערפון האָט אים איצט באַהערשט אַ יִיאוש פון חרטה. אָבער אין צימער איז געווען פינצטער און משהלע האָט ניט באַמערקט וואָס פאַר אַן איינדרוק זיין פראַגע האָט געמאַכט אויף דווידקען און אַז דווידקע האָט אים אויף דעם גאָרנישט ניט געענטפערט. משהלעס מחשבות זיינען דערביי געווען פאַרטאָן גאָר אין אַן אַנדער ענין און ער האָט צו דוויד־קען געזאָגט:

„הער, איך האַלט אין איין טראַכטן וועגן רב יחיאלן. ווען איך וואָלט געווען אויף זיין אָרט, וואָלט איך גאַנץ אַנדערש געטאָן. רב יחיאל האָט ניט גוט געטאָן. ער וואָלט באַדאַרפט אַנטלויפן פון מיליטער און אַוועק צו פּאַלאַשקאָן, זי מיטגענומען און לויפן ווייטער...״

„ס׳איז גוט צו אַנטלויפן אַז מ׳קען,״ האָט דווידקע געזאָגט.

„מ׳קען! מ׳קען אַלץ טאָן אויב מ׳וויל נאָר...״ האָט משהלע געענטפערט.

„אָבער ווי אַז מ׳כאַפּט און מ׳פאַרזעצט אין אָסטראָג? דאָרט איז דאָך גאָר ביטער. מ׳שלאָגט, מ׳גיט ניט עסן... מ׳צווינגט אַפילו עסן חזיר...״

„טאַ פאַרזעצט מען," האָט משהלע מיט ביטול געזאָגט. „און פון אָסטראָג מיינסטו אַנטלויפט מען ניט? אָט איז מיין קאַרבאַטשעווקער שייגעץ אַנטלאָפן פון אָסטראָג. ער האָט געוואָלט אונטערצינדן דעם פריצס הויף, האָט מען אים געכאַפּט און פאַרזעצט אין אָסטראָג. איז ער פון דאָרט אַנטלאָפן געוואָרן. ער איז אַרויס דורכן קוימען, זומער ווען מ'האָט ניט געהייצט. ווען איך בין אויף ר' יחיאלס אָרט, וואָלט איך אויך אַזוי געטאָן. איך וואָלט צוגענומען פאַלאַשקאַן און אַוועק מיט איר"...

דווידקע האָט דעם ענין באַטראַכט און אויף דעם ניט געענטפערט. שפּעטער האָט ער געזאָגט:

„שלעכטע מענטשן אויף דער וועלט..."

„יאָ, שלעכטע מענטשן..." האָט משהלע צוגעשטימט. „און פאַלאַשקאַ, וואָס מיינסטו, דווידקע, זי האָט זיך דערטרונקען?..."

דווידקען איז אָבער ניט געפעלן געוואָרן, אַז דאָס זאָל האָבן געווען פאַלאַשקאַס סוף.

„ניין," האָט ער געענטפערט. „ס'גלייבט זיך מיר ניט. איך רעכן, אַז דאָס האָט זי זיך אַזוי פאַרשטעלט, און אַליין איז זי ערגעץ ווו אַוועק און האָט זיך מגייר געווען. אויך ר' יחיאל גלייבט ניט אַז זי האָט זיך דערטרונקען. מן הסתם באַהאַלט זי זיך ערגעץ ווו..."

„און ביז איצט איז זי שוין זיכער טויט." האָט משהלע געזאָגט. „ס'זיינען דאָך שוין אַזוי פיל יאָרן אַריבער."

און פאַרקלעמט האָבן בייביידן זייערע הערצער. זיי שטעלן זיך פאָר, ווי ר' יחיאל בענקט נאָך עד היום נאָך פאַלאַשקאַן און זי איז שוין טויט, פון לאַנג טויט. זיי האָבן דערפילט די ביטערקייט פון מענטשלעכן גורל, ווי ער שפּילט זיך מיט די מענטשן, פאַרפירט זיי, מאַכט צו גאָרניט אַלע האָפענונגען און מאַכט אויס תכלית פון אַלע פּלענער.

„הער, משהלע," האָט דווידקע געזאָגט „עפּעס איז ניט גלאַט. איך מיין אַז אין דער גאַנצער וועלט איז עפּעס ניט אַזוי. עס וואָלט באַדאַרפט אַנדערש זיין. איך האָב מכּוח דעם שוין לאַנג געטראַכט. מענטשן שטאַרבן — פאַר וואָס איז עס אַזוי? און אַ מאָל שטאַרבן אומשולדיקע. קינדער שטאַרבן, קינדער וואָס האָבן נאָך ניט געזינדיקט. אָבער דאָס מאַכט ניט אויס. דאָס איז אפשר בעסער. די קינדער ווערן דאָרט מלאָכים אויף יענער וועלט,

און אַ מלאך צו זיין איז אַ סך בעסער איידער צו זיין אַ מענטש. אָבער אַט שטאַרבן אויך גרויסע מענטשן און לאָזן איבער קליינע יתומים. און די יתומים איז זייער שלעכט. זיי מאַטערן זיך. פאַר וואָס מאַטערן זיי זיך? זיי זיינען דאָך זיכער אומשולדיק, זיי האָבן דאָך זיכער ניט געזינדיקט. אַט איז ר׳ יחיאל — פאַר וואָס האָט מען אים געמאַטערט? פאַר וואָס איז ער באַשטראָפט געוואָרן? און צום סוף איז ער דאָך זייער אַ גוטער געווען, אויף קידוש השם געגאַנגען. און פאַלאַשקאַ, פאַר וואָס איז זי באַשטראָפט געוואָרן? ס׳זיינען דאָ סודות, גרויסע סודות אויף דער וועלט. איך טראַכט וועגן זיי און איך פאַרשטיי ניט. אַ סך זאַכן פאַרשטיי איך ניט. דער טאַטע האָט מיר געזאָגט אַז מע טאָר ניט פרעגן קיין האַרבע קשיות, אָבער פאַר וואָס טאָר מען ניט? און די גרויסע, זיי מיינסטו איז גוט? אויך זיי איז שלעכט. די ייִדן זיינען אין גלות און די גויִים זיי זיינען די באַלעבאַטים, פאַר וואָס איז דאָס אַזוי? דערפאַר וואָס די ייִדן האָבן געזינדיקט? אָבער די גויִים זינדיקן דאָך נאָך מער — פאַר וואָס זיינען זיי ניט אין גלות? איך פאַרשטיי ניט!... איין זאַך ווייס איך אָבער יאָ, מ׳וואָלט באַדאַרפט משיחן אַראָפּברענגען. פאַר וואָס קומט ער ניט? ס׳איז אויך אַ סוד. און מ׳דאַרף עס אַזוי נייטיק. אַ סך זאַכן אויף דער וועלט דאַרפן פאַרריכט ווערן, זייער אַ סך. הער, איך מיין אַז די וועלט איז אַזוי ווי אַ זייגער. אַ נייער זייגער גייט פון אָנהייב זייער גוט און אַז ער ווערט עלטער שטעלט ער זיך אָפּ. מע טוט אים אַ טרייסל, גייט ער ווייטער ביז וואַנען ער שטעלט זיך אָפּ און גייט ווייטער ניט. אַזוי איז אויך די וועלט. פון אָנהייב האָבן מענטשן געלעבט ביז טויזנט יאָר, און איצט שטאַרבן אַפילו קינדער. די וועלט איז צו אַלט און קאַליע געוואָרן. מע דאַרף זי פאַררייכטן. און משיח קען עס טאָן, אָבער ער קומט ניט. איז דען נאָך ניט צייט? וואַרט ער דען ביז וואַנען עס וועט נאָך ערגער ווערן? ביז וואַנען דער זייגער וועט אין גאַנצן קאַליע ווערן?...״

משהלע האָט דווידקעס רייד באַנומען, אָבער ער האָט גאַרנישט געענט־פערט. עוולות האָט ער אויך געגוג געפילט. און געקוקט האָבן זיי ביידע דורכן פענצטער אין דרויסן. דער הימל האָט אָנגעהויבן בלייכער ווערן און גרויער — דער טייך. ערגעץ אין דער ווייט האָט זיך אַ האָן צעקרייעט און אָנגעהויבן ענטפערן אים האָבן אויך אַנדערע הענער. אויך אַ הונט האָט זיך צעבילט, און ווען קיינער האָט אים ניט נאָכגעפּאָלגט, איז ער שטיל געוואָרן.

אַ טויער האָט זיך ערגעץ ווו געעפנט און צעסקריפּעט.

די צוויי קינדערישע קעפּלעך האָבן שטיל אָנגעהויבן בייגן זיך און אַראָפּגעגליטשט זיך אויפן קישן. ווען עמעצער וואָלט אויף זיי געקוקט, וואָלט ער נאָך דעם רו‫ִיקן גלייכן אָטעם דערקענט אַז זיי שלאָפן שוין ביידע, און נאָך די שמייכלען אויף די ליפּן וואָלט ער דערקענט אַז דער שלאָף איז לייכטער פון דער וואָר, אַז דאָרט זיינען די קינדער אין אַ פאַנטאַסטיש וועלטל, טראָגן זיך אַרום צווישן זיסע מעלאָדיעס, און דאָס, נאָך וואָס זיי בענקען אויף דער וואָר, באַקומען זיי דאָרט אין זעונג, און מלאָכים לאָזן זיך דאָרט אַרונטער אין סאַמע הימלישע געשטאַלטן צו דער מענטשנוועלט און שפּאַצירן מיט זיי דאָרט ווי גלייכע מיט גלייכע. און ס׳ווערט קשיהדיק: ווער האָט וועמענס רשות אַריבערגעטראָטן? האָבן זיך מלאָכים צו מענטשן אַראָפּגעלאָזט, אָדער אפשר האָבן זיך מענטשן צו דער מלאָכים־וועלט דערהויבן?



נאָכן מיטאָג־מאָלצייט האָט ר׳ יחזקאל זיך צוגעלייגט „כאַפּן אַ דרעמל״, מלכּה האָט אָפּגערייניקט דאָס געפעס פון טיש און איז אַרויס פון הויז, און ר׳ יחיאל האָט זיך אָוועקגעזעצט ביים טיש און האָט אַריינגעקוקט אין אַ ספר.

משהלע איז געווען זייער צופרידן: ער האָט קונציקער פון אַלעמען געקענט שפּילן אין ניס און האָט אַ סך געוווּנען. האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אין דרויסן אויף דער פריזשבע ביי דער וואַנט, זיך געוואַרעמט אַנטקעגן דער זון, געציילט און איבערגעציילט זיינע ניס־געווינסן. דווידקע אָבער איז געבליבן זיצן אין הויז, אַכטונג געגעבן אויף ר׳ יחיאלן. ער האָט אַ סך קשיות צו פרעגן ביי ר׳ יחיאלן, וואַרט ער ווען ר׳ יחיאל וועט אויפהערן לערנען וועט ער קענען אָנהייבן רעדן צו אים. צו שטערן ר׳ יחיאלן אין לערנען האָט דווידקע קיין העזה ניט, וואַרט ער ביז ער וועט זיך אַליין אָפּקערן פון ספר.

און טאַקע דערוואַרט זיך. ר׳ יחיאל האָט פון זיין בוזעם־קעשענע אַרויס־גענומען אַ נאָזטיכל, עס אַוועקגעלייגט אויפן אָפענעם בלאַט פונעם ספר פאַר אַ סימן ווו ער האַלט ביים לערנען, זיך אַוועקשפּאַצירט הין און צוריק איבערן צימער און, פאַרטראַכט, שטילערהייט געברומט אַ ניגון.

באַמערקט דווידקען, האָט ער זיך צו אים געווענדט:
„דאָ אין שטוב ביסטו גאָר? און ווו איז משהלע?"
„ער שפּילט אין ניס."
„און פאַר וואָס שפּילסט דו ניט?"
„איך האָב שוין געשפּילט און מער וויל איך ניט."

ר' יחיאל האָט זיך אָוועקגעשטעלט קעגן אים און אים אָנגעהויבן באַטראַכטן. אַ היפּש לאַנגע צייט געקוקט אויף אים. וואָלט אַן אַנדערער אַזוי לאַנג געקוקט אויף אים, וואָלט דווידקע זיך געווען פאַרשעמט, אָבער ר' יחיאלס קוקן אַרט אים ניט. זיין בליק איז ווי ער וואָלט געגלעט, געלאַשטשעט.

„האָסטו אַ סך געלערנט היינטיקן ווינטער, דווידקע? אין חדר ביסטו דאָך ניט געגאַנגען, אָדער יאָ געגאַנגען?" האָט ר' יחיאל געפרעגט.

„ניין, ניט געגאַנגען בין איך אין חדר, איך האָב געלערנט אין דער היים. דער רבי איז געקומען צו מיר אַהיים."
„וואָס האָסטו געלערנט?"
„געלערנט חומש מיט רש"י, ירמיהו, גמרא..."
„אַדורכגעלערנט גאַנץ ירמיהו?"
„אין גאַנצן."
„דערצייל מיר וואָס געפעלט דיר דאָרט."

וואָס געפעלט אים דאָרט? ער ווייסט אַליין ניט. מכּוח דעם האָט ער ניט געטראַכט. געלערנט גלאַט אַזוי. אָבער עפּעס אַנדערש האָט זיך אים ניט געלייגט אויפן שׂכל אין שייכות מיט ירמיהו. ירמיהו איז דאָך געווען אַ נביא. נו, היות ער איז געווען אַ נביא, האָט ער דאָך זוכה געווען צו רעדן צו גאָט, ווייל ער איז געווען אַ צדיק. ווען ניט, וואָלט דאָך אים גאָט ניט געמאַכט פאַר זיין שליח. און אויב סתם אַ נביא איז אַ צדיק, איז אַ פּשיטא ירמיהו... אויב אַזוי, איז פאַר וואָס איז דער שׂכר פון זיינע מעשׂים טובים געווען יסורים? די יידן האָבן אים רישעות געטאָן, די גוים — רישעות, און גאָט אַליין — אויך רישעות... אויף דער עלטער אָוועק אין גלות...

שטאַרק האָט זיך צעקלאַפּט דווידקעס הערצל און זיין קול האָט זיך צעציטערט. פאַר וואָס? האָט ער מורא געהאַט אַז ער זינדיקט מיט אָט דער קשיה? ניין, נאָר ער ווייסט אַליין ניט. ער פאַרשטייט אַז ס'איז אַ האַרבע

שאלה. און דער תירוץ צו אַט דער שאלה קען זיין אַ תירוץ צו אַ סך שאלות, און אפשר אַפילו צו אַלע זיינע ספיקות.

און ער האָט ווייטער געפרעגט:

„די פאַלשע נביאים האָבן ירמיהו געוואָרפן אין גרוב, האָבן אים גע־פּאַטשט, אים געמאַכט פאַר הפקר, און — גאָרנישט, לית דין ולית דיין. אַזוי שיצט דאָס גאָט זיינע דינער? און טאָמער האָט גאָט שפּעטער זיינע לעסטערערס יאָ באַשטראָפט, איז וואָס איז די פּעולה? איז ירמיהון דערפון בעסער געוואָרן? זיינען זיינע יסורים פאַרמינערט געוואָרן? דער עיקר איז דאָך ניט דער עונש פאַר רשעים, נאָר דער שׂכר פאַר צדיקים, איז וווּ איז ער, אָט דער שׂכר? מיט אַ סך צדיקים איז אויך אַזוי...“

„גאָט האָט ירמיהון געגעבן אַ ניסיון,“ האָט ר׳ יחיאל געוואָלט פאַר־טייטשן די האַרבע שאלה, „און אַ צדיק גמור איז נאָר יענער, וואָס קעןביישטיין ניסיונות.“

אַ „ניסיון?“ האָט דווידקע זיך געחידושט. „ירמיהו האָט דאָך קיין שום ברירות ניט געהאַט! האָט ער דען דאָס אַלץ אויסגעקליבן פאַר זיך אַליין? גאָט האָט דאָך זיין רצון אויף אים אַרויפגעלייגט פון דער מאַמעס בויך. ,מן הבטן קראתיך׳, שטייט דאָך פאַרשריבן...“

„אמת,“ האָט ר׳ יחיאל געענטפערט. „אָבער אַ משל קענסטו נעמען פון יונהן. ער איז אויך אַ נביא געווען און פון דעסטוועגן איז ער אַוועק קיין תרשיש און ניט קיין נינוה, וווהין גאָט האָט אים געשיקט... גאָט שיקט זיין נביא, אָבער אַ נביא איז אויך אַ מענטש מיט אַן אייגענעם רצון — אַ יצר־הטוב אָדער אַ יצר־הרע, און ער קען טאָן וואָס ער וויל... גאָט גיט אים די ברירה...“

„יאָ, די ברירה...“ האָט זיך דווידל נאָך אַלץ געחידושט. „דאָס הייסט: ווילסטו פאָלגן דעם יצר־הטוב, גיי און האָב יסורים... ווילסטו פאָלגן דיין יצר־הרע, וועסטו אויך האָבן יסורים... די ערשטע יסורים וועלן זיין פון מענטשן און די אַנדערע — פון גאָט, אָבער פאַרט יסורים... קלייב זיך אויס... יונה הנביא האָט מען אין ים אַריינגעוואָרפן און אַ פיש האָט אים דערשלונגען. פאָלג מיך די שרעק — דערשלונגען צו ווערן פון אַ פיש! ירמיהו האָט אָבער יאָ געפאָלגט גאָט, ער איז יאָ געוואָרן גאָטס שליח, — איז ער אָפּגעהיט געוואָרן פון יסורים?...“

ר׳ יחיאל האָט מער און מער געשטוינט: פון וואַנען קומען דאָס אַזעלכע שאלות צו אַ קינד, און ווי קען דאָס אַ קינד רעדן אַזוי גלאַטיק?

„הער, דווידקע,״ האָט ער געזאָגט נאָך אַ ביסל נאָכטראַכטעניש, „ווען גאָט האָט ירמיהו אויסדערוויילט פאַר אַ נביא, איז ירמיהו נאָך זייער יונג געווען. גאָט האָט אין אים דערקענט אַז ער איז אַ גיבור הרוח, אַז ער לעכצט נאָכן אמת און איז גרייט זיך מוסר נפש צו זיין. דערפאַר טאַקע האָט ער געהאַט דעם זכות אויסדערוויילט צו ווערן. אָבער דער וועג פון אַ נביא איז זייער אַ שווערער און ירמיהו האָט עס געוווּסט. פון דעסטוועגן האָט ער עס מקבל באהבה געווען. און ווער עס איז מקבל באהבה יסורים, יענער איז אַ מיוחס. דערפאַר איז נביא אַ מיוחס. פאַרשטייסטו? לאָמיך דיר דער־קלערן מיט אַ משל: אַ רב איז אַ מיוחס, אַ צדיק איז נאָך מער מיוחס. פאַר וואָס? מחמת צו זיין אַ רב איז שווער, און צו זיין אַ צדיק איז נאָך שווערער. ווען ניט אָט די יסורים, וואָלטן דאָך אַלע געווען צדיקים. דער יצר־הרע מאַכט שווער די מלחמה פאַרן יצר־הטוב. און וואָס איז שווער צו באַקומען, דווקא דאָס איז געשמאַק. ס׳טוט גרויס הנאה צו ווערן אַ נביא, דערפאַר זיינען אַזוי גרויס די יסורים צו גרייכן אָט די מדרגה. און ירמיהו האָט דווקא יאָ אויסדערוויילט פאַר זיך דעם דרך פון נביאות, אלא די יסורים? האָט ער זיי טאַקע געליטן, און געוויס זיינען זיי געווען פיינלעך... ער האָט זיי אָבער מקבל באהבה געווען. ווען ניט, וואָלט ער דאָך חרטה געהאַט. ער האָט ניט געקענט און ניט געטאָרט חרטה האָבן, מחמת פיין פאַר גערעכטיקייט פאַרשאַפט אַן אַ שיעור מער הנאה איידער פרייד פאַר אומגערעכטיקייט. ירמיהוס איינשטעל פאַר גערעכטיקייט, און די יסורים וואָס זיי האָבן אים פאַרשאַפט, האָבן ווי אַ זיפּ אויסגעזיפּט אַלע רישעותן וואָס קומען צו צו נשמות, וואָס ברויכן קיין זיפּן ניט, אָדער וואָס נוצן אפילו ניט מער ווי שיטערע זיפּן. און ס׳איז באַקאַנט: וואָס געדיכטער עס איז דער זיפּ, אַלץ ריינער איז דער זעמלמעל. פונקט אַזוי ווי גאָלד: וויל מען אים ריין מאַכן, דאַרף מען אים אין פייער לייטערן... מיינסטו, גאָט שטראָפט פון הנאה וועגן נייך, צוליב לייטערונג טוט ער דאָס. און וואָס שווערער דער וועג פון אַ נביא, אַלץ געלייטערטער ווערט ער, אַלץ הייליקער ווערט ער, אַלץ מער שותף צו גאָט ווערט ער, אַלץ מער אמת דערוויסט ער זיך און דער נחת רוח איז אָן אַ שיעור, אָן אַ ברעג, אָן אַ סוף... קדוש, קדוש, קדוש... אָט רבי עקיבא...

האָסטו געהערט פון זיינטוועגן ?... ער איז געווען אַ קדוש שבקדשים... ער האָט אַזוי געזאָגט: ,ואהבת את ה׳ אלוהיך בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאודיך׳... די ניסיונות פון ,לב׳ און ,מאוד׳ בין איך בייגעשטאַנען, אָבער צופרידן וועל איך ערשט דענסטמאָל זיין ווען איך וועל קענען ביישטיין אויך דעם ניסיון פון נפש... און ווען מען האָט זיין נפש געפּייניקט על קידוש השם, איז ער מלא שׂימחה געווען. פאַרשטייסטו ווען אַ צדיק איז עולה למעלה צו די הויכע הייכן פון פרייד? — ווען ער האָט יסורים עד אין לשער. און איצט באַטראַכט די יסורים פון אַ נביא. ער דאַרף אומקערן רשעים צום גוטן וועג. ווער זיינען רשעים? מענטשן וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן צו תּאווה, מענטשן וועלכע האָבן לגמרי קיין יסורים ניט. און מען דאַרף זיי מאַכן פאַר צדיקים. וואָס הייסט? — מע דאַרף זיי אויסלערנען ליב צו האָבן יסורים און דחקות. איז דאָס לייכט? שווער, אוי ווי שווער עס איז! און טאָקע דערפאַר איז שווער צו זיין אַ נביא. און טאָקע מחמת דעם ווייל עס איז שווער, איז עס גוט דערצו דערהייבן צו ווערן. און דורך זייערע יסורים פירן די נביאים אַרויף אויפן גוטן וועג. מענטשן זעען ווי נביאים זיינען זיך משׂמח מיט יסורים, וווּנדערן זיי זיך קודם כּל, דערנאָכדעם זאָגן זיי: ,היתּכן?׳. און שפּעטער הייבן זיי אָן פרעגן קשיות און אָנטאָפּן דעם אמת: ,אפשר זיינען יסורים בעסער פון תּאווה?...׳ אָט אַזוי גייט עס ממדרגה למדרגה...״

האָט דווידקע זיך פאַרחידושט: „אויב יסורים זיינען גוט, איז היתּכן וואָס אויף יענער וועלט זיצן די צדיקים אין גן־עדן און די רשעים אין גיהנום? ס׳וואָלט דאָך באַדאַרפט זיין פאַרקערט?״

„ניין, דווידקע, די זאַך איז ניט אַזוי אין פשטות, ווי איך האָב דאָס ביז איצט אַרויסגעבראַכט. ניט די יסורים זיינען מחיה נפש, און אַ פשיטא שוין תּאווה ר״ל. מחיה נפש — ממש מחיה! — איז ריינקייט, דאָס אָפּשאָקלען זיך, דאָס אָפּטרייסלען זיך פון פגימות, ריינקייט פון דער נשמה... ליכט... וואָס מער ליכט, מער הנאה... אין גן־עדן איז סאַמע ליכט... די צדיקים זיצן דאָרט און האָבן הנאה פון זיו השכינה... דאָס איז סאַמע ליכט... ליכט האָט אָבער קיין שליטה ניט אויף פסולת. טאָמער האָט ווער עס איז פסולת, דאַרף ער די פסולת אָפּריייניקן. און פסולת ווערט אָפּגערייניקט דורך יסורים... גאָלד לייטערט מען אין פייער... ברודיקע וועש רייבט מען און מע רייבט ביז עס ווערט ריין. אַזוי איז דער מענטש... מער יסורים, מער ריינקייט...״

„היינט ליבע ?...״ האָט זיך דווידקע געחידושט. „גאָט האָט דאָך געהייסן ליב צו האָבן; ,ואהבת׳, שטייט דאָך בפירוש. און ליב צו האָבן איז דאָך ניט קיין יסורים. לכן פאַר וואָס האָבן אַלע צדיקים די תאווה פון ליבע? האָט גאָט געהייסן ליב צו האָבן? — איז פאַר וואָס? ליב צו האָבן איז דאָך הנאה...״

„וואָס מיינסטו ?...״ האָט ר׳ יחיאל זיך פאַרחידושט.

„אָט איר האָט דערציילט מכּוח פּאַלאַשקאַן...״ האָט דווידקע דערקלערט. „און מיט אַנדערע צדיקים זיינען געוועזן אַזעלכע געשעענישן: יעקב אָבינו און רחל... דוד און בת שבע... און אַ סך אַנדערע מעשׂיות... וואָס איז דאָס ?...״

ר׳ יחיאל האָט אים אָנגעקוקט פול מיט וווּנדער און געשלאָגן זיך מיט דער דעה: ווי רעדט מען מיט אַזאַ יונג קינד מכּוח אַזעלכע ענינים? און דווידקע האָט דערביי אויסגענוצט די געלעגנהייט צו פרעגן אַ פראַגע, וואָס לגבי אים און לגבי זיינע יאָרן, איז זי גאָר משונהדיק:

„איז לגבי ליבע אויך תאווה פאַראַן ?...״

צוויי שטורעמס — איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן. וואָס איז דער שטורעם אין דווידקען און ווי קען ר׳ יחיאל אים פאַרשטיין? און וואָס איז דער שטורעם אין ר׳ יחיאלן און ווי טייטשט אים דווידקע? פלאַי פלאָים — ווי ענטפערט מען אויף דעם ?... פאַרשוויגן קען און טאָר עס דאָך ניט ווערן. און אַן ענטפער? וואָס און ווי אַזוי? פעלשונג דאַרף דאָך אויסגעמיטן ווערן לכל הדעות...

אויך ביי דווידקען האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ. ער האָט זיך אַליין דערשראָקן פאַר זיין שאלה. ער האָט זי געפרעגט אין גאַנצן אומגעריכט, ווי זי וואָלט אַרויסגעקומען פון אים אָן זיין וויסן, און ניט נאָר אָן זיין וויסן, נאָר אויך אַריבער זיינע כּוחות. דוכט זיך אַז ער פאַרשטייט גאָר אַליין ניט זיין שאלה... ר׳ יחיאל האָט אויף דער שאלה גלייך ניט געענטפערט. אַדורכגעגאַנגען זיך צו ערשט אַהין און צוריק איבערן שטוב. דווידקע האָט אים נאָכגעקוקט מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ. האָט ער באמת ניט געטאָרט פרעגן אָט די שאלה? ער האָט שוין חרטה. איז ר׳ יחיאל אין כּעס?

אָבער ר׳ יחיאל איז ניט אין כּעס געוואָרן. ער האָט זיך נאָר אָפּגעשטעלט קעגן דווידקען, און אַנשטאָט צו געבן אים אַן ענטפער, האָט ער אים גאָר געפרעגט אַ שאלה:

„און וואָס טראַכסט דו מכּוח דעם, דווידקע?״

„גאָרנישט,״ האָט זיך דווידקע געאײַלט צו ענטפערן. „איך פֿאַרשטיי דערין גאָרנישט... אָבער ס׳איז מיר מאָדנע. עפּעס דער מענטש איז אַ גאָרנישט...״

„דער מענטש איז אַ גאָרנישט? וואָס מיינסטו?״

„איך מיין אַז אויב דער מקור איז תּאווה, איז דאָך דער מענטש אַ פּרי פֿון תּאווה... ס׳איז מיאוס, קליין. און ווו איז יִחוס?...״

ר׳ יחיאל האָט זיין האַנט אים אַרויפֿגעלייגט אויפֿן אַקסל:

„הער, דווידקע, טאָמער וועסטו מיך איצט אַפֿילו ניט פֿאַרשטיין, זאָלסטו אָבער מיינע ווערטער געדענקען. וועסט זיי פֿאַרשטיין מיט דער צייט. דער מענטשלעכער גוף איז אַ גאָרנישט, ווייל ער קומט פֿון תּאווה. ס׳גייט דערי־בער אַוועק צו סאַמע שיפֿלות, צום קבר, מישט זיך אויס מיט דער ערד. דער עיקר איז די נשמה. די נשמה קומט ניט פֿון תּאווה, זי קומט פֿון גאָט כּביכול, פֿון קדושה, פֿון סאַמע ריינקייט. קומט די צייט, פֿאַרלאָזט זי דעם גוף און גייט צוריק צו אירע מקורות. ליבע, סאַמע ליבע, טהרה־ליבע, איז ווען ס׳איז אַ זיווג פֿון צוויי ריינע נשמות, דאָרט איז קיין תּאווה ניטאָ. די תּאווה פֿון איר איז קיין תּאווה ניט. דאָס הייסט, זי איז ניט לשום תּאווה, נאָר לשום ליבע. ליבע פֿון תּאווה איז קיין ליבע ניט. זי איז אַזוי ווי דער קקיון של יונה — ווערט צעוויאַנעט אין איין טאָג. רוף עס ניט ליבע, רוף עס רישעות. פֿון איר דאַרף מען זיך היטן מער איידער פֿון אַלע חולאתן. איצט — טהרה־ליבע: דאָס איז דער עיקר! ווי תּאווה־ליבע איז סאַמע רישעות, אַזוי איז טהרה־ליבע סאַמע צדקניות... אָבער טהרה־ליבע געפֿינט מען ניט אין גאַס, מ׳דאַרף זיין מסוגל צו איר. מ׳דאַרף קודם זיין אַ צדיק גמור. און דאָס איז דער שׂכר פֿון אַ צדיק גמור. און מע דאַרף זיין זייער אָפּגעהיט: פֿון טומאה ביז טהרה קען זיך זיין כּהרף עין און נישט מער. אַ סאַמע דינסטער שנור טיילט אָפּ עליה פֿון ירידה...״

„איצט פֿאַרשטיי איך מער,״ האָט דווידקע געענטפֿערט. „איר האָט געהאַט אַזוי פֿיל יסורים, ר׳ יחיאל. אין מאָנאַסטיר, עטאַפּן, געצוווּנגענע מיליטער... כּדי איר זאָלט זיין מסוגל צו טהרה־ליבע? כּדי איר... פֿאַלאַשקאַ... איך מיין...״ ער האָט ניט געקענט ענדיקן.

ר׳ יחיאל האָט אויף אים געקוקט מיט ליבשאַפֿט.

„איך ווייס ניט,“ האָט ער געזאָגט. „אפשר... ווער ווייסט וואָס גאָט מיינט...“

„אָבער מען האָט דאָך אייך געמאַטערט און איר האָט אייער שׂכר ניט געזען... אפשר איז עס דערפאַר וואָס זי איז נאָך ניט מסוגל געווען? זי האָט זיך ניט אויסגעלייטערט...

„אפשר,“ האָט ר׳ יחיאל געענטפערט. „און אפשר האָבן מיר בײדע אונדזער שׂכר געהאַט. מחמת דער שׂכר איז פון דעם באַוווסטזיין אַז דאָס האַרץ איז מסוגל צו טראָגן סאַמע טהרה. איך וויל האָפן, אַז מיין שׂכר האָב איך שוין... אויך זי...“

„ר׳ יחיאל... איך האָב אויך געהאַט יסורים, געווען קראַנק, אָבער דאָס איז גאָרנישט. געווען ביי מיר ספקות, אוי, ספקות... אוי, האָט מיין האַרץ געלעכצט... דאָס זיינען יסורים!... ניט געקענט שלאָפן... נאָך איצט ניט אַריבער... נו, בין איך שוין מסוגל?...“

ר׳ יחיאל האָט אים ניט געענטפערט. ער האָט אים אַרומגענומען, שטאַרק, שטאַרק אים צוגעדריקט צו זיין ברוסט, און אים אַ קוש געטאָן אין שטערן.

## קאַפּיטל 17

אויף מאָרגן האָט זיך דווידקע אויפגעכאַפּט גאָר פרי און האָט באַגעגנט זיך מיט די ליכטיקע שטראַלן פון דער זון, וואָס האָבן אַריינגעשיינט גלייך צו אים אין פּנים אַריין. ער האָט זיך דערפילט מלא שׂימחה און איז שנעל אַראָפּ פון בעט. ס׳האָט זיך אים זייער געוואָלט גיין אין שול אַריין צוזאַמען מיט ר׳ יחיאלן, צוקוקן זיך ווי ער דאַוונט און אויך טאָן אַזוי. פון זיין נעכטיקן שמועס מיט ר׳ יחיאלן האָט ער געקענט דרינגען, אַז אַ סך פון די סודות פון דער וועלט זיינען גאָר קיין סודות ניט. ס׳איז אין דעם באַהאַלטן אַ סך שׂכל, אַ סך דרוש. ניט אַלץ איז שלעכט ווי עס זעט אויס אַזוי, און מיט גוטס קאָן אויך זיין פונקט פאַרקערט. מ׳דאַרף בלויז וויסן ווי אויפ־צופירן זיך, ווי צו באַנעמען זאַכן, ווי צו שפּירן גליק און אומגליק און באַנעמען דעם חילוק צווישן זיי, צו וויסן און צו פאַרשטיין ווען און ווי אַזוי זיי פאַרשטעלן זיך פאַר די היפּוכים וואָס הערשן צווישן זיי.

דערביי איז אים געקומען אויפֿן זינען די אַמאַליקע געשיכטע, וואָס ווערט דערציילט וועגן שלמה המלך, ווי דער אַשמדאי האָט פֿאַרנאַרט שלמה המלך, האָט אים פֿאַרשליידערט עק וועלט און האָט אַליין פֿאַרנומען זיין טראָן. ביז שלמה המלך איז צוריקגעקומען און האָט צוריק איבערגענומען זיין טראָן, האָט זיך קיינער ניט אין מדינת ישׂראל געכאַפּט, אַז זיי ווערן געקיניגט ניט דורך שלמה המלך דעם צדיק, נייערט דורך דעם רשע מרושע אַליין.

די גרעסטע מעלה פֿון אַ איש חסיד באמת איז די פֿעיִקייט צו באַנעמען תּענוג און ליידן פֿון דעם און צו באַנעמען יסורים און פֿרייען זיך מיט דעם. ניט אַלע קענען עס גרייכן באמת. ר׳ יחיאל קען עס יאָ. און פֿאַרשטאַנען האָט דווידקע, אַז אָפּלערנענדיק זיך ר׳ יחיאלס מידות, וועט ער שטיין נעענטער אויפֿן וועג פֿון גליק, און ער וועט מסוגל זיין צו עינויים, צו עינויים פֿון תּענוג.

און אָט דעם געדאַנק האָט ער פֿאַר זיך אַליין איבערגעחזרט: „עינויים פֿון תּענוג״. אויב „עינויים״, איז עס דאָך ניט קיין „תּענוג״, און איפּכא מסתברא. דערנאָך האָט ער אָט די קשיא פֿאַרענטפֿערט פֿאַר זיך אַליין: לידה איז ענג פֿאַרבונדן מיט יסורים, ווי מ׳זאָגט עס, ,חבלי לידה׳, דער סוף איז אָבער תּענוג: אַ נייער מענטש קומט אויף! און אַ נביא... אפשר זיינען זיינע חלומות באמת ממשותדיק? אפשר וועט ער טאַקע קענען שטייגן ממדרגה למדרגה?

און מכּוח ביאת המשיח האָט ער נעכטן געהערט רעדן פֿון ר׳ יחיאלן אַליין. גערעדט האָט ר׳ יחיאל ביים סדר ניט צו דווידקען אַליין, נאָר צו אַלעמען. ס׳איז סתּם אַזוי געקומען צו רייד און ר׳ יחיאל האָט אַזוי געזאָגט:

„גוג ומגוג... כ׳מיין ס׳איז מער ניט ווי אַ משל. ס׳וועט רישעות מיט רישעות מלחמה האַלטן, אָפּגעטער מיט אָפּגעטער... איין אָפּגאָט וועט זאָגן: ,איך בין גאָט!׳ און דער צווייטער וועט זאָגן: ,איך בין גאָט!׳ און די מלחמה וועט אָנהאַלטן פֿערציק יאָר. איז עס אויך ניט מער ווי אַ משל. די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן נאָך מיט טויזנטער יאָרן צוריק, נאָך פֿון קין און הבלן. זיי זיינען געווען די ערשטע בעלי מלחמה, און פֿון דעמאָלט אָן האָט די מלחמה ניט אויפֿגעהערט שוין טויזנטער יאָרן... קינאה און שׂינאה דאָס איז דער אמתער גוג ומגוג. די גאַנצע וועלט איז גוג ומגוג. מלוכות האַלטן מלחמות, און דער עצם פֿון מלחמה איז עובר אויפֿן לאו פֿון ,לא תשחית׳,

דער שטאַרקסטער לאו פון דער תורה. און דאָס איז די מלחמה פון גוג ומגוג... ואין המשיח בא אלא בדור שכולי חייב או שכולו זכאי... ממה נפשך — זיינען אַלע חייב, כאַפּט מען זיך צום שׂכל: צרות מאַכן קלוג, צרות זיינען עס דאָס פייער וואָס לייטערט גאָלד. נו, און אַז עס איז כולו זכאי, איז דאָך משיח במילא דאָ... און ווידער די מסורה: ,און די גויים גייען אויף אַן אייזערנער בריק און פאַלן אין ים אַריין...' די אייזערנע בריק, דאָס זיינען די שווערדן און ביקסן אויף וועלכע זיי האַלטן אויף לעת עתה זייער קיום, און דורך וועלכע זיי וועלן מיט דער צייט אומקומען. און די ייִדן... — הלוואי זאָל עס טאַקע אַזוי געשען! — וועלן גיין אויף אַ פּאַפּירענער בריק און אַריבער בשלום...

„דאָס איז אויך פאַרשטענדלעך: די ייִדישע בריק איז גאָטס וואָרט... גאָטס וואָרט הערט מען ניט דורך די אויערן, נאָר דורכן האַרצן, און עס איז פאַרשריבן אויף פּאַרמעט, וואָס בלויז דאָס אויג קען זען און דאָס האַרץ מיטן מוח קענען עס בשותּפות פאַרנעמען, און פאַרשפּרייטן בכתב צווישן די אומות העולם... דאָס איז דער וועג צו גאולה, דער איינציקער וועג. און משיח וועט רייטן אויף אַ ווייסן אייזל מיט אַ ווייסער פאָן אין דער האַנט — רמזים פון שלום. און טויטע וועלן פון קברים אויפשטיין און ציִען זיך נאָך ציון — צום היכל השלום. די מתים וועלן אויפשטיין — געוויס: עני חשוב כמת"...

דווידקע האָט ניט גאָר גוט פאַרשטאַנען די דאָזיקע רייד, אָבער פאַר־שטאַנען האָט ער אַז ס'איז זייער אַ טיפער ענין, אַ גרויסער אמת איז דערמיט אַנטפּלעקט. און געקוקט האָט ער אויף ר' יחיאלן און געזען אין אים עפּעס אַזעלכעס גרויסעס, וואָס זיין השערה פאַרנעמט ניט, און אינסטינקטיוו האָט ער אים גענומען נאָכקוקן, בכדי צו קענען נאָכטאָן אים.

אין שול האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט נאָענט צו אים, זיך צוגעקוקט צו זיינע באַוועגונגען, ווי ער איז מכוון דעם „אַז ישיר" און דעם „נשמת", און ער האָט אַליין ניט באַמערקט ווי ער מאַכט נאָך אַלע זיינע תּנועות. ערשט היינט האָט דווידקע משׂיג געווען, אַז מתפּלל צו זיין הייסט שמועסן מיט גאָט, און אַז מיט אים דאַרף מען וויסן ווי צו רעדן, ווי צו האַלטן זיך, בכדי ווערט צו זיין אויסגעהערט צו ווערן פון זיין גדולה. און ווער נאָך ווייס ווי אַזוי צו טאָן עס ווי ר' יחיאל ווייס עס?

און צו קריאת שמע האָט דווידקע באַמערקט מיט גרויס וווּנדער, אַז ר׳ יחיאלס האַלטונג האָט זיך לגמרי געענדערט: זיין קול איז שוואַך געוואָרן, די הענט האָבן אָנגעהויבן ציטערן און ער אַליין האָט זיך ווי עפּעס איינגעבויגן און צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט. לכתחילה האָט דווידקע געמיינט, אַז אַזוי דאַרף עס זיין און אַזוי דאַרף עס געטאָן ווערן און ער האָט אים געפּרוּווט נאָכמאַכן, אָבער באַלד האָט ער מיט שרעק אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז עפּעס איז מיט ר׳ יחיאלן ניט כּשורה, ניט ווי עס באַדאַרף צו זיין: זיין קול איז געוואָרן אַלץ שוואַכער און שטיקנדיקער, ער האָט זיך גענומען אָנהאַלטן מיט די הענט אָן דעם סטענדער; זיינע אויגן האָבן זיך ברייט פונאַנדערגעעפענט, אין האַלדז האָט אים גענומען כאָרכלען, ער האָט אָנגעהויבן ציטערן מיטן גאַנצן קערפּער, בייגן זיך, בייגן זיך און — איז אומגעפאַלן.

דווידקע האָט זיך זייער דערשראָקן, ניט גערירט זיך פון אָרט, געשטאַנען מבולבל און געקוקט. ר׳ יחיאל איז געלעגן אויף דער ערד און געציטערט מיט אַלע אברים, אָבער אין אַ הרף עין האָט ער איין שטאַרקן ציטער געטאָן און איז געבליבן ליגן אומבאַוועגלעך. דווידקע האָט זיין פּנים גוט געזען. אויפן מאָמענט האָט ער גאַרנישט געטראַכט מכּוח דעם אויסדרוק אויפן דאָזיקן פּנים, אָבער שפּעטער, מיט דער צייט, ווען אַלץ איז שוין געווען אַריבער, האָט דווידקע דאָס פּנים גוט געדענקט. ס׳האָט זיך אים פאַרגעשטעלט אַז ס׳איז דערויף געווען אַן אויסדרוק פון רויִקייט, ווי ער וואָלט שטיל געשלאָפן. ס׳האָט זיך אים אַפילו געדוכט אַז אויף די ליפּן איז געווען אָנגעטאָן אַ שטילער גוטמוטיקער שמייכל.

אין שול איז געוואָרן אַ רעש. מע האָט ר׳ יחיאלן אויפגעהויבן פון דער ערד, אַוועקגעלייגט אויף אַ באַנק און זיין פּנים באַשפּריצט מיט וואַסער. ס׳האָט ניט געהאָלפן — ר׳ יחיאל האָט זיך ניט גערירט. ביז וואַנען ר׳ נתן איז צוגעקומען, באַטראַכט אים מיט אַ געניט אויג, צוגעלייגט די האַנט צו זיין שטערן און געזאָגט:

„נאָך אַלעמען... ברוך דיין אמת... מיתה בנשיקה — אין מיטן לייענען קריאת שמע...״

דער רעש האָט זיך איינגעשטילט. אַלע יידן האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט. בלויז ר׳ נתן האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און שטיל אַרויסגערעדט:

„אַזוי ווערן נפטר צדיקים... אויף מיר געזאָגט געוואָרן, רבונו של עולם, איך זאָל האָבן אַזאַ זכות..."

וואָס ווייטער עס האָט זיך געטאָן, ווייסט ניט דווידקע. זיין מאַמע איז אַרונטערגעקומען פון עזרת נשים און האָט אים אַוועקגענומען אַהיים.

*

פּסח איז פּסח, יום טוב איז יום טוב, קיין צער, קיין אבלות, קיין שבעה־זיצן. געווען אַ מענטש, פאַרגאַנגען, הלך לעולמו. „לעולמו?" און ווו איז דאָס אָט דער „לעולמו?" דערווייל זעט מען נאָר אַ קבר, פאַרבאָרגן, פאַר־שאָטן טיף אין דער ערד. ניט קיין קול, ניט קיין שטימע, ניט קיין באַריר, ניט קיין קשיות וועמען צו פרעגן און ניט קיין תירוצים פון וועמען צו הערן. און אַ מאָל איז דער ווייטיק ביי דווידקען געווען אַזוי שאַרף און אַזוי טעמפּ, אַז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן גיין אין גאַס אָדער אין הויז, און אַפילו אין מיטן לערנען אָדער דאַווענען, און האָט זיך אַליין געפרעגט: „וואָס איז עס? ווער בין איך? ווו בין איך? איז עס ניט אַ חלום? וואָס איז עס אַזוינס אַ ר' יחיאל? אפשר איז גאָר די גאַנצע מעשה אַן אויס־געטראַכטע?"

ס'איז צום ערשטן מאָל וואָס ער האָט פּנים לפּנים באַגעגנט זיך מיט טויט און, גוט באַטראַכטנדיק אים, איז ער גאָר ניט אַזוי שרעקלעך. שייך זאָגן ניט שרעקלעך? — אָבער קיין עינויים זעט מען ניט. און דאָך נאַגט אַזוי ביטער דאָס האַרץ! ס'טוט אַזוי לייד פאַר דעם פאַרלוירענעם אוצר. אַזוי פיל סודות דאָ — סודות אַרומגערינגלט מיט סודות, אָן אַ שיעור סודות — און ר' יחיאל האָט זיי אין קבר מיטגענומען און אים, דווידקען, וועלן זיי שוין מער ניט קלאָר ווערן.

וואָרעם ווער וועט זיי אים קלאָר מאַכן? דער רבי? — ס'איז גאָר אַ חוזק צו טראַכטן מכּוח דעם. דער טאַטע? — אָבער קענטיק אַז דער טאַטע ווייסט אויך ניט אַלץ: ווען ר' יחיאל פלעגט רעדן האָט ער אויך געשלונגען זיינע רייד ווי גרויסע חידושים, צוגלייך מיט דווידקען. אויך פאַר אים זיינען זיי געווען נייעסן. בכן, וואָס בלייבט? — אַן אבידה וואָס וועט קיין מאָל ניט צוריקגעקערט ווערן.

און דאָס זיינען משמעות זאַכן וואָס מ'קען זיי בשום אופן ניט פאַרשטיין.

אָט איז געזעסן אַ מענטש גלייך מיט אַלעמען. ער האָט גערעדט, געגעסן, געטרונקען, געשפּאַצירט, געשלאָפן. מעיין געווען אין אַ ספר, געדאַוונט, און — פּלוצעם, אין איין „נעשׂה־ונשמע״, אויס! קיינער קען שוין מער צו אים ניט צוקומען און, ס׳ווייזט ניט אויס ער אַליין זאָל קענען צו עמעצן צוקומען. און דעם טויט אַליין זעט מען ניט. פון וואַנען איז ער געקומען? מ׳זעט ניט קיין דרויסנדיקע השפּעה: געפאַלן אַ מענטש און איז געשטאָרבן, אַליין געפאַלן, קיינער האָט אים ניט אומגעוואָרפן. און אָט ליגט דער זעלביקער מענטש: די זעלביקע אויגן, די זעלביקע נאָז, דער זעלביקער פּנים מיט אַלע אֵברים — און שוין גאָר אַנדערש. די אויגן גלאַנצן ניט, די פיס און הענט באַוועגן זיך ניט, דאָס מויל רעדט ניט. און ליב געהאַט האָט מען ר׳ יחיאלן, אַלע האָבן אים ליב געהאַט. קיינער, אָבער טאַקע קיינער אויף דער וועלט, האָט אים ניט אויפגעהערט ליב צו האָבן, און פּלוצעם: אויס! ער איז איבעריק געוואָרן — מע האָט מורא אים אַן איבעריקע מינוט צו האַלטן, מע האָט מורא צו טרעפן זיך מיט אים. מ׳גראָבט אויס אַ קבר טיף, טיף, מען פאַרשיט מיט ערד און — אויף אייביק, אויף אייביק, מער שוין קיין מאָל ניט זען אים, אַזוי ווי ער וואָלט גאָר קיין מאָל ניט געווען...

אין פלוג גענומען איז קיין חילוק ניט צווישן געשטאָרבן און ניט געבוירן ווערן. אַזוי ניטאָ און אַזוי ניטאָ. דער חילוק אין חיסרון איז טאַקע ניטאָ, פון דעסטוועגן איז דאָ יאָ אַ חילוק. מחמת ביים ערשטן פאַל ווייטיקט דאָס האַרץ און ביים צווייטן — ניט. איינער איז געשטאָרבן, פילט מען אַז אָט איז ער געווען, פאַרנומען אַ באַשטימטן אָרט אויף דער ערד און צווישן די מענטשן וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, און מיט אַ מאָל — אויס, נעלם געוואָרן, געוואָרן אַ פּוסטקייט, אַ לידיקייט, איצט אַ לידיקייט. און ס׳דוכט זיך די ליידיקייט שרייט, רופט, מאָנט פאַר וואָס מ׳האָט זי אויסגעליידיקט. און דער מת — טאַקע ער אַליין מאָנט אַ חוב: מע האָט אים צוגענומען צום בית עלמין, איינגעגראָבן, באַהאַלטן פון די אויגן אַז מ׳זאָל אים מער קיין מאָל ניט טרעפן. און וואָס ווייטער? ער האָט דאָך געטראַכט, גערעדט, געזאָרגט זיך, געלערנט. וואָס איז פון דעם געוואָרן? אויס? אויב שפּעטער ווערט אויס, פאַר וואָס לכתּחילה דער אָנהייב? סוד שבסודות!...

און אָט דעם סוד האָבן דאָך אַלע, אַלע גייען צו אים, און דאָך איז ער אַ סוד. חידוש שבחידושים. מ׳גייט צו אָט דעם מוראדיקן סוד מיט פּחד

און שרעק, מ׳רוקט זיך צו אים קעגן ווילן, מ׳ווייסט ניט וווהין ער פירט, אָבער אָפּצושטעלן זיך קען מען פאָרט ניט...

און אין זיין יאוש און צער האָט זיך דווידקע ניט געקענט טרייסטן מיט זיינע אַמאָליקע חלומות מכּוח „יענער וועלט״, ממש ווי ער וואָלט אין זיי אַן אַפּיקורס געוואָרן. ווער האָט בפּועל ממש געזען די דאָזיקע יענע וועלט? ווער קען די דאָזיקע סודות משׂיג זיין ווי באַלד די תּורה האָט פאַר־באָטן חוקר ודורש צו זיין אין זיי?

און מענטשן, אַלע מענטשן, זייערע לעבנס, ווערן אַ חידה פאַר דווידקען: זיי האָווען און שמייען, אַרבעטן, זאָרגן און פּלאָגן זיך ווי זיי וואָלט געווען באַשערט צו פאַרבלייבן אין זייער סביבה אויף אייביק. זיי טראַכטן גאָר ניט מכּוח דעם אַז אָט די אונדזעריקע וועלט איז ניט מער ווי אַ פּרוזדור צו אַ טרַקלין, וואָס קיינער ווייסט אַפילו ניט וואָס אָט דער טרקלין איז אַזוינס, אַז ער איז אַ סוד שבסודות. מענטשן טרעטן אויף קברים פון טויזנטער יאָרן און טראַכטן אַפילו ניט, אַז דאָס וואָס איז אונטער זייערע פיס זיינען קברים, קברים, קברים פון פאַרשוווּנדענע לעבנס, פון ניט דערפילטע האָפענונגען, פון אורחא־פרחאָס, און זיי האָבן ניט אין זינען, אַז זייער שנעל פליט די צייט — אָט געווען, אָט שוין מער ניטאָ, און אַז אָט־אָט וועלן אויך זייערע קברים געטראָטן ווערן פון אַנדערע. און וואָס וועט מיט זיי אַליין געשען? און וואָס וועט מיט אַנדערע, אָט די וואָס רינגלען זיי אַרום, געשען?

און דערביי פאַלט דווידקען אַריין אַ גאָר מאָדנער געדאַנק: אַז די וועלט האָט אין גאַנצן אַ משונהדיקע הנהגה: צייט!...

וואָס איז צייט? מ׳זאָגט איצט... אָבער קיין איצט איז דאָך לחלוטין ניט פאַראַן. ווי נאָר מ׳זאָגט איצט, איז עס דאָך שוין מער ניט פאַראַן, ס׳איז אָוועק! הלך לעולמו. איז פאַראַן ניט מער ווי עבר. אָבער עבר איז דאָך שוין מער ניט פאַראַן, הלך לעולמו, אויס, מער ניט פאַראַן. איז וואָס בלייבט? — להבא... אָבער להבא איז דאָך נאָך ניט פאַראַן. ווער קען שאַצן און וויסן וואָס להבא וועט זיין? לכן: עבר איז הלך לעולמו און קומט ניט מער צוריק. הווה איז בכלל ניט פאַראַן, מחמת ווי נאָר עס ווערט איז עס דאָך שוין עבר. עתיד איז דאָך נאָך לא היה ולא נברא. בכן, היוצא מדברינו: צייט האָט דריי חלקים, און יעדער חלק האָט קיין קיום ניט... בכן, איז צייט בכלל אַן אויסגעטראַכטע זאַך, וואָס האָט קיין קיום ניט...

אָבער, היתכן? מענטשן לעבן דאָך פאָרט אין צייט. איז אויף דעם קיין ענטפער ניט פאַראַנען... אַ פאַרבלענדעניש...

אַ פאַרבלענדעניש? און דווידקע האָט זיך געראַנגלט מיט דעם געדאַנק. אויב אַזוי איז דאָך די גאַנצע וועלט אַ פאַרבלענדעניש: ער אַליין, ר׳ יחיאל, זיינע אייגענע טאַטע־מאַמע, פלאי פלאים...

געדאַנקען קומען, געדאַנקען שטייען, געדאַנקען גייען אַוועק, געדאַנקען קומען צוריק, בלייבן שטיין... קשיות ניט פאַרענטפערטע, און דאָס הארץ נאָגט און הערט ניט אויף צו נאָגן... דער עיקר איז ר׳ יחיאל... ער טוט זיך ניט אָפּ פון זיין זכרון. נאָר ער וואָלט געקענט פאַרענטפערן קשיות, און מיט אַ מאָל — אויס...

אַ מאָל האָט ער אַליין, דווידקע, געגלייבט אין תּחית המתים, און איצט... ווי רב יחיאל אַליין האָט זיך אַ מאָל אַרויסגעזאָגט, פאַרשטייט ער, אַז דער עצם פון תּחית המתים איז אויך לא היה ולא נברא, ס׳איז ניט מער ווי אַ רמז... און ער פאַרשטייט אַליין ווי ר׳ יחיאל איז גערעכט געווען, מחמת ווען דאָס וואָלט געווען בפועל ממש, ווי קען עס געשען? וועלן דען די נשמות אַרונטער פון די הימלען, צוריק אַריין אין די גופים אין וועלכע זיי זיינען אַ מאָל געווען, און ווערן צוריק מענטש — די מיאוסקייט פון טיפּה סרוחה, אַריינקריכן אין דעם אַלטן מלבוש פון פלייש און ביינער, צו זיינע קליינלעכע זאָרגן און דאגות הנפש? וועלן די נשמות וועלן אַראָפּ פון זייער הימלישן טוב צוריק צו דעם ערדישן רע?...

אַ קינד, ווען ס׳ווערט געבוירן, וויל עס ממש ניט קומען אויף דער ערד. עס שרייט, עס וויינט, עס באַקלאָגט זיך. בכן, פאַר וואָס זאָלן מתים, וואָס האָבן שוין איבערגעלעבט די ביטערקייט פון דער ערד, פאַר וואָס זאָלן זיי וועלן צוריקקומען? מחמת, ממה נפשך, איז אין די הימלען גוט, זיינען עס דאָך גרויסע יסורים צוריק צו ווערן אַ בשׂר ודם, און אויב אין די הימלען איז ניט גוט, איז דאָך דער שׂכר פון צדיקים ניט מער ווי אַ דמיון. פורעניות אויף דער וועלט און פורעניות אויף יענער וועלט? אויב אין ערגעץ איז קיין גוטס ניט פאַראַן, בלייבט דאָך נאָך אַלץ די האַרבע קשיה: הלמאי דער „כּי טוב״ פון לעבן? פאַר וועמענס וועגן?

און טונקל האָבן דווידקען אויסגעזעזן די הימלען און חושך די ערד, יסורים אויף יסורים, סודות אויף סודות. דאָס לעבן איז שלעכט און זיין

אויסבייט אויפן טויט, ווייסט מען ניט צי ס'איז בעסער. דער חילוק איז ניט מער ווי אין דעם, וואָס פון לעבן קען מען אויסגעלייזט ווערן דורכן טויט, אָבער פונעם טויט קאָן מען ניט אויסגעלייזט ווערן דורכן לעבן...

אָבער גילגולים, זאָגט מען, זיינען יאָ דאָ אויף דער וועלט. מעגלעך אַזאַ מין געשעעניש: געלעבט האָט אַ מאָל אַ מענטש אויף דער ערד און דאָס לעבן איז אים נימאס געוואָרן. פאַר וואָס? אַלערליי סיבות. אַזעלכע סיבות קענען דאָך זיין אָן אַ שיעור. האָט ער זיך אַליין געוווּנטשן דעם טויט. נו, איז דער ווונטש מקויים געוואָרן. געשטאָרבן — איז אים דער טויט נימאס געוואָרן. איז ער צוריק געבוירן געוואָרן. וחוזר חלילה, געבוירן און געשטאָרבן, געשטאָרבן און געבוירן, און אַזוי כּסדר און ביז אייביק... אָדער אפשר — אפשר ניט מער ווי ביז וואַנען משיח וועט קומען, און דענסטמאָל וועט מען מוזן באַשליסן: אַהין אָדער אַהער, אויף אייביק אויף דער וועלט, אָדער אויף אייביק אויף יענער וועלט. און גיי קלייב, אַז ביידע זאַכן זיינען ניט גוט...

און דווידקע קוקט אויף זיך און איז זיך מדמה (שטעלט זיך פאָר), אַז ער איז שוין אַ גאָר יונגער מענטש, נאָר ער האָט שוין הינטער זיך אַ לאַנגע, לאַנגע געשיכטע פון גילגולים, ער שטאַמט פון אייביקייט און דערפאַר טראָגט ער זיך אַרום מיט דעם אייביקן צער אין האַרצן. און ער הייבט זיך אָן קלאַפּן אין ברוסט, ווי אַ „בעל חטא”ביים דאַווענען, און דער צער איז אַזוי טיף, אַז אָפט מאָל פאַרכאַפּט אים דער אָטעם.

מלכּה האָט אויף דווידקעס שטימונגען אַכטונג געגעבן און איז געווען זייער אומרויִק. אַ מאַמעס האַרץ פילט איר קינדס צער. ווען קיינער האָט ניט געמערקט האָט זי וועגן אים אַפילו פאַרגאָסן אַ טרער און אים פון אויג ניט אָפּגעלאָזט. צום סוף האָט זי צו אים גערופן וואַסיליסען. וואַסיליסע איז געווען אַן אַלטע פויערטע, בלינד אויף איין אויג און אין דאָרף האָט זי געשמט מיט דעם וואָס זי האָט אָפּגעשפּראָכן „עין הרע”, „אויסגעקייקלט” פאַר אַן איבערשרעק, פאַרטריבן פון הייזער „דאַמאָוויקעס”. מחמת דאָס איז געווען אום פּסח, ווען אין הויז איז קיין חמץ ניט געווען, האָט וואַסיליסע געבראַכט איר אייגן ברויט, צעקנאָטן אים און צעקייקלט אין קייקעלעך, און ווען דווידקע איז געשלאָפן, האָט זי אָט דאָס ברויט שטילערהייט געקייקלט איבער זיין שטערן, שטיל געמורמלט און געשפּיגן צו דריי מאָל

פון יעדער זייט. דאָס ברויט האָט מלכה אַליין גלייך אָפּגעטראָגן צום טייך און עס אַהין אַריינגעוואָרפן: זאָל דווידקעס שרעק מיט וואַסער צום ים אַוועק... די אַלע אָפּשפּרעכענישן האָבן אָבער ווייניק וואָס געהאָלפן און פון דווידקען האָט זיך די מרה שחורה ניט אָפּגעטאָן. איז מלכה אויף מאָרגן נאָך פּסח אַוועק צו ר׳ יחיאלס קבר, אויף אים לאַנג געלעגן, שטילערהייט פאַרגאָסן טרערן, זיך געבעטן ביי ר׳ יחיאלן צו זיין אַ מליץ יושר פאַר איר בן־יחיד, פאַר דווידקען. געקומען איז די מרה־שחורה צו דווידקען דורך ר׳ יחיאלס טויט, זאָל ר׳ יחיאל איצט זיין אַ גוטער בעטער און דווידקעס חולאת זאָל פון אים אָפּגעטאָן ווערן...

*

די לעצטע טעג פּסח האָט זיך איינגעשטעלט דער ריכטיקער פרילינג־דיקער וועטער — די נאַטור האָט אָנגעהויבן מאַכן אירע הכנות צו באַגעגענען דעם חודש מאַי. דעם טיפן שניי האָט מען שוין לגמרי פאַרגעסן — קורץ איז דער מענטשלעכער זכרון. צעגרינט האָבן זיך שוין די קאָרנפעלדער, אָנגעהויבן גרינען האָבן שוין אויך די ביימער, תחית המתים אַרום און אַרום. די הימלען האָבן זיך צעבלויט, פונאַנדערגעשפּרייט זייערע חופּות און ממש געוואָרעמט האָט שוין די זון. די פּויערים זיינען געווען די ערשטע דאָס צו דערפילן, און ווי נאָר דאָס אייז האָט אָפּגעטאָן זיין גליווער פון די אייבערשטע שיכטן ערד, האָבן די פּויערים עס גלייך דערפילט און גלייך גענומען אויפגראָבן זיינע אויבערשטע שיכטן, פאַרשפּרייטן איבער זיי קערנער פון תבואות, באַמיסטיקן און פאַרגלעטן די צעאַקערטע פעלדער, און געזונגען תפילות פאַר גערעטענישן. און אויפן זעלביקן חשבון האָבן זיך צעזונגען אויך די פייגל מכל המינים, יעדע געמיינדע נאָך איר לשון נאָך. צעטרעליעט האָבן זיך אויך די פאַסטעכער אויף זייערע פייפלעך און צעשפּרייט האָבן זיך די טשערעדעס איבער די פעלדער. אויך די מאַי־זשוקעס האָבן זייער בכבודיקן אויבנאָן ניט מוחל געווען — געשניטן די לופט אין אַלע זייטן, אָנגעשטויסן זיך, אין זייער קורצזיכטיקייט, אָן צווייגן פון ביימער, אויף אָן חיה און מענטש און געקוליעט זיך צו דער ערד צו.

שבת נאָך פּסח זיינען די קינדער אַוועק צו די לאַנקעס וואָס לעבן דעם שליאַך, געשפּילט האָבן זיי אין „שלי שלך״. דווידקע האָט אויך פּרובירט

שפּילן, אָבער ער האָט באַלד פאַרלוירן זיין חשק און איז אַוועק אָן אַ זייט, אַנידערגעזעצט זיך אויף אַ הויכן שטיין און פאַרטיפט זיך אין זיינע אבלות־דיקע מחשבות. געקוקט האָט ער אויף דער אויפלעבנדיקער שיינקייט פון אַרום, הנאה געהאַט וואָס די זון באַקט אין פּלייצע, און דערמאָנט זיך, אַז ר׳ יחיאל האָט דאָך אַזוי שטאַרק ליב געהאַט די נאַטור, און איצט ליגט ער אין דער פינצטער, באַוועגט זיך ניט. פילט ער, זעט ער, באַגרייפט ער ווי שיין עס איז אַלץ דאָ אַרום, ווי גוט עס איז? קען ער בדרך כלל באַגרייפן, אָדער ער האָט אַרום זיך ניט מער ווי די פינצטערניש, שווערקייט און פייכט־קייט פונעם קבר, די שכנות פון ווערעם, וואָס בויען נעסטן אין זיין איינ־געווייד?...

בכדי צו פאַרטרייבן דעם פּחד פון זיינע מחשבות, אַראָפּטרייסלען פון זיך דעם יי׳אוש און מרה־שחורה, האָט דווידקע זיך אויפגעהויבן פון דעם שטיין אויף וואָס ער איז געזעסן, האַסטיק צוגעלאָפן צו די קינדער און אַריינגעמישט זיך אין זייער לוסטיקער כוואַליע און זיין שטימע האָט זיך צעשרי׳ען העכער פון אַלעמענס: „שלי שלך!״

שפּעטער האָבן זיך די קינדער צעזעצט אויפן גראָז און ווער פון זיי עס זיינען געווען באַהעלפערס ביי די חזנים אין די שולן האָבן אָנגעהויבן איבערחזרן די ניגונים, וואָס זיי האָבן געקענט אויף אויסנווייניק, און העכער פון אַלעמענס האָט זיך צעקלונגען דווידקעס קול, הגם ער איז קיין משורר ביים חזן ניט געווען:

„בעליונים ובתחתונים איז ער איינער
און חוץ אים איז קיינער...״

אָבער באַלד האָט משהלע אָנגעהויבן גאָר אַ ניי ליד, זיך אָפּגעטאָן פון יום־טובדיקייט און איז אַריין אין אַ וואָכעדיקייט, און דווקא גוי׳שער וואָ־כעדיקייט:

„פּטאַשקי, קאַנאַרעיקי,
טשטאַ טאַק טשודנאַ פּאָיוט...״

אָבער זיין שטימע האָט זיך איבערגעריסן אין מיטן און ער האָט ניט געענדיקט. די קינדער האָבן זיך צעלאַכט, אויפגעהויבן זיך פון זייערע

ערטער און זיינען ווידער אַוועק שפּרינגען און טאַנצן, שפּילן און לויפן. דווידקע האָט זיך פריילעך געמאַכט מער פון אַלעמען און קיינער האָט גאָרניט געקענט דערקענען אַז דאָס טוט ער אַזוי מחמת ער וויל אַרויסרייסן זיך פון דעם אייגענעם איך, אַנטלויפן פון אים.



שבתים, נאָך שלש סעודות, ווען אין דרויסן איז וואַרעם און שיין, פאַר־גינען זיך יידן צו צעשטעלן זיך אין שולהויף און פאַרברענגען אַ ביסל צייט אין שיחות חולין. די וואָס רויכערן, האָבן איבערגעלאָזט ערב שבת זייערע לולקעס אין שול און איצט קוקן זיי אָפּטער אויפן הימל צו זען ווי שנעל מ׳וועט קענען דאַווענען מעריב, מאַכן הבדלה, געזעגענען זיך מיט דער נשמה יתירה, שפּאַצירן געמיטלעך איבערן שטוב פון איין ווינקל צום צווייטן, רויכערן די לולקע, זאָגן דעם „ויתן לך" און טראַכטן מכוח דעם ווהין מ׳קען מאָרגן גיין צו פאַרדינען אויף פּרנסת הבית.

איין מאָל, אין אַ שבת נאָך מנחה, האָט זיך דווידקע אַריינגעמישט אין דעם קרייז יידן פון שיחת חולין און צוגעהערט זיך צו זייער שמועס. דער אַלטער פּיניע האָט דערציילט אַ מעשׂה:

„...איין קליינקייט, ר׳ מענדעלע ליאַדיער! פערציק תעניתים האָט ער געפאַסט. בין שבת לשבת האָט ער מער ניט געגעסן ווי איין כּזית ברויט באַלד נאָך מעריב. מתפּלל געווען צום רבונו של עולם, אַז ער זאָל אים מזכּה זיין און פאַר אים אַנטפּלעקן דעם קץ.

ר׳ מענדעלע האָט צום רבונו של עולם אַזוי געטענהט:

„אין המשיח בא אלא בדור שכּולו זכּאי או שכּולו חייב: איז ממה נפשך, אויב שכּולו זכּאי, איז דאָך משמעות אַז אַלע גויים וועלן זיך מגייר זיין, וועלן דאָך קיין אומות העולם ניט זיין, איז צווישן וועמען וועט זיין די מלחמת גוג ומגוג? אלא, וואָס דען? שכּולו חייב? איז דאָך כּולו מחייב אַלעמען... אַפילו קיין ל״ו צדיקים וועלן ניט זיין, און אָן זיי קען דאָך די וועלט קיין איין הרף עין קיין קיום ניט האָבן, לכן ווהין וועט משיח קומען?..."

‚אָט דעם סוד האָט ר׳ מענדעלע געוואָלט אַז אים זאָל נתגלה ווערן. אַחוץ דעם האָט ער געוואָלט, אַז ממש דער קץ זאָל אים נתגלה ווערן.

‚און ר׳ מענדעלע איז דאָך געווען ר׳ מענדעלע!... אַז ער בעט, הייסט

עס געבעטן! ער האָט אַפילו געהאַט ביכולת צו מאַכן אַנדערע פּאַראַנדקעס אויף די אויבערשטע וועלטן, אַן עקשן געווען! זיצט אין טלית און תּפילין, טוט זיי ניט אויס; שלאָפט ניט און עסט ניט מער פון איין כּזית ברויט איין מאָל אין אָוונט נאָך מעריב.

‚איז אַ רעש אין הימל. די מלאָכים זיינען אומרוּיק און וואַרטן צו זען: וואָס אַן ערך וועט געשען? וועמענס רצון וועט געבראָכן ווערן — דעם רבונו של עולמס, כּביכול, אָדער רב מענדעלעס?

„ביז וואַנען גאָט האָט צוגעשיקט אַנזאָגן מענדעלען:

„‚מענדעלע, איך האָב בדעה געהאַט דיך נאָך לאַנג צו האַלטן אויף דער ערד. מיינע קינדער אין גלות, כּל עם ישׂראל, דאַרפן זייער נייטיק צו האָבן דיך צווישן זיי... אָבער דו טוסט ברעכן מיין רצון... האָסטו צוויי ברירות: ממה נפשך, ווילסטו וויסן דעם קץ, צווינגסטו מיך פריצייטיק צונעמען דיך פון דער ערד און אויף יענער וועלט וועסטו שוין אַלץ וויסן; אלא ניט, האָב חרטה אויף דיינע תּעניתים און תּפילות...‘

„האָט ר' מענדעלע געפרעגט:

„‚קען איך דען ניט פאַרבלייבן אויף דער וועלט און וויסן דעם סוד בכדי צו פאַרטרייבן די ספקות פון אַלע ספקנים?‘

„האָט גאָט געשיקט ר' מענדעלען צו ענטפערן:

„‚מענדעלע, מענדעלע! האָסטו דען פאַרגעסן דאָס וואָס די חז"ל האָבן געלערנט? בראשית ברא. פאַר וואָס איז די וועלט באַשאַפן געוואָרן מיט אַ בית? אלא וואָס דען? פּונקט אַזוי ווי דער בית איז געשלאָסן פון דריי זייטן און אָפן בלויז פון פאָרנט, אַזוי איז אויך מיט מענטשן: ער טאָר ניט פרעגן וואָס איז למעלה, און וואָס איז למטה, און וואָס איז פריִער געווען. און וויסן זאָלסטו, מענדעלע, אַז דער קץ איז אין שייכות מיט סאַמע בראשית. איינס אָן דאָס אַנדערע קען ניט נתגלה ווערן. קיינער קען דעם סוד ניט וויסן און דערביי בלייבן לעבן. מען מוז קודם קומען צום אייגענעם קץ בכדי צו דערוויסן זיך דעם קץ פון דער וועלט.‘

„און ר' מענדעלע האָט ווייטער געפרעגט:

„‚פון וואַנען זאָל איך וויסן, אַז דער קץ וועט פאַר מיר נתגלה ווערן נאָך מיין פּטירה?‘

„האָט גאָט אים געהייסן צו ענטפערן:

„,איך וועל דיר געבן אַ סימן: אויב דו וועסט נפטר ווערן אינעם חודש ניסן, דעם חודש פון גאולה, וועט עס דיר זיין אַ רמז, אַז דו וועסט אַלץ וויסן, מחמת אין דעם חודש איז אַ רשע בטוח אַז ער וועט ניט שטאַרבן, און פאַר צדיקים זיינען אַלע סודות אַנטפּלעקט...'

„און אַז ר' מענדעלע האָט אָנגעהויבן מורא האָבן, אַז מיט זיין טויט וועט עדת ישׂראל איבערבלייבן כּצאן בלי רועה, — האָט גאָט צו אים אַראָפּגעשיקט אַ מלאך — ווי ער האָט דאָס געטאָן צו ישעיה הנביא — אַ מלאך מיט אַ פייער אין צווייגל, אָנגערירט אים מיט דעם ביי דער צונג און האָט צו אים מוסר געוועדט בזה הלשון:

„,האָסט געזינדיקט, מענדעלע! איך האָב טאַקע דיר געגעבן אַ שליחות פאַר דער זינדיקער ערד, אָבער לא אלמן ישׂראל. עס וועלן זיך געפינען אַזוינע וואָס וועלן זיין מסוגל דיך ממלא מקום צו זיין. אַ סימן האָסטו, אַז איבער דיין אייגענעם זון וועלן אַראָפּשיינען שטראַלן דיך ממלא מקום צו זיין...'

„ר' מענדעלע, ווען צו אים איז אָנגעקומען אָט די בשורה, איז געווען מלא שׂימחה. בקדושה וטהרה האָט ער געפּראַוועט דעם ערשטן סדר און אַזוי אויך דעם צווייטן סדר, און אויף מאָרגן, נאָכן פּסחדיקן מאָלצייט, און נאָך דעם ווי די שיריים זיינען שוין געווען אויסגעטיילט צווישן די חסידים און די בני בית, האָט ער זיך צוגעלייגט אין זיין אייגן בעט, און פון איר איז ער שוין ניט אויפגעשטאַנען..."

„אַנטקעגן וואָס דערצייל איך עס", האָט פיניע דער אַלטער זיך פונאַנ־דערגעזונגען מיט אַ גמרא־ניגון, „טאַקע אַנטקעגן ר' יחיאלן ע"ה. נפטר געוואָרן איז ער אין חג הפּסח, און טאַקע בעת קריאת שמע... און קריאת שמע איז ממש געווען אויף זיינע ליפּן בעת זיין פּטירה... איז קא משמע לן, אַז ער איז געווען אַ צדיק גמור, ושלום על ישׂראל..."

די פאַרנאַכטיקע שאָטנס האָבן זיך דערווייל אָנגערוקט. אין הימל האָבן זיך אָנגעהויבן אָנצינדן שטערן און דער עולם יידן איז אַריין אין שול דאַווענען מעריב.

אין שול איז שוין גאָר פינצטער געווען. אין חושך האָט זיך שטיל און טרויעריק געגאָסן דער ניגון פון מעריב, וואָס פירט מקודש לחול. דער ניגון האָט זיך אַריינגעגאָסן אין דווידקעס נשמה. ער האָט זיך געשטעלט

אין אַ ווינקל און געדאַווּנט מיט גרויס כּוונה, געפילט האָט ער ווי אַ שווערע וואָג וואָלט זיך פון אים אַראָפּגעקייקלט.

יאָ, פיניע דער אַלטער האָט פאַר אים אָפּגעהוילט אַ סוד, וואָס איז פאַר אים ביז איצט געווען פאַרהוילן.

קינדערישע מוחלעך — טוט אַ בלאָז אַ פריש ווינטל, לאָזט אַרויס די זון אירע וואַרעמע שטראַלן, צעשווימט זיך די מרה שחורה. אמת, שטימונגען פאַרהוילן זיך אין האַרצן, אָבער ערשט שפּעטער, אויף דער עלטער רופן זיי זיך אָפּ. אָבער די עלטער איז דאָך ווייט, ווייט, איז ווער וויל עס טראַכטן וועגן איר? און ווער בכלל קען זי פאַרשטיין?

מאָרגן, דינסטאָג, וועט זיין ראש חודש אייר, און היינט, מאָנטאָג, ערב דעם טאָג ווען מע דאַרף גיין צוריק אין חדר, האָבן זיך די קינדער פאַרקליבן אין פעלד. צוזאַמענגעקומען זענען זיי זיך צו געזעגענען זיך מיטן לעצטן טאָג פון בין הזמנים.

דאָס מאָל וועלן אין חדר צוקומען צוויי נייע תּלמידים: דווידקע און משהלע. צוזאַמענגענומען האָט זיך די חבורותא אין צוויי קליינע לוסטיקע עדהס: די גמרא־יונגען זיינען די פירערס און דאָס קליינוואַרג פאָלגט זיי נאָך. און צעשפּרייט האָבן זיך די קינדער צווישן דיביימער פונעם סאָסנאָוון וועלדל, און ווייט אָפּגעקלונגען האָבן די עכאָס פון זייערע לוסטיקע קולות.

משהלען קלעמט דאָס האַרץ מער פון אַלעמען. אין חדר וועט ער זיין דער עלטסטער, און ס׳וועט אים ניט זיין אָנגענעם צו זיצן אין איין כּיתה מיט קינדער וואָס זיינען אַ סך קלענער און יינגער פון אים. אמת, אין חדר זיינען דאָ נאָך גרויסע יונגען, אָבער זיי זיינען שוין גמרא־יונגען און זיי וועלן קוקן מיט בזיון אויף אים. דעם אמת געזאָגט, ציט אים בכלל ניט צו גיין אין חדר, ס׳איז אים דערווידער צו זיצן איינגעשפּאַרט אין די לאַנגע זומערדיקע טעג אין חדר און לערנען זאַכן וואָס, ווי אים דוכט זיך, זיינען אין גאַנצן איבעריק. ווען ס׳וואָלט איצט געגאַנגען צו ווינטער צו, וואָלט ער געווען פריי פון צו גיין אין חדר, מחמת ר׳ יחזקאל וואָלט אים געקענט נעמען צו זיך אין זיין וואַלד־געשעפט און אים דאָרט באַשעפטיקן. אָבער איצט, זומערצייט, איז אין וואַלד קיין מלאכה ניט פאַראַן, — שיקט מען אים אין חדר אויסצולערנען זיך אַ ביסל לייענען און שרייבן און, דער עיקר, חשבונען, און — „אַריינכאַפּן אויך אַ יידיש וואָרט״, אַזוי ווי ער האָט זיך אונטערגעהערט וואָס ר׳ יחזקאל

האָט געזאָגט צו מלכּהן. אָבער, מילא, אין וואַלד וואָלט ער זייער גערן געגאַנ־גען, אָבער אין חדר...

משהלע גיט אַכטונג אויף די טונקלגרינע סאָסנעס און יאָלקעס, הינטער וועלכע עס פאַרשפּרייטן זיך ווייט און ברייט די קאָרנפעלדער און לאָנקעס און אים דערמאָנט זיך זיין קאָרבאַטשעווקע, ווו ער האָט קיין יאָכן ניט געהאַט, און אין די זומערטעג פלעגט ער אַוועקפאָרן מיט די פּויערים אין פעלד אַריין, געהאָלפן זיי אין זייערע פעלדאַרבעטן, אָדער געפּאַשעט זייערע פערד. אויך מאַלווינקע האָט זיך אים דערמאָנט, ווי ער פלעגט מיט איר חברן זיך בעת פעלדאַרבעטן, קלייבן שוועמלעך און יאַגעדעס, אין אָוונטן פונאַנדערלייגן פייערן, באַקן קאַרטאָפליעס — פריש אויסגעגראָבענע פון די דערבײַיקע בייטן... ס׳איז באמת געווען חי־געלעבט! און איצט?

און מיט זיין אומצופרידנקייט טיילט ער זיך מיט דווידקען:

„אונדזער לאָדקע איז שטענדיק געווען צוגעבונדן הינטערן מיל, און איך מיט מאַלווינקען פלעגן זיך אָפּגנבענען, אַריינזעצן זיך אין איר און אַוועק־שווימען. ווייסט דאָך, איך קען גוט רודערן, און מאַלווינקע האָט געקענט אַרויסהעלפן ווי עס באַדאַרף צו זיין. אַוועקשווימען פלעגן מיר ווייט, וואָס וויטער אַלץ בעסער. אַ מאָל האָבן מיר אויף די לאָנקעס פון ברעג טייך באַגעגנט נאָך בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן דאָרט געפּאַשעט זייערע פערד, און, אין איינעם מיט זיי פלעגן מיר זיך אויסטאָן הויל־נאַקעט און אַוועק באָדן זיך אין טייך, געיאָגט זיך ווער וועט שנעלער אַריבערשווימען פון איין ברעג טייך צום אַנדערן..."

„וואָס הייסט, דו און מאַלווינקע?..." האָט דווידקע פאַרחידושט גע־פרעגט. „אין איינעם האָט איר זיך געבאָדן? ייִנגלעך מיט מיידלעך?"

„יאָ," האָט משהלע געענטפערט, און באַלד פאַרכאַפּט זיך: „דאָס הייסט, מיר פלעגן זיך באַהאַלטן אין די קוסטעס, דאָרט אויסטאָן זיך, די ייִנגלעך באַזונדער און די מיידלעך באַזונדער. און אין טייך זעט מען דאָך ניט... קיינעם אַרט ניט צו שווימען צוזאַמען אין טייך..."

און משהלע האָט ווייטער דערציילט, ווי זיי זענען אַרומגעשוווּמען, דערנאָכדעם געשפּילט זיך „אין באַהעלטעניש" אין טייך און אין די קוסטעס אַרום דעם טייך, ווי מאַלווינקע פלעגט זיך באַהאַלטן אין די קוסטעס, און ער האָט זי אַרומגעזוכט. ווען ער פלעגט זי געפינען, פלעגן זיי ביידע אין

איינעם בלייבן זיצן צווישן די קוסטעס, טאַקע אין וואַסער. גוט געווען דאָרט צו זיצן אַזוי אַרומגענומענערהייט. ווען עמעצער האָט זיך צופעליק דער־נענט, האָבן זיי זיך טיפער באַהאַלטן אין וואַסער, און אין טיפן געמויזעכץ האָט זיי קיינער ניט געקענט געפינען...

„און ווי אַזוי האָסטו מאַלווינקען געקענט געפינען אין טיפן געמויזעכץ?..." האָט דווידקע ניט געקענט פאַרשטיין.

משהלע האָט זיך אויסגעלאַכט: „איך וואָלט זי טאַקע ניט געקענט געפינען, נאָר אַז זי האָט גענומען שאַלן ווי אַ קוקו־פויגל, האָב איך געוווּסט וווּהין נאָכצוגיין."

„באַזונדערס פריילעך זיינען געווען די זומערדיקע זונטאָג־טעג און אַנדערע חגאות. אַ סך האָבן געהאַט האַרמאָשקעס און אויף זיי געשפּילט, אַ סך האָבן פויקן געהאַט און אויף זיי געפויקט אין טאַקט. מיר אַלע האָבן געטאַנצט..."

גערייצט האָט משהלע דווידקעס פאַנטאַזיע מיט זיינע מעשׂיות. אויך האָט ער סודות אַנטפּלעקט: גלוסטיקע, אומפאַרשטענדלעכע, נייגעריקע, רייצנדיקע... איין מאָל איז ער געווען אין וואַלד מיט מאַלווינקען. זיי האָבן געהאַט צוויי קאָרבן: איינער פאַר יאַגעדעס און דער אַנדערער פאַר שוועמ־לעך. פּלוצעם זיינען זיי אָנגעקומען אויף באַריסן מיט פּאַנאַסיען. מאַלווינקע און ער האָבן זיך באַהאַלטן הינטער אַ בוים און זיי האָבן אַלץ געזען. און דערציילן האָט ער דערציילט די פּרטים ווי און וואָס זיי האָבן געזען. שפּעטער האָט ער זיך אויך געבעטן ביי מאַלווינקען ווי גוט דאָס איז אַזוי צו טאָן. צו ערשט האָט זי זיך געראַנגלט, אָבער סוף כּל סוף האָט זי זיך אונטער־געגעבן...

„נו, עפּעס גוט?..." און ער ציטערט, דווידקע.

„גוט... אָבער זי האָט ניט געלאָזט קיין סך... ס'האָט איר ווי געטאָן..."

פאַר וואָס? ווייסט ער ניט. אפשר דערפאַר וואָס זי איז נאָך צו יונג געווען.

ס'האָט זיך פאַרבענקט נאָך יענעם לוסטיקן לעבן: שפּילן זיך אין טייך, שפּילן אין באַהעלטענישן דאָרט מיט מאַלווינקען, אַריינמישן זיך אין די קאַראַהאָדן פון די ייִנגלעך און מיידלעך, אויסגעפינען זייערע סודות.

געזעסן זיינען ביידע קינדער פאַרבענקט: משהלע נאָך זיין עבר, דווידקע

נאָך דעם אומבאַקאַנטן כּישוף. פֿאַראַן דאָך אין ערגעץ וועלטן, זיי זײַנען גאָר נאָענט, זיי רינגלען זיי ממש אַרום, זיי זײַנען גאָר ניט ווײַט, ממש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, און פֿאַרכּישופֿט זײַנען זיי, און דאָך ניט צוצו־טרעטן צו זיי. אַ נײַ לעבן, פֿול מיט חידושים, שײַנט מיט ווונדער — אָן דעם רבין, אָן קשיות, אָן דאגות, ניטאָ דאַרט קיין סודות, ניטאָ קיין מאַטער־נישן, מ׳טראַכט ניט פֿון אבלות, און מ׳איז צופֿרידן: מע בענקט ניט נאָך משיחן, ס׳איז אָן אים אויך גוט...

*

די קינדער האָבן דווידקען מיט משהלען אַרומגעזוכט און איבערגעריסן זייערע מחשבות. מ׳איז אַוועק טיפֿער אין וואַלד אַלע צוזאַמען.

אונטער אַ בוים איז געלעגן אַ האָז, אויסגעצויגן די פֿיסלעך, די לאַנגע אויערן אויפֿן רוקן פֿאַרלייגט און געמיטלעך געוואָרעמט זיך אונטער דער זון. משהלע איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אים דערזען. „שאַ!" האָט ער צו די קינדער אויסגערופֿן און זיי אַלעמען אָפּגעשטעלט ניט צו שטעלן נאָך אַ טראָט. אַליין האָט ער אויפֿגעהויבן אַ שטיין און אָנגעהויבן שטעלן שטילע טריט זיך צו דערנעענטערן צום האָז. ווען ער איז צו אים צוגעקומען גאָר נאָענט, האָט ער האַסטיק אויף אים אַ שליידער געטאָן דעם שטיין. ער האָט אים געטראָפֿן אָבער ניט דערהרגעט. דער האָז האָט אַ שפּרונג געטאָן, און זייענדיק קאַסע, ווי האָזן זײַנען געוויינטלעך, האָט ער ניט זעענדיק פֿאָרויס, זיך אַ לאָז געטאָן לויפֿן גלײַך צו די קינדער.

„כאַפּט אים! כאַפּט אים!" האָט משהלע אויסגעשריִען. „איך האָב אים געטראָפֿן. ער שפּרינגט נאָר אויף דרײַ פֿיס!..." אַליין האָט ער זיך אַוועק־געלאָזט אָנטקעגן האָז און איז אַ פֿאַל געטאָן אויף אים ווען דער האָז האָט זיך צו אים דערנעענט. די איבעריקע קינדער האָבן זיך אָבער איבערגעשראָקן און זיך צעוואָרפֿן אין אַלע זײַטן, אויסצומײַדן דעם פֿאַרוווּנדעטן האָז. דער האָז האָט זיך אַרויסגעדרייט פֿון אונטער משהלעס הענט, אַריבערגעשפּרונגען אַריבער יאָסעלען, וועלכער איז געפֿאַלן פֿאַר פּחד, און איז אַנטלאָפֿן אין טיפֿן גראָז.

„האַטו! האַטו! האַלט אים!" האָט משהלע געשריִען מיט אַ געוואַלדיקן אויסגעשריי, און האָט ניט אויפֿגעהערט נאָכלויפֿן דעם האָז. אָבער דער האָז

איז שוין געווען ווייט אַוועק און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן צווישן די קוסטעס און די געדיכטע פאַרוואַקסענע בעריאָזקעס.

משהלע איז אַריין אין אַ טיפן גרימצאָרן אויף אַלע קינדער: „פערד זענט איר, ציגן און ניט ייִנגלעך!" האָט ער זיך אויף זיי צעשריִען. „פון אונטער די הענט האָט איר אים אַרויסגעלאָזט... מורא געהאַט... פאַר אַ האָז אַפילו האָט איר מורא, אַזעלכע פּחדנים, איינס און צוויי וואָלט מען אים געקענט כאַפּן. אויף דריי פיס איז ער געווען... און דו, פאַר וואָס האָסטו אים ניט געכאַפּט?..." האָט ער זיך צו יאָסלען געווענדט.

„פאַר וואָס האָב איך אים געזאָלט כאַפּן?" האָט יאָסל זיך פאַרטיידיקט. „ער האָט מיר קיין שלעכטס ניט געטאָן. אַ חוץ דעם האָב איך מורא געהאַט, ער וואָלט זיך געראַנגלט און וואָלט געקענט מיר אַ ביס טאָן..."

„אַ ביס טאָן"... האָט אים משהלע איבערגעקרימט. „וועסט שוין באַלד מורא האָבן פאַר דיין אייגענעם שאָטן..."

דווידקע האָט דערזען בלוט אויף יאָסעלעס אַרבל. „אוי, יאָסעלע," האָט ער אויסגעשריִען, „בלוט, ביי דיר אויפן אַרבל..."

יאָסל האָט זיך דערשראָקן און אַלע קינדער זיינען צו אים צוגעקומען.

„זע, און ביי מיר אויך אויפן אַרבל..." האָט משהלע מיט גדולה אויסגערופן. „דאָס איז פון דעם האָז, פון זיין פוס... גיט אַ קוק, אָט זיינען נאָך טראָפּנס בלוט..." ער האָט אָנגעוויזן אויפן גראָז. „קומט, קינדער, מיר וועלן אים געפינען... מיר וועלן נאָכגיין די בלוט־צייכנס, וועלן מיר אים געפינען. אַ פאַרוווּנדעטער האָט ער ווייט ניט געקענט אַוועקגיין..."

„לאָז אָפּ, משהלע," האָט דווידקע אויסגערופן מיט אַ געבעט־געוויין, „אַ רחמנות..."

„אויפן האָז אַ רחמנות?..." האָט זיך משהלע פאַרוווּנדערט.

די קינדער זיינען געבליבן מיט דווידקען און משהלע איז אַוועק אַליין, אַ צאָרנדיקער.

„אַ היהלע... אַ לעבעדיקע באַשעפעניש... אויך אַ רחמנות..." האָט דווידקע געזאָגט. „וויל אויך לעבן, ס'טוט אים אויך ווי, ס'האָט אונדז קיין שלעכטס ניט געטאָן... מיר האָבן אים אַ פיסעלע צעקלאַפּט, פאַר וואָס?..."

# קאַפּיטל 18

פרילינגדיק אין דרויסן, ניט פריידיק־פרילינגדיק אינעווייניק אין חדר. דער ערשטער טאָג חדר, ניט פריידיק איז די קינדער אויפן האַרצן. חדר, ווידער חדר. דער זעלביקער אָמר אַביי און אָמר רבא. אָבער אין דרויסן בליִען די קאַרשנביימער, אין דרויסן וואַקסן גראָזן, וואַקסן בלומען. איידער וואָס־ווען, איידער די ביימער אין די סעדער האָבן זיך רעכט צעבליט, — ווידער אָמר רבא, און בית הלל אומרין וואָס? ווען? וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס צו די עפּלביימער וואָס בליִען אין אַלערליי פאַרבן מיט מחיהדיקע געדוכן?

און ווי אינעווייניק אין געמיט, אַזוי איז אויך געוואָרן אין דרויסן. דאָס וועטער, וואָס איז ערשט נעכטן געווען אַזוי זונענדיק שיין און וואַרעם, האָט זיך איבער נאַכט געביטן. עס איז גרוי, עס טריפן אָפטע טראָפּנס, מיט אַ מאָל אַ שטאַרקער רעגן, נאָך דעם ווערט ברודיק, גרוי און פייכט.

אַריינגעקומען דער רבי אין חדר. צאַרנדיק, אָן אַ באַגריסונג, אַ ברוגז־אויסדרוק אויפן פנים, אָן אַ שמייכל, פון דרויסן מיטגעבראַכט אַ שלעכט געמיט: אפשר פון קיין פרישטיק אַפילו ניט טועם געווען. ער האָט קודם כּל גענומען צעזעצן די קינדער אויף זייערע בייטיקע ערטער: אָפּטיילן די דרדקי־קינדער פון די חומש־רש״י־קינדער און פון די שוין בעלי־גמרא: דריי כּיתּות. און איידער וואָס און ווען האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער לימוד.

און ווי געוויינלעך, האָט זיך דער שווערער געמיט פון דעם רבין אָפּגע־רופן אויך אויף די תּלמידים און געדוכט האָט זיך אַז אַ סך טרויעריקער האָבן אָפּגעקלונגען די ניגונים פון זייערע לימודים. ניט מיט פרייד האָבן די קינדער באַגעגנט דעם ערשטן טאָג פון זיין אין חדר נאָך דעם לאַנגן פּסחדיקן אָפּרו־זמן, און ווי אַן אָפּרוף צו דעם אַלעמען איז אויך געווען דאָס וועטער אין דרויסן — אַ פאַרוואָלקנטער הימל מיט פון צייט צו צייט אַ דריבנעם רעגן, ווי ניט פרילינג וואָלט איצט געווען נאָר אָנהייב האַרבסט.

דווידקע האָט זיך אַוועקגעזעצט אין זיין אַלטן ווינקל, ביים פענצטער וואָס איז הינטער דעם אָרון־קודש, און זייענדיק צופרידן וואָס ער איז עטוואָס אָן אַ זייט פון דעם רבים ניט אָנגענעמע בליקן, האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אָן פענצטער, אויף וואָס ער האָט אַוועקגעלייגט די גמרא, און היות ער האָט

געוווסט די סוגיא פון דער גמרא אויף אויסנווייניק, האָט ער זיך געברומט אַ ניגון, כלומרשט ער לערנט, און אַרויסגעקוקט סתם אַזוי אין דרויסן.

אין אַזאַ וועטער קומען אויף דאָס ניי צו גאַסט טרויעריקע מחשבות. ר׳ יחיאל איז שוין געווען פאַרזונקען פון זיין געדאַנק, און איצטער איז ער ווידער דאָ. זיין בילד וואַרפט אויף אים אַלע מאָל אַ פחד. אָבער ביז איצט איז ער אַלע מאָל געווען פריי, האָט זיך געקענט באַוועגן צו פאַרמינערן זיין פחד, בעת איצט דאַרף ער מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער האָט קיין אַנדער זאַך ניט אין זינען, אַחוץ דער סוגיא פון דער גמרא. ער הייבט אָן אַריינקוקן אין דער גמרא, אָבער די אַלע חידושים רופן ביי אים ניט אַרויס קיין שאלות און קיין איפכא מסתברא, ס׳איז אַזוי אַלט און אומעטיק, פאַרענטפערט ניט קיין שאלות און ברענגט ניט קיין לייטערונג צום געמיט.

אָבער עטוואָס אַנדערש האָט דווידקען באַלד מבולבל געמאַכט. פונקט קעגן דעם פענצטער ווו ער איז געזעסן, איז איבער דעם שמאָלן געסל אַנטקעגן איבער געווען דאָס פענצטער פון טראַכימס הויז. דאָס פענצטער איז דאָרט אָפן און אַלץ קען מען זען וואָס דאָרט טוט זיך.

און טראַכים האָט אַ טאָכטער, אַ שיינקייט, אַ שיקסל פון אַ יאָר זעכצן, מיט בלאָנדע געקרייזלטע האָר, אָבער תמעוואטע אויגן. זאָגן זאָגט מען, אַז זי איז ניט קיין פולע בת־דעת. אָבער מאַלע וואָס מע רעדט: באַווייזן באַווייזט זי זיך אין ערגעץ ניט, און קיינער פירט מיט איר קיין שמועסן ניט. בחורים מיידט זי אויס און מיט מיידלעך חברט זי זיך ניט. איצט זיצט זי ביי איר פענצטער, פונקט אַנטקעגן דעם פענצטער ווו דווידקע זיצט. זי האָט פונאַנדערגעשפיליעט איר העמד, אויסגעטאָן זי אויף איין אַרבל, און גענומען זוכן דאָרט עפעס. מן הסתם האָט איר עטוואָס געביסן...

און דערזען האָט דווידקע אַ נאַקעטע האַנט, צעלאָזטע האָר אויפן קאָפּ און איין אָפּגעדעקט ברוסטל.

אַ מאָל וואָלט ער זיך פון דעם אָפּגעקערט, ניט געקוקט אויף דעם. איצט אָבער האָט ער צו דעם צוגעהעפט זיינע אויגן. ער האָט דערפילט תאווה. איצט ווייסט ער שוין וואָס תאווה איז...

ער האָט זיך צוגעשפּאַרט נעענטער צום פענצטער, צוגעשפּאַרט דעם שטערן צו דער שויב, בעסער אָנצוקוקן.

און דאָס מיידל שפּילט זיך מיט די ברוסטן, האָט אויף די צווייטע ברוסט

אַרויסגענומען פון אונטערן העמד, און פּאַטשט זיי איינע אָן דאָס אַנדערע, ווי זי וואָלט זיך גערייצט מיט אים.

דווידקען האָט אַזש דער אָטעם פאַרכאַפּט.

דאָס מיידל האָט אָבער באַלד אָפּגעטראָטן פונעם פענצטער און איז נעלם געוואָרן.

אָבער פאַר דווידקען איז עס גענוג געווען. ער האָט שוין אַלץ געזען. אים איז שוין באַקאַנט. ער האָט אויך דעם רייץ דערפילט און דעם סוד דערגאַנגען.

ביז איצט האָט ער אַ סך מאָל געזען ווי פרויען שפּייזן זייערע קינדער מיט זייערע ברוסטן, אָבער ער האָט אויף דעם ניט אַכטונג געגעבן. איצט אָבער האָט ער דאָס געזען גאָר אַנדערש.

אויפן זינען זיינען אים געקומען משהלעס געשיכטעס מכּוח מאַלווינקען און אַנדערע בחורים און מיידלעך, און ער האָט זיי מקנא געווען. אָה, ווי ער וואָלט געוואָלט זיין דאָרט אויף זייער אָרט!

און בושה? וואָלט ער זיך ניט געשעמט? ער טראַכט ניט מכּוח דעם.

מאַלווינקע. ער האָט זי קיין מאָל ניט געזען, אָבער אָט שטעלט זי זיך אים פאָר: לאַנגע, גאָלדענע האָר... אַ פּאָר פּוכקע אויפגעהויבענע בריסטלעך גלאַנצן אַרויס פון אונטער איר העמד... און ווייטער? יענעם סוד איז ער נאָך ניט דערגאַנגען, אָבער משהלע האָט גענוג דערציילט, ער שטעלט זיך פאָר...

מקנא איז ער משהלען... ער מיט מאַלווינקען אין טייך... אין געמויזעכץ... ער אַליין וואָלט דאָס ניט געקענט טאָן... אָבער משהלע?...

*

כאַטשע (אין יידיש איז דער נאָמען יחזקאל פאַרצויגן אויף כאַטשע. נאָר אינטימע מענטשן און נאָענטע קרובים באַנוצן זיך מיטן נאָמען כאַטשע במקום יחזקאל). כאַטשע, הייסט עס, איז געקומען צו פאָרן פון שטאָט, פון קריאַנאָוו, און האָט מלכּהן אָנגעזאָגט די בשׂורה: „איך האָב געבראַכט אַ בריוו פון אָדעס".

„פון אָדעס? פון דוואָשען?" — האָט זיך מלכּה דערפרייט. „וואָס שרייבט זי?"

„נאָ, לייען!״ און כאַטשע האָט פונאַנדערגעשפּילעט זיין מאַנטל, אַרויס־גענומען פון בוזעם־קעשענע אַ פּאַק פאַרשיידענע פּאַפּירן און פון צווישן זיי אויסגעפונען דעם בריוו. מלכּה האָט אים האַסטיק אַרויסגענומען פון זיין האַנט, צוגעגאַנגען נעענטער צום ליכט פונעם לאָמפּ און עס גענומען לייענען פאַר זיך.

„זי שרייבט, אַז זי קומט צו פאָרן!״ האָט זי מיט פרייד אויסגערופן צו איר מאַן. „זי, מיט רבקהן קומען אַהער אויף דאַטשע אויפן גאַנצן זומער. דער דאָקטער האָט געהייסן... נאָך פאַר שבועות וועט זי דאָ זיין...״

„ווער קומט, מאַמע?״ איז דווידקע צו איר צוגעקומען.

„די מומע דוואָשע. געדענקסטו זי?״

דווידקע געדענקט זי ניט. ער ווייסט אָבער ווער זי איז. איר נאָמען האָט ער אָפט געהערט ווי ער ווערט דערמאָנט. אַפילו זיין מאַמע, איר לייב־לעכע שוועסטער, זאָגט אַ מאָל, אַז ווען זי באַגעגנט זי פּלוצעם אין גאַס, וואָלט זי זי אפשר ניט דערקענט. שוין אַריבער צען יאָר ניט געזען זיך. דעמאָלט איז זי נאָך געווען אין קאַמאַרינקע. איר רבקהלע איז נאָך קיין דריי יאָר ניט אַלט געווען. איצט שוין, מן הסתם אַ דערוואַקסענע מיידל. מיט אַ יאָר יינגער פון דווידקען איז זי. אוי, ווי די צייט פליט...

אין איר בריוו שרייבט דוואָשע מכּוח רבקהן אַ היפּש ביסל. נאָך פאַר צוויי יאָרן האָט זי זי געוואָלט אַריינגעבן אין גימנאַזיע. זיינען די פּראָפעסאָרן שונאי־ציון, האָבן זיי זי ניט אַריינגענומען, הגם זי האָט דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטן בעסער פון די גוייִשע קינדער. דערפאַר האָט זי פאַר אַ יאָרן אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען מיט צוויי קלאַסן העכער און, באין ברירה, האָבן זיי זי געמוזט אַריינעמען אין גימנאַזיע. האָט זיך פון דער רעה אויסגעלאָזט אַ טובה — זי איז מיט צוויי קלאַסן העכער. לעצטנס האָט זי זיך שטאַרק גענומען צום פידל... מ׳קען זיי גאָר ניט פונאַנדערשיידן. איינגעגעבן זיך אין איר טאַטן דעם מוזיק־שרייבער און שפּילער. זי נעמט לעקציעס פון אַ מוזיק־פּראָפעסאָר און ער איז פול מיט התפּעלות וועגן איר. זי האָט אָבער צו פיל געאַרבעט פאַר די לעצטע צייט. אי גימנאַזיע, אי מוזיק — צו פיל! זי מוז זיך אָפּרוען אויף פרישער לופט, טרינקען מילך, עסן פרישע גרינסן פון גאָרטן. האָבן זיי באַשלאָסן צו קומען קיין קאַמאַרינקע אויפן גאַנצן זומער.

ווייטער שרייבט דוואָשע אַז מ׳זאָל זיך ניט זאָרגן וועגן דעם פּאָגראָם.

וואָס איז געווען אין אָדעס. זיי זיינען אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק. די ייִדישע „אָכראַנע" (זעלבשוץ) האָט די כוליגאַנעס צעטריבן נאָך איידער זיי זיינען צוגעקומען צו זייער גאַס. אָבער אַ סך פאַרווונדעטע, עטלעכע טויט. מ'ווייסט נאָך ניט וויפל...

„ווידער אַ פּאָגראָם געווען אין אָדעס?" האָט מלכּה אויסגערופן דער־שראָקן.

„יאָ," האָט כאַטשע געענטפערט. „דעם ערשטן טאָג חול המועד. איך האָב היינט אין קריאַנאַוו זיך דערוווּסט מכּוח דעם. די „בלעטער" (צייטונגען) זיינען פול מיט די רציחות וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן. וועגן דער צאָל פון ייִדישע קרבנות ווייסט מען נאָך ניט, אַ סך זיינען צעמזיקט געוואָרן. רויב אָן אַ שיעור. ייִדישע זעלבשוץ האָט געראַטעוועט. אַ סך פּאָגראָמשטשיקעס זיינען צעמזיקט געוואָרן, אָבער אַ סך ייִדיש האָב־און־גוטס איז צערויבט און צעפּלינדערט געוואָרן. מ'בעט מ'זאָל שיקן נדבות. איך האָב מיינס אַוועקגעשיקט, וויפל איך האָב ביי זיך געהאַט. וואָס זאָל מען טאָן? מיר זיינען פאָרט אין גלות..."

ר' יחזקאל האָט אַ קרעכץ געטאָן און געבליבן שווייגן. פון מלכּהס אויגן האָבן זיך געגומען גיסן טרערן, אָבער קיין קול האָט זי ניט אַרויסגעלאָזט. קענטיק אין זיך דערשטיקט. דווידקע האָט געקוקט פאַרווונדערט, דערשראָקן. נאָך אַ קורצן שווייגן האָט יחזקאל געזאָגט: „איך האָב נאָך היינט ניט געגעסן... גאָר ניט הונגעריק געווען, ניט געקענט עסן. כ'וואָלט אָבער איצט פאָרט געוואָלט עטוואָס נעמען אין מויל אַריין."

מלכּה איז אויף דער גיך אַוועק אין קיך צוצוגרייטן דאָס עסן. דווידקע איז צוגעטראָטן צו זיין טאַטן.

„פאַר וואָס האָבן די גויִים געמאַכט דעם פּאָגראָם? וואָס האָבן זיי צו די ייִדן?"

אָבער ר' יחזקאל האָט שוין אַרויסגענומען פּאַפּירן פון זיינע קעשענעס, זיי פונאַנדערגעלייגט אויפן טיש, זיי באַטראַכט. האָט ער זיך צו דווידקעס פראַגע ניט צוגעהערט. דווידקע האָט די פראַגע איבערגעפרעגט, האָט אים זיין טאַטע געענטפערט:

„פאַר וואָס?... וואָס שייך פאַר וואָס?... זיי זיינען גויִים און מיר זיינען ביי זיי אין גלות... ס'ברענט אין דעם גוי די רציחה, שלאָגט ער... ער וויל

רויבן, שיכּורט ער זיך אָן, טוט עס בכּיוון, לכתחילה, און גייט שלאָגן, רויבן, הרגענען...״

דווידקע האָט דערקענט אַז זיין טאַטן איז איצט זייער ביטער אויפן האַרצן. איז ער פון אים אָפּגעטראָטן און האָט מער גאָרניט געפרעגט.

*

אָנגעפילט מיט אומעט האָבן זיך פּאָר משהלען געצויגן די טעג אין חדר. ער האָט געדאַרפט זיצן אין איין כּיתּה מיט די גאָר קליינע קינדער, ווייל אויך ער האָט געדאַרפט אָנהייבן לערנען פון אלף־בית, סיי צו קענען זאָגן „עברי״ און סיי צו לערנען זיך שרייבן, און דאָס איז אים ניט אָנגעשטאַנען. און ווען ער האָט זיך געוואָלט דערנעענטערן צו די גרעסערע יינגלעך, צו די „גמרא־יינגלעך״ האָבן זיי אים מבזה געווען. און דאָס לערנען בכלל גייט אים ניט אָן. ס׳איז ממש ניט צו דערליידן צו זיצן טאָג־איין און טאָג־אויס און איבערחזרן דעם זעלביקן „ויאמר״ — און ער האָט געזאָגט, און „וידבר״ — ער האָט גערעדט, און דערביי אָנקוקן די טונקעלע ווענט פונעם חדר און די פינצטערע, ניט געוואַשענע פענצטער, וואָס זיינען אָפּט מאָל געווען פאַרצויגן מיט שפּינוועבס.

ער האָט שוין אַ סך מאָל געקליבן זיך צו בעטן ר׳ יחזקאל אַרויסצונעמען אים פון חדר און צו געבן אים עפּעס אַ מלאכה צו טאָן אין זיינע וואַלד־געשעפטן. אָבער ער האָט קיין מוט ניט געהאַט דאָס צו טאָן. ער ווייסט אַז ר׳ יחזקאל וויל, אַז ער, משהלע, זאָל כאָטש קענען דאַווענען און, ווען נייטיק, צו קענען עפּעס פאַרצייכענען.

פאַרקוקט ער זיך אַ מאָל אויף דעם זונפאַס, וואָס שפּאַלט זיך אַריין אין צימער דורכן פענצטער און ער ווערט אַוועקגעצויגן, אַוועקגערופן מיט אים צום דרויסן. עס ציט אים צו דער פרייהייט פון דעם דרויסן, צו דער ברייט־קייט פון די פעלדער, די אָנגענעמקייט פון די לאָנקעס, ווו די פייגל צוויש־טשען זייערע ניגונים און טייכלעך פליסן מיט זייער געמורמל.

ס׳בענקט זיך אים — אוי, ווי ס׳בענקט זיך אים! — נאָך קאַרבאַ־טשעווקע! דאָרט אַרומקלעטערן אַרום דעם מיל, שיפן זיך איבערן טייך, פאָרן דורך די נעכט צו פיטערן די פערד („פאָרן אויף נאָטשלעג״), באָדן זיך אין טייך.

און באַזונדערס: מאַלווינקע!

אַ מאָל פאַרגעסט ער אָן איר אין גאַנצן, און אַ מאָל צעברענט זיך גרויס, ממש ווייטיקלעך, די בענקשאַפט נאָך איר, צו זען זי, אַ קוק טאָן אויף איר, אַרומנעמען זי, רעדן צו איר. אין איר, און נאָר אין איר, פילט ער, וואָלט ער געפונען טרייסט. ווו איז זי איצט? וואָס טוט זי? געדענקט זי נאָך אים? און אפשר האָט זי וואָלאָדיע איבערגערעדט? און אויב ניט וואָלאָדיע, איז אפשר אַן אַנדערער?

אַנומלט האָט ער זיך געטראָפן מיט יעהאָרן פון קאַרבאַטשעווקע. יעהאָר איז פאַרבייגעפאָרן קאַמאַרינקע און האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן דער קרעטש־מע. משהלע האָט זיך מיט אים דערפרייט און זיך ביי אים פונאַנדערגעפרעגט וועגן קאַרבאַטשעווקע. דאָרט האָט זיך כמעט גאָרנישט געענדערט. ניט מער וואָס פיליפּ האָט חתונה געהאַט און זיין ווייב וועט שוין באַלד האָבן אַ קינד; אויך האָט אָפּגעברענט יערמאָלאַס שייער און איצט בויט ער אַן אַנדער שייער, אָבער אויף דער אַנדער זייט דאָרף, לעבן טייך; פיליפּ האָט זיך צעקלאַפּט אַ פוס און דערפאַר האָט מען אים ניט גענומען אין דער אַרמיי; סערגעי האָט אַזוי שטאַרק צעשלאָגן זיין ווייב, אַז זי האָט מען אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל, און אים האָט מען אַרעסטירט. יאָ, אַזוי איז קיין נייעס ניטאָ, אַחוץ וואָס כריטאָן איז געשטאָרבן. מ׳זאָגט: זיין ווייבס ליבהאָבער האָט אים פאַרסמט, אָבער מאַלע וואָס מ׳רעדט... אָ, יאָ, די מיל... ס׳איז דאָך אַ מאָל געווען דיין טאַטנס מיל... יאָ, זי שטייט נאָך. אַן אַנדער ייִד האָט זי איבער־גענומען. מאַלווינקעס טאַטע, באַריס, אַרבעט נאָך אַלץ דאָרטן. קיין אַנדערער וואָלט דאָרט ניט געקענט אַרבעטן. קיינער, אַזוי ווי ער, ווייסט ניט ווי צו באַגיין זיך מיט דער מיל.

מכוח מאַלווינקען גופא האָט משהלע ניט געפרעגט. דאָס האַרץ האָט ניט דערלאָזט...

פון די גמרא־ייִנגלעך האָט נאָר דווידקע געהאַלטן פריינדשאַפט מיט אים, און ווי נאָר אַ פרייע צייט האָט אים משהלע נאָכגעצויגן נאָך זיך און זיי פלעגן אַוועק אין פעלד, צוגעקוקט זיך ווי מ׳אַקערט און מ׳זייט. אַקערן האָט משהלע אויך געקענט, און ער פלעגט זיך אַפּט מאָל איינבעטן ביי די פּויערים איבערצוגעבן אים די סאָכע אויף אַ ווײַלע און ער האָט מיט שטאָלץ דורכגעאַקערט אַ פּאָר בייטן. אַזוי אַרום, און טאַקע דורך דעם, האָט ער זיך באַקענט מיט טריכאָנס יונג מיידל, אָדער „שיקסל", ווי דווידל

האָט זי אָנגערופן, — כרוזקע האָט זי געהייסן. טריכאָן האָט זיך ביי טאָג צוגעלייגט שלאָפן אונטערן וואָגן, זיינע פערד האָבן זיך דערווייל געפיטערט, און כרוזקע האָט דערביי אויף זיי אַכטונג געגעבן.

משהלע מיט דווידקען זיינען צו איר צוגעקומען.

„אַ גוטן טאָג," האָט זי משהלע באַגריסט.

זי האָט זיך פאַרשעמט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און די אויגן און קוים וואָס געענטפערט אויף דער באַגריסונג.

„ביסטו דאָ איינע אַליין?" האָט איר משהלע געפרעגט.

„מיין טאַטע איז דאָ," האָט זי געענטפערט. „ער האָט זיך צוגעלייגט אַ ביסל איינצודרימלען, ביז וואַנען ניקיפאָר וועט ברענגען די גריקע וואָס מיר וועלן היינט פאַרזייען."

ניקיפאָר איז געווען איר ברודער.

כרוזקע איז געווען זומערדיק געקליידט, ניט צו פיל קליידער אויפן לייב: ניט מער ווי אַן איינציק לייזונט העמד. ס'איז אָבער געווען אַ שיין העמד, מיט אַן אויסגענייטן קאָלנער און לאַנגע אַרבל, פאַרשפיליעט ביים האַלדז מיט בלויז איין קנעפּל, וואָס דורך דעם האָבן אירע בריסט אויסגעזען ווי נאַקעט. דאָס, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אונטערקלייד, איז געווען אָנגעטאָן איבערן העמד פון אויבן. אַחוץ דעם ניט מער ווי אַ פאַרטעך מיט אַ רויט טיכל איבערן קאָפּ. די פיס זיינע געווען באָרוועס.

דווידקע האָט זיך אַוועקגעשטעלט אָן אַ זייט און געמאָסטן מיט די אויגן איר גאַנצן קערפּער. איינער פון אירע פיס איז געווען אַנטבלויזט ביז אירע קני און איר אָפענע ברוסט האָט ביי אים אַרויסגערופן אַ געפיל פון שעמעוודיקייט.

משהלע האָט זיך לעבן איר אַוועקגעשטעלט.

„דו ביסט אַ שיין מיידל, כרוזקע."

זי האָט זיך פאַררויטלט.

„ווי אַלט ביסטו?"

„קאַלידעס געוואָרן דרייצן יאָר."

„איך בין אַלט געוואָרן פופצן יאָר... ווען איך וואָלט געווען אַ „מוזשיק" (דאָרפישער פויער) וואָלט איך געוואַרט נאָך דריי יאָר און צו דיר אין „סוויאַטעס" (צו שדכענען זיך) געקומען... וואָס זאָגסטו דערויף?..."

זי האָט זיך נאָך מער פאַרשעמט און האָט ניט געענטפערט.

ער האָט אָנגענומען דעם קאָלנער פון איר העמד.

„ווער האָט דאָס אויסגענייט?"

„איך אַליין," האָט זי געענטפערט.

„ביסט אַן אמתע בריה, כּרוזקע."

און ער האָט דעם קאָלנער ניט אָפּגעלאָזט, נאָר גערוקט די האַנט ווייטער צום בוזעם צו. זי האָט אים אָפּגעשטויסן. „טרעט אָפּ!" האָט זי מיט כּעס אויסגערופן.

ער האָט צוריקגעצויגן די האַנט און פאַרענטפערט זיך: „נאַרישע מיי־דעלע," האָט ער געזאָגט, „מיינסט, איך האָב עפּעס געמיינט? גאָט באַהיט! מער ניט, וואָס איך ווונדער זיך וואָס דו ביסט אַזאַ גרויסע בריה. אַלץ קענסטו טאָן." ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן, דערנאָך געפרעגט:

„אָט די פערד... זיינען דאָס דיינע?..."

„ניט מיינע... מיין טאַטנס..."

„ווער נעמט זיי ביי נאַכט אין וואַלד אויפן ,נאַטשליעג'?"

„אַ מאָל איך און אַ מאָל ניקיפאָר."

„און ווען ניקיפאָר פאָרט, ווו שלאָפסטו?"

„אין שטוב. ווו דען וועל איך שלאָפן?..."

„הער, וואָלסטו אפשר אַ מאָל געוואָלט אין אַן אָוונט, ווען דו שלאָפסט אין דער היים, אַרויסקומען אין דרויסן, און מיר וואָלטן געקאָנט זיצן אויף דער פריזבע אַ ביסל צו באַלאַלאַקען צוזאַמען?"

זי האָט ניט געענטפערט.

„קום אַרויס היינט אָוונט... גוט איז אין אָוונט אין דרויסן..."

„ניין."

„פאַר וואָס ניט?"

„מ'וועט דערזען, וועט מען לאַכן..."

„וועלן מיר זיצן באַהאַלטן, אַז קיינער זאָל ניט זען."

„איך אַליין וועל זיך אָבער שעמען..."

„פאַר וואָס זאָלסטו זיך שעמען?"

זי האָט ניט געענטפערט, ווייל איר טאַטע האָט זיך דערביי אויפגעכאַפּט פון שלאָף און האָט זי אַוועקגערופן.

גייענדיק צוריק אַהיים האָט דווידקע געפרעגט משהלען:

„מיינסטו, אַז זי וועט טאַקע קומען ביי נאַכט?...״

„דו פאַרלאָז זיך שוין אויף מיר,״ האָט משהלע שטאָלץ געענטפערט.

„אויף וואָס דאַרפסטו זי?״ האָט דווידקע נאַיוו געפרעגט.

„וואָס הייסט אויף וואָס?... אוי, ביסטו נאָך אַ נאַר... קום אויך!... וואָס אַרט עס מיך?... זאָלסט אָבער ניט זיין קיין פראַמאַך (טויגעניכטס)...״

זיי זיינען אַוועק אַהיים און אויפן וועג זיינען זיי זיך צונויפגעקומען מיט נאָך עטלעכע חדר־יינגלעך. פון דער אַנדער זייט גאַס זיינען זיי אַנטקעגן געקומען עטלעכע פויערישע בחורים און משהלע איז צו זיי צוגעקומען און מיט זיי אָנגעהויבן רעדן. גערעדט סתם אַזוי, געוואָלט פאַרפירן קענט־שאַפט און פריינדשאַפט מיט זיי. ס'האָט זיך אָבער ניט געלאָזט. די קאַמאַ־רינקער שקצים זיינען גאָר אַנדערש פון די קאַרבאַטשעווקער. צו ערשט האָבן זיי משהלען צו זיך צוגעלאָזט, און ווי נאָר ער איז פון זיי אָפּגעטראָטן, האָבן זיי אָנגעהויבן וואַרפן שטיינער אויף אים.

„וואָס איז דאָס?...״ האָט ער זיך פאַרוווּנדערט.

זיי האָבן אַ וואָרף געטאָן נאָך אַ שטיין און אים געטראָפן אין פוס. דאָס האָט אים אויפגערעגט.

„אַהאַ!״ האָט ער אויסגעשריִען. „אַזוי זענט איר? וועל איך שוין אייך באַווייזן ווער איך בין...״ ער האָט אויף שנעל צונויפגעקליבן עטלעכע שטיי־נער און אָנגעהויבן וואַרפן צוריק. איין שייגעץ האָט ער דערלאַנגט אין זייט, אַ צווייטן האָט ער אָנגעטראָפן אין האַנט, פון דעם דריטן האָט ער אַרונטער־געשליידערט דאָס היטל פון קאָפּ. צו וואַרפן שטיינער איז ער פלינק געווען. זעלטן ווען און ווּ ער האָט ניט געטראָפן. די שקצים האָבן גענומען אָפּטרעטן. ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן לויפן נאָך זיי, אָבער געכאַפּט האָט ער קיינעם ניט.

„וואַרט,״ האָט ער צו זיי געשריִען, „איך וועל אייך אַ מאָל פּאַקן, וועל איך זיך אָפּרעכענען מיט אייך...״

די איבעריקע ייִנגלעך זיינען געשטאַנען פון דער ווייטנס און האָבן זיך ניט געמישט, ניט דערפאַר וואָס זיי האָבן מורא געהאַט, נאָר זיי האָבן סתם ניט געוואָלט אָנהייבן עסקים מיט שקצים.

„פּחדנים זענט איר!״ האָט משהלע זיך אויף זיי צעבייזערט. „פאַר וואָס

זענט איר געשטאַנען פון דער ווייטנס ?... מיר וואָלטן זיי אַלעמען געקענט צעמזיקן !״

אין אָוונט זיינען משהלע מיט דווידקען צוזאַמען געגאַנגען פון שול, ווו זיי האָבן געדאַוונט מעריב.

„לאָמיר פאַרגיין זען אויב כרוזקע וואַרט אויף מיר אויף דער פריזבע,״ האָט משהלע פאָרגעשלאָגן.

כרוזקע איז דאָרט ניט געווען. זיי זיינען געשטאַנען אַ קורצע צייט און געוואַרט, אָבער זי האָט זיך ניט באַוויזן.

„נו, מילא...״ האָט משהלע נאָכגעגעבן. „אויב ניט היינט, איז מאָרגן. איכ׳ל זי נאָך טרעפן, זי וועט נאָך קומען.״

זיי זיינען אַוועק אַהיים. געשוויגן, גאָרניט גערעדט. משהלע איז אָבער קענטיק געווען אין אַ שלעכטער שטימונג. ביי וועטשערע האָט ער זייער ווייניק געגעסן, פרי געגאַנגען שלאָפן. אַפילו אויף מאָרגן, ווען ער איז אַריין אין חדר, האָט זיך אויף זיין פנים אָנגעזען די כמאַרנע שטימונג. אַוועק־געזעצט זיך ביי זיין ספר, אַריינגעקוקט אין די שורות, אָבער זיין פנים איז געווען פאַרביטערט.

„פאַר וואָס חזרסטו ניט די פרשה ?״ האָט זיך דער רבי צו אים געווענדט.

משהלע האָט אָנגעהויבן עטוואָס וויגן זיך איבערן חומש און שטיל געמורמלט עפּעס אונטער דער נאָז. דער רבי האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס זיינען געווען ניט די פסוקים פונעם חומש וואָס משהלע האָט געמורמלט, נאָר ס׳זיינען געווען קללות און זילזולים. אויף וועמען ? אויף וואָס ? אָבער ער האָט עס פאַרשוויגן. צוליב וואָס אָנהייבן זיך מיט אָט דעם עם־הארץ ? אַז ס׳איז גאָר אַ שייגעץ און אַ פּרא אָדם. גאָר ניט קיין ייִדיש קינד. אפשר גאָר אַ ממזר, ווער ווייסט ? ער האָט אַריינגעקוקט אין חומש וואָס משהלע האָט געהאַלטן און האָט אויסגעשריִען :

„דו האַלטסט דאָך דעם חומש אין גאַנצן פאַרקערט ! ס׳איז דאָך חילול השם ! וואָס ווילסטו טאָן ? אָנטאָן זיך אַ צלם אויפן האַלדז ?...״

דער רבי האָט זיך אַרומגעקוקט אויף די איבעריקע קינדער. אפשר וועט זיך ווער פון זיי אָפּרופן. אַלע האָבן געשוויגן. משהלע האָט אָבער זיין באַליידיקונג ניט געקענט פאַרשווייגן. „וואָס האָט איר געזאָגט ?״ האָט ער אויסגעשריִען צום רבין. „נו, פּרוּווט עס זאָגן נאָך אַ מאָל !...״

„וואָס מיינסטו, איך וועל זיך איבערשרעקן?"

„איך בין אויך ניט קיין שרעקעוודיקער..."

„און וואָס קענסטו טאָן, אַז דו ביסט ניט קיין שרעקעוודיקער?

„איר וואָלט שוין געזען..."

„בכן, וועל איך דיר נאָך עטוואָס בעסערס באַווייזן..." האָט דער רבי שוין מלא רציחה אויסגערופן, איז צוגעקומען צו אים מיטן קאַנטשיק אין האַנט און אים מיט האַסט אַראָפּגעלאָזט אויף זיין פּלייצע.

משהלע איז אויפגעשפּרונגען, האָט מיט איין האַסטיקער באַוועגונג אַרויסגעריסן דעם רימען פון רביס האַנט און פאַרמאָסטן זיך צו שמייסן דעם רבין אַליין, אָבער ער האָט זיך איינגעהאַלטן באַצייטנס און דעם רימען אַ וואָרף געטאָן אין אַ זייטיקן ווינקל.

„נו, איצט שמייסט!..." האָט ער אויסגעכריפּעט פאַר גרויס צאָרן.

דער רבי איז געבליבן שטיין נשתומם. אָפּצוטרעטן? האָט ער ניט געטאָרט פאַרלירן זיך אין די אויגן פון די איבעריקע קינדער. און צו גיין ווייטער מיט משהלען האָט ער מורא געהאַט: אַ געזונטער יונג — ווער ווייסט וואָס ער קען אויפטאָן. דער צאָרן האָט אָבער שוין קיין אָפּהאַלט ניט געהאַט אין אים. ער איז אַזש בלייך געוואָרן פאַר כּעס, פאַרשטשעמעט די ציין און אויסגערופן צו משהלען:

„גיי שוין און הייב אויף דעם רימען!"

„איר וועט לאַנג וואַרטן ביז איך וועל עס טאָן..." האָט אים משהלע געענטפערט.

„איך זאָג דיר, גיי בעסער! וועסט בעסער מאַכן!"

„און מיך אַרט ניט, אַז איר וועט זיך אַליין מטריח זיין."

„וועסט ערגער מאַכן!"

„וועלן מיר זען."

„זלמן, גיי הייב אויף דעם רימען!" האָט ער געהייסן אַן אַנדער ייִנגל.

זלמן האָט געפאָלגט. דער רבי האָט דעם רימען גלייך אַרומגענומען אַרום זיין האַנט, צוגעקומען צו משהלען און אים אָנגעהויבן שמייסן איבער וואָס נאָר ער האָט געטראָפן.

קענטיק אַז משהלע האָט זיך ניט געריכט, אַז דער רבי וועט האָבן מוט צו שלאָגן אים נאָך אַ מאָל, דערפאַר האָט ער לכתחילה זיך פאַרלוירן און

באַקומען עטלעכע שמיץ. קיין וויטיק האָט ער ניט געפילט, אָבער די באַליי־דיקונג אַליין אין געווען גרויס. איז ווי נאָר ער האָט דאָס באַגריפן, איז ער כּהרף־עין אַרויפגעשפּרונגען אויף דער באַנק, אָנגעכאַפּט דעם רביס האַנט און רעוועדיק ווי אַן אָקס, איינגעדריקט זיין האַנט אין וויטיק ווי מיט צוואַנגען. דער רבי האָט זיך אויף דעם ניט געריכט, און קענטיק דער וויטיק איז געווען זייער שאַרף, האָט דער רבי זיך אָנגעשטרענגט אַרויסצורייסן זיין האַנט פון קלעם. אָבער ס׳איז אים ניט געלונגען ביז משהלע אַליין האָט אים אָפּגעלאָזט און איז אויף דער גיך אַרויסגעלאָפן פונעם חדר.

אַ גאַנצן טאָג האָט אים קיינער אין ערגעץ ניט געזען און ערשט שפּעט ביי נאַכט איז ער צוריקגעקומען אַהיים.

„ווו ביסטו דאָס געווען אַ גאַנצן טאָג?" האָט אים מלכּה געפרעגט.

ער האָט ניט געענטפערט.

זי האָט אים אָנגעהויבן כּלומרשט מוסר זאָגן פאַר זיין אויפפירונג מיטן רבין.

„איר אויך?" האָט משהלע באַנומען געפרעגט. „ער מיינט, אַז היות איך בין אַ קיילעכדיקער יתום, בין איך הפקר און ער מעג מיך זידלען... ,אַנטאָן מיר אַ צלם אויפן האַלדז׳ האָט ער געזאָגט... פאַר וואָס? וואָס פאַר אַ שלעכטס האָב איך אים געטאָן? אַז ס׳איז ניטאָ ווער עס זאָל זיך אָננעמען פאַר מיר, טו איך עס אַליין."

מלכּהן האָט פאַרקלעמט דאָס האַרץ, און זי האָט אים מקרב געווען, אים געטרייסט, אים דערלאַנגט גוטע מאכלים, וואָס זי האָט געוווּסט אַז ער האָט ליב.

מלכּה, טאַקע יאָ, אָבער טאַטע־מאַמעס פון די איבעריקע קינדער אין חדר האָבן די געשעעניש אַנדערש באַנומען, און זיי האָבן שטרענג פאַרזאָגט זייערע קינדער מער ניט צו חברן זיך מיט משהלען. איז משהלע געבליבן אין גאַנצן עלנט, אָן חברים און אָן מיט וועמען צו שפּילן זיך. אַלע האָבן אים אויסגעמיטן. דער רבי, אַוודאי און אַוודאי. איין דווידקע איז פאַרבליבן זיין איינציקער פריינד.

✱

דער פרילינג איז שוין געשטאַנען אין זיין סאַמע בליצייט. צעגרינט האָבן זיך פעלדער, צעבליט די פרוכטביימער, צעפאַרבט די פעלדבלומען.

דווידקע איז אַליין פון חדר געגאַנגען. היינט איז ער בר־מיצווה געוואָרן און האָט זיך געפילט זייער דערהויבן. שבת וועט מען אים אין שול געבן מפטיר און ער איז שטאָלץ ביי זיך אין האַרצן, מחמת ער איז ביי זיך זיכער, אַז ער וועט באַוווּנדערט ווערן. אַפילו אַ דרשה וועט ער האַלטן און ער קען זי שוין אויף אויסנווייניק. האָט ער זיך צופרידענערהייט אונטערגעברומט אַ גמרא־ניגונדל, און פאַרבייגייענדיק האָט אויך אין זיין זכרון געשוועבט זיין היינטיקער שיעור פון דער גמרא, מכּוח דעם תּנור עכנאי, צוליב וואָס ביי די תּנאים איז אויסגעבראָכן אַזאַ שאַרפע פּלוגתּא. געטראַכט האָט ער אַז אַפילו די תּנאים זיינען אַ מאָל געווען צו גרויסע קנאים, אויך זיי האָבן קיין מאָל ניט געקענט דורכקומען צווישן זיך; און אַזעלכע עקשנים זיינען זיי געווען, אַז אַפילו פאַר אַ בת־קול האָבן זיי זיך ניט אָפּגעשראָקן און אַפילו גאָט, כּביכול, האָבן זיי באַזיגט.

אַ מאָדנע, מאָדנע וועלט. גאָט האָט זי באַשאַפן, און ער איז איר הערשער, פון דעסטוועגן האָט ער איבער איר קיין שליטה ניט. טאַקע אָט דער תּנור של עכנאי. על־פּי־דין איז דאָך דער אויוון טאַקע טמא, און טאָמער וועט אים עמעצער באַנוצן, וועט ער האָבן געזינדיקט אַנטקעגן גאָט, הגם גאָטס מיינונג איז אַז ער איז ריין פון זינד... הייסט דאָך, אַז ס׳קען טרעפן, אַז מענטשן זאָלן טאָן גאָטס באַראָט און פאָרט זינדיקן. בכן, פאַר וואָס זאָל ניט מעגלעך זיין, אַז מענטשן זאָלן טאָן קעגן גאָטס ווילן און דאָך פאַרבלייבן צדיקים? אָט איז דאָך מיט די תּנאים אַזוי געווען. בכן, קען דאָך אַזוי, על־פּי שׂכל, געמאָלן זיין, אַז ס׳זיינען דאָ מענטשן סאַמע רשעים, אַז זיי טוען זאַכן גאָט צו להכעיס, און דאָך קענען זיי עס טאָן, און אָן קיין שום אחריות. צדיקים ווערן רשעים און רשעים זיינען צדיקים. אַ מאָדנע, מאָדנע וועלט...

באמת, אַ מאָדנע וועלט. אָט טאַקע פונעם כּלל צום פּרט. אין דער צייט, וואָס גאָט האָט דעם דרויסן אַזוי געבענטשט מיט שיינקייט, ווו ס׳איז אַזוי שיין, אַלץ שפּראָצט און בליט און ס׳איז אַ מחיה צו אָטעמען, באַדאַרף מען זיצן פאַרשפּאַרט אין חדר. און דאָרט איז אַזוי אומאָנגענעם, ניט קיין זון און ניט קיין לופט, און דער רבי איז קיין מאָל ניט געמיטלעך, תּמיד צאָרנדיק, און אויך צווישן די קינדער איז דאָ תּמיד קינאה און שׂינאה.

דוכט זיך, אַלע קינדער זיינען אויפן רבין פאַרביטערט, זיי אַלע האָבן אים פיינט, און דאָך טוען זיי דווקא אים צוליב — אַזעלכע חונפים! היינט

האָבן זיי אַפּילו קעגן משהלען שלעכט געהאַנדלט. געשען איז אָט וואָס:

דער רבי צאָרנט קעגן משהלען כּסדר. ווו נאָר ער קען, לאָזט ער אויס אויף אים זיין כּעס. אָפּן טוט ער עס ניט, בכדי מ׳זאָל אים ניט חושד זיין אין שׂנאת שָוְא, נאָר פאַרבאָרגענערהייט טוט ער עס יאָ אָן אויפהער. בכדי אים צו דערווידערן, האַלט ער אים לענגער פון אַלעמען ביים לערנען און זוכט קעגן אים כּסדר חסרונות. ער פאַרוואַרפט אים מיט קשיות אויף וועלכע, ער ווייסט, אַז משהלע קען זיי בשום אופן ניט פאַרענטפערן, און ער טוט עס בכדי צו מאַכן אים געפאַלן אין די אויגן פון די איבעריקע קינדער. פרייטאָג האָט ער בכּיוון מיט אים געלערנט דעם לעצטן און אים אַזוי לאַנג געהאַלטן אין חדר ביז וואַנען דער בעדער איז שוין צום לעצטן מאָל אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן צו רופן די פאַרשפּעטיקטע אין באָד אַריין.

משהלע האָט געשוויגן און האָט זיך ניט באַקלאָגט, אָבער שטיל ביי זיך אין האַרצן האָט ער געהאַלטן אין אויסמערקירן וואָס פאַר אַ נקמה ער קען נעמען קעגן זיין רבין. און פאַריקן שבת־אויף־דער־נאַכט, בעת מעריב־דאַווענען, איידער מ׳האָט געמעגט אָנצינדן ליכט און אין שול איז נאָך געווען פינצטער, האָט ער אויסגעפונען זיין מיטל: ער האָט צונויפגעדרייט האַנטעכער און טליתים, באַהאַלטן זיך הינטער די פּלייצעס פונעם גאַנצן קהל, און בעת שמונה־עשׂרה, ווען קיינער טאָר זיך ניט באַוועגן און אָפּטרעטן פון זיין אָרט, האָט ער גענומען וואַרפן די פּעקלעך, איינעם נאָך דעם אַנדערן, גלייך אויף זיין רבין. דער רבי האָט זיך געדרייט אין אַלע זייטן, אָבער די האַנטעכער האָבן ניט אויפגעהערט אים שלאָגן, אין פּלייצע און איבערן קאָפּ. מפסיק צו זיין אין מיטן שמונה־עשׂרה האָט דער מלמד באַטירלעך ניט געטאָרט, איז ער נעבעך געצוווּנגען געווען צו ליידן און שווייגן. דערוויל האָט משהלע אויסמערקירט צו טרעפן מיט איינעם פון אָט די פּעקלעך דעם רבין גלייך אין קאָפּ אַריין. דאָ איז דער רבי שוין גאָר צעטומלט געוואָרן, דער קאַפּעלוש איז אים אַראָפּגעפאַלן פון קאָפּ, האָט ער, ניט אָפּטרעטנדיק פון אָרט, זיך איינגעבויגן צו געפינען דעם קאַפּעלוש, אָבער אין דער פינצטער האָט ער אים ניט געקענט אָנכאַפּן און איז געבליבן שטיין מיט אַן אַנטבלויזטן קאָפּ. באַלד האָט ער זיך אָבער פאַרכאַפּט און אַריבערגעדעקט זיין קאָפּ מיט דעם פאַלד פון זיין לאַנגער קאַפּאָטע.

בעת מעשׂה איז אין שול אַריינגעקומען דער שבת־גוי און אָנגעצונדן

ליכט. ס׳איז געוואָרן ליכטיק און אַלע האָבן דערזען דעם רבין אין זיין ביזיון מיט די פּאַלדן פון זיין קאַפּאָטע איבער זיין קאָפּ. קודם האָבן זיך אַלע פאַרווונדערט, אָבער באַלד האָט אויסגעבראָכן אַ געלעכטער איבער דער שול. באַזונדערס האָבן די קינדער זיך הילכיק צעלאַכט.

משהלע אַליין האָט זיך נאָך באַצייטנס אָפּגערוקט אין אַ ווייטן ווינקל און געשאָקלט זיך אין אַן אָנשטעל אַז ער דאַוונט בכוונה, און ווען די קינדער האָבן זיך צעלאַכט, האָט ער זיי אָנגעהויבן נאָכקוקן מיט אַן אויסדרוק פון גרויס ווונדער, ווי ער וואָלט לחלוטין ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. אָבער דער רבי האָט יאָ פאַרשטאַנען ווער דער שולדיקער איז געווען, און ווי נאָר ער איז אויסגעשטאַנען שמונה עשׂרה, האָט ער געפונען זיין קאַפּעלוש און איז צוגעטראָטן מיט פאַרביילטע פויסטן צו משהלען און אָנגעהויבן שרייען מיט גרויס צאָרן:

„דו ימח־שמוניק, עם־הארץ, מנובל און גוייִשער קאָפּ! אַזוינע שמד־שטיק הייבסטו שוין אָן פראַווען! דו, עוכר ישׂראל, קומסט נאָך אַפילו פאַרשוועכן די שול! כּעפּרא דארעא וועל איך דיך צערייבן! אַ תּל וועל איך פון דיר מאַכן! געגוג וואָס דו פאַרביטערסט מיר די יאָרן אין חדר, ביסטו נאָך מעשׂה־שׂטן אין שול אויך געקומען?...״

משהלע איז אַרויפגעשפּרונגען אויף דער באַנק צו אַנטלויפן און דער רבי האָט אים נאָכגעיאָגט. זיי האָבן גענומען אַרומדרייען זיך איבער דער שול, משהלע צו אַנטלויפן און דער רבי אים צו כאַפּן. ביז וואַנען דער רבי האָט זיך פאַרפּלאָנטערט און איז אומגעפאַלן און משהלען האָט אַ ייִד אַרויס־געשטופּט דורך דער טיר און ער איז אַנטלאָפן.

ווען משהלע איז שוין געווען אין דרויסן, איז ר׳ יחזקאל אַרויס צו מאַכן אַ חקירה ודרישה ווי און וואָס עס איז געשען, אָבער קיינער האָט ניט געקענט זאָגן, אַז ער האָט געזען משהלען צו טאָן אָט די מעשׂה רע. פאַרקערט, עס האָט זיך גאָר אַרויסגעוויזן, אַז ווען אין שול איז געוואָרן ליכטיק, איז משהלע געשטאַנען אין אַ פאַרקערטער זייט פון דער שול און האָט געדאַוונט.

דער רבי איז אַוועק נידערגעשלאָגן און די ייִדן האָבן זיך באַקלאָגט:

„אַ דור אויסגעוואַקסן! האַלע קונדסים... גיי דערגיי אַ תּכלית ביי זיי.״

אָנגעשטויסן האָט זיך אָבער יעדער איינער, אַז דאָך האָט עס ניט קיין אַנדערער געטאָן, נאָר טאַקע משהלע.

דאָס מאָל איז זיין קונדסעריי משהלען אַריבער גלאַטיק, אָבער ניט אַלע מאָל האָט אים געגאָלטן. אַ סך מיאוסע מעשׂים האָט מען מכּוח אים דערציילט: מען האָט אים געזען מיט שיקסעס זיצנדיק אויף פריזבעס אין שפּעטע אָוונטן. איין מאָל האָט מען אים געטראָפן מיט יולקען שפּעט ביי נאַכט. געזעסן זיינען זיי אַרומגענומען.

און וואָס שייך כּרוזקען דערמאָנט זיך טאַקע דווידקע און ער איז צו־פרידן, וואָס ער גייט ניט מיט משהלען צו באַגעגענען זיך מיט איר. מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק איז משהלע צו אים געקומען מיט אַ גדולה, אַז ער האָט שוין ביי איר געפּועלט צו טרעפן זיך מיט אים ביי נאַכט און ער האָט גערופן דווידקען מיטצוגיין. דווידקע האָט לכתחילה מסכּים געווען דאָס צו טאָן, אָבער באַלד האָט ער חרטה געהאַט. ער האָט משהלען ניט געזאָגט פאַר וואָס ער וויל ניט גיין, אָבער ביי זיך אין האַרצן האָט ער געוווּסט: ער דאַרף היינטיקע וואָך ווערן בר־מיצווה. האָט ער געפילט, אַז ער שטייט אויס דעם נסיון פון יוסף הצדיק, דעם זון פון יעקב. ס׳האָט אים פאַרשאַפט אַ סך פרייד און שטאָלץ.

משהלעס מעשׂים תעתועים האָט מען אָבער יאָ באַמערקט. זלמן דוד דער בעל־עגלה האָט געפירט זיינע פערד שפּעט ביי נאַכט צום ברונעם אָנצוטרינקען זיך און האָט דערקענט משהלעס קול און אויך אַ פרויען־קול. אָבער אויך דאָס מאָל האָט משהלען געגאָלטן, ווייל מלכּה האָט געזאָגט, אַז זי ווייס אַז ער איז אַ גאַנצן אָוונט ניט אַרויס פון שטוב. ניט פאַרשטאַנען האָט זי, אַז משהלע איז שטילערהייט אַרויס פון שטוב ווען ער איז געווען זיכער אַז זי שלאָפט שוין.

אָבער ניט אַלע מאָל געלינגען זאַכן. היינט האָט עס אים ניט געלונגען. ער האָט אין חדר געבראַכט אַ קליינעם שפּיגל און אים אַוועקגעשטעלט אַקעגן דער זון און מיט איר אָנגעהויבן, לויט חדר־ייִנגלעך־אויסדרוק, „באַקן לעקעך אויף דער וואַנט״, — אָפּשפּיגלען דעם שיין פון דעם שפּיגל איבער די ווענט.

„גיט אַ קוק״, האָט ער צו די קלענערע קינדער געזאָגט, „אַ מלאך באַקט לעקעך!״

משהלע האָט געשמייכלט. קיינער האָט ניט פאַרשטאַנען פון וואַנען ס׳קומט דער מלאך.

„אַז איך זאָל וועלן,“ האָט זיך משהלע באַרימט, „קען איך מאַכן אַז דער מלאך זאָל באַקן לעקעך ביים רבין אויף דער נאָז.“

„ביי דעם רבין אויף דער נאָז?“ האָט זיך אָפּגערופן איינער פון די קינדער. „וואָס זאָגט איר אויף אָט דעם צדיק? באַלד וועט דער מלאך אים פּאָלגן.“ אָבער אָט קומט שוין דער רבי. לאָמיר זען ווי דו וועסט עס טאָן, משהלע...“

די קינדער האָבן זיך צעלאַכט.

משהלע האָט אָבער די קונץ יאָ באַוויזן. צו ערשט האָט דער רבי ניט פאַרשטאַנען פון וואַנעט עס קומט, האָט זיך געקוקט פון איין אָרט אויף אַן אַנדערן, פאַרשטעלט זיך די אויגן מיט דער האַנט, און ס'האָט ניט געהאָלפן. אָבער ס'האָט ניט לאַנג גענומען און ער האָט פאַרשטאַנען פון וואַנען דאָס האָט זיך גענומען.

„ווער שפּילט זיך דאָ אַרום?“ האָט ער אויסגערופן מיט צאָרן. ער האָט גלייך חושד געווען משהלען, און איידער משהלע האָט צייט געהאַט צו פאַרבאָרגן דאָס שפּיגעלע, איז דער רבי צו אים צוגעקומען און עס אַרויס־געריסן פון זיין האַנט.

„אַהאַ, ווידער דו?...“ האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף משהלען מיטן רימען.

דער רבי האָט געוווּסט, אַז ווען מ'כאַפּט דעם גנב ביי דער גנבה, ווערט ער צעטומלט און לאָזט זיך כאַפּן, בכן איז איצט די צייט ווען משהלע וועט מקבל באהבה זיין זיין רימען. אָבער משהלע האָט קיין שהיות ניט געמאַכט און איז גלייך אַנטלאָפן אין דרויסן.

„כאַפּט אים, כאַפּט אים!“ האָט דער רבי אויסגעשריען. און די קינדער זיינען געווען צופרידן פון אַזאַ באַפעל, וואָס ער דערלויבט זיי צו לויפן אין דרויסן און דערביי הנאה האָבן. צו כאַפּן משהלען האָט קיינער פון זיי בשום אופן ניט בדעה געהאַט, אָבער פון דעם געיעג האָבן זיי הנאה געהאַט און עס האָט היפּש געדויערט ביז וואַנעט דעם רבין האָט זיך איינגעגעבן צוזאַמענ־צוברענגען זיי צוריק אין חדר אַריין.

עמעצער פון די קינדער איז עס געווען דער דאָזיקער וואָס האָט דעם רבין אויסגעזאָגט, אַז דאָס איז משהלע וואָס שפּילט זיך מיטן שפּיגל, אָבער ווער דאָס זאָל ניט האָבן געווען, איז עס געווען אַ גרויסע עוולה און דווידקע

איז פאַר דעם געווען זייער אין כּעס. „אַזאַ עוולה!" האָט ער אויסגעשריִען. „אַזעלכע מוסרים זיינען דאָס! „מ׳טאָר מיט זיי קיין מגע ומשא ניט האָבן". האָט ער שפּעטער אויסגערופן, ווי נאָר דער רבי איז אויף אַ ווײַלע אַרויס פון חדר. און מיט שרייען אַליין האָט ער זיך ניט באַגנוגנט, און אָנגעהויבן באַלד אָפּרעכענען זיך מיט זיי בפועל ממש. און דעם ערשטן פּאַטש האָט פון אים געלייזט נתן.

מיט נתנען האָט ער שוין פון לאַנג געוואָלט אָפּרעכענען זיך. ער האָסט אים פון תּמיד אָן. ניט מחמת דעם וואָס נתן האָט אים אַ מאָל שלעכטס געטאָן, נאָר ער האָט סתם אַזוי אָן אומחן צו אים. און ניט נאָר ער אַליין, נאָר אַלע קינדער מיידן אויס צו חברן זיך מיט אים. ער האָט אַזעלכע קרומע אויגן און בייניקע הענט. ער רעדט מיט קיינעם קיין פריינטלעך וואָרט ניט, זיצט תּמיד אָפּגעזונדערט פון אַלעמען און מ׳איז חושד אַז ער איז אַ מסור. ער טוט קיין מאָל קיין סוד ניט איינהאַלטן, אַ בעל־חניפהניק צום רבין און האַלט זיך בכלל אָפּגעזונדערט פון די חברים.

וואָלט אים דער רבי דערפאַר כאָטש מקרב געווען, איז דאָס אויך ניט. דער רבי זאָגט, אַז זיין מוח איז ווי אַ כּלי אָן אַ דעק, וויפל וואָסער מ׳זאָל אין דעם ניט אַריינגיסן, וועט עס קיין מאָל ניט פול ווערן. אַפילו משהלע, זאָגט דער רבי, איז שוין בעסער פון אים. משהלע איז פויל צום לערנען, אָבער קענען קען ער. אָבער נתן לערנט יאָ, האַלט אין איין חזרן, און ס׳העלפט גאָרניט. ער סטאַרטשעט אויס זיינע קרומע קעלבערנע אויגן און „רעד צו אים און רעד צו דער וואַנט איז אַלץ איינס".

אָבער ווי שלעכט נתן איז אין חדר, אַזאַ בריה איז ער אין דרויסן פון חדר. ניטאָ די איבונג וואָס ער זאָל ניט קענען טאָן און ער האַלט אין איין רייצן זיך מיט דווידקען. קלעטערט אַרויף אויפן העכסטן בוים, קיינער קען אים ניט אַריבעריאָגן אין לויפן. און אַז ער טוט אַ וואָרף אַ שטיין, פליט ער אַזוי הויך אַז קוים וואָס מ׳קען אים זען. ער פאַרדרייט די אַרבל פון זיין העמד, פאַרוואָרפט אויף צוריק זיינע בייניקע לאַנגע הענט און באַווייזט קונצן מיט די שטיינער, וואָס קיינער קען אים ניט נאָכמאַכן.

דווידקע האָט אויפגעהויבן אַ שטיין, פּרובירן ווי הויך ער וועט אים קענען וואַרפן. געוואָלט האָט ער מיטן שטיין דערלאַנגען דעם דאַך פון דעם שייער, וואָס איז דאָרט הינטערן גאָרטן. דער שטיין האָט אָבער אַפילו קיין

העלפט וועג ניט דערלאַנגט. האָט דווידקע אויפגעהויבן אַ דינעם לאַנגן שטעקן, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אויפן וועג און גענומען אים פונאַנדער־וויגן, טאָמער וועט ער ווייטער קענען פליִען פון דעם שטיין, אָבער אַזוי וויגנדיק אים, האָט זיך דער שטעקן אַרויסגעגליטשט פון זיין האַנט און איז אַוועקגעפלויגן הינטער אים. דערביי האָט דווידקע דערהערט הינטער זיך אַ יאָמער־אויסגעשריי: „אוי, אוי, אוי!...“

ער האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט און דערזען אַ קליין מיידל, וואָס איז צוגעפאַלן צו דער ערד, האַלט זיך אָן אַ פוס און קרעכצט. דער שטעקן, וואָס האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון זיין האַנט, האָט ווי ס׳זעט אויס, געטראָפן איר אין פוס און זי צעשלאָגן. דאָס מיידל איז אים געווען אומבאַקאַנט. פאַר־שטענדלעך, ער האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם ווייטיק וואָס ער האָט אומגערן פאַרשאַפט אָט דעם מיידל, האָט זיך פאַרלוירן און ניט געוווּסט וואָס ער זאָל איצט טאָן. קודם האָט ער געוואָלט צוקומען צו איר און אַנטשולדיקן זיך, אַז וואָס ס׳איז געשען איז געווען אומגערן פון זיין צד. אָבער באַלד האָט ער חרטה געהאַט: ס׳וועלן מן הסתּם באַלד אָנקומען אַ סך מענטשן, מ׳קען אים נאָך באַשולדיקן אַז ער האָט דאָס געטאָן בכּיוון און אים וועלן באַשטראָפן פאַר דעם, אים שלאָגן, און ווער ווייסט וואָס נאָך פון דעם עס קען אַרויס־קומען. זיין תּירוץ אַז ער האָט דאָס געטאָן אומגערן וועט ניט העלפן, מחמת בכלל, ווי קומט עס צו אַ ייִדיש קינד, אַ בר־מיצווה־בחור, אַ גמרא־יונג, צו שליידערן זיך מיט פלעקער? האָט ער באַשלאָסן, ער באַדאַרף אַנטלויפן, אויסבאַהאַלטן זיך, מ׳זאָל ניט וויסן ווער ס׳איז דער שולדיקער. האָט ער אויף דער גיך אַריבערגעקלעטערט דעם דערבײַיִקן פּלויט, וואָס איז דאָרט געווען, באַהאַלטן זיך הינטער אים און נאָכגעקוקט דורך אַ שפּאַלט וואָס דאָס מיידעלע וועט טאָן.

דערביי האָט ער זיך צוגעקוקט צו דעם מיידל און געוווּנדערט זיך ווער זי איז. אַז זי איז ניט קיין שיקסל, נאָר אַ ייִדיש קינד, דאָס האָט ער גלייך דערקענט. פאַר וואָס? ווייסט ער ניט. ער קען און ווייס אַלע ייִדישע קינדער פון קאַמאַרינקע און דאָס ווייס ער באַשטימט, אַז זי איז ניט איינע פון זיי. קודם, זי איז גאָר אין גאַנצן אַנדערש געקליידט, זי איז אַזוי שיין פאַרפּוצט: אַ ווייסע בלוזע און אַ קאָלירט קלייד, ווייסע זאָקן, ווייסע שיך און די האָר פאַרפּוצט מיט אַ רויטן באַנד; און די האָר גופא: לאַנגע, געקרייזלטע,

שוואַרצע לאָקן, צעפאַלן זיך איבער די אַקסלען, צעשיטן זיך אין כוואַליעס, וואָס זיינען אַזוי שיין און בולט איבער דער ווייסער בלוזע.

זיין האַרץ האָט אים גענומען פּלאָגן: אָט דאָס שיין, אומשולדיק קינד — נייך, ניט אַ קינד, נאָר אַ ליבלעך יונג מיידעלע, — פאַר וואָס האָט ער איר פאַרשאָפט ווייטיק? טאָקע בשוגג און ניט במזיד, אָבער פאָרט איז דאָך דאָס געקומען דורך אים.

און דערביי, אַ חידוש: ער האָט זיך פאַרקוקט אויף איר שיינקייט. איר עצם פּנים האָט ער טאָקע ניט געקענט זען, נאָר די לאָקן, וואָס צעלייגן זיך אַזוי איבער איר פּנים, און איר קערפּער אַזוי איינגעבויגן...

ס׳האָט אים אַ צופּ געטאָן ביים האַרצן: אַ מין גלוסטונג פון נאָענטקייט צו איר.

קענטיק, ס׳טוט איר וויי. ס׳איז איר שווער צו טרעטן אויף אַ פוס. זאָל ער אַרויסקומען פון זיין באַהעלטעניש און אָנבאָטן איר הילף?

דאָס מיידעלע האָט זיך אַרומגעקוקט. ער האָט איצט געקענט זען איר פּנים: גרויסע, קיילעכדיקע אויגן, אַ הויכער שטערן, אַ לאַנגער האַלדז.

אין גאַס איז קיינער ניט געווען. געזען אַז זי איז אַליין, האָט זי אָפּגע־טרייסלט מיט די הענט דעם שטויב פון איר קלייד, אַרויסגענומען פונעם אַרבל אַ נאָזטיכל, זיך אויסגעווישט דאָס פּנים און זיך אַוועקגעשלעפּט, פּאַמעלעך און עטוואָס הינקענדיק, און באַלד פאַרקערט זיך אין אַ זייטיקער גאַס און אַריין אין דעם גאָלדענעם שטויב, וואָס איז אויפגעהויבן געוואָרן פון דער טשערעדע שעפּסן וואָס איז אָנגעקומען פון דער פּאַשע אין פעלד.

## קאַפּיטל 19

מיטן אָנקומען צוריק פון זייערע פּאַשעס פון טשערעדעס פּי האָט דווידקע כמעט ווי פאַרגעסן דאָס מיידעלע, פון וועמען ער האָט זיך באַהאַלטן, און איז האַסטיק אַרויסגעקומען מקבל פּנים צו זיין די באַזונדערע אָפּטיילונגען פון די היימישע חיות, וואָס ווערן געפירט צוריק צו זייערע שטאַלן נאָך דעם טאָג פּיטערן זיך אין זייערע פעלדער. באַזונדערס איז אים אָנגענעם געווען צוצוקוקן זיך צו די טשערעדעס שעפּסן. זיי שפּאַצירן זיך לחלוטין אַנדערש

פון די קי. די קי, אין פאַרגלייך מיט די שעפּסן, זעען אויס צו זיין צו באַלעבאַטיש: זיי שטעלן רויִקע, איבערלייגטע טריט, זיי גייען ניט געאײַלט, מיט אַן אויסדרוק פון שטאָלץ און זעלבסט־צופרידנקייט, טרייסלען מיט באַרימעריי זייערע גרויסע אייטערס און לאַנגע ציצן, וואָס זיינען בשפע אָנגעפילט מיט מילך און דאָס מאַכט זיי אויסזען אַזוי גאַווהדיק. אויך די ציגן, וואָס קומען פון פעלד בחברותא מיט די בהמות, זיינען ניט אַזוי אָנגענעם: זיי זעען אויס ווי משרתים, וואָס מישן זיך מיט די בהמות מ׳זאָל זיי וואָס וויניקער אָנזען. אַנדערש זיינען די שעפּסן: זיי זיינען אָפּגעטיילט פאַר זיך, וואַרפן זיך ניט פאַר די אויגן אויסצוטיילן זיך און באַהאַלטן זיך ניט פון אָנזען אויסצומיידן זיך. זיי זיינען אַ חברותא פאַר זיך, ניט פאַרשטעלנדיק דעם וועג צו קיינעם און ניט אָפּטרעטנדיק דעם וועג פאַר קיינעם. זיי גייען געדיכט צוזאַמען, חבריש, אַ געשלאָסענע קאָמפּאַקטע מאַסע, איינגעטוליעט, צוזאַמענגעדריקט. אַלע זייענדיק כמעט די זעלביקע הייך, זעען זיי אויס ווי ס׳וואָלט געווען אַ פעלד פון וואָל, און דאָס פעלד באַוועגט זיך, וויגט זיך, און פאַרזייט זיינען אויף אים קעפּלעך מיט אויגן, מיט גוטע, תמימותדיקע און אַ מאָל אויך איבערגעשראָקענע אויגן.

ס׳וואָלט געווען זייער אָנגענעם אָוועקצולייגן זיך אויף זייער האַריקן געקרייזלטן רוקן, וויגנדיק זיך אַוועקגעטראָגן ווערן אויף זיי, אַוועקגעטראָגן ווערן אויף אַ מהלך, העט, העט ווייט, אַריבערקומען אין אַ וועלט פון האַלע שעפּסענע רוקנס, געפינען זיך ניט מער ווי אונטער דעם בליק פון שעפּסענע אויגן.

אָט די שטילע צאַרטע ברואים לעבן גאָר אין אַן אַנדער וועלט. זיי זעען גאָר ניט, אַזוי ווי אַ מענטש זעט, מיט זייערע אויגן. אַזוי פיל תמימות זעט מען גאָר ניט אין קיין שום אַנדערע אויגן. אפשר זעען זיי די וועלט־פאַרבן אין גאַנצן אַנדערש? אפשר ווייזן זיך אויס צו זיי די זונשטראַלן פיאָלעט, די ביימער און גראָזן בלוי, און וואָס העל איז טונקל פאַר זיי און העלקייט זעען זיי אין סאַמע טונקלקייט? און דערפאַר טאַקע קוקן זיי גאָר אַנדערש פון אַנדערע ברואים, — אפילו אַנדערש פון מענטש?

און אַ מאָדנער געדאַנק: ער האָט אַנומלט געקוקט דורך אַ רויט גלאָז און די גאַנצע וועלט האָט זיך אויסגעוויזן צו זיין רויט: אַלץ רויט — רויטע ביימער, רויטע הייזער, רויטע מענטשן.

נו, אפשר זיינען אויף די אויגן אויך אַזעלכע פאַרביקע דעקלעך אָנגעטאָן, וואָס מען זעט זיי ניט. קען זיין, ביי ציגן זיינען אָנגעטאָן גרויע דעקלעך, ביי קעלבער — ברודיקע געלבע, ביי הינט — רויטע, און ביי מענטשן — פאַרשיידענע. ביי זיין מאַמען, למשל, פיאָלעטעווע, ביי זיין רבין — גרויע, און ביי שלעכטע מענטשן — ברודיק רויטע.

נו, און ביי די שעפּסן? ביי זיי זיינען זיכער פיאָלעטעווע אָדער רויזעווע דעקלעך, דערפאַר קוקן זיי אַזוי אָנגענעם. זיי זעען די וועלט גאָר אַנדערש פון אַלע אַנדערע באַשעפענישן אויף דער ערד.

און ער וואָלט געוואָלט אַריבער אין זייער וועלטל, אויסמישן זיך אין זייער לעבעדיקער כוואַליע, אויסגיסן זיך מיט זיי, אַריינגעטראָגן ווערן אין זייערע פאַרבן. דאָס הייסט ניט, אַז ער אַליין וואָלט געוואָלט מגולגל ווערן אין אַ שעפּס. ניין, דאָס אַוודאי ניט. ער איז און וויל בלייבן מענטש. ער וואָלט אָבער געוואָלט צוקריגן צו זיין מענטשלעכקייט אָט די פאַרהוילנקייט, וואָס מענטש פאַרמאָגט ניט און שעפּס איז מיט דעם געבענטשט. ער וויל ניט אַן אָפּנייג פון זיין מענטשלעכקייט, נאָר אַ צוגאָב צו זיין מענטשלעכקייט. ער וויל ניט פאַראַרעמערן זיך, נאָר באַרייכערן זיך.

און דערביי פאַלט אים איין אַ גמרא־אויסדרוק: איפכא מסתברא! אַז אַלע זיינע געדאַנקען זיינען נאַריש. מענטש איז דאָך פאָרט אַ יציר הברואים. ער פאַרמאָגט אין זיך אַלץ וואָס אַנדערע ברואים פאַרמאָגן מיט אַ צוגאָב פון מענטשלעכקייט, וואָס איז אַ שטראַל פון גאָט אַליין. בכן זינדיקט ער דאָך מיט זיינע געדאַנקען, פון גילגול הנפש אין שעפּסלעכקייט... און ער טוט זיך אַ קלאַפּ אין האַרצן: אָמנם חטאתי!

און באמת, פּחדנים זיינען שעפּסן. ניטאָ זיי וואָס מקנא צו זיין. זיי לאָזן קיינעם ניט אַריינצודרינגען אין זייער קהילה און אויסצומישן זיך דאָרט. ס'איז זיי, הפּנים, ניט אָנגענעם צו פאַרליידן גֵרים און אַ פּשיטא שוין פרעמד־לינגע. און ווען ער, דערזעט זיי און וויל אַריין אין זייער מיטן, ווערן חבריש מיט זיי, גיבן זיי זיך אַ שליידער אָן אַ זייט, אַלע בחברותא טוען זיי זיך אַ שליידער אָן אַ זייט, שטויסן זיך אָן דערביי איינע אָן די אַנדערע, צעשלאָגן זיך אַזוי ווי כוואַליעס אין וואַסער ווען זיי שטויסן זיך אָן אין פעלדזן. הפּנים, אַז דורך די דעקלעך פון זייערע שעפּסענע אויגן זעען מענטשן אויס אין שלעכטער געשטאַלטיקייט.

אָבער אויך דאָס בילד האָט דווידקע ליב אָנצוקוקן. ס'איז אָנגענעם צו קוקן ווי דאָס וואָלענע פעלד טוט מיט איין מאָל אַ ציטער אין איין שטראָם, טוט זיך אַ צאַפּל אָן אַ זייט. ווערן געדיכטער צונויפגעדריקט, באַהעפטן זיך נעענטער איינע צו די אַנדערע, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: „מיר זיינען אין איין געשטאַלטיקייט, וואָס באַשערט איז, זאָל עס אַלעמענס גורל זיין...”

און אפשר זיינען זיי באמת גערעכט. ניטאָ קיין סיבה פאַר וואָס זיי זאָלן ניט זיין אָפּגעהיט פון אַנדערע חיות, פון מענטש אַוודאי ניט. ניט נאָר פּעלצט זיך מענטש אין זייערע האָר, נאָר שינדט אויך זייערע הויטן, און — באַטעמט זיך אויך מיט זייער פלייש...

✶

די זון האָט איר טאָג אַרבעט שוין אָפּגעטאָן: פונאַנדערגעגליט דעם הימל אין צפון־מערב, אין פורפור די וואָלקנס צעפאַרבט, טונקל צעבלויט דעם דערבייִיקן האָריזאָנט און אַליין אַוועק צו איר נאַכטיקער רו.

ס'איז אָנגעקומען די אָנגענעמע בלויע האַלב־טונקלקייט. בולטער האָבן זיך אָנגעהויבן צייכענען די סילועטן, און די ביימער ביים האָריזאָנט האָבן זיך אויסגעשניטן שאַרף אַנטקעגן די הימלען.

דאָס איז די צייט פון דער ערשטער אַשמורה — די מלאָכים קלייבן זיך צו זינגען שירה צום בורא עולם, וואָס האָט באַשאַנקען די ערדישע וועלט מיט אַ ניצוץ שיינקייט פון זיך אַליין. צעגיסט זיך שירה איבער דער לופט, צעפייערט די הימלען מיט דעם ברענענדיקן אָפּקלאַנג פון התלהבות, און אויף דער ערד צעגיסט זיך דער נאַכטיגאַל, צעטרעליעט זיך, ווי אַקאָמ־פּאַנירנדיק די אינטימע שטילע בענקשאַפט פון דער מוזיקאַלישער מעלאָדיע פון מוחס באַנעם און האַרצנס געפיל.

דווידקע האָט צווישן די ווערבעס און בעריאָזקעס, וואָס זיינען פאַר־פלאַנצט פון ביידע זייטן גאַס, דערזען זיין מאַמען שפּאַצירנדיק מיט נאָך אַ פרוי. ער איז גלייך אַוועק צו באַגעגענען זיי.

„דערקענסטו אים?” האָט די מאַמע געפרעגט די פרוי?

„ווער איז ער?” האָט די פרוי געפרעגט.

„קוק זיך צו בעסער, וועסטו אים דערקענען.”

„אויב יאָ דערקענען, קען איך אים דערקענען נאָך זיין טאַטן... ער איז ענלעך צו כאַטשען. איז דאָס דווידקע?”

„דאָס איז ער טאַקע.“

„זעסט, איך האָב טאַקע געטראָפֿן. דערקענט וואָלט איך אים ניט. דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב אים געזען, האָט ער ערשט אָנגעהויבן אומגיין.“

זי האָט אים אַרומגענומען און גענומען קושן, זיינע באַקן, דעם שטערן.

„דווידקע... אַזוי פיל יאָרן אַריבער און דוכט זיך ווי ערשט היינט וואָלט עס געווען. אַלץ איז אויסגעוואַקסן. קליינס איז געוואָרן גרויס, יונג — פאַרעלטערט, עלטער פאַרשווונדן, אַוועק און אויס. דער טאַטע, די מאַמע, עליהם השלום. אָבער דאָס לעבן גייט אָן. אָט די ווערבעס, איך געדענק ווי מען האָט זיי פאַרפלאַנצט: אַריינגעגראָבן לאַנגע צווייגן אין דער ערד. און איצט? ביימער, בליִען, שמעקן אַ מחיה. נו, אויף זיך זעט מען ניט, אָבער אויף יענעם. איך קוק אויף דיר, מלכּה, און עס פרייט מיין האַרץ. שייך זאָגן — דו ביסט ניט יִינגער געוואָרן, אָבער ניט קענטיק אויף דיר דיינע יאָרן. נו, און איך? איך בין דאָך ניט מער ווי מיט אַ פּאָר יאָר עלטער פון דיר. אָבער די שטאָטישע לופט איז ניט אַזוי גוט. מ׳דאַרף האָבן דאַטשע, וויניקער זאָרג, ניט זאָרגן זיך וועגן פרנסה. און אַז ס׳קומט אַ מאַרקטאָג, גויִים שיכּורן, כוליגאַנעס רייצן, פּאָגראָמען... אָבער מילא, לאָמיר ריידן וועגן פריילעכערע זאַכן. אָט טאַקע דווידקע. אַ יונג געוואָרן, קיין עין הרע, איך האָב זיך אָבער פאַרגעשטעלט, אַז אַזוי טאַקע דאַרף ער זיין, אַ בר־מיצווה־בחור... ,טאַסע׳, האָט ער מיך גערופן, ניט געקענט אויסריידן מיין נאָמען. אַי, איז דאָס געווען אַ שטיפער! די הענט פלעגט ער אָפּרייסן, ניט געקענט איינהאַלטן אים אויף די הענט, קיין מאָל ניט געקענט זיצן רויִק...“

זי האָט אים ווידער אַרומגענומען און גענומען קושן.

דווידקע האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז די מומע דוואָשע פון אָדעס. זי איז געווען אַ פּלוצלונגע דערשיינונג פאַר אים. ער האָט געוווּסט אַז זי דאַרף דאָ זיין גאָר אין גיכן, אָבער אַז זי זאָל שוין היינט זיין דאָ, האָט ער זיך ניט געריכט. פון איר קושן אים איז ער מטושטש געוואָרן, זיך פאַרשעמט און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן, ווי צו האַלטן זיך און וואָס צו זאָגן. ער האָט געפילט, אַז ער וואָלט באַדאַרפט זאָגן איר עטוואָס אָנגענעמס, און ער האָט ניט געקענט געפינען די פּאַסיקע אויסדרוקן. האָט ער זיך נאָך מער פאַרלוירן.

די מומע דוואָשע איז געווען אין אַ געהויבענער שטימונג: זי איז זייער

צופרידן געווען נאָך אַ מאָל צו זען די אַלט־באַקאַנטע היימישע פּלעצער און געזיכטער. זי האָט גערעדט אָן אויפהער:

„און אָט זיינען די בעריאָזקעס! אָה, אַלטע, גוטע בעריאָזקעס! דעמאָלט איז דאָ אַ בענקל געווען, און איצט איז עס ניטאָ... די קוסטעס האָבן זיך נאָך מער פונאַנדערגעוואַקסן... דאָ ערגעץ האָט קלמן אַ מאָל אין דער קאָרע פונעם בוים אויסגעשניטן דעם אָנבליק פון אַ האַרפע און פון אונטן מיין נאָמען... אַזוי פאַרליבט איז ער אין מיר געווען... אוי, אַמאָליקע צייטן... איך האָב אָבער אַפילו ניט געוואָלט טראַכטן וועגן אים... טשיקאַווע צו זען אויב ס׳איז נאָך דאָ...

זי האָט זיך גענומען צוקוקן צו אַ בעריאָזקע, אַנטאַפּן מיט די פינגער. און פּלוצעם האָט זי מלא שׂימחה אויסגעשר:ען:

„מלכּה, גיב אַ קוק, ס׳איז נאָך דאָ... איך קען עס אָנטאַפּן אין דער פינצטער...״

און זי איז געבליבן שטיין, געשוויגן אַ ביסל — קענטיק פון אַ טיפן באַטייט זיינען די זכרונות...

זי האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף דווידקעס אַקסל און ניט אויפ־געהערט ריידן:

„אַ מאָדנע וועלט, מלכּה... יוגנט־יאָרן, אַזוי טייער, און מע לאָזט זיי פון האַנט אַרויס. ווען מ׳פאַרמאָגט זיי, פילט מען ניט ווי טייער זיי זיינען, מע פילט ניט דעם גרויסן אוצר וואָס איז אין זיי פאַרהוילן, און ווען מע כאַפּט זיך יאָ, איז שוין צו שפּעט. און צי מע וויל, צי מע וויל ניט, גייט עס אַוועק. פאַר וואָס זאָלן מענטשן ניט קענען איינהאַלטן דאָס וואָס איז טייער? איינהאַלטן ביזן סאַמע סוף? אַ נאַריש וואָרט, סוף. ניטאָ קיין סוף... סוף מיינט דאָך אָן אויפהער פון וואָס איז געווען און ווי באַלד אויפהער, הייסט דאָך, עס איז ניטאָ, און אַז ניטאָ, איז דאָך ניט קיין חילוק צי עס איז יאָ אָדער ניט געווען... און ווי באַלד ניט געווען, איז דאָך אויך קיין אָנהייב ניט געווען... און אָן אַן אָנהייב קען דאָך ניט זיין קיין סוף... און אַז ניט קיין אָנהייב און ניט קיין סוף, איז עס דאָך אַ גאָרנישט, קיין יש... איז וואָס איז דער פּועל־יוצא? גאָר קיין פּועל־יוצא ניט. הער, איך האָב ניט מער ווי צוויי און דרייסיק יאָר אויף מיינע אַקסלען, און דאָך פיל איך ווי איך וואָלט שוין אַ גאַנץ לעבן אָפּגעלעבט. איין אַלט געפיל מיינס וועל איך קיין מאָל ניט פאַרגעסן: ווען

אונדזער מאַמע איז געשטאָרבן, האָב איך געהאַט אַזאַ מין געפיל, ווי דער מוראדיקער סוד פון דעם וואָס פאָדערט די מענטשלעכע קרבנות פאַר זיך, שטייט זיך אָן אַ זייט און זאָגט: ,דיין ריי איצט!...' און ווען איך האָב רבקהן געהאַט, האָב איך (הגם איך בין געווען גליקלעך ווי אַ מאַמע) ווידער געהאַט דאָס זעלביקע געפיל: ,איצט איז איר ריי און דו האָסט שוין דיינס אָפּגעטאָן'... פאַרשטייסטו מיך, מלכּה? אָה, איך זע, אַז דו פאַרשטייסט מיך ניט. דו האַלטסט, אַז איך בין מטורף. ווי דו זעסט, בין איך נאָך אַלץ די זעלבע דוואָשע. געדענקסט ווי דער טאַטע פלעגט זאָגן, אַז דאָס זיינען ניט זיינע בלוטן וואָס פליסן אין מיינע אָדערן, נאָר עפּעס אַ גילגול בין איך..."

„און ווו איז רבקה?" האָט זי זיך באַלד פאַרכאַפּט. „רבקה, ווו ביסטו ערגעץ?" האָט זי אויסגערופן.

„אָט בין איך!" האָט זיך רבקהס שטימע אויסגערופן פון צווישן די קוסטעס.

„וואָס טוסטו דאָרט? קום נאָר אַהער!"

דערזעענדיק רבקהן איז דווידקע פאַרציטערט געוואָרן. דאָס איז זי דאָך, דאָס מיידעלע וועמען ער האָט געטראָפן מיטן שטעקן און פון וועמען ער האָט זיך באַהאַלטן. אויך רבקה האָט אים דערקענט און איז געבליבן שטיין, ניט אַזוי דערשראָקן, ווי פאַרוווּנדערט.

„רבקה, דאָס איז דאָך דיין קוזין, דווידקע."

רבקה האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

„גיט זיך איינע די אַנדערע די הענט און איר קענט זיך צעקושן."

רבקה איז צוגעגאַנגען צו איר מאַמען און איר שטיל אַריינגערוימט עפּעס אין אויער. די מומע דוואָשע איז קענטיק פאַרוווּנדערט געוואָרן:

„ער? דווידקע?..."

רבקהלע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

„אַזוי באַגעגנט מען עס געסט, דווידקע?" האָט זיך די מומע דוואָשע צו אים געווענדט, „מיט פלעקער?"

„איך בין ניט שולדיק געווען, מומע..." האָט דווידקע היציק גענומען פאַרענטפערן זיך. „איך האָב ניט געוווּסט ווער זי איז... איך האָב זי גאָר ניט געזען... דער פלאָקן האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון מיין האַנט און איך האָב זי דערזען נאָר דאַן ווען ס'איז שוין געווען צו שפּעט... איך האָב קיינעם

ניט געוואָלט שלאָגן און זי אַוודאי און אַוודאי ניט..."

„וואָס איז געשען?" האָט מלכּה אומרויִק אָנגעהויבן פרעגן, ווייל זי האָט ניט געהערט רבקהס טענות און האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. „וואָס פאַר אַ פּלעקער?..."

„ס'איז גאָרניט, גאָרניט..." האָט דוואָשע געענטפערט. נו, און צו דיר האָט קיינער קיין טענות ניט," האָט זי זיך געווענדט צו דווידקען. „פאַרקערט, מיר געפעלט אַזאַ קבלת פּנים... אַ זייער נאָענטער קבלת פּנים... אפשר צו פיל נאָענט, אָבער ס'איז גוט אַזוי, רבקהן וועט עס ניט שאַדן, דיר אויך ניט, דווידקע. איצט גייט און בעט זיך איבער, דערלאַנגט איינע דעם אַנדערן די הענט און צעקושט זיך... ווי ליבע קינדער דאַרפן טאָן..."

דווידקע איז פאַרשעמט צוגעקומען צו רבקהן, אַראָפּגעלאָזט די אויגן און אויסגעשטרעקט זיין האַנט. צו קושן זיך מיט איר האָט ער זיך געשעמט. אָבער רבקה איז קענטיק דרייסטער געווען פון אים און ניט אַזוי שעמעוו־דיק: זי האָט זיך צוגעצויגן מיט אירע ליפּעלעך צו זיין פּנים. ער האָט דערפילט אַ וואַרעמען קוש אויף זיינע ליפּן, ווי עס וואָלט אַ ברען געטאָן און ווי אַ היץ וואָלט זיך אויסגעשפּרייט איבער זיין פּנים.



אויף מאָרגן, ווען דווידקע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָט שוין די פרילינגזון אַריינגעקוקט אין פענצטער. געגלאַנצט און געשיינט האָט די זון, ווי זי וואָלט אַ יום־טוב מקבל פּנים געווען. אויסגעגאָסן האָט זי איר חן אויף די פרישע, דורך טוי געוואַשענע גראָזיקע לאָקנס פון דער לאָנקע, און צעשמייכלט האָט זי זיך אין טייכל, וואָס אונטערן באַרג, טובלענדיק אירע שטראַלן אין דער שפּיגל־גלאַטער אויבערפלאַכלעכער קייט, וואָס האָט מיט אַזוי פיל פרישקייט אָפּגעגלאַנצט, אַז זי האָט זיך מיט אַ סך מונטערקייט אָפּגערופן אין זיין האַרץ.

פאַר נחת־רוח האָט ער די אויגן פאַרזשמורעט. האָט זיך אים עפּעס פריידיקס געחלומט? ער ווייסט ניט, ער געדענקט ניט. אויפן האַרצן איז אויסערגעוויינטלעך לייכט, ווי ער וואָלט געוואָלט אויפשפּרינגען, אויפשוועבן אַנטקעגן דער זון, אויפהייבן זיך אין דער הייך, ביז די סאַמע קלאָרווייסע וואָלקנס, און טובלען זיך אין די סאַמע ריינקייטן פון די הימלען.

פונעם צווייטן צימער האָט זיך געהערט רבקהלעס שטימע. געהערט האָט זיך אויך ווי די מומע דוואָשע בעט זי שפּילן אויפן פידל, זאָגט איר וואָס צו שפּילן. און ניט לאַנג האָט גענומען ווי עס האָט זיך דערהערט דער קלאַנג פון סטרונעס, ווען מע שטעלט זיי אָן צו זייער ריכטיקער שטייפ־קייט און מעלאָדישקייט, אַ פּראָבעפּיר מיטן סמיק איבער אַלע סטרונעס, אַ לאַנגער דויערנדיקער קול, אַן אָנזאָגער פון דער מעלאָדיע ווי זי איז גרייט צו קומען, און איידער וואָס און ווען האָט זיך גלייך דערהערט די אמתע מעלאָדיע, אַ פידל־מעלאָדיע פון אַ נייעם מאָטיוו, וואָס קיין מאָל פריִער האָט אים דווידקע נאָך ניט געהערט.

און אַזאַ שיינע אָנגענעמע מעלאָדיע! אין דעם פרישן פרילינג־פרימאָרגן האָט זיך אויסגעוויזן ווי ס׳וואָלט געווען אַ מאָרגן־שירה צום רבונו של עולם, און אַז ניט אויף אַ פידל ווערט זי געשפּילט, נאָר די נאַטור אַליין טוט עס. זי קען זיך ניט באַהערשן און זי זינגט פשוט מחמת דעם וואָס עס זינגט זיך. פונקט ווי די בלומען, צעעפנט אַנטקעגן דער זון זייערע טוי־אָפּגעפרישטע קעפּלעך, צעדופטן זיך מיט ריחות פון קלאַנגען צו דעם געבוירענעם אין ליכט גוטמאָרגן, און זיי צעציטערן זיך, אַזש ביזן אָפּשטאָם, אין דעם געפיל פון קדושה; פונקט ווי דער וואַלד צעשפּרייט אָפּן זיין ברייטע שטאַרקע ברוסט צו דער לעצטער אַשמורה און ווערט מיט סודות פון קלאַנגען אָנגע־פילט; פונקט אויך ווי עס קלינגט זיך דאָס פעלד, ווען צעשפּרייט ברייט און לאַנג איז עס אויך צעגרינט מיט די פאַרקעמטע גראָזענע לאָקן, איבער־געשאָטן מיט דעם צירונג פון בלוי־רויט־ווייס און פיאָלעטע בלומען, וואָס זיינען מקבל באהבה די גנעדיקע ברכות, געשאָטן פון אויבן; פונקט אויך ווי דער הימל, דער איינציקער פילנדיקער חבלי־לידה געבורט פון טאָג, פון וואָס ער ווערט אַזש צערויטלט ביז פּורפּור, צעפלאַקערט ביז העלישקייט, און ווען די חבלים ווערן שוין איבערגעקומען, גיט ער פריי אָן אָטעם, לאָזט אַרויס זיין ניי קינד, די זון, צעשפּילן זיך אויף זיין שויס, אין מקובל פּנים צו ווערן פון אַלץ און אַלעמען אַרום, וואָס זיי אַלע צעשמייכלען זיך, און דער שמייכל איז אַ פאַרביק־הילכיקער, דער שמייכל איז אַ מעלאָדיע; און די מעלאָדיע קומט־צו צו די סאַמע הימלען, און זיי ווערן מלא שׂימחה פון איר, און באַגייסטערט צעקייקלען זיי זיך פון איין עק וועלט ביזן אַנדערן, פאַרביק צעבלויען זיך, צעצויבערן זיך, בלייבן הענגען אין רויִקן תענוג,

הויך, הויך, ניט צו דערלאַנגען, ניט צו דערגרייכן, אַ באַגער אויף אייביק צו פאַרבלייבן, אַ חלום, אַן אידעאַל. אַזוי זיינען אויך די פייגעלעך, זשעדנע דעמאָלט פאַרן הימל, זיי טרייסלען פונאַנדער זייערע אין שלאָף פאַרגלי־ווערטע אברים, גלייכן זיי אויס, שפּרייטן ברייטער פונאַנדער די פליגלען און צעשוועבן זיך מיט לוסט העכער און העכער, נאָענטער צו די הימלען... און דאָס טייכל, וואָס צעשלענגלט זיך אין זילבער, הערט אויף צו מורמלען, נאָר ציטערט אויף אין לוסט, שווענקט די גראָזיקע ברעגן, צעוויגט די קעפּלעך פון די וואַסער־ליליעס, און ניט האָבנדיק קיין כּוח צו הייבן זיך העכער צום הימל, שפּיגלט עס כאָטש אָפּ אַ הימל אין איר אייגענעם בוזים, און אַלץ אין איינעם איז אַ שירה, אַ שירה פון סאַמע קדושה, אַ שירה פון סאַמע טהרה...

דאָס, האָט זיך דווידקען אויסגעוויזן, איז רבקהלעס פידל־שפּילן; דאָס אַלץ האָט ער פּלוצעם דערפילט, דאָס אַלץ פאַרשטאַנען. ער האָט קיין מאָל ניט געטראַכט וועגן דעם, קיין מאָל ניט דערפאַרן די האַרמאָניע פון דער וועלט־שאַפונג, די מוזיק וואָס איז אין פאַרבן אַריינגעטאָן, און איצט — טאַקע איצט און ערשט איצט — האָט ער עס באַנומען, ניט באַוווסטזיניק, ניט אויסדריקלעך שפּראַכלעך, נאָר געפילפוליק, ממש בחוש.

ער האָט אויפגעעפנט די אויגן און אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער. אונטער דער הויכער חופּה פון דער הימל־בלויקייט האָבן אַרומגעשוועבט ווייסינקע גלאַנצנדיקע פינטעלעך פון בוקאַשקעס און שמעטערלינגען, גע־באָדן האָבן זיי זיך אין זונליכט און געגלאַנצט אין זיי; געהערט האָבן זיך אויך טריליען, פאַרב מיט מעלאָדיע האָבן זיך צוזאַמענגענומען, צוזאַמענ־געגאָסן האָט זיך די מעלאָדיע פון דרויסן מיט דער מעלאָדיע פון דער פידל, און באַגריפן האָט ער, אַז ניט רבקהלעס פינגער שפּילן עס, נאָר עפּעס וואָס איז אינעווייניקער, אין איר סאַמע איביקייט, וואָס איז אַזוי ווי אַ חזן־באַהעלפער צום עצם פון חזנות — אַ מעלאָדיע־באַהעלפער צו דעם עצם פון מוזיק, צו דער קלאַנג־האַרמאָניע פון דעם בוים, וואָס טרייסלט איבערן פענצטער זיינע גרינע קודראַווע (געקרייזלטע) צווייגן, צום טייכל, וואָס גלאַנצט דאָרט פון וויטן, צו דער זון, צו דער לאָנקע, צום הימל, אַפילו צו דער טשערעדע, וואָס באַוועגט זיך דאָרט אויפן באַרג הינטערן טייכל אין דעם גאָלדענעם שטויב. און אַלץ, אַלץ אַרום זינגט, שפּילט, לוסטיקט זיך,

קלייבט נחת, אַ סך נחת פון דעם פריש געבוירענעם טאָג אין דעם פריש געבוירענעם פרילינג.

און דערפילט האָט ער אַ מאָדנעם געפיל, זייער אַ טיפן און ביז איצט גאָר אַן אומבאַקאַנטן, טאַקע אַ פרעמדן, הגם גלייכצייטיק אַ טיף־טיף אינטים־אייגענעם. וואָס? ער ווייסט בשום אופן ניט, ער האָט אים קיין מאָל פריער ניט איבערגעלעבט: אַ טיפע גלוסטעניש אין אים, אַז זיין גאַנצער וועזן זאָל צעעפענען אַלע זיינע פאַרשלאָסן־פאַרחתמעטע קאַמערן, זיין ברוסט זאָל זיך צעעפענען, צעשפרייטן אַזוי ווי דער גאַנצער הימל פון האָריזאָנט ביז האָרי־זאָנט, אַזוי טיף אַז דער מוח קען ניט משיג זיין, און דעמאָלט וואָלט שוין פאַרבליבן אין איר געגנוג אָרט פאַר דער גליקלעכער האַרמאָניע, וואָס האָט זיך אַזוי צעגאָסן, צעשטראָמט, צעפלאָסן אין זיינע חושים!

(אוי, גליקלעכע, נאַיווע, פרימיטיווע חושים פון יוגנטלעכע, ערשט בר־מצוהדיקייט אין דעם געמיט פון בחור אָדער מיידל וועמענס אויגן האָבן נאָך מער ניט געזען ווי דעם בראשית, דעם נאָך ניט באַפלעקטן בראשית!)

און ערשט אויפכאַפנדיק זיך פון שלאָף, נאָך אין דער צעטומלעניש פון די חלומות אין וועלכע ער האָט זיך אַרומגעטראָגן און וואָס זיינען פון זיין זכרון שוין אַרויסגעשוועבט געוואָרן, דוכט זיך אים איצט, אַז ער איז גאָר ניט ער, האָט גאָר קיין קיום ניט, ער איז ווי צעשווומען, צערונען, צעפלאָסן, צעלאָזן געוואָרן אין דעם גרויסן שטראָם, אין דער אומגעהייערער כוואַליע פון הערלעכקייט; ס׳דוכט זיך אַז ס׳זיינען דאָ קלאָרווייסע, ריינע, פון זונ־שטראַלן געוועבט, פון קדושה געפלאָכטן, פון סאַמע טהרה געשפּונען פליגלען פון אַ וועלט־מאַדים, וואָס צעפאָכן זיך מיט נעימות איבער הערצער און מאַכן זיי צעשמעלצן זיך אין גאַנצע וועלטן, אין אומבאַקאַנטע, הייליקע, גוטע, גליקלעכע וועלטן, וואָס זיינען פון דעם סאַמע תמצית פון גרויסאַרטיקייט.

רבקהלע!

און אין דעם אַלעמען איז זי אַריינגעפלאָכטן, זי איז דער חוט־השדרה פון דעם אַלעמען.

דערפילט האָט ער עפּעס, וואָס ער קען ניט אָנרופן ביי קיין שום נאָמען — ווי איר עצם קיום וואָלט עס געווען, וואָס שאַפט אָט די געפילן.

ער זעט אירע אויגן. ביי דער מעלאָדיע פון דעם פידל זעט ער ווי זיי ושמורען זיך. און זיי האָבן אַ שייכות צו זיין נשמה. אַ שייכות? זיי זיינען

זיין וועלט, זיין נייע וועלט, אָט די, וואָס איז פון צויבער געפלאָכטן. אַן אָפּגרונט פון געפילן, ברייטקייט פון הימלען, ריינקייט פון דער זון, גוטסקייט פון אַ מלאך. דוכט זיך, דאָרט ברענען פייערלעך וואָס וואַרעמען אים, און אַחוץ דעם ווינקען זיי, צעגלאַנצן זיך, גיסן נעימות.

ער זעט זי ניט, און אָט שטייט זי פאַר זיינע אויגן, זי שטייט אין דער וועלט־מעלאָדיע, זי שוועבט אין זיין נשמה.

און אַ מערקווערדיקע פאָרשטעלונג: ער נעמט זי ביי דער האַנט און פירט זי אין פעלד אַריין, און אַזוי ווי אין „הלל" ווערט געזאָגט, צעטאַנצן זיך אַנטקעגן איר די בערג אַזוי ווי אינדן, צעשפּרינגען זיך די ביימער, בוקן זיך די גראָזן, פאַרנייגן זיך די בלומען, און אַלע זינגען אין איין קול: „לכה דודי", און ווען זיי קומען שוין אָן, בוקן זיי זיך דריי מאָל אין באַגריסונג און פאַרהערלעכקייט:

„קדוש, קדוש, קדוש..."

*

ער האָט מער ניט געקענט רויִק איינליגן. דערווייל האָט ער באַמערקט משהלען, וואָס איז לעבן אים געלעגן אויף אַן אַנדער באַנק. משהלע איז שוין אויך געווען וואַך. אויך משהלע האָט זיך צוגעהערט צו דעם ניגון אויף דער פידל. האָט דווידקע געפרעגט: „משהלע, דו הערסט?..."

„זי איז שוין איין מאָל אַ טייוול..." האָט משהלע געענטפערט.

„אַ טייוול?" דווידקען האָט פאַרקלעמט דאָס האַרץ. ער האָט געוואָלט צוקומען צו משהלען, ווערגן אים, שטיקן אים, ער האָט זיך אָבער איינגע־האַלטן, געשוויגן, גאָרניט ניט געזאָגט.

אַ שטימונג. אַ קורצע ווילע. סעקונדן? מינוטן? די שטימע פון דער פידל איז איינגעשטילט געוואָרן. שטיל. ער מיט זיך אַליין. ער וואָלט איצט גאָרניט באַמערקט: זיין נשמה האָט געבלאָנדזשעט און געזוכט אַ תיקון. און איצט האָט ער אים געפונען.

אַ תיקון? איז דאָס אַ תיקון? און ער האָט ביי זיך אין האַרץ גענומען זינגען דעם גמרא־ניגון: אַ תיקון? וואָס איז אַ תיקון? איז עס מדלעיל? אויב ס'איז מדלעיל, קען ער זיך גאָרניט פאָרשטעלן אַז זיין איצטיקער תיקון קען זיין פון וואַנען עס איז אַנדערש. ס'איז געווען כּינור. דער כּינור פון דוד וואָס האָט פאַרטריבן די מרה שחורה פון שאול המלך; די כּינורות

פון בית המקדש... אָבער אָט דער תּיקון האָט דאָך דערגרייכט זיין אייגן האַרץ און ניט ווייטער... ניט משהלעס האַרץ... הייסט עס, ס׳האָט מתקן געווען נאָר אים... הייסט עס אַז תּיקון איז נאָר דענסטמאָל פּרוכטיק ווען ער פאַלט אויף געהעריקן באָדן, אויב ניט, איז עס ניט מער ווי עורבא פּרחה? איז ער דאָס דער ריכטיקער באָדן? היתּכן? און משהלע?...

יאָ, טאַקע משהלע... אָט דאָ איז טאַקע דער גרויסער סוד... דער סוד פון משהלע און מאַלווינקע... אָדער, אפשר נאָך מער — און טאַקע אפשר אֶלֶף אַלפי הבדלות — ר׳ יחיאל און פאַלאַשקאַ... און ער כאַפּט זיך ביים האַרץ מיט ציטערניש און שרעק! — זיינע אייגענע תּאוות. דער סודותדיקער צאַפּל ביים געדאַנק פון מיידלשע ברוסטן! זיין נייגער ביים זען זיי דורכן פענצטער פון זיין חדר בעת ער האָט דאָרט געלערנט. דער נייגער מיט וועלכן ער האָט זיך צוגעהערט בעת משהלעס דערציילונגען וועגן מאַלווינקען, כרוזקען און אַנדערע. זיינען דאָס די פּירות פונעם שׂטן, וואָס שלעפּן אין גיהנום?...

ער האָט זיך אָבער איצט אָפּגעשאָקלט פון אָט די געדאַנקען. זיי זיינען אַלע מעשׂה שׂטן. איצט האָט ער מער באַנומען. אין פראַכט, אין גלאַנץ האָט ער אַ וועלט־מעלאָדיע אין קדושה דערפילט און אין איר טוט ער זיך טובל זיין, און ער פילט דעם טעם דערפון. אוי, ווי גוט דער טעם!



איר שפּילן אויפן פידל האָט זיך אָפּגעשטעלט אין סאַמע מיטן מעלאָדיע. פאַר וואָס? עפּעס איז געשען — אַ סטרונע האָט געפּלאַצט אָדער עפּעס אַנדערש. דווידקע איז אָבער געבליבן ליגן אין בעט, פאַרמאַכט די אויגן און געוואַרט. אויף וואָס? דאָס ווייסט ער אַליין ניט. ווען מ׳וואָלט אים געפרעגט, וואָלט ער קיין ענטפער ניט געהאַט וואָס צו געבן. דערווייל איז אין זיין שלאָפצימער אַריינגעקומען זיין מאַמע.

„שוין שפּעט, דווידקע,״ האָט זי געזאָגט, „שוין באַלד צייט צו גיין אין חדר.״

„אין חדר?״ דאָס האָט ער אין גאַנצן ניט פאַרשטאַנען. „אין חדר — איצט? היינט?״ און ער איז אויפגעשטאַנען, צוגעקומען צו דער מאַמען, זיך צוגעדריקט צו איר. „מאַמע,״ האָט ער געזאָגט, „היינט קען איך אין חדר

ניט גיין... איך קען ניט! מיר האָבן געעסט, איך וויל זיין אין דער היים."

די מאַמע האָט אים נאָכגעגעבן. געצויגן האָט אים צו זיין וואָס נעענטער צו רבקהן. סתם צו רעדן צו איר האָט ער זיך געשעמט, ער האָט אָפּגעהיט יעדער געלעגנהייט צו באַדינען זי מיט וואָס נאָר ס'איז מעגלעך און צו רעדן צו איר וואָס נאָר נייטיק. און די געלעגנהייט איז שפּעטער טאַקע געקומען. זיי זיינען געבליבן זאַלבעגאַנד. האָט ער איר געזאָגט, אַז ער גייט אין חדר, ער לערנט שוין גמרא און קען שוין אַליין אָפּלייענען אַ בלאַט גמרא מיט תוספות אַפילו און מהרש"א, נאָר ער איז ניט צופרידן, ווייל ער וואָלט אויך געוואָלט לערנען דברי חולין. און דאָס וועט ער טאַקע איצט אָנהויבן טאָן. ער וויל גיין אין אַ חדר מתוקן, זאָל נאָר זיין טאַטע מסכים זיין צו דעם. אָבער ער ווייסט, אַז זיין טאַטע וועט מסכים זיין, ווייל זיין טאַטע איז אַליין אַ משכּיל, הגם ער זאָגט עס קיינעם ניט.

און ווייטער האָט ער איר דערציילט, אַז זייער אָפּט, ווען נאָר ער קען, שפּאַצירט ער אין וואַלד און אין פעלד. דאָרט איז איצט אַזוי שיין, סאַמע בליציייט. אויב זי וויל נאָר, וועט ער זי אַהין פירן, אַלץ באַווייזן. בלומען וואָלט ער פאַר איר געריסן, רויטע יאַגעדעס פאַר איר געקליבן...

אָבער זי האָט אים גאָרניט געענטפערט, ניט יאָ און ניט ניין. דערוויייל זיינען אָנגעקומען מענטשן אין הויז: זייערע ביידנס מאַמעס און געסט, האָבן זיי זיך צעשיידט. איז זי צו אים מער ניט צוגעקומען, פונקט ווי זי מערקט אים גאָרניט. גייט זיך אַרום איבערן הויז, טרעט צו צו דעם אָדער צו אַן אַנדערן, לאָזט זיך קושן און האַלדזן, און דערנאָך, ווען זי טרעט אָפּ פון די געסט, איז זעלטן ווען זי קוקט אויף אים, און ווען זייערע בליקן באַגעגענען זיך, ציט זי איר בליק צוריק און הייבט זיך אָן שפּילן מיט עטוואָס — מיטן זוים פון איר קלייד, מיט אַ לאָק פון אירע האָר...

ביי מיטאָג־עסן האָט ער אויסמערקירט צו זיצן לעבן איר, צווישן איר און איר מאַמען, דער מומע דוואָשע. די מומע דוואָשע, האָט ער דערביי באַמערקט, זעט אויס צו זיין נאָך גאָר אַ יונגע פרוי. ניט אַזוי יונג ווי זיין מאַמע, אָבער אויך ניט קיין סך עלטער. אויך זיינען זיי ענלעך איינע צו דער אַנדערער. אָבער רעדן רעדט זי מער פון דער מאַמען. אַ סך מער, באמת, מער פון אַלעמען. זי רעדט אָן אַן אויפהער. באין ברירה, האָט ער זיך געמוזט צוהערן. זיין מאַמע האָט עפּעס באַמערקט, און דוואָשע האָט געענטפערט:

„ניין, מלכּה,״ האָט זי געזאָגט, „אַפילו לעקעך, ווי מען זאָגט עס, עסט זיך צו. דעמאָלט האָט מיך זיין פידל געצויגן. ס׳האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט, אַז ס׳וועט זיין אַ לעבן פול מיט נגינות, אַ שפּילעוודיק, זינגענדיק, טאַנצעוו־דיק לעבן. נאָר מוזיק... אוי, ווי ראָמאַנטיש פאַרליבט איך בין געווען אין מוזיק! אַ לעבן אָנגעפילט מיט נגינות. איך דערמאָן זיך איצט: ער אַליין האָט זיך מיר קיין מאָל ניט פאָרגעשטעלט, נאָר די פידל, און ער אַליין ווי אַ הינטערגרונט פאַרן פידל. איך דערמאָן זיך איצט, ווי איך האָב פריִער דערקלערט: אים אַליין האָב איך מיר פריִער קיין מאָל ניט פאָרגעשטעלט, נאָר זיין נגינה. ער איז פאַר מיר געווען אַ געזאַנג, ריינע מוזיק, און נאָר מוזיק, אַ פידל וואָס צעגיסט זיך אין טענער. טענער, טענער, צעגיסן זיי זיך איבערן האַרצן, צעפליסן זיך מיט חיות איבער אַלע אברים. און מיט אָט די טענער טאַקע האָב איך חתונה געהאַט, אונטער זיי געלאָזט שטעלן מיין חופּה. און דערנאָך... אַ קורצע צייט נאָך דער חתונה...״

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. גענומען עסן. געקייט דאָס עסן זייער לאַנג. אַלע האָבן אויך געגעסן און דערביי געשוויגן. געוואַרט זי זאָל ענדיקן איר דערציילונג. זי האָט אַראָפּגעשלונגען נאָך אַ פּאָר ביסנס, אָפּגערוקט דעם טעלער: מער וויל זי ניט. און זי האָט גענומען פאַרענדיקן איר דערציילונג:

„ס׳איז אַריבער אַ ביסל צייט. ווי לאַנג? ווייס איך ניט. איך האָב זיך באַטראַכט: איך האָב מיין טאַטן, עליו השלום, ניט פאַרשטאַנען. איך האָב דעם טאַטן פאַרלאָזט און אַוועק מיט אים, אַוועק. אַלעמען און אַלץ איבער־געלאָזט. דער טאַטע איז פריצייטיק אַלט געוואָרן. און איך געדענק נאָך ווי ער האָט אַ מאָל זיך אויסגערעדט: אַז זי, די מאַמע, הייסט עס, וועט ניט קענען אין קבר איינליגן. געדענקסט, מלכּה?״ האָט זי זיך געווענדט צו איר שוועסטער.

מלכּה האָט זי פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט:

„צו וואָס די זכרונות? דער טאַטע האָט געטענהט כּל זמן ס׳איז נאָך ניט געווען צו שפּעט. נאָך דעם אַלעמען האָט ער דיר מוחל געווען. די מאַמע, עליה השלום, האָט פון יענער וועלט דיר אויך מוחל געווען... איז פאַר וואָס אָט די אַלע דיינע איבערטראַכטונגען?״

„יאָ, דאָס איז אַלץ אמת,״ האָט די מומע דוואָשע ווייטער גערעדט. „ביסט גערעכט, מלכּה, אַלע האָבן מוחל געווען. אָבער איך ווייס ניט. ניט ווילנדיק

נאָגט דאָס האַרץ, איך ווייס אַליין ניט וואָס. איך האָב מורא אַרויסצורײדן עס, אָבער נאָך רבקהלען, איר צו לאַנגע יאָר, זײַנען ביי מיר נאָך דריי געווען, און ווו זײַנען זיי? איידער ער איז נפטר געוואָרן, האָט אים דער טאַטע צוגערופן און צו אים געזאָגט: ,זע, קלמן, איך בין דיר מוחל. צוויי אויגן ביי מיר אין קאָפּ געווען, האָסטו איינע מיט געוואַלד אַרויסגעריסן. איצט אָבער גיב איך דיר מיין ברכה... איך האָב ניט קיין זין. מיינע איידעמס וועלן דאַרפן זאָגן קדיש נאָך מיר. ווען נאָר דו וועסט קענען... איך ווייס, ניט אַלע מאָל וועסטו קענען, בין איך דיר מוחל... יחזקאל, דיין שוואָגער, ווייס איך, וועט אָפּהיטן צו זאָגן קדיש. באַמי זיך, זאָלסט עס אויך טאָן. אויך יאָרצייט נאָך רבקהן, עליה השלום. מיר ביידע, אויפן עולם האמת, וועלן דאָרט דעם קדיש דערפילן, און מיר וועלן וויסן אַז דו ביסט אַ ייִד, וועסטו אונדז דערפרייען...״

די מומע דוואָשע האָט נאָך אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך האָט זי ווייטער גערעדט:

„אַ קורצע צייט, איך ווייס ניט ווי לאַנג, האָט קלמן זיך אָפּגעהיט, גע־גאַנגען אין שול און געזאָגט קדיש. אָבער ווי לאַנג האָט ער עס געקענט טאָן? זיין מלאכה איז דאָך ניט מער ווי פידל־שפּיל. ער שפּילט, ווו ער שפּילט, ביז סאַמע פאַר טאָג. ווי קען ער אויפשטיין פרי צום מנין, צו זאָגן קדיש? ער האָט ניט געקענט מקיים זיין דאָס וואָס ער וואָלט באַדאַרפט מקיים זיין. איך קען בשום אופן ניט זאָגן, אַז ער איז שולדיק, אָבער אַז מען איז מקבר דריי קינדער... איינס נאָך דאָס אַנדערע...״

דער מומע דוואָשעס קול איז דערשטיקט געוואָרן. זי האָט צו זיך צוריקגערוקט איר טעלער מיטן ניט פאַרענדיקטן עסן און גענומען עסן אויף דער גיך.

אַלע האָבן געשוויגן. דווידקע האָט האַרט לעבן זיך געפילט רבקהס אָרעם און האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. רבקה האָט ניט אַראָפּגעלאָזט אירע בליקן פון איר מאַמען.

„און בכלל, ווי איז ער צו דיר?...״ האָט מלכה שפּעטער געפרעגט.

„בכלל?... אַזוי אָדער אַזוי, אָבער, ווי מ׳רופט עס, שלום בית איז דאָ אַלע מאָל,״ האָט דוואָשע געענטפערט. „מאַן און ווייב, ווייסט דאָך: מיר קומען דורך בשלום. צו די טענער פון זיין פידל קומט מיר ניט אויס צוצוהערן זיך אַזוי אָפט. ווען איך הער זיי אָבער יאָ, פאַרכאַפּן זיי מיין האַרץ נאָך אַלץ.

אָבער אָפט מאָל טריפט טרויער פון זיי. אַפילו פון פריילעכס... ווען ער שפּילט אַ טרויער־מאָטיוו איז ער אַ גאון, אָבער אין אַ פריילעכס אַפילו, ווען ער שפּילט עס, טוט ער אַריין אַ קרעכץ... ער איז אַ גאון, דאָס איז בלי שום ספק. דער עולם ווערט מיטגעריסן מיט זיין שפּילן. ווי אין אַ כישוף. כבוד אַ סך, געלט אויך. פונעם געלט געניס איך אַ סך, פונעם כבוד אָבער פאַל איך אַראָפּ. איצט הער איך זיך איין צו אַן אַנדער פידל — מיט דער צייט וועל איך פון דעם אפשר מער געניסן... (זי האָט דערביי מיט פיל באַטייט אַ קוק געטאָן אויף רבקהלען). מע לעבט זיך, קיין עין הרע, ניט צו פאַרזינדיקן. ער קאַרגט ניט, ברענגט מיר אַלץ וואָס ער פאַרדינט. און מיר פעלט, גאָט צו דאַנקען, גאָרניט... ניט דאָס איז אָבער אַלץ. מיט דעם אַלעמען איז פאָרט פאַראַן אַ שטימונג פון אַ וואָלקנדיקן טאָג מיט אַ דריבנעם רעגן... ניט זון, ניט וואָלקן, נאָר טומאַן און סתם כמורנע... איך ווייס ניט ווי אָנצורופן עס, אָבער איך פיל עס..."

לכתחילה האָט קיינער ניט אָפּגערופן זיך. מ׳האָט דערלאַנגט צום טיש אַן אַנדער געריכט. אַלע האָבן געגעסן און געשוויגן. די שטימונג דערביי איז געווען זייער אָנגעצויגן. ס׳האָט זיך געפילט, אַז וואָס זי האָט געזאָגט, האָט זי נאָך אַלץ ניט דערזאָגט. מלכּה האָט די שטימונג איבערגעריסן:

„דו ווייסט ניט," האָט זי געזאָגט, „ווי אָנצורופן עס. מיר אַלע לעבן איבער שטימונגען, וואָס מיר ווייסן ניט ווי אָנצורופן עס. עפּעס מיינסטו דאָך אָבער דערמיט, אַן אָנצורופן עס ביים נאָמען. וועגן דעם וואָלסטו אפשר יאָ געקענט דערציילן..."

„אפשר יאָ," האָט דוואָשע געענטפערט. „איך ווייס אָבער ניט ווי איבערצוגעבן מיינע טיפסטע געפילן. הער, איך האָב שוין דיר געזאָגט, אַז איך האָב שפּעטער זיך אַרומגעקוקט, אַז איך האָב חתונה געהאַט ניט אַזוי — ווי זאָל איך עס אָנרופן? — ניט אַזוי פיל מיט אַ מאַן, ווי מיט מוזיקאַלישע מעלאָדיעס... איך אַליין שפּיל ניט, אָבער איך ווייס ניט פאַר וואָס, מוזיק איז אין מיר איינגעוואָקסן און איך קען זיך מיט דעם אויסלעבן. האָב איך חתונה געהאַט... אָבער — דו, מלכּה, וועסט מיך אפשר בעסער פאַרשטיין: נאָך דער חתונה האָב איך דאָך אָבער באַדאַרפט זיין אַ פרוי, אַ הויז־באַלעבאָסטע, אַ קעכין, ניט אַלע מאָל פידל. ווען פידל איז אָן דער זייט, בלייבט דאָך מענטש צו מענטש, און דאָס ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן

עיקר. און ווען דאָס פעלט אויס... ס׳איז אַ שלעכט געפיל, מ׳ווערט פּלוצעם אַנטוישט. מ׳איז אָבער געצוווּנגען צו דעם צוצוגעוווינען זיך. איצט איז אַנדערש. איצט איז ער דער מאַן, ניט די פידל... די פידל איז אַרומגערינגלט מיט כּבוד. אַ סך כּבוד... איך? אַ פּשוטע פרוי און וועמענס מאַנס פרוי איז ניט אַ פּשוטע פרוי פאַר איר מאַן? דער מאַן שטייגט אין דערהייבנקייט, די פרוי דערזעט זיך פּלוצעם עלנט... באַדין, זיי אַ קעכין, זיי אַ גלוסטונג אין בעט... טראָג און האָב קינדער.. מיינסט ער ווייזט עס אַרויס? ניין! אָבער איך פיל עס... ער פילט עס אפשר ניט, אָבער איך יאָ... איך קען ניט אויס־האַלטן אין זיין שטענדיקן פאַרטיפט זיין אין זיך אַליין. רק ער שווייגט. אין פרייער צייט שפּאַצירט ער אין גאָרטן. איינער אַליין שפּאַצירט ער אַרום. אין דער היים, ווידער די זעלביקע פידל, אָדער זיצט און קוקט אין פענצ־טער... מיט איר — און זי האָט אָנגעוווּנקען אויף רבקהן — גיט ער זיך מער אָפּ. גיט אַכטונג אויף איר שפּילן אויפן פידל און האָט אַ סך נחת פון איר. הער, מלכּה, ס׳איז אַ מאָדנע וועלט. איך פיל עס, צייטן בייטן זיך. אַ מאָל בין איך געווען די יחסנטע, די בת־הרב, און ער — יוסף דעם בעל־עגלהס זון. אַ קלעזמערוק. מיין חתונה מיט אים איז געווען אַ שמד־שטיק. און איצט איז ער דער באַרימטער מוזיקער, אַ כּבוד צוצוטרעטן צו אים, און איך... ס׳איז פאַראַן אַן איבל אויף דער וועלט: מענער אַנטוויקלען זיך אויך נאָך דער חתונה, פרויען ווערן מאַמעס און גייען צוריק... פאַרשטייסטו מיך, מלכּה?..."

„ניין," האָט מלכּה נאַיִוו געענטפערט.

„ניין, דו פאַרשטייסט עס ניט... ביסט גליקלעך. איך וואָלט עס אויך ניט פאַרשטאַנען, אָבער..."

זי האָט ניט געענדיקט. ר׳ יחזקאל איז פּלוצעם אַריינגעקומען.

## קאַפּיטל 20

אַ הייסער טאָג איז היינט. שווער איז די לופט און דער אָטעם איז מיד. אומעטיק איז אין חדר. ס׳וויגן זיך ניט די קינדער איבער די ספרים, נאָר זיי זיצן שטיל, די הענט אויף די טישן אומבאַוועגלעך; עס טרייבט צום שלאָפן. דער רבי כאַפּט אַ דרימל, און ווען ער כאַפּט זיך אויף, ווישט ער דעם

שוויס פון זיין פנים מיט די פּאָלעס פון זיין לאַנגן וואָלענעם אַרבע־כּנפות. די קינדער האַלטן אָפן די אויגן, כּלומרשט זיי קוקן אַריין אין די ספרים, אָבער לערנען, לערנען זיי ניט, ניט מער ווי זיי ציִען שוואַך דעם ניגון, דעם רבין אָפּצונאַרן.

די לופט שטייט אומבאַוועגלעך, קענטיק אַ כמאַרע וועט באַלד אָנקומען.

דורך די קליינע אָפענע פענצטער שטראָמען אַריין אין צימער פּאַסן פון באַקנדיקער זון; דורך די פענצטער זעט זיך אויך פון דער וויטן ווי אויס־געצויגן זיינען אין גרינסן די פעלדער. ערשט ניט לאַנג האָבן זיי זיך אָנגעהויבן פּרוכפּערן: דער גערשטן האָט נאָך ניט אַרויסגעלאָזט די זאַנגען, דער ווייץ און האָבער — אויך ניט, בלויז דער ווינטערדיקער קאָרן איז שוין מיט קעפּלעך געבענטשט. דערפאַר זיינען נאָך העל אָדער טונקל־גרין די פעלדער, בכן ווייזן זיי זיך אויס צו זיין פריש און מונטער און ווינקען אָפּט ליבלעך מיט בלויע, געלע, רויטע און פיאָלעטעווע אייגלעך פון די בלומען־העזהניקעס, וואָס האָבן, אויף צו להכעיס דעם פויער, דאָ און דאָרט זיך געבויט נעסטן — אַ קללה פאַרן פויער, אַ ברכה פאַרן אויג.

קוקן די פעלדער דורכן פענצטער אין חדר אַריין און רייצן, רופן צו זיך. ס׳וואָלט דאָרט בעסער געווען איידער אין חדר, ס׳וואָלט בעסער געווען צו צעלייגן זיך אויפן פרישן גרינעם גראָז, אינעם שאָטן פון אַ בוים, קוקן, גלאָט אַזוי קוקן, אויף גאָטס וועלט, שמעקן די בשׂמים און ריחות פון די בלומען, איינהערן זיך צו יענער שטילער מעלאָדיע, וואָס קיינער ווייסט ניט פון וואַנען זי טראָגט זיך, און פאַרטיפן זיך אין זיך גופא, אַליין ניט ווויסנדיק אַז זי, אָט די פאַרטיפונג, מיינט צו ווערן אין גאַנצן אַריינגעטאָן אין דער אַרומיקער גרויסקייט, שיינקייט; ווערן אַזוי פריי ווי די פייגעלעך, וואָס פליִען אַרום הויך, הויך אונטערן הימל.

משהלע זיצט לעבן דווידקען און אָטעמט שווער; ס׳איז אים הייס, אָבער ער פילט עס ניט. ער אַרבעט אויס אַ פּלאַן, און ער טראַכט ווי דורכצופירן אים.

ער פילט, ער פאַרלירט אויך דווידקעס פריינדשאַפט. פרעמד ווערט דווידקע צו אים, און ער, משהלע, בלייבט אין גאַנצן עלנט. אַלע קינדער זיינען פון אים אָפּגעזונדערט, און איצט אויך ער, דווידקע?

און ער ווייסט פאַר וואָס עס איז. דווידקע איז מיט רבקהן פאַרטאָן. איז

בײדע זאַכן: רבקהלען װאָלט ער געװאָלט אָפּנעמען, און דװידקען צוריק געװינען. בכן, ער דאַרף דװידקען אָנבאָטן עפּעס אַנדערש, אָפּצי:ען פון רבקהן און צוצי:ען צו זיך. האָט ער זיך דערטראַכט װאָס ער קען און האָט צו טאָן: כרוזקע!

האָט ער זיך אײנגעבויגן און שטיל אַרײַנגעשעפּטשעט דװידקען אין אויער:

„מאַך זיך אַז דו דאַרפסט אַרױסגײן, װעל איך אויך באַלד קומען. איך װיל דיר עפּעס דערצײלן.“

דװידקע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: מסכּים.

אין דרויסן האָבן זײ זיך צוגעזעצט אויף דער פּריזבע און משהלע האָט אויף דער גיך אָנגעהױבן רעדן צו אים שטיל אויפן אויער:

„כ׳האָב שױן דיר לאַנג געװאָלט דערצײלן, אָבער איך האָב דיך ניט געקענט טרעפן װען דו ביסט אײנער אַלײן. ביסט אַזױ אָנגעבלאָזן און פאַרטאָן, אַז ס׳װילט זיך ניט אָנהױבן מיט דיר. איך האָב אָבער געאַרבעט פאַמעלעך, און דיך אין זינען געהאַט...“

דװידקע האָט אים אָנגעקוקט פאַרװוּנדערט.

„װאָס איז עס אַזױנס?“

„כרוזקע...“

„װאָס הײסט?“

„אויב דו װילסט, קענסטו זי האָבן... קענסט אַלץ טאָן... װײסט דאָך, אַז זי קומט מיך זען בײ נאַכט. איך ברענג איר שטיקלעך צוקער. פון די קאָנפעטן, װאָס דײַן מומע דװאָשע האָט מיר געגעבן, האָב איך איר אויך געגעבן. אַנומלטן האָב איך איר געבראַכט אַ שטיקל לעקעך. בײ איר איז אַלץ אַ מציאה. קומט זי װען איך װיל נאָר. איך גײ צו צו איר הויף און גיב אַ פײַף דרײַ מאָל, פאַרשטײט זי און קומט באַלד אַרױס. זי שלאָפט ניט אין הױז, נאָר אויפן הויף. דאָרט אונטערן דעכל שלאָפט זי, אויף אַ װאָגן װאָס איז אויסגעבעט מיט שטרוי. דערפאַר קען קײנער ניט װיסן װען זי קומט אַרױס. נעכטן בײ נאַכט איז עס געװען. אַלע בײ אונדז אין הויז זײַנען שױן געשלאָפן. בין איך אַװעק צו איר. זי איז אַרױסגעקומען אין אײן העמד, אַזױ װי אַלע מאָל. איך האָב זי ביסלעכװײז אײַנגעװױנט... צו ערשט האָט זי אַפילו קושן זיך ניט געלאָזט: געשעמט זיך, דערנאָך האָט זי שױן מיך

אויך געקושט. בין איך געקראָכן ווייטער, ביסלעכווייז, ביסלעכווייז... נעכטן האָבן מיר זיך געזעצט צווישן די קוסטעס. אין דער פינצטער קען דאָרט קיינער ניט זען. האָב איך זיך געטראַכט: היינט אָדער קיין מאָל ניט. נו, ס'איז מיר ניט גרינג אָנגעקומען. זי האָט נאָר געטענהט: „מאַשקאָ, וואָס טוסטו?" אָבער איך האָב זי צערייצט, האָט זי זיך שפּעטער געלאָזט..."

„האָט זי זיך געלאָזט?..." האָט דווידקע אַ פרעג געטאָן און געפילט, אַז ס'פאַרכאַפּט אים דער אָטעם.

„געוויס האָט זי זיך געלאָזט. איך וועל דאָך דיר קיין ליגן ניט דערציילן. איצט, אויב דו ווילסט, קענסטו שוין קומען אויף אַ פּאַרטיקן לאַד. מיר וועלן ביידע קומען און דערנאָך וועל איך דיך איבערלאָזן מיט איר אַליין און כ'וועל אַוועקגיין..."

„אָבער וועט זי זיך לאָזן?"

„פאַר וואָס זאָל זי דיך ניט לאָזן? ברענג איר אַ שטיקל לעקעך. און זאָלסט נאָר קיין מורא ניט האָבן. אַ שיקסל איז ,טרודנע' דאָס ערשטע מאָל, און דערנאָך לאָזט זי שוין אַלעמען." דיך וועט זי לאָזן נאָך גיכער פון מיר. שטענדיק פרעגט זי זיך נאָך אויף דיר, בעט מיך אַז איך זאָל דיך ברענגען. דו געפעלסט איר זייער. זי זאָגט, אַז זי האָט דיך ליב בעסער פון מיר, ווייל דו ביסט שענער..."

„טאַקע?"

„זאָל איך אַזוי לעבן, ווי ס'איז אמת."

„גוט, ווען זאָלן מיר גיין?"

„היינט ביי נאַכט, אויב דו ווילסט."

„גוט. ווען אַלע וועלן זיך לייגן שלאָפן, וועלן מיר אויפשטיין און גיין."



צוריק אין חדר, געזעצט זיך ביי די ספרים.

משהלע איז צופרידן, עס גייט אויף אַ דרך.

און דווידקע? ער האָט זיך פאַרטראַכט: כרוזקע... ער האָט צו משהלען געזאָגט: יאָ! און איצט הייבט ער אָן חרטה האָבן. ניט וואָס ער שעמט זיך, דאָס אויך, אָבער דערביי קומט אים גלייך אין זינען, וואָס נעכטן איז געשען...

נעכטן איז געווען שבת. נאָך שלוש־סעודות איז דער טאַטע אַוועק אין

שול און זיי אַלע — די מאַמע, די מומע דוואָשע, רבקה און ער — זיינען אַוועק שפּאַצירן. ער, פון איין זייט וועג, לעבן זיין מאַמען, און רבקה אויף דער אַנדער זייט וועג לעבן איר מאַמען. געוואָלט האָט זיך אים אַריבערגיין אויף דער צווייטער זייט וועג און זיין לעבן רבקהן, אָבער ער האָט ניט געקענט געפינען קיין פּאַסיקע געלעגנהייט. די מאַמע און די מומע דוואָשע האָבן געהאַלטן אין איין רעדן צווישן אַנאַנד. צו ערשט האָט די מאַמע עפּעס דערציילט און נאָך דעם די מומע דוואָשע. די מומע דוואָשע האָט אָנגעהויבן וויינען. צו וואָס זיי רעדן האָט ער זיך ניט צוגעהערט. ער האָט נאָר געהאַט רבקהן אין זינען. געזען האָט ער אַז זי קוקט אויף איר מאַמען זייער באַנומען, מיט דערשראָקענע אויגן, ווי אָט וועט זי אַליין אויך אָנהייבן וויינען.

מ'איז צוגעקומען צום ברעג וואַלד און אַוועקגעזעצט זיך אויפן גראָז. די מאַמע און מומע דוואָשע האָבן נאָך אַלץ גערעדט צווישן זיך אין דער שטיל און דווידקע האָט בגנבה געקוקט אויף רבקהלען. רבקהלע האָט קענטיק יאָ גוט צוגעהערט זיך צו איר מאַמעס רייד און האָט אויסגעזען צו זיין פאַרזאָרגט. זעט אויס, אַז איר מאַמע האָט אויך באַמערקט איר פאַרזאָרגט־קייט, און זי האָט זיך געווענדט צו ביידע קינדער:

„רבקהלע און אויך דו, דווידקע, פאַר וואָס זיצט איר אויף איין אָרט? ס'איז נאָך פרי, ס'איז אַ שיינער פאַרנאַכט, גייט בעסער אין וואַלד אַריין, שפּאַצירט צווישן די ביימער און קלייבט אונדז אָן בלומען, אויב איר וועט זיי געפינען.״

„בלומען אָנקלייבן?״ האָט דווידקע זיך פאַרוווּנדערט. „היינט איז דאָך שבת...״

אַרויסגערעדט זיך, און באַלד האָט אים אַליין פאַרדראָסן הלמאי ער האָט אַזוי גערעדט. ער האָט איצט געהאַט אַ געלעגנהייט צו גיין צוזאַמען מיט רבקהן, פאַרבלייבן מיט איר אַליין, און ער האָט אָט די געלעגנהייט אַליין צעשטערט. אָבער דער מומע דוואָשען האָט עס ניט אָפּגעשוואַכט. זי האָט געזאָגט:

„אָה, יאָ, געווען גאָר פאַרגעסן זיך... נו, בכן קלייבט ניט קיין בלומען, גייט אַזוי אַ ביסל שפּאַצירן. אָבער גייט ניט צו ווייט, און אַז מיר וועלן אייך רופן זאָלט איר דערהערן.״

דערווייל איז משהלע אויך אָנגעקומען. קענטיק, ער איז געלאָפן, מחמת

ער האָט שווער געאָטעמט און זיינע באַקן זיינען געווען רויט, צעפלאַמט.

„אָט איז אויך משהלע," האָט די מומע דוואָשע געזאָגט. „גייט, קינדער, צוזאַמען, און שפּילט זיך אַ ביסל."

מיט משהלען איז דווידקע ניט גאָר צופרידן געווען, אָבער, פאַרפאַלן. זיינען זיי אַוועק צוזאַמען, געגאַנגען שטיל איבער די גאָר שמאָלינקע וועגעלעך, וואָס קרייזלען זיך אין וואַלד, נעענטער צו די פאַראַקערטע און פאַרזייטע פעלדער.

רבקה איז קענטיק געווען פאַרזאָרגט און ניט אין אַ גוטער שטימונג. ס'איז מן הסתם דערפאַר וואָס איר מאַמע האָט אָט ערשט געוויינט, האָט דווידקע געטראַכט. געגלוסט האָט זיך דווידקען צוצוטרעטן נעענטער צו רבקהן, פריינדלעך זי אַרומנעמען, גלעטן אירע לאָקן, אַריינקוקן אין אירע טיפע אויגן און זאָגן איר מיטן לשון פון ישעיה הנביא: „טרייסט זיך, טרייסט זיך, רבקהלע! זאָל אַוועקגיין דער אומעט פון דיין האַרץ, זאָלן פאַרשווינדן די דאגות פון דיין קאָפּ, און די משׂא וואָס דריקט דיך זאָל פאַרשווינדן."

און נאָך עטוואָס וואָלט ער געטאָן: ער וואָלט איר אויפגעוויזן ווי אין גרינקייט האָט זיך באַשפּראָצט דער וואַלד, ווי אָנגענעם עס קילן זיינע שאָטנס, ווי עס צעווירצן זיך מיט האָניק־ריחות די סאָסנעס, ווי מחיהדיק עס צעקלינגט זיך אויף קולי־קולות די עכאָס, ווען מ'רופט אויס מיט הויכע קלאַנגען שטימעס און געזאַנגען...

ער וואָלט זי ביי דער האַנט גענומען און אַוועקגעפירט צו דער קליינער לאָנקע, וואָס איז דאָ ניט ווייט אין וואַלד און וואָס איז אים גוט באַקאַנט, איר באַוויזן ווי בלומען זיינען דאָרט מלא חן און וואַקסן אין אַ גרויס געדערעניש, ווי עס שפּרינקלען דאָרט אין דער קליינער אָזיערע די וואַסער־ליליעס, ווי עס טוקן זיך דאָרט איבער דעם אָזיערע־אויבערפלאַך די סטרעקאָזעס מיט די פּיאָלעטן־ און גאָלד־פליגלען — עס באָדט זיך אין פּראַכט דער טיפער פרילינג.

מ'איז אַוועק איבער אַ שמאָלן וועג. פון ביידע זייטן קוסטעס, טשעפּען זיי זיך אָן די קליידער און שמייסן אין פּנים. משהלע איז אַוועק פאָרויס, געפייפט זיך אַ לידל; רבקה איז נאָך אים געגאַנגען און דווידקע האָט זי נאָכגעפאָלגט, כּלומרשט אויף איר אַכטונג צו געבן, זי אָפּהיטן. איז פּונקט אַזוי געשען, אַז רבקה האָט זיך פאַרטשעפּעט מיט אַ פוס אָן אַ וואָרצל פון

אַ בוים און איז שיער ניט געפאַלן. דווידקע איז האַסטיק צוגעלאָפן און זי אונטערגעכאַפּט. דערפילט אין זיינע אָרעמס איר דין קערפּערל. ער האָט זי ניט אָפּגעלאָזט צו שנעל. זי האָט ניט באַוויזן קיין סימן אַז זי וויל זיך אָפּרייסן פון אים, האָט ער זי שטאַרקער און שטאַרקער אָנגעהויבן צודריקן צו זיך. ניט מיט ווילן האָט ער עס געטאָן, נאָר זיינע אַלע געפילן האָבן זיך געקלאַמערט צו איר. און זי איז פאַרבליבן אין זיינע הענט, אַפילו עטוואָס געדריקט זיך צו אים. זיין געמיט, ווי עס וואָלט וועלן אַרויסשפּרינגען פאַר נחת, ווי ער וואָלט געוואָלט אין גאַנצן אַריינגיסן זיך אין איר און אַריינגיסן זי אין זיך, ווערן איינס מיט איר מאָגערן קערפּערל (אין תורה־לשון — אַ פליש פון איר פלייש, אַ ביין פון איר ביין...).

און אַ גלוסטונג איז צו אים געקומען, אַ גלוסטונג וואָס האָט אַזש פאַרכאַפּט זיין אָטעם: עס איז פאַרלייגט אַזוי איר קעפּל אויף זיין אַקסל, אָפּן זיינען אירע ליפּעלעך — אַה, אַ קוש אין אָט די ליפּעלעך!

דערשראָקן האָט ער זיך אַליין פאַר אָט דעם געדאַנק, אָבער די גלוסטונג איז אַזוי שטאַרק אַז זי פאַרטשאַדעט זיין מוח. און אַ שרעק איז אַדורך אין זיין קאָפּ: „זי איז דאָך דיין לייבלעך שוועסטער־קינד... ווי אַן אייגענע שוועסטער... מעגסטו?"

אַזש דער קאָפּ האָט אים פאַרשווינדלט.

יאָ אַ קוש געטאָן, אין די ליפּעלעך, אַ געאײַלטן קוש... דערשראָקן זיך, אויף דער גיך אָפּגעטראָטן פון איר, איבערגעשראָקן, וואָס וועט זי איצט זאָגן אָדער טאָן?...

אָבער זי — גאָרניט. געבליבן שטיין לעבן אים און אויסגעשעפּטשעט: „אַ דאַנק!" פאַר וואָס אַ דאַנק? פאַרן אונטערהאַלטן זי, אַז זי זאָל ניט פאַלן, אָדער פאַרן קוש? אפשר פאַרביידע זאַכן?...

„רבקהלע!..." האָט ער זיך ניט איינגעהאַלטן און אויסגעשעפּטשעט. און נאָך עטוואָס האָט ער געוואָלט זאָגן, אָבער דאָס קול האָט זיך אים אָפּגעהאַקט. דערווייל האָט זיך משהלעס קול דערהערט פון דער ווייטנס:

„קומט נאָר אַהער! איך האָב געפונען אַ נעסט..."

לית ברירה — זיי האָבן געמוזט גיין.

אין הויכן גראָז, צווישן קוסטעס איז געווען באַהאַלטן אַ נעסט. געלעגן דאָרט דריי יונגע פייגעלעך, ערשט אַרויס פון די אייערלעך, נאָך אָן פעדערן,

קליין, צאַפּלדיק און זיי פּישטשען רחמנותדיק און איבערגעשראָקן. די מאַמע זייערע האָט זיך איבערגעשראָקן, אַוועק פון נעסט, אַרומגעפלויגן פון אויבן און אויף איר קול געשריִען באַנומען.

„איך וועל די פייגעלעך נעמען אַהיים," האָט משהלע געזאָגט און איינ־געבויגן זיך אויפצוהייבן זיי. איבערגעשראָקן, האָבן די פייגעלעך אָנגעהויבן צאַפּלען זיך. פון אויבן איז אַראָפּגעפאַלן זייער מאַמע, פאַרשטעלט אירע קינדער, גענומען קלאַפּן מיט אירע פליגלען און פּיקען משהלעס האַנט מיט איר שנאָבל.

„לאָז אָפּ!" האָט רבקהלע משהלען אַ כאַפּ געטאָן פאַרן האַנט. „טשעפּע ניט! ס'איז אַ רחמנות..."

משהלע איז געבליבן שטיין מטושטש, ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. פאַר־נומען האָט אויך זיין האַרץ דעם עגמת נפש פונעם גרויסן פויגל, אָבער נאָכצוגעבן האָט ער ניט געוואָלט. מחמת רבקה האָט אים איינגעהאַלטן, האָט ער דווקא געוואָלט די פייגעלעך, געוואָלט אַרויסווייזן זיין פעסטקייט.

„אָה, זי לאָזט ניט, וועל איך זי אויך נעמען," האָט ער געזאָגט.

אָבער רבקה האָט זיך איינגעקלאַמערט אין זיין האַנט און אים ניט צוגעלאָזט. אַזש איר פּנים איז בלאַס געוואָרן פאַר פאַרדרוס און רחמנות.

„טרעט אָפּ, בעט איך דיך!" האָט זי אויסגעשריִען, „ריר ניט אָן די פייגעלעך! זיי זיינען ליבע לעבעדיקע באַשעפענישן און אויף זיי איז אויך אַ רחמנות..."

משהלע איז אָפּגעטראָטן פאַרצאַרנט, מיט דעם אויסדרוק פון אומצו־פרידנקייט וואָס ער דאַרף נאָכגעבן אַלעמענס משוגעתן, און זיך אַוועקגעזעצט אונטער אַ בוים פון דער ווייטן פון רבקהן און אָנגעהויבן פייפן אַ מאָטיוו פון עפּעס אַ ליד. דווידקע איז מיט רבקהן אָפּגעטראָטן אָן אַ זייט און האָבן זיך אויך אַנידערגעזעצט אויף דער ערד. ער האָט איר געקוקט אין די אויגן אַריין. ער איז שוין איצט דרייסטער געווען און פריילעכער און ער האָט פאַר זיך באַשלאָסן, אַז דווקא איצט איז די צייט ווען ער קען און זאָל רעדן צו איר, איר אויסדערציילן אַלץ וואָס ער טראַכט און אַנטפּלעקן זיינע געפילן צו איר, ער מוז פאַר איר אַנטפּלעקן אַלע זיינע ספקות און סודות, און אַלץ וואָס עס פּלאָגט און נאָגט זיין האַרץ.

אָבער מאָדנע: אַלץ איז פּלוצעם פאַרשוווּנדן געוואָרן. אַלע סודות, אַלע

זיינע קשיות, אַלע זיינע ספקות האָבן זיך ווי אויסגעוועפּט פון אים. זיי אַלע זיינען ביז איצט געווען מיט טרויער פאַרקניפּלט, און איצט האָט זיך דער טרויער אויסגעוועפּט פון אים. ער פילט ווי עס ברויזט אַ ניי לעבן אין אים, אַ לעבן וואָס איז אים ניט באַקאַנט, עפּעס אַ פאַרהוילעניש, אַ לעבן וואָס איז אפשר אויך טרויעריק, אָבער אָן די אַלע ספקות, מיט וואָס ער האָט זיך ביז איצט אַרומגעטראָגן, און ער ווייסט ניט ווי און וואָס צו אָנהייבן רעדן. האָט ער זי אָנגענומען ביי דער האַנט, מיט דעם אויסדרוק, אַז ער דאַרף איר עפּעס דערציילן וואָס איז זייער וויכטיק. זי האָט מיט דערוואַרטונג אים אַריינגע־קוקט אין די אויגן. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט און ניט געקענט אָפּרייסן זיך, „רבקהלע," האָט ער אויסגעשעפּטשעט, „איך האָב דיך פריִער אַ קוש געטאָן... איך וויל נאָך אַ מאָל. זאָל איך?"

אַנשטאָט אים צו ענטפערן האָט זי זיך צו אים צוגעצויגן און זייערע ליפּן האָבן זיך באַהעפט.

„האָסטו געהערט די מעשׂה וואָס ווערט דערציילט אין חומש מכּוח יעקב אָבינו און זיין באַגעגעניש מיט רחל?" איז אים פּלוצעם איינגעפאַלן צו פרעגן.

„יאָ," האָט זי געענטפערט, „דער ראַבינער אין גימנאַזיע גיט אונדז אַ ביבל־שטונדע."

„יעקב האָט פאַר רחלען געדינט פערצן יאָר... איך וואָלט עס פאַר דיר געטאָן..."

משהלע, ווי עס זעט אויס, איז איבערזיכטיק געוואָרן אויף זייער נאָענטקייט צווישן אַנאַנד, מחמת זיי האָבן באַלד דערהערט זיין בייזן אויס־געשריי:

„ווי לאַנג נאָך וועט איר דאָרט זיצן? קומט לאָמיר גיין!"

*

„דאָך איז משהלע אַ גוטער," האָט דווידקע פאַר זיך געטראַכט שפּעטער אין אָוונט, ווען ער איז שוין געלעגן אין בעט און איידער ער איז איינגע־שלאָפן. „ער האָט פריִער אויך געוווסט וועגן מיין נאָענטקייט מיט רבקהן, פון דעסטוועגן האָט ער מיך אין זינען מכּוח כּרוזקען."

רבקה — כּרוזקע...

אין משך פון איין געדאַנק זײַנען זיי בײדע געקומען... כרוזקע, טראַכט ער מכּוח איינס... און ווען ער איז מיט רבקהן, ליגט עס אים גאָר אין זינען ניט. דער זינען פון כרוזקע, איצט ווען זי האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן אין זיין געדאַנק מיט רבקהן, איז גאָר אַ ניט מעגלעכע זאַך פאַר דער צווייטער, אַ חילול הקודש, זיין נשמה עקלט אָפּ פון דעם, פּונקט ווי ער וואָלט אַ טראַכט געטאָן מכּוח שלעכטע מידות אויף אַ ספר־תּורה, רחמנא ליצלן.

צוויי היפּוכים.

און נאָך עפּעס — מעשׂה שׂטן אַריינגעגנבעט זיך אין זיין מוח. מעג ער איצט אַפילו אַריינמישן כרוזקען אין זיין געדאַנק?

און אויב ער מעג — קען ער?

און אַן אינערלעכער קול האָט אים געענטפערט:

„ער קען ניט! ער האָט אַפילו קיין חשק ניט! און ער טאָר ניט, ס׳וואָלט געווען סאַמע טומאה. ער וואָלט קדשי קדשים מטמא געמאַכט, ער וואָלט שוין סאַר זיין נשמה מער קיין מאָל קיין רפואה ניט געפונען.

ער איז איינגעשלאָפן.

און אויף מאָרגן אין חדר, ווי נאָר ער האָט געהאַט אַ געלעגנהייט, האָט ער שטיל אַריינגעשעפּטשעט אין משהלעס אויער:

„הער, איך האָב זיך באַטראַכט... וועגן כרוזקען. איך וועל ניט גיין. ס׳איז טומאה, מ׳טאָר ניט, מער זאָלסטו מיר ניט דערמאָנען..."

משהלע האָט אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט, אָבער דווידקע האָט עס ניט באַמערקט.

דווידקע האָט פּלוצעם אַ גרויסע שׂימחה דערפילט: ער איז בייגע־שטאַנען דעם ניסיון. ער איז איבערגעקומען אַ גרויסע, מוראדיקע סכּנה... ער האָט זיך געראַטעוועט פון חושך און דערזען אַ גרויס ליכט.

האָט ער זיך צעוויגט מיט התמדה איבער דער גמרא, צעזונגען זיך הויך אויפן קול: „תּנו רבנן..." אַזש דער רבי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין דרימל, אַזש אַלע קינדער האָבן זיך אומגעקוקט אויף זיין זייט פאַרוואונדערט.

*

ווען די זון האָט גענומען נידערן צום מערב און די פאַסטעכער אויף די פעלדער האָבן צוזאַמענגעטריבן די טשערעדעס צו פירן זיי צוריק צו

זייערע שטאַלן, האָט דער רבי די קינדער פונאַנדערגעלאָזט צו גיין צו זייערע היימען.

אַרויסגעאיילט האָבן די קינדער אין דרויסן, צעשפּרייט זיך אין פרייהייט מיט קולי־קולות, איז געקומען צו זיי צוריק דער געלעכטער, האָבן זיי זיך צעשפּרונגען איבער דער פרישער לופט און געפילט חיות פון דעם קוים־קוים ווינטל, וואָס האָט געבלאָזן צווישן די ביימער פונעם קאַמאַרינקער געסל.

„לאָמיר גיין שפּילן אין ,שלי־שלך׳", האָט זיך ברוכקע געווענדט צו דווידקען.

דווידקע האָט אַפילו ניט געענטפערט און איז שנעל אַוועק אַהיים.

„קינדער, דווידקע וויל ניט שפּילן," האָט ברוכקע אויסגערופן מיט פאַרדרוס.

„וויל ער ניט, דאַרף מען ניט. מיר וועלן אָן אים אויך אויסקומען."

זיך צעשטעלט אין שורות, צעטיילט אין כּלומרשט־קריגערישע מחנות, געקרוינט מלכים, קעגן וועמען ס׳איז אַזוי לייכט צו יעדער צייט ווידער־צושפּעניקן, און ס׳האָט זיך מיט גרויס אימפּעט פאַרפירט אַ קינדערישע מלחמה, אַ מלחמה אויף קאַטאָוועס.

דווידקע האָט זיך אַוועקגעשפּאַצירט אַהיים. צו ערשט איז ער ניט געגאַנגען, נאָר געלאָפן אין גרויס איילעניש, וואָס שנעלער צו זיין אין דער היים, אָבער וואָס נעענטער ער איז צו זיין היים צוגעקומען, אַלץ לאַנגזאַמער האָט ער אָנגעהויבן שטעלן זיינע טריט. געוואָלט האָט זיך אים וואָס שנעלער צו קומען טרעפן זיך מיט רבקהן, און עפּעס האָט ער ווי געשראָקן זיך פאַר דער באַגעגעניש.

עפּעס האָט זיך אים מיט אַ מאָל אויסטערליש אויסגעוויזן דער גאַנצן ענין: רבקה, וואָס פאַר אַ שייכות האָט זי צו אים? פאַר וואָס האָט ער איבער־געלאָזט די קינדער, וואָס מיט זיי צוזאַמען וואָלט אים געווען פריילעך צו שפּילן זיך, און ער גייט איצט אַהיים? מחמת רבקהן. רבקה איז טאַקע אַ שוועסטער־קינד, אָבער ניט דאָס ציט דאָך אים צו איר. רבקה איז אַ מיידל, דערפאַר איז דאָס? אַוודאי דערפאַר. איז ווי קומט עס צו אים צו טראַכטן מכּוח אַזעלכעס? שפּילט זיך דער שׂטן מיט אים? אפשר גאָר אַ פאַרבלענדע־ניש, אָדער אַ כּישוף? ער האָט שוין געהערט אַ סך מכּוח אַזעלכעס.

כּדומה למשל: ווען עמעצער, ווער דאָס זאָל ניט זיין, אַ חדר־יינגל, אַפילו זיין טאַטע אָדער זיין מאַמע, קומט צו צו אים און פרעגט אים, הלמאי ער איילט זיך אַזוי שטאַרק צו קומען אַהיים, וואָלט ער דען אויסגעזאָגט דעם אמת? און ער איז זיך אַליין מודה: געוויס ניט! און ווען ער וואָלט יאָ אויסגעזאָגט דעם אמת, ווי וואָלט מען אויף אים געקוקט? ווי אַ ביזוי־יונג?

און ווען זיינע חברים אין חדר וואָלטן זיך דערוווּסט דעם אמת, וויפל וואָלטן זיי אים אויסגעלאַכט!

בכן, פאַר וואָס טוט ער עס?

און זאָל ער פון זיין האַרץ אַרויסשליידערן אַלע געפילן, ווי קען ער עס?

דערווייל איז אַ טשערעדע פי אָנגעקומען פון פאַשע אין פעלד און ער האָט זיך מיט איר דערפרייט. שטיפעריש האָט ער אָנגענומען אַ יונג ביקל פאַר זיין ווידל. דאָס ביקל, אָן איבערגעשראָקענער, האָט געגומען אַנטלויפן, אָבער דווידקע האָט זיין ווידל געהאַלטן פעסט, איינגעשפאַרט זיך מיט די פיס אין גראָז און אים איינגעהאַלטן. דאָס ביקל האָט זיך געריסן צו אַנטלויפן, אָבער דווידקע האָט אים געהאַלטן פעסט, איינגעשפאַרט זיך מיט די פיס אין גראָז, אים איינצוהאַלטן. דאָס ביקל האָט זיך געריסן אין אַלע זייטן, קוים באַוועגט זיך און געשלעפּט דווידקע נאָך זיך, בעת דווידקע האָט מיט הנאה געקוקט ווי די פאַנטאָפל פון זיינע שיך אַקערן דעם זאַמד פונעם וועג, לאָזן איבער אויסגעגראָבענע בייטן, אַזוי ווי די סאָכע אין פעלד.

דערפילט האָט ער זיך פריילעך דערפון און מונטער. פריילעך פון דעם פלוס פון כּוחות וואָס ער האָט אין זיך באַנומען, און פאַרגלוסט האָט זיך אים אָט די כּוחות צו מעסטן, ערגעץ ווו צו לויפן, שפרינגען, ברעכן, שטעכן. אַפּלאָזנדיק דאָס ביקל, האָט ער אַ שפרונג געטאָן הויך אונטער דער בער־יאָזקע, פאַרכאַפּט דעם נידעריקן צווייג און גענומען זיך וויגן. נאָך דעם געשיקט אַ כאַפּ געטאָן זיך און פאַרכאַפּט דעם צווייג אויך מיט די פיס, און באַלד איז ער שוין רייטנדיק געזעסן אויף אים. פון איין צווייג אויף אַ צווייטן איז שוין לייכטער צו קלעטערן, און אַזוי העכער און העכער ביז ער האָט דערפילט, אַז דער שפּיץ פונעם בוים בייגט זיך אונטער אים און העכער קלעטערן טאָר ער שוין ניט.

האָט ער אַרומגענומען דעם שטאַם מיט ביידע הענט און גענומען וויגן זיך מיט אים; דערפילט ווי ער שאָקלט זיך צווישן הימל און ערד, הענגט

אין דער לופט, ווו גערעם איז אַרום, ברייט און ווייט, פריילעך און לעבעדיק.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט. אויסגעלייגט האָט זיך די קאַמאַרינקער גאַס, פאַרצויגן זיך מיטן שליאַך באַרג אַרויף, ביז וואַנען דער וואַלד פאַרצוימט דעם האָריזאָנט, ווו די זון גייט אונטער אין אַ ים מיט פורפור.

אויפן שולהויף לויפן אַרום די קינדער. מאָדנע ווייזן זיי זיך אויס, אַזוי קליין, פונקט ווי מילבן וואָלטן עס אַרומשפּאַצירט. זייערע קולות הערן זיך ניט, דערפאַר ווערן זייערע באַוועגונגען ניט פאַרשטאַנען און זיי ווייזן אויס משונהדיק. איז ער ביי זיך שטאָלץ געוואָרן, דערפילט זיך קליגער פון זיי אַלעמען, העכער פון אַלעמען, ווי אַן אמתער מלך אין זיין גרויסקייט, ווי אַ הערשער דורך גאָטס גענאָד.

יוסף, דער זון פון יעקב, איז געוואָרן אַ הערשער — פאַר וואָס ניט ער? דוד המלך און שאול זיינען ניט מער ווי פאַסטעכער געווען.

און כוחות פילט ער איצט אויך אין זיך. ער וואָלט איצט אויך געקענט מלחמה האַלטן מיט אַ לייב און אַ בער. ער איז איצט מער איידער משכמו ומעלה העכער פונעם גאַנצן פאָלק.

און אַ הערשער צו זיין וואָלט ער יאָ געוואָלט. אַפילו אַ קינדערישער מלך אין „שלי־שלך"־שפּיל, אַבי אַ מלך. איינער אַליין וועט ער זיך שטעלן קעגען דער גאַנצער מחנה. משהלע וועט זיין דער קעניג פון דער גאַנצער מחנה, און ער, איינער אַליין, וועט אָפּרויבן די גאַנצע מחנה פון אים. משהלע וועט זיך געוויס פאַרשעמען, וועט ער צוגיין צו אים און זאָגן אים בזה הלשון:

„משהלע! ווי דו זעסט, בין איך טאַקע אַן אמתדיקער קעניג. אַ גע־זאַלבטער קעניג בין איך. מיין כיסא־המלוכה איז העכער פון אַלע, דערפאַר דאַרפן אַלע מיר צאָלן צינזן. אָבער איך בין אַ מלך של חסד, וויל איך דיך ניט באַרויבן. נאַ דיר צוריק דיינע חיילים. דאָס האָב איך בלויז געשפּאַסט פון דיר, און ניט מער וואָס איך האָב דיר געוואָלט באַווייזן מיינע כוחות, בכדי די גאַנצע וועלט זאָל וויסן מיינע גבורות און זיי זאָלן דערציילט ווערן צו זייערע קינדער און קינדסקינדער. אָבער איך שווער דיר מיט דעם נאָמען פונעם בורא עולם אויב איך וועל נעמען פון דעם מלחמה־רויב אַפילו אַ שנירל פאַר די שיך..."

און ס'האָט זיך אים שוין פאַרגעשטעלט אַז ער איז אַן אמתדיקער מלך,

אַרומגערינגלט מיט קנעכט און משרתים, און אַלע בוקן זיך פאַר אים און רופן אויס: „יחי המלך!". אמת, משהלע איז אויך אַ מלך, אָבער אַ קלענערער פון אים, בכן וועט ער מאַכן אַ בונד מיט אים, וועט אים אָפּהיטן פון שׂונאים און העלפן אים אין זיינע מלחמות.

דערווייל אָבער וואַרטן ניט די נאַכטשאָטנס, און ער האָט געמוזט אַראָפּ־קלעטערן פונעם בוים. געוואָלט האָט ער גלייך גיין אַהיים, ווי ער האָט דערפילט אַז עמעצער רירט אָן זיין האַנט.

„רבקה!" ——— ס'איז פאַר אים געווען אַ פריידיקע איבערראַשונג: „ווי קומסטו אַהער?..."

און פאַרגעסן די פריִערדיקע ספקות, דערפילט ווי אַן אומבאַקאַנטער גרויסער כּוח באַנעמט זיין נשמה און ציט אים צו איר, באַנעמט אירע גרויסע ליכטיקע אויגן, איר מאָגער מלא־חן פּנים, לאַנגע שוואַרצע לאָקן, דעם רויטן באַנד אויפן קאָפּ, און מער קען ער זיך שוין פון איר ניט אָפּרייסן.

און זי שטייט קעגן אים, עטוואָס צערויטלט אירע באַקן, איר אָטעם גיט איר אַרויס, אַז ס'קלאַפּט ניט ווי געוויינטלעך אונטערן ברוסט איר האַרץ.

„פון נעכטן אָן האָב איך דיך ניט געזען..." האָט זי געזאָגט.

„און האָסט מיך געוואָלט זען?" האָט ער געפרעגט.

זי האָט ניט געענטפערט, אָבער דאָס שווייגן אַליין איז געווען אַן ענטפער. האָט ער פאַרלייגט זיינע הענט איבער אירע אַקסלען און אַריינגעקוקט אין אירע אויגן. זי האָט אירע אויגן אַראָפּגעלאָזט און צוגערוקט אין שטערן צו זיינע ליפּן...

## קאַפּיטל 21

אין יענער נאַכט האָט רבקה ניט געקענט איינשלאָפן, געדרייט זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער, און ווערנדיק פאַרמאַטערט האָט זי שטיל אויף אירע אַקסלען אַרויפגעטאָן אירס אַ מאַנטל און איז אַרויס אין דרויסן.

געווען איז אין דרויסן פינצטער, שטיל און קיל — אַ מחיה. ס'האָט זיך געדוכט, אַז מ'באַנעמט עפּעס אַ מעלאָדיע — דעם ניגון פון שטילקייט, ווי אין אַ גרויסן כּלי־זמר וואָלט עמעצנס צאַרטע האַנט אַריינגעטאָן אַלע

שאָטנס, באַשפּרינקלט זיי מיט שטערן־פונקען, באַפּוצט מיט די מיסטישע סילועטן פון די דעכער פון די הייזער און שפּיצן ביימער, באַצירט מיט נשמה־נחת, און דערפון אַליין האָט זיך אַריינגעשפּילט אַ נגינה, אַרויסגעצופּט זיך אַ האַרצלעכע מעלאָדיע, וואָס ניט דאָס אויער באַנעמט זי, נאָר אַן אינערלעכער נשמה־געפיל: די לופט איז מיט שטילקייט אָנגעזאַפּט, ס׳צע־גיסט זיך איבער אַלע חושים דאָס שווייגן, ס׳אָטעמט זיך אַזוי לייכט און ס׳ציט זיך ניט קיין רעכענונג פון צייט.

רבקה האָט דערפילט, ממש דערפילט, ווי שירה־טענער האָבן זי אַרומ־גענומען, אַ מעלאָדיע, וואָס אָרעם איז יעדע מענטשלעכע מוזיק קעגן איר, וואָס זי וואָלט זיי אויף איר פידל ניט געקענט איבערגעבן. דאָס זיינען די טענער פון שטילקייט. אַפילו דאָס קוים־קוים זשומען פון די ביימער און דאָס קוואַקען פון די זשאַבעס ביים טייכל, דוכט זיך, זיינען אַ חלק פון שטילקייט, און זיי צעגיסן זיך מיט וואַרעמקייט און אָנגענעמקייט אין אַ האַרצטרוים.

„אָה, ווי גוט, ווי שיין! ממש שיין און גוט, אָן אַ פּאַרוואָס און אָן אַ פּאַרוועז — גוט!" האָט איר האַרץ געהאַלטן אין איין איבערחזרן, און זי האָט עס אַליין ניט געוווּסט. זי האָט זיך צו אָט דער שטימע אין איר אינגע־ווייד איינגעהערט און זי ניט פאַרשטאַנען, בלויז געפילט אַז ס׳איז אַזוי אָנגע־נעם און אָט דאָס געפיל איז אויך אַ טייל פון דער מוזיק געוואָרן — ווי עמעצער וואָלט אין די כּישוף־טענער פון שטילקייט אַריינגעלייגט אירע געפילן, געפילן אָן ווערטער, וואָס קלאַפּן זיך אָפּ אַזוי גוט מיט חיות פונעם האַרצן און צעשפּרייטן זיך איבערן גאַנצן קערפּער, און ס׳זעט אויס מאָדנע וואָס די שטימונגען, וואָס זיינען זיכער אָן אייגנשאַפט פון איר אייגן האַרץ, און דאָך זיינען זיי איר נאָך גאַנץ אומבאַקאַנט, און הגם אומבאַקאַנט, דאָך אַזוי היימלעך.

אַריבער אויף דער צווייטער זייט גאַס. דאָרט זיינען קיין ביימער ניט פאַראַן. ס׳פּאַרציִען זיך לאָנקעס ביזן טייך, ביי וועמענס אַנדערע זייט דער באַרג הייבט זיך משופּעדיק. אָבער איצט זעען זיך ניט די לאָנקעס, עס זעט זיך ניט דער טייך און אויך ניט דער באַרג, בלויז הויך, הויך איבערן קאָפּ ווינקען, פינקלען אויסגעשאָטענע שטערן — פייערדיקע, פינקלענדיקע איי־געלעך פון מלאָכים, וואָס, ווי ניט אין הימל וואָלטן זיי זיין צעשאָטן, נאָר

הענגען אין רוים, פילן אָן די לופט און שיטן אָן ליכט, שעמערירעוודיק ליכט, קוים צו מערקן, ליכט וואָס איז עמפּינדלעך און געפּילט בלויז ביים האַרצן.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט צווישן די קוסטעס אויפן שטאָם פון אַן אָפּגעשניטענער בעריאָזקע, און דערפּילט האָט זי זיך ווי שוועבנדיק אין דער לופט, אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, אָפּגעריסן פון דאגות און יסורים און אַרומגערינגלט ניט מער ווי מיט די ליבנדיקע אויגן פון די מלאָכים אין רוים. און ווייטער איז נחת רוח, אַ ברייטער וועג עפנט זיך, אַ נייע שטימונג דערפילט זיך, אַ זיסער חלום באַנעמט זיך, אַ ברייטער נייער וועג ווערט באַגריפן, אַ פרישער קוואַל פון אַנגענעמקייט.

און אָפּגעגעבן זיך דעם געפיל פון דער צאַרטער מעלאָדיע; צעקלונגען זיך אין אַ שירה די פרום־קינדערישע נשמה, איר ברייט פעלד געפונען, דעם פעלד וואָס קומט איר, וואָס איז דאָס אייגנטום, די נאַטירלעכע ירושה פון קינדהייט און יוגנט, וואָס ווערן פאַרברעכעריש אַוועקגערויבט דורך די שאַרפע נעגל פונעם לעבן.

און ביז איצט איז רבקה טאַקע באַרויבט געווען. שייך זאָגן באַרויבט? — זי האָט געפילט, באַוווּסטלאָז געפילט, אַז עטוואָס איז איר ניט דערגעבן געוואָרן, עטוואָס פעלט איר, עטוואָס איז פון איר אַרויסגעריסן געוואָרן. צוגעקוקט האָט זי זיך צו אַלץ מיט אירע קינדערישע אויגן און האָט באַנומען, אַז עפּעס שטימט ניט, אַנדערע טענער זיינען פאַלש, סתירות אַרום און אַרום, פונקט ווי די סטרונעס פונעם לעבן וואָלטן ניט אין האַרמאָניע אָנגעצויגן געוואָרן, אָדער די פינגער וואָס קלאַפּן אָפּ אויף זיי זיינען ניט געניט גענוג, דערפאַר קלינגט ניט אָפּ יענע נגינה, וואָס זאָל זיין אמתדיק האַרמאָניש. און אין לעבן האָט רבקה נאָך האַרמאָנישע טענער געבענקט און זיי אין ערגעץ ניט געפונען. קיין איין זאַך שטימט ניט מיטן צווייטן, און אַפילו ווען די סטרונעס זיינען אָנגעצויגן, און די פינגער זיינען עמפּינדלעך, איז דער סמיך ניט אָנגעשמירט, און די מוזיק איז נאָך אַלץ בלייך, אומבאַגרייפלעך בלייך...

אירע טאַטע־מאַמע... אַ פידל מיט סטרונעס, אָבער עס קלינגט ניט אַזוי ווי עס וואָלט באַדאַרפט קלינגען, ווי זי וואָלט געוווּנטשן ווי אַזוי עס זאָל זיין. אַ ביטערע מעלאָדיע. שייך זאָגן ביטער? — זי זעט ניט די ביטערקייט, אָבער זי פילט דעם קרעכץ, אַ נשמה־קרעכץ וואָס קומט ווען דאָס האַרץ

ווערט מיט טרערן פאַרגאָסן, אַ קרעכץ פון צווײ סטרונעס, פון צווײ פאַר־שײדענע אינסטרומענטן, וואָס אַ טויגעניכטס האַנט האָט זײ צוזאַמענגעפּאָרט אויף פאַלשע פלעצער און די האַרמאָניע צעריסן.

זי פאַרטראַכט זיך וועגן איר מאַמען: אויפן פּנים קנייטשן דאָ און דאָרט, ליגן זײ אַזױ בנעימות אין אומאָרדענונג — אַ מאָל צעשפּרײטן זײ זיך און אַ מאָל פאַרטיפן זײ זיך, אַ מאָל ווי זײ צעשווימען זיך אין ליכט און מערסטנס קלײבן זײ זיך אָן נאָך מער אין שאָטן. און צאַרט זײנען אירע באַקן, טיף די אויגן, מילד די שטימע. דוכט זיך, געקומען אַ מלאך, זיך אָנגעטאָן אין אַ מענטשלעך געשטאַלט און פאַר איר געשאַפן אַ מאַמען...

און באַטראַכט דעם טאַטן: לאָקן צעקרײזלט, שוואַרץ, מיט זילבער־ווײסע פעדעם דאָ און דאָרט, הענגען זײ ביז די אַקסלען. אויגן גרויסע, קוקן פאַרטרוימט. גײט ער זיך פּאַמעלעך, פאַרחלומט. און ווען ער נעמט די פידל אין האַנט, צעציטערן זיך זײנע פינגער איבער די סטרונעס, און עס צעקלינגט זיך, צעצאַפּלט זיך אַלץ אַרום — ווי די לופט וואָלט מיט בשׂמים אָנגעפילט געוואָרן, בשׂמים מיט ריחות ניט פאַר דער נאָז, נאָר פאַר דער נשמה. און זײ מאַכן זי צאַפּלען זיך, אַריבערטראָגן זיך אין אַ צויבערוועלט, באַהערשט פון קלאַנג און האַרמאָניע.

דער טאַטע האָט אַ פידל און די מאַמע האָט אַ שטימע. זעלטן ווען זי זינגט, אָבער אין די בין־השמשותן, ווען די שאָטנס צעלײגן זיך אין טונקע־לער בלויקײט, ווען די שטילקײט צעגיסט זיך אין טענער, ווען עס גײט אַראָפּ אויף זײן שמירה דער מלאך פון באַגערן, — דעמאָלט, טײל מאָל, זעצט זיך די מאַמע אויף דער ווײכער סאָפע, און זי, רבקה, לײגט זיך אַוועק לעבן איר מיט איר קאָפּ אויף אירע מאַמעשע קני און הערט זיך אײַן מיט נחת־רוח צו דער מאַמעס ווײכער שטימע, וואָס צעזינגט זיך מיט שטילן טרויער, מיט גלאַט אַזױ זיך, סתּם אין דער וועלט, הײמישן טרויער.

אײן מאָל האָט די מאַמע געזונגען און דער טאַטע האָט אין צווײטן צימער אויפגעכאַפּט איר געזאַנג אויפן פידל. ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַן אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע האַרמאָניע. אוי, ווי גליקלעך זי, רבקה, איז דעמאָלט געווען: טאַטע־מאַמע־האַרמאָניע. ס׳איז אָבער געשען נאָר אײן־אײנציקן מאָל, מער ניט ווי דאָס מאָל.

געוואָלט האָט זי, רבקה, פאַרמיטלען צווישן זײ, שאַפן וואָס אָפטער

אַזעלכע האַרמאָניעס, אָבער, אומזיסט, ס׳האָט זיך ניט איינגעגעבן — יעדער מאָל אַן אַנדער מניעה, קיין מאָל ניט די פּאַסיקע שטימונג. געשען איז, ווען איר מאַמע האָט אַן אַנדערש מאָל געזונגען, האָט זי איר טאַטן צוגעטראָגן זיין פידל זי צו אַקאָמפּאַנירן. האָט ער עס טאַקע געטאָן, אָבער ס׳האָט זיך ניט איינגעגעבן: פאַלשע טענער, קיין האַרמאָניע.

און געוווּנדערט האָט זיך רבקה: פאַר וואָס איז האַרמאָניע געווען נאָר דעמאָלט, ווען זי האָט זיך ניט באַוווּסטזיניק געצויגן, און פאַר וואָס איז אַלץ נעלם געוואָרן, ווען ס׳האָט זיך אָנגעטראָפן פּנים לפּנים? פאַרטיליקן דען צויבערן איינע די אַנדערע ווען מ׳האָט די כּוונה זיי צו פאָרן? קענען זיי ניט אָנהעפטן זיך איינס אָן דאָס צווייטס און דורך דעם פאַרטאָפּלט און פאַרפולט ווערן?

און נאָך אַ מאָל האָט זי געזען האַרמאָניע צווישן אירע טאַטע־מאַמע. ס׳איז געווען דעמאָלט ווען זי, רבקה, איז קראַנק געוואָרן. זי האָט זיך פאַר־קילט, געהוסט, און אין זייט האָט איר ווי געטאָן. ווען איר איז בעסער געוואָרן, האָט זי דערזען ווי פון איין זייט פון איר בעטל בייגט זיך איבער איר דעם טאַטנס קאָפּ און פון דער צווייטער זייט — די מאַמע. טאַטע־מאַמעס אויגן האָבן זיך באַגעגנט. רבקה האָט אין זיי דערזען עטוואָס אַזוינס וואָס זי האָט נאָך ביז דעמאָלט ניט באַמערקט — אַזוי פיל ליבשאַפט!

מער האָט זי אַזוינס ניט געזען. אין אַלע אַנדערע צייטן, ווען זייערע בליקן באַגעגענען זיך, זיינען זיי העפלעך, אָבער קאַלט און אָפּט מאָל פול מיט פאַרדרוס. ווען זיי זיינען צוזאַמען ווערן אַפילו זייערע באַוועגונגען אַזוי מאָדנע אָנגעשטרענגט. זיי זיינען זייער פריינדלעך צווישן אַנאַנד, און דאָך פילט זיך, אַז עפּעס־וואָס איז דאָ ניט גלאַט, עפּעס־וואָס וואָלט באַדאַרפט אַנדערש זיין. פאַר וואָס זאָלן זיי צווישן אַנאַנד ניט זיין אַזוי ווי זי איז מיט יעדערן באַזונדערן פון זיי?

און דערפאַר האָט זי זיך אַזוי איינזאַם געפילט. ווי זי וואָלט צווישן צוויי וועלטן געווען, און זי וואָלט געוואָלט אַז בײדע וועלטן זאָלן איינס ווערן, און זי זאָל אַ מקום־מנוחה געפינען. אָבער, ווי איצט, איז זי צעריסן: אַן אָנלען אַ מאָל אויף איין זייט און אַ מאָל אויף דער צווייטער זייט, אָבער קיין מאָל אויף בײדע זייטן.

און ניט פאַרשטאַנען האָט זי, פּשוט געפילט אַז זי פאַרשטייט ניט,

וואָס דאָ טוט זיך. צוגעהערט זיך צו די ווייניקע און זייער זעלטענע שמועסן, וואָס צווישן טאַטע־מאַמע, אָבער זיי רעדן תּמיד גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין, פֿריינדלעך און גוט צווישן אַנאַנד, אָבער עס פֿילט זיך אַ פּרעמדקייט, אַ ניט־אויסגעדריקטע פֿאַרביטערונג, ווי טענות פֿאַרבאַהאַלטענע און ניט אויסגערעדטע.

דער טאַטע גייט אַרום אומעטיק און פֿאַרטיפֿט אין זיך, און די מאַמע גייט אַרום אויך אומעטיק און אויך פֿאַרטיפֿט אין זיך — ווי צוויי באַזונדערע, פֿאַרבלאָנדזשעטע, צעוויטיקטע נשמות, צווישן וועמען די קייטן האָבן זיך פֿונאַנדערגעריסן און זיי קענען זיך מער ניט איינבאַהעפֿטן. זיי האָבן יסורים פֿון דעם איבעררייס, וואָלטן געוואָלט צוריק זייער תּיקון געפֿינען, אָבער ווייסן ניט ווי אַזוי.

ערשט דאָ, אין קאַמאַרינקע, האָט זי צום ערשטן מאָל זיך אונטערגעהערט צו דער מאַמעס פֿאַרשטעלטע טענות, וואָס זי האָט זיי אַרויסגעזאָגט פֿאַר דער מומע מלכּהן, אָבער זי האָט זיי ניט פֿאַרשטאַנען, זייער עיקר ניט געקענט באַנעמען. וואָס זי האָט פֿון זיי אַרויסגעדרונגען, איז פֿאַר איר פֿריִער אויך קיין סוד ניט געווען, נאָר איצט האָט זי זיך פֿאַרזיכערט אין דעם. אָנגעקליבן האָבן זיך אַ סך יסורים ביי ביידן, ביים טאַטן און ביי דער מאַמען, ביידע זיינען זיי ניט שולדיק אין דעם; דאָס האָט אַ ניט־גוטער איינגעפּלאָנצט אַ פֿאַרבלענדעניש צווישן זיי, אַ פֿינצטערן מזל פֿאַרזייט, און ביידע ליידן זיי, גייען אויס אין עגמת נפֿש.

געוואָלט וואָלט זי, רבֿקה, זיין אַ באַרמהאַרציקע שוועסטער און באַלזאַמירן זייערע ווונדן; געוואָלט וואָלט זי אין אַ רפֿואה צעשמעלצן זיך, דורך וועלכע די עינויים זאָלן פֿאַרשווינדן. און זי קען ניט. עס קלאָגט איר האַרץ אין אומבאַהאָלפֿנקייט.

און ווי ביי איר אין הויז, אַזוי אויך אין דרויסן — די גאַנצע לופֿט איז ווי מיט גאַל אָנגעפֿילט און ווערט פֿאַר איר פֿאַרוואַנדלט אין אַ מורא־דיקער רעטעניש. ס׳זיינען דאָרט אויך פֿאַראַן אַזעלכע ווייכע, צאַרטע טענער, אָבער זיי ווערן מערסטנס צעשטערט פֿון עטוואָס גרויליקס. אַזעלכע טענער זיינען דאָ ביי איר טאַטע־מאַמע, אויך ביי אַלע אַנדערע מיט וועמען זי באַ־געגנט זיך. דוכט זיך, מענטשן לעבן אין איינעם, רעדן, פֿאַרווילן זיך צוזאַמען, און דאָך זיינען זיי ווייט איינער פֿון אַנדערן, יעדער באַזונדער

זינגט זיך אַ באַזונדערן ניגון און קיין אָרקעסטראַלע האַרמאָניע צווישן די ניגונים איז ניט פֿאַראַן. פֿאַרטיפֿט זיינען מענטשן אין זיך אַליין, נאָר אין זיך אַליין. פֿאַר וואָס, אָ, פֿאַר וואָס? ס׳איז דאָך אַזוי גוט צו געבן פֿון זיך צום אַנדערן!

זי פֿילט ווי איר אַליין וואָלט עטוואָס געפֿעלט אין אָט דער אומהאַר־מאָניע. זי איז עלנט אין איר. געוואָלט וואָלט זי אַז אַנדערש זאָל זיין, געוואָלט וואָלט זי אין אַ וועלט אַריינגיסן זיך און אַ וועלט אין זיך אַריינגיסן, אָבער ס׳איז איר ניט געלונגען — ביידע זאַכן זיינען ניט געלונגען: פֿון זיך טוט די דרויסנדיקע וועלט זי פֿאַרטרייבן, און אַ וועלט אין זיך אַריינצונעמען האָט זי ניט געפֿונען.

און אַ סך יסורים האָט זי באַגריפֿן: וועלט־יסורים, יסורים פֿון צע־שפּליטערונג, יסורים פֿון שׂינאה, יסורים פֿון צעריסנקייט. געגאַנגען איז זי אין גימנאַזיע און ערשט דאָרט האָט זי זיך אָנגעשטויסן אין איינזאַמקייט. געשטאַנען איז זי אָן אַ זייט, צוגעקוקט זיך ווי קינדער פֿון איר עלטער שפּילן זיך אַרום, לויפֿן, שפּרינגען, טאַנצן, לאַכן, פֿרייען זיך, און זי טראַכט: דוכט זיך, ס׳איז דאָך די זעלביקע וועלט ווי אירע, און אַריינקומען און אויסמישן זיך אין איר קען זי ניט.״ ס׳ציט איר ניט אַהין. ס׳ציט איר ניט? ניין, ס׳ציט איר יאָ, אָבער עפּעס שטויסט זי אָפּ פֿון דאָרט. ס׳ציט איר אויך צו לויפֿן, שפּרינגען, טאַנצן, אָבער דאָרט, טיף אין איר האַרצן, איז עפּעס אַ טרויער איינגעגריבלט, און ער צווינגט זי אָפּצוזונדערן זיך פֿון אַלעמען. אַ טרויער נאָך עפּעס, וואָס זי ווייסט ניט ווי אָנצורופֿן עס. ווען זי קוקט אויף דעם קינדער־המון פֿון דער ווייטנס, איז עס אַזוי אָנצי׳ענדיק, אַזש עס פֿאַרגלוסט זיך אַריינצומישן זיך אין אים. גייט זי אָבער צו און באַקענט זיך מיט די און יענע פֿון זיי, ווערט עס מער ניט אָנצי׳ענדיק, אָפּט מאָל אַפֿילו אָפּשטויסנדיק. זי קען זיך ניט צוקלייבן ניט קיין חבר און ניט קיין חברטע, און זי טראַכט אויף איר מוזיק־לשון: ס׳קלינגט דעמאָלט ניט די מוזיק, עס פּלאַצן די סטרונעס און הייזעריק ווערט דאָס קול.

איין מאָל האָט זי יאָ געפֿונען אַ חברטע. אָנגעקומען איז אין איר קלאַס אַ נייע גימנאַזיסטקע. זי איז דאָרט נאָך פֿרעמד געווען און רבֿקה האָט באַמערקט ווי זי שטייט אַלע מאָל פֿון דער ווייטן, קוקט זיך צו פֿאַרפֿרעמדט און טרויערט מיט די אויגן און מיטן גאַנצן אויסזען. זי איז צו איר צוגעקומען

און ביסלעכווייז האָבן זיי זיך דערנענט: געזעסן אויף איין באַנק, אַרויס־געהאָלפן איינע דער אַנדערער מיט די שווערע לעקציעס, אָבער זיי האָבן מיינסטנס געשוויגן, זיך ניט נאָכגעפרעגט אויף קיין זאַך. צווישן זיי איז פאָרט געשאַפן געוואָרן אַזאַ באַציִונג, וואָס מ׳וואָלט געקענט אָנרופן — אַ שטומע הסכמה.

אַריבער איז אַ קורצע צייט און איר חברטע האָט באַקומען נאָך באַ־קאַנטשאַפט, אַריינגעמישט זיך אין המון און די נאָענטקייט צווישן זיי איז געבראָכן געוואָרן.

מאָדנע: זי טראַכט און רעדט אַלע מאָל אין מוזיק־לשון. אַנדערש, קומט ביי איר אַרויס זייער ווייניק. זי קוקט זיך צו צו מענטשן און קען זיי ניט פאַרשטיין: זי וויל צווישן זיי דערפילן אַ האַרמאָניע, אַן אינהאַלטלעכע מעלאָדיע, אַ האַרמאָניע ווי מענטשן זיינען אין אַ געמיינדע צוזאַמענגעגאָסן, אַ האַרמאָניע ווי מענטשן זאָלן שפּילן די ערשטע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן און די נאַטור אַרום זאָל די אונטערשפּילערין זיין.

און זי פילט דווקא דעם היפוך: פאַלשע טענער אַרום און אַרום און די נאַטור — ווי אַ מאָל.

דאָס הויז, ווו זיי האָבן געוווינט, איז געשטאַנען האַרט ביים ים. געזען האָט זי, אַז ווען ס׳איז שטיל און רויִק, און אין די נעכט ווען עס שיינט די לבנה, שמייכלט דער ים; אין די טעג, ווען עס שיינט די זון און דער הימל איז בלוי, קלייבט נחת דער ים; ווען איז דער ים יאָ ברוגזדיק? — ס׳איז דענסטמאָל, ווען דער הימל איז אויך פאַרכמורעט און איז אין שלעכטן געמיט. אַזוי זיינען אויך די פעלדער, אַזוי איז אויך די לופט.

מענטשן זיינען אָבער אַנדערש: איינער איז אין טרויער פאַרטיפט און דער אַנדערער איז מלא שימחה.

פאַר וואָס זאָל עס אַזוי זיין?

נאָר איין מאָל האָט זי געזען אַ באַהעפטונג צווישן מענטשן: ביי אַ קאָנ־צערט, ווו איר טאַטע איז אַרויסגעטראָטן און געשפּילט אויף זיין פידל. מוזיקאַלישע טענער האָבן זיך געגאָסן איבערן זאַל, אָנגעפילט די לופט מיט מעלאָדיע, אַריינגעטאָן צוּיבער־שטימונג אין אַלעמענס אברים, צונויפגע־העפט די שטימונגען פונעם עולם אין איין געפיל. דעמאָלט האָט זי געזען אַ מענטשן־באַהעפטונג, און ווען דער לעצטער אַקאָרד האָט אָפּגעקלונגען,

איז דער גאַנצער עולם אויפגעשטאַנען און באַהאַפטן זיך אין איין אויסדרוק פון באַגייסטערונג — דער גאַנצער עולם, אַלע ווי איינער.

איר טאַטע האָט זיך ווידער און ווידער באַוויזן, אַרויסגעטראָטן פון הינטער די קוליסן, און די התפּעלות איז געשטיגן. און דער טאַטע האָט זיך פאַר אָט דער התפּעלות געבייגט, פאַר אָט דעם גרויסן המון, וואָס האָט זיך מאַחד געווען אין איין טיפן געפיל פון האַרמאָניע־שיינקייט. און דער בורא איז ער דאָך אַליין געווען. איר טאַטע אַליין האָט דאָך אָט די אַלע ניט־האַרמאָנישע הערצער פאַראייניקט, דאָס איז ער אַליין דער גרויסער מייסטער, און פאַר דער אייגענער שעפערישקייט בוקט ער זיך. בכן, ווי גרויס איז די שאַפונג אַז איר מייסטער אַליין בוקט זיך פאַר איר, און פאַרקערט, ווי גרויס איז דער מייסטער אַז אַזאַ שעפערישקייט איז פון אים דערשינען!

און גרויס איז איר טאַטע געוואָרן אין אירע אויגן, אומגעהייער גרויס: מחמת דער וואָס שאַפט נייע וועלטן, פאַרמאָגט אין דער אייגענער נשמה נאָך גרעסערע וועלטן.

ניט לאַנג האָט אָבער די איינקייט געהערשט: אין טעאַטער איז דער עולם געווען באַנומען פון איין שטימונג, אָבער אַרויסגייענדיק פונעם טעאַטער האָט ער זיך צעשאָטן אין אַלע זייטן, יעדער איינער אין אַ באַזונדערקייט. ניט אַזוי ווי דער ים — ער צעשיט זיך קיין מאָל ניט. דער הימל אויך ניט.

און זי האָט פאַרשטאַנען, אַז באַהעפטן קען מען אַ מאָל, אָבער איינצו־האַלטן בונדן איז זייער שווער.

און אָנגעהויבן חלומען האָט זי, חלומען וועגן באַהעפטונג, חלומען וועגן דער יצירה פון אַ ברייטער פאַראייניקטער וועלט, וווּ אַלע שיינקייטן וועלן זיך צונויפקומען, צונויפגיסן זיך אין איין האַרמאָניע.

און דערווייל זיך אַרומגעטראָגן מיט עגמת־נפש, אַרומשפּאַצירט עלנט און געטרויערט, געזוכט אַ תיקון פאַר דער אייגענער נשמה, געזוכט אַ סך ליכט און געפונען בלויז ברעקעלעך. און אַ מאָל דאָס אויך ניט.

איז זי אַרומגעגאַנגען פאַרשמאַכט און געפילט אַז אירע כּוחות ווערן אָפּגעשוואַכט, שווערער ווערן אירע פיס, די הענט ווייניקער באַוועגלעך. און אויך באַמערקט האָט זי ווי אירע טאַטע־מאַמע ווערן אויפמערקזאַמער איבער איר, צערטלען זי אָן אַ שיעור, קוקן איר נאָך אויף שריט און טריט.

באַמערקט האָט זי עס און ניט פאַרשטאַנען. ניט פאַרשטאַנען האָט זי

איין קליינינקייט: איר נשמה זוכט אַ תּיקון און דעם תּיקון איז ניט צו גרייכן. און קוים איז דער תּיקון ניט פאַראַן פאַר די אויגן, רייסט זיך די נשמה אין העכערע וועלטן ווו עס איז די ממשלה פון סאַמע שיינקייט, פון סאַמע האַרמאָניע, און זי ווערט פרעמדער צום גוף אין וועמען זי איז פאַרהוילן.

און איצט האָט זי דווידקען באַגעגנט. עפּעס אויסטערליש איז געווען זייער ערשטע באַגעגעניש. שפּאַצירט האָט זי אין גאַס, געגאַנגען אַנקוקן קאַמאַרינקע, און פּלוצעם דערפילט אַ קלאַפּ אין איר פּיס. דער ווייטיק איז ניט געווען אַזוי שטאַרק, ווי דאָס וואָס זי האָט זיך איבערגעשראָקן. און ערשט דעמאָלט האָט זי אים דערזען, דערזען ווי אויך ער איז איבערגעשראָקן און ער אַנטלויפט.

און שפּעטער ווען זי האָט אים ווידער באַגעגנט און אים באַקענט ווי איר מומעס זון, איז ער געשטאַנען אַזוי פאַרשעמט און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. צוגעטראָטן איז ער צו איר מיט פּחד, אַזוי שטיל, באַשיידן, און שוין דעמאָלט האָט זיך ביי איר דערוועקט דער פאַרלאַנג, די גלוסטונג צו ווערן נאָענטע פריינד מיט אים. און אין דער פרי, ווען ער איז נאָך געשלאָפן, האָט זי אַרויסגענומען איר פידל און אויסגעשפּילט אַ מעלאָדיע — ניט ווי קיין אַנדערע כּוונה, נאָר ווי אַ האַרציקער ניגון געווידמעט צו אים.

און דאָס איז אין וואַלד געווען. געגאַנגען איז ער לעבן איר און געפילט האָט זי אַז ער וויל עפּעס רעדן צו איר און ער ווייסט ניט ווי צו רעדן און ווי אָנצוהייבן. ס'האָט איר ניט פאַרוווּנדערט, ווייל איר איז באַקאַנט שטומע פריינדשאַפט און זי איז מיט דעם צופרידן. דעמאָלט האָט זיך איר פוס אָן עפּעס פאַרטשעפּעט און זי איז געשטרויכלט געוואָרן. ער האָט זי שנעל אַרומגעכאַפּט און זי אויפגעהאַלטן, זי זאָל ניט פאַלן. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט גאָר נאָענט און ס'איז געקומען צו אַ הסכּם, אַ הסכּם פון נשמה־אייניקייט. און אויף אירע ליפּן האָט זי דערפילט זיין קוש. זי האָט געע־ענטפערט...

און געוואָלט האָט זי זאָגן: „זעסט, דווידקע, מיר זיינען איינס!...״ און נאָך וואָלט זי געקענט זאָגן: „באַהעפט האָבן זיך אונדזערע נשמות, זיך צונויפגעגאָסן. און איצט קענען מיר בויען אַ וועלט, אַ וועלט פון מע־לאָדיע, פון הייליקער מוזיק, ווו עס וועלן זיך צעקלינגען אַלע נשמות אין אַן איינציקן אַקאָרד פון אומבאַפלעקטער ריינער שירה...״



אַ צופאַל, אָדער וואָס?

ניט געשלאָפן האָט זיך אויך דווידקען אין יענע פריִע שעהען נאָך מיטנאַכט. ברייט פונאַנדערגעעפנט האָט ער זיינע אויגן און באַנומען האָט ער די סודות, וואָס האָבן ביז איצט געפּייניקט זיין נשמה. באַנומען האָט ער זיי אין זייער וווּנדערלעכן פאַרמעסט און אַנגעקוואָלן האָט זיין האַרץ און אָפּגעגעבן זיך דער אויסגעפונענער נייעס, וואָס שעמערירט אומדייטלעך פאַרן אויג, קומט און פאַרשווינדט, פאַרשווינדט און לאָזט איבער שיריים, — אָבער ווערט באַנומען פונעם האַרץ. און דאָס האַרץ פילט דעם חיות, און טרייבט די בלוטן צו היצן זיך און די נשמה אין פרייד צו דערהייבן זיך.

ניט געשלאָפן און ניט געוואָלט איינשלאָפן, מחמת ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז די וואָר איז אַ חלום, און ווען ער וועט איינשלאָפן, וועט ער די אַלטע ביטערע אמתדיקע וואָר באַגעגענען.

און פּלוצעם האָט ער דערפילט, אַז ווי פליגלען וואָלטן אויף אים אויס־געוואַקסן, און ער האָט זיך אויפגעהויבן, העט, העט הויך, אויפגעהויבן זיך און געשטיגן, פריש דערפילט די לופט אַרום זיך, פריש און זאַפטיק, און עס ברייטערט זיך זיין ברוסט, שפרייט זיך פונאַנדער אין לוסטיקייט און זי באַקומט כוחות, וואָס זיינען ביז איצט געווען אומבאַקאַנט, כוחות וואָס דערלויבן גאַנצע וועלטן איינצונעמען, כוחות וואָס אַלע ספקות צעגייען זיך אין זיי, וואָס ווי דאַמף צעשווימט זיך דער יִאוש, און עס ווערט באַגריפן די וועלט אין מער פרישקייט, אין לוסטיקייט מיט שיינקייט באַקרוינט, מיט הימלישער הייליקייט אַרומגערינגלט, מיט גרויסקייט דורך און דורך באַ־וואַקסן.

און ער הייבט זיך הויך, הויך און דערפילט זיך פּלוצעם צו זיין אַ מלך — ניין, ניט אַ מלך, נייערט נאָך גרעסער: אַ נביא! מקוים איז געוואָרן, וואָס גאָט האָט געבאָטן! ער האָט גרויסקייט באַגריפן: ס׳איז דאָ עטוואָס אַזוינס, וואָס איז שטאַרקער פונעם מלאך המוות, ס׳איז מלכות המשיח, אַפילו ווען משיח אַליין איז ניטאָ.

און געפילט האָט ער, אַז צו ענג זיינען די ווענט פונעם צימער איינצו־האַלטן זיין ברויזנדיקן געמיט, אַז צו שווער איז דאָ די לופט פאַר זיין הייס־פליסנדיקן געמיט, און אין געאיילעניש האָט ער אויף זיך זיין שלאַפראָק

אַרויפגעוואָרפן און איז אַרויס אין דרויסן, שטיל געגאַנגען בכדי ניט אויפ־צוּוועקן ווען ס'איז אין הויז.

ברייט און לאַנג און גרויס האָט זיך פאַרצויגן דער דרויסן. האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט און איז פאַרוווּנדערט געוואָרן: ניט דערקענט האָט ער דעם אַרום. דוכט זיך, דער זעלביקער הימל, די זעלביקע שטערן, אַלץ דאָס זעלביקע, אָבער קיין מאָל האָט ער אין זיי אַזוי פיל גרויסקייט ניט באַמערקט. ווי אויסגעשפּרייט, ווי אויסגעברייטערט זיך האָט די וועלט און באַקומען אַ נייעם זין.

און ער האָט טיף אין זיך באַנומען דאָס וואָס האָט אים אַמאָל געפעלט, ער האָט איצט געפונען דאָס וואָס ער האָט געזוכט.

און אַליין האָבן זיך זיינע פיס געפּלאָנטערט, געפּלאָנטערט און געפירט אים אַהין אַריבערן וועג, דאָרט צו די קוסטעס, וואָס ער האָט געפילט, אַז עטוואָס געפינט זיך דאָרט פאַר אים, עטוואָס אַ נשמה־גלוסטונג איז דאָרט פאַרהוילן.

צוגעקומען אַהין, רבקהן דאָרט געפונען און ניט פאַרוווּנדערט זיך. האָט ער זיך געריכט זי דאָרט צו טרעפן? ניין. באַוווּסטזיניק אַוודאי ניט. און ווי באַלד ער האָט זי יאָ געטראָפן, איז די פרייד זייער גרויס. און זי האָט אים באַגעגנט מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס. אויך זי האָט זיך ניט פאַר־וווּנדערט. ניט מיט פאַרשטאַנד, נאָר מיט אירע געפילן האָט זי זיך געריכט אַז ער וועט קומען. דאָס האָט דער נשמה־אימפּולס זיי צוזאַמענגעבראַכט, בכדי זיי זאָלן, דורך די נאַכט־שאָטנס פאַרדעקט, דערפילן זיך הויך, העט, העט הויך, אין דער ממשלה פון סאַמע קדושה, אין אַנטציקונג פון סאַמע גליק־מלוכה, וואָס זיי האָבן פאַר זיך פּלוצעם אַ נעסט אויסגעבויט געפונען, אויסגעבויט אָן זייער וויסן, אָן זייער באַגריף אַז אַזוינס איז דאָ אין ערגעץ ווו.

און פאַרשטאַנען האָבן זיי: די יסורים און ליידן, ספקות און יי־אוש, וואָס האָבן ביז איצט באַגלייט זייער וועג, זיינען ניט קיין יסורים און ניט קיין ליידן, ניט קיין ספקות און ניט קיין יי־אוש, נאָר ס'איז די בענקשאַפט פון זייערע נשמות, וואָס זיינען איין שטח אַזוי ווייט געווען איינע פון דער אַנדערער און איצט איז דער שטח אָפּגעווישט געוואָרן.

אַוועקגעזעצט זיך שטיל און ניט באַוועגט זיך, ניט גערעדט, אויך דעם אָטעם איינגעהאַלטן — מורא געהאַט צו צעשטערן דעם צויבער. און באַנומען

האָט איצט רבקה די אמתדיקע מעלאָדיע, די מעלאָדיע נאָך וועלכער איר האַרץ האָט ביז איצט אַזוי ליידנשאַפטלעך געבענקט. און וואָס שייך דווידקען — ער האָט איצט, אַזוי צו זאָגן, דעם הימל־לשון באַנומען, דעם גן־עדן־לשון, די יצירה אין איר הויכקייט און ברייטקייט, אליהו הנביא אין זיין שטרענגער גוטסקייט, די מוטער רחל אין איר ברייטהאַרציקייט פון ליבע, די מלאָכים און קדושים, משיח בן דוד און — גאָט, כּביכול, בכבודו.

און צוגעפאַלן איינער צו דער אַנדערער, זייט צו זייט, באַק צו באַק, און געצויגן איין אָטעם, באַנומען איין קדושה, די סאַמע, סאַמע קדושה.

און דער מזרח האָט זיך אָנגעהייבן בלייכן, קוים־קוים בלייכן זיך, און דער מאָרגנשטערן — אַזאַ גרויסער און ליכטיקער — האָט אָנגעהויבן ווינקען צו זיי.

און די צווייגן פון די קוסטעס האָבן אָנגעהויבן רירן זיך, עטוואָס רירן זיך, געטרייסלט דורך דעם פרימאָרגן מזרח־ווינטל, ווי זיי וואָלטן געוואָלט אָנטפלעקן אַ הייליקן סוד פאַר דער גאַנצער וועלט, וועמען זיי האָבן שטיל אַריינגעמורמלט:

„קום און זע: סאַמע קדושה איז אין מיינע שאָטנס איינגעהילט...״

דאָס איז די צייט, ווען די מלאָכים הייבן זיך אין דעם מאָרגנשטערן־שיין צום כּיסא הכּבוד, און פול מיט התפעלות רופן זיי אויס אין עקסטאַז:

„קדוש, קדוש, קדוש!...״

---

צווישן די קוסטעס האָט זיך עטוואָס אָנגעהויבן באַוועגן. רבקה און דווידקע, ביידע האָבן אויפגעציטערט.

דווידקע איז אויפגעשפּרונגען און אויסגערופן:

„ווער איז דאָרט?״

און דערהערט האָט זיך אַן ענטפער:

„דווידקע, דאָס ביסטו?״

משהלעס קול. דווידקע האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק אין יענער ריכטונג.

„וואָס טוסטו דאָ, משהלע?״

און פּלוצעם האָט ער זיך אַן אים אָנגעשטויסן, און ביים טונקעלן שיין דערזען אַז ביי זיין זייט איז דאָ נאָך עמעצער.

„מיט וועמען ביסטו דאָ?"

„מיט כרוזקען."

„מיט כרוזקען?" און דווידקע איז פאַרציטערט געוואָרן.

משהלע האָט דערפילט דווידקעס צאַרנדיקער פאַרווונדערונג און האָט מיט גרינגשאַצונג און איראָניע געענטפערט:

„דו מעגסט דאָ זיין מיט עמעצן, פאַר וואָס זאָל איך ניט טאָרן?"

געוואָלט האָט דווידקע אַ וואָרף טאָן זיך אויף משהלען און ביילן און שטיקן אים, אָבער ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן, און אַנשטאָט דעם איז ער צוגעקומען צו רבקהן:

„קום לאָמיר גיכער אַוועק פון דאַנען! לאָמיר גיין אַהיים! דאָ איז סאַמע טומאה... דער אַשמדאי בעצמו..."

*

אין דער פרי, ווען דווידקע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָט זיך איבער זיין בעט איבערגעבויגן זיין מאַמע.

„אוי, מאַמע, האָב איך היינט געזען אַ חלום!..."

„וואָס האָט זיך דיר געחלומט, מיין זון?"

אָבער ער האָט ניט דערציילט. ס'איז אַ גרויסער, גרויסער סוד און דערציילן אים טאָר מען ניט.

און אויך רבקה איז פּלוצעם אַרויסגעשפּרונגען פון איר בעט און איז צוגעקומען צו איר מאַמען:

„מאַמע, איך האָב אַזאַ שיינעם חלום געזען..."

„וואָס האָט זיך דיר געחלומט, מיין קינד?"

און אויך רבקה האָט ניט געענטפערט. סודות דערציילט מען ניט. נאָר געשווינד איז זי צוגעקומען צו איר פידל און גענומען שפּילן, אַ מאָדנער ניגון געוועזן, אין גאַנצן אומבאַקאַנט. ס'איז געווען די מעלאָדיע, וואָס זי האָט היינט ביי נאַכט פאַרנומען. געבליבן שטיין איז דוואָשע פאַרווונדערט, און מלכה, וואָס האָט איר ווירטשאַפטלעך־שטובּיקע אַרבעט געטאָן, האָט זי אויך איר מלאכה אין מיטן איבערגעריסן.

„פון וואַנען נעמסטו אָט דעם מוזיקאַלישן מאָטיוו, מיין טאָכטער?"

„אָ, דאָס איז מיין חלום!..."

און דווידקע איז צוגעקומען צו מלכהן, זי אַרומגענומען:

„מאַמע, מיין גוטע טייערע מאַמע! פונקט אַזאַ חלום האָב איך היינט געזען... ניין, ניט אַ פּידל איז דאָרט געווען, אָבער פונקט אַזוי..."

און פאַרוואונדערט זיינען געשטאַנען פון איין זייט רבקהס מאַמע און פון דער צווייטער זייט — דווידקעס מאַמע.

## קאַפּיטל 22

רבקהס שפּילן אויפן פידל האָט משהלען אויפגעוועקט פון שלאָף. שלאָפנדיק נאָך האָט ער דערפילט ווי עטוואָס וואָלט אים געגרילצט אין אויער, און אויפגעכאַפּט האָט ער זיך אין אַ נידערשלאָגענעם געמיט, איז געבליבן ליגן אין בעט, ניט אַ ריר געטאָן זיך, פויל פאַרלייגט די הענט אונטערן קאָפּ.

דערפילט האָט ער סאַמע ביטערקייט אויפן האַרץ. ער זעט: דורכן פענצטער קוקט אַריין די זון און עס זעט זיך אַ בלויער טיפער הימל. עס פילט זיך אַז אין דרויסן איז דאָ ברייטקייט פון פעלדער, גרוימקייט פון אַן אויסגעשפּרייטער וועלט, און ס'דוכט זיך אים, אַז דאָס איז ניט פאַר אים געגעבן געוואָרן. ס'דוכט זיך אים, אַז ניט פאַר אים שיינט די זון, ניט פאַר אים גרינען די געוויקסן, ניט פאַר אים איז די גרוימקייט באַשאַפן געוואָרן, — אַז דאָס זיינען בלויז אַנדערע, גליקלעכערע פון אים, וואָס קענען פון דעם אַלעמען געניסן אין אַ פולער מאָס, אָבער, וואָס שייך אים, איז ער פאַרמשפּט צו אַ פינצטערן מזל, וואָס ברענגט אויף אים שאָטנס פון טרויער, און פאַרצוימט זיינען פאַר אים אַלע גענוסן, איינגעפּאַסט איז ער אין נעצן, אין אַ פינצטערער תּפיסה פון דורכויסיקע יסורים.

און עלנט דערפילט ער זיך, אַליין. אויך דווידקען פאַרלוירן... אָן שטייט ער, דווידקע, און הערט זי צו צום ניגון. אין עקסטאַז איז ער. אפשר איז דער ניגון צו אים געווידמעט. און שיין איז דער ניגון! קענטיק — ער שטאַמט פון דער טיף־טיפעניש פון אַ נשמה, וואָס איז באַשטראַלט געוואָרן פון אַ פלוצעמדיקן ליכט, פון סודות פון אַ האַרץ, וואָס האָט זיך געטובלט אין קוואַלן פון גליק, און אָט דער ניגון האָט צו דווידקען אַן אינטימע שייכות, אָבער ער, משהלע, איז פון דעם אויסגעשלאָסן, פאַרפרעמדט, פאַרטריבן.

און זי, רבקה, וואָס זי איז די ווידמענערין פון אָט דעם ניגון, — עס צאַפּלען אירע הענט איבער די סטרונעס פונעם פידל, און קענטיק זיי ווערן באַוויגן פון אַ צאַפּלדיק האַרץ, פון אַ האַרץ וואָס צאַפּלט אין לעבנס־גלוסט, אין געגוס פון גרויסער גליקלעכקייט.

און די געזיכטער פון זיי ביידן פלאַמען, און זייער גאַנצער אויסזען איז ווי זיי וואָלטן זיך אויסגעריסן פון אַלע דאגות, אָפּגעזונדערט זיך פון דער אַרומיקער וועלט און אַוועק אין ערגעץ־ווו אַ ווייטער מלוכה פון כישוף, אין אַ ממשלה פון גוטן מזל.

און איבער זיי שטייען צוויי מאַמעס, וועמענס הערצער עס צאַפּלען זיך נאָך מער פון די קינדערישע הערצער, מיט ברכות צו די קינדער, ברכות פון ליבשאַפט, פולע הויפנס מיט ברכות, אַז זיי זאָלן מקוים ווערן אויף די קינדערישע קעפּ.

און פאַר אים, משהלען? ברכות פאַר אים?

טפוי זאָל עס ווערן! קוקט זיי נאָר אָן, זיינען זיי, דוכט זיך, אַזעלכע אומשולדיקע בריות, און דאָך, ביי נאַכט, קריכן זיי אונטער די קוסטעס. שטילע וואַסערן... דווידקע, גאָר אַזאַ נעבעכקע, אַזאַ הייליקע אומשולדיקע נשמה. נעכטן, ווען איך האָב אים אָנגעבאָטן כרוזקען, האָט ער אויסגעשטעלט אַזאַ פרומען פּנים. יוסף הצדיק, ער דאַרף גאָר קיין שיקסע ניט. רבקה איז שענער און בעסער... און איך מיט כרוזקען איז סאַמע טומאה, דער אַשמדאי אַליין... טפוי, זאָל עס ווערן!

דערפילט האָט ער ווי אַלע וואָלטן געמעגט טאָן וואָס זיי ווילן און ס׳איז גאָרנישט, און ער — ער טאָר ניט.

דערפילט ער זיך באַליידיקט: פאַר וואָס איז ער אַזוי באַשטראָפט? מיט וואָס האָט ער זיין וועלט פאַרזינדיקט?

און ס׳לעכצט זיך אים נאָך פאַרגעניגנס, נאָך מאַמעס ברכות, נאָך בליקן פון ליבשאַפט, נאָך אַן אייגענער היים. און פאַר וואָס איז ער פון דעם אַלעמען אָפּגעשניטן? פאַר וואָס געדענקט ער זיין מאַמען ווי אין חלום בלויז?

און שטעלן שטעלט זיך אים פאַר זיין מאַמע ווי אַ מלאך אין ווייסן געקליידט, מיט אויגן פון סאַמע ליבשאַפט געוועבט, מיט הענט פון צאַרטקייט געשפונען, און מיט אַן אויסזען פון מוטער רחל, די טאָכטער פון לבן, דאָס שפּעטערדיקע ווייב פון יעקב, ווי זי איז אין חומש באַשריבן, — און ווי

נייטיק ער וואָלט זי איצט באַדאַרפט האָבן! ער וואָלט זיך איצט צוגעטוליעט צו איר מיט זיין גאַנצן גוף, אויסצוגיסן פאַר איר די טיפסטע געפילן פון זיין האַרץ, באַנעמען איר מוטערלעך מיטגעפיל, הערן אירע טרייסט־ווערטער... זיי ביידע וואָלטן זיך מיט די הענט אַרומגענומען, ער וואָלט זי געקושט אין ביידע באַקן, געגלעט זי און אַזוי אויסגעגאַנגען אין חיות.

אָבער ער ווייסט אַז ס׳זיינען ניט מער ווי טרוימען — קיין מאַמען געפינט מען ניט: איין מאַמע האָט מען, און קוים פאַרלירט מען זי, איז אַלץ פאַרלוירן.

און פרעמד איז אים פּלוצעם אָט די שטוב געוואָרן. יעדער איז זיך פאַרטאָן אין זייניקע און אים אַלײן האָט קיינער ניט אין זינען. אַ פרעמדער איז ער, אַ פאַרשטויסענער. האָט זיך אים פּלוצעם פאַרוואָלט אַנטלויפן ערגעץ ווייט אַוועק, דאָרט ווו ס׳זיינען קיין מענטשן ניט פאַראַן, אַוועקגיין אין וועלדער און פעלדער, דאָרט צו באַהעפטן זיך מיטן פּנים צו דער מאַמע־ערד, איינגעמען אין זיך די זאַפטיקייט פון דער נאַטור, איינזייגן אין זיך די וואַרעמקייט פון דער זון, אויסגיסן דאָס האַרץ פון צער, פאַרשפּרייטן מיטן ווינט די יסורים און אָפּגעבן זיך מיט נחת צום באַוווסטזיין פון איינזאַמקייט.

ווען ער ווייסט ווו ס׳זיינען דאָ אַזעלכע ערטער, ווו ער וואָלט אויפגע־נומען געוואָרן, וואָלט ער אַהין אַוועק. אָבער ווו זיינען זיי? — ער האָט זיי אומעטום געזוכט. אַנטלאָפן פון דער מומען און אָנגעקומען צום שוסטער; אַנטלאָפן פונעם שוסטער און אָנגעקומען צום בעטלער; אַנטלאָפן פונעם בעטלער און אָט איז ער דאָ.

און דאָ איז דער חדר... שווער איז פאַר אים צו זיצן פאַרשפּאַרט אין די ענגע פיר ווענט און פילן אויף זיך די ניט אָנגענעמע בליקן פונעם רבין! זיצן אַ טאָג, אַ גאַנצן טאָג און אַריינקוקן אין די שוואַרצע אותיות, וואָס ער ווייסט ניט צו וואָס און צו ווען זיי זיינען באַשאַפן געוואָרן און צו וואָס מע באַדאַרף זיי. ער פאַרשטייט ניט די אותיות און קען זיי ניט געדענקען. אומדערטרעגלעך איז פאַר אים דער שפּאָטישער געלעכטער פון די קינדער, ניט אויסצוהאַלטן איז דאָס בייזע בורטשען פונעם רבין, וואָס האָט אים באַקרוינט מיטן נאָמען „יִמַח־שמוניק״.

און אויך די קינדער פונעם חדר דערווייטערן זיך פון אים. ער ווייסט עס און פילט עס. ער ווייסט אַז ער ליגט אין חרם אין קאַמאַרינקע און אַלע

מאַמעס האָבן פֿאַרבאָטן זייערע קינדער צו חברן זיך מיט אים. זיי האָבן מורא אַז ער וועט זיי אַראָפּפֿירן פֿונעם דרך הישר. ער, הייסט עס, איז אַן אַראָפּפֿירער... ווען דווידקע חברט זיך מיט וועמען ס׳איז, איז עס פֿאַר יענעם אַ כּבֿוד, אָבער ער, משהלע?

שולדיק אין דעם איז געוויס דער רבי, וואָס זוכט אין אים נקמה צו נעמען און פֿאַרמסרט אים אין יעדן הויז. אין ערטער ווו קיינער זעט ניט, זיינען קינדער נאָענט צו אים, אָבער טאָמער זעט עמעצער, מאַכן זיי זיך ווי זיי וואָלטן אים אַפֿילו ניט געקענט.

און איצט האָט ער אויך דווידקען פֿאַרלוירן. ביז איצט האָט ער זיך שוין אויך אָנגעשטויסן אַז ער פֿאַרלירט אים, און איצט, ערשט נעכטן ביי נאַכט, איז ער שוין זיכער געוועזן דערינען.

זינט רבקה איז געקומען האָט ער אים פֿאַרלוירן.

זאָל ער זאָגן אַז עס אַרט אים? ניין. דווידקע האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ פֿאַלשן פֿריינד. ווען ער, משהלע, האָט געוווּנען כּרוזקען, האָט ער זיך געוואָלט טיילן מיט אים, מיט דווידקען, און ער, ער מיידט אים אויס, ער זעט אַלע מאָל צו פֿאַרבלייבן אַליין מיט רבקהן. ער גיט אים אָנצוהערעניש אַז ער איז איבעריק צווישן זיי.

מ׳איז נעכטן אַרויס פֿון חדר, אַרויס אויפֿן שולהויף און, ווי געוויינטלעך, אָנגעהויבן שפּילן „שלי שלך" — צעטיילט זיך אין צוויי כּיתּות: די גמרא־יינגלעך באַזונדער און די דרדקי־יינגלעך באַזונדער. געמיינט האָבן די קינדער אַז דווידקע וועט אויך שפּילן, אָבער יענער האָט זיך אַרויסגעדרייט און די גאַנצע שפּיל איז צעשטערט געוואָרן. אַזוי פֿלעגט זיך אַלע מאָל מאַכן אַז דווידקע איז געווען איין מלך און ער דער צווייטער, אָבער איצט האָבן זיך די קינדער געפֿילט ווי שעפּסן אָן אַ פּאַסטעך. אויף דווידקעס אָרט האָט מען ברוכן באַשטימט פֿאַרן מלך פֿון צווייטן צד, אָבער די שפּיל איז געגאַנגען אָן לוסטיקייט. לאַנגזאַם און אָן חשק זיינען די קינדער געלאָפֿן פֿון איין כּיתּה צו דער צווייטער און דאָס שפּילן איז איבערגעריסן געוואָרן אין מיטן.

משהלען האָט עס פֿאַרדראָסן. ער האָט דווידקען מקנא געווען: פֿאַר וואָס איז עס אַז אַן אים איז אַפֿילו דאָס שפּילן קיין שפּילן ניט? דווידקען האָבן די קינדער ליב, צו אים הערן זיי זיך צו, אים גלייבן זיי, און ער, משהלע,

ער איז פון אַלעמען פאַרפאַלגט, און אים האָט קיינער ניט ליב. איז עס דען זיין שולד, וואָס ער האָט זיך אויסגעהאַדעוועט צווישן פעלד און וואַלד און ס׳איז אים ענג אין חדר? אָבער אַזוי זיינען שוין מענטשן: אַז מען איז ניט אַזוי ווי זיי זיינען, מעג מען זיין נאָך ערלעכער פון זיי, קערט מען זיך אָפּ פון זיי.

און דווידקען, אַפילו אים הייבט ער איצט אָן פיינט צו האָבן. פאַר זיין גוטסקייט אַליין הייבט ער אָן אים פיינט צו האָבן, פאַר זיינע פאַרטרויערטע אויגן, פאַר דער גוטסקייט פון זיין האַרץ, וואָס ער איז גרייט אויף אַלעמען רחמנות צו האָבן.

מענטשן האָבן אים, משהלען, פיינט און פון דעסטוועגן האָבן זיי רחמנות אויף אים; פאַר וואָס זאָל מען דאַרפן אויף אים רחמנות האָבן? פאַר וואָס זאָל ער ניט זיין באַגלייך מיט אַלעמען?

אַנומלט האָט ער אונטערגעהערט אַ שמועס מכוח אים צווישן מלכהן און דוואָשען. מלכה האָט דוואָשען דערציילט וועגן ער איז. אויסגעדריקט האָט זי זיך, אַז ער איז זייער אַ פּשוטער יינגל, אויפגעהאָדעוועט זיך צווישן פויערים און אומוויסנדיקע מענטשן און ס׳איז שווער צו פאַרליידן אים. זי האָט נאָר מורא פאַר זיין חברשאַפט מיט דווידקען, זי האָט מורא אַז ער קען ברענגען שאָדן צו דווידקעס אויפפירונג. זיי האַלטן אים נאָר פון רחמנות וועגן. ער איז נעבעך אַ קיילעכדיקער יתום, אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען און אָן אַ פּרוטה געלט אָדער וועלכן ניט איז אַנדערן פאַרמעגן. ס׳איז אַ מיצווה אים אויסצוהאַלטן און ס׳וואָלט געווען אַ גרויסע עבירה אים אַוועק־צושיקן און אים איבערגעבן צו קהל...

פאַרקלעמט האָט דעמאָלט זיין האַרץ. פאַרשאַלטן האָט ער זיך וואָס ער איז עלנט ווי אַ שטיין און ער האָט ניט וווּהין צו גיין און וווּהין צו ווענדן זיך.

רבקה... ס׳האָט זיך אים געוואָלט געווינען זי אויף זיין צד. מיט אַ כיוון האָט ער זיך פאַר איר אויסגעחנט מיט בריהשאַפט. אָבער געוווּנען האָט אין אירע אויגן דווקא דווידקע און דווקא פאַר זיין שטילשווייגן.

פאַריקן שבת פאַר נאַכט אין וואַלד: מחמת וואָס האָט ער געוואָלט בעמען די פייגעלעך, אויב ניט צוליב רבקהן? אויב ניט צוליב געבן איר אַ מתנה? און אויסגעקומען איז פונקט פאַרקערט: זי האָט זיך דורך דעם אָפּגעשטויסן פון אים. און דערנאָכדעם האָט זי זיך מיט דווידקען אַוועקגע־

זעצט אָן אַ זייט, אָפּגעזונדערט זיך פון אים, פאַרגעסן וועגן אים, אַזוי ווי ער וואָלט דאָרטן אין גאַנצן ניט געווען.

און נעכטן פאַר נאַכט: ער איז אַהיימגעגאַנגען און האָט זיי אונטער דער בעריאָזקע דערזען. געשטאַנען אַרומגענומען. דווידקע האָט זיך פון כרוזקען אָפּגעזאָגט און איצט וויס ער פאַר וואָס. אויף וואָס דאַרף ער אַ שיקסל, אַז ער האָט בעסערס?

און פאַרקלעמט האָט זיין האַרץ — זיין איינציק־פאַרבליבענעם פריינד האָט ער אויך פאַרלוירן, פאַרלוירן אויף שטענדיק... דווידקע האָט שוין עטוואָס אַנדערש מיט וואָס אָפּצוגעבן זיך. דווידקע איז אַזאַ בחור, וואָס צו צוויי זאַכן קען ער זיך ניט אָפּגעבן. ס'איז שוין אַזוי מיט אים, אַז קוים איז ער מיט עפּעס וואָס פאַרנומען, גיט ער זיך אָפּ צו דעם אין גאַנצן.

און ערשט דעמאָלט האָט ער דערפילט ווי עלנט, פאַרוואָרפן און פאַר־פרעמדט ער איז. שפּאַצירט זיך אַרום צווישן מענטשן, וואָס געדולדן אים בלויז מחמת רחמנות און מיידן אויס נאָענטע באַרירונג מיט אים.

ער איז דעמאָלט שנעל אַוועק אַהיים. שנעל, אַז דווידקע מיט רבקהן זאָלן אים ניט זען און ניט וויסן אַז ער האָט זיי געזען. ניט געקענט איינהאַלטן זיך — אַוועקגעזעצט זיך אין אַ ווינקל פון זיין צימער און ניט ווילנדיק זיך צעוויינט. ער האָט געפילט אַז מיט זיין שוואַכקייט טוט ער ניט גוט, ער באַליידיקט זיך אַליין, אָבער איינצוהאַלטן זיינע טרערן האָט ער קיין כוחות ניט געהאַט, מחמת געפלאָסן זיינען די טרערן פון דער טיף־טיפעניש פון זיין האַרץ, אַ גליק וואָס קיינער איז דעמאָלט ניט געווען אין הויז, און ווען ער האָט שפּעטער דערהערט אַז עמעצער קומט שוין יאָ אַהיים, האָט ער זיך אַריינגעלייגט אין בעט מיט אַ תירוץ אַז דער קאָפּ טוט אים וויי.

ווען אַלע זיינען איינגעשלאָפן איז ער אַוועק צו כרוזקען. דאָך איז זי זיין איינציקער פריינד — ניט פון רחמנות וועגן. האָט ער שפּעטער דאָרט דווידקען מיט רבקהן געטראָפן...

✶

צעקלונגען האָבן זיך די גלעקער פונעם קלויסטער.

משהלע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און אין איילעניש גענומען אַרויפצי׳ען אויף זיך זיינע קליידער.

„גאָר פאַרגעסן זיך אַז היינט איז ,מיקאָלע׳".

מיקאָלע איז דער יערלעכער מאַרקטאָג פון קאַמאַרינקע, דער יום־טוב פון אָט דעם געמישטן גויִיש־ייִדישן שטעטל.

די געשיכטע פון אָט דעם מאַרקטאָג ווערט, אויספירלעך, אַזוי דער־ציילט:

— אַמאָליקע אַלטע גוטע צייטן — די ממשלה פון די הייליקע סטאַרצעס (בעלי־תשובה, נזירים, האַלב־מאָנאַכן). גאָטספאַרכטיק זיינען די סטאַרצעס געווען, און צו קדושים האָט די וועלט זיך דעמאָלט נאָך צוגעהערט. די גרויסע עבירות, וואָס יעדער איינער פון זיי האָט אין זיין יוגנט באַגאַנגען, האָט אים אויף דער עלטער פאַרקערט צו גאָט. וואָס זיינען געווען די עבירות? זיינען זיי זיך מודה: איינער האָט זיין אייגענע מאַמע פאַר־גוואַלדיקט און דערנאָך דערהרגעט און קיינער האָט ניט געוווסט; אַ צווייטער — דעם טאַטן דערשטאָכן און, אַנשטאָט אים, אַליין צו דער מאַמען געקראָכן; אַ דריטער האָט זיין געליבטע פון דער וועלט אומגעבראַכט און אויף יענער וועלט אין גן־עדן אַוועקגעשיקט; אַ פערטער — אויף די ברייטע שליאַכן אַ רויבער געווען און אויך קלויסטער־גוטס באַרויבט, און אַזוי ווייטער און ווייטער, — אַלץ קליינע, אומבאַדייטנדיקע זינד, אָבער פאַרט זינד... און איצט, אויף דער עלטער, ווען די קברים זיינען שוין האַלבאָפן פאַר זיי, ווען די לעצטע פונקען פון לוסט האַלטן שוין אויך ביי אויסלעשן זיך פון זייערע הערצער, — זיינע זיי אין מאָנאַסטירן אַוועק, זיך דאָרט צו באַהאַלטן, אויס־צובעטן מחילה פון דער דריי־איינִיקייט — פאָטער, זון און הייליקן גייסט.

טעג און וואָכן, און אַ מאָל אַפילו יאָרן, זיינען זיי געזעסן אין די ענגע מאָנאַסטירסקע קאַמערן, ניט אַכטונג געגעבן ווי פיר מאָל אין יאָר ענדערן זיך די צייטן, ניט געפילט די ריחות פון פעלדער און וועלדער, ניט געזען ווי אין דרויסן פון זייערע ענגע ווענט איז זיך דאָס לעבן געגאַנגען זייער גאַנג, ניט אָנגעקוקט די ליכטיקע זון, און ביי נאַכט געטריבן דעם שלאָף פון זייערע אויגן און געמורמלט תּפילות נאָך אַנאַנד. געשטאַנען און תּפילה געטאָן, יומם ולילה תּפילה געטאָן, און זיבן תּעניתים אַ וואָך געפאַסט, ניט מער ווי ברויט מיט קאַשע באַשמירט מיט חזיר־שמאַלץ געגעסן און רויע וואַסער פון קוואַל געטרונקען. ניט מער ווי דאָס, אַחוץ די געקעכטסן, וואָס גאָטספאַרכטיקע ווייבער האָבן זיי צוגעבראַכט יעדן זונטאָג און אַ מאָל אין מיטן דער וואָך — איבערבלייבעכצן פון זייערע היימישע טישן.

און ווײַטער ס'איז באַשערט געווען לאַנג צו לעבן, האָט אַ סך יאָרן זיך אַזוי געפּײַניקט, ביז וואַנען זיי האָבן דערפילט, אַז זייערע זינד זײַנען שוין פאַרגעבן געוואָרן, ס'פּלאָגט זיי שוין מער ניט דאָס געוויסן, און פרייד פון גליקזעליקייט קומט שוין צו צו זייערע הערצער.

האָבן זיי ביסלעכווייז אָנגעהויבן אַרויסקומען פון זייערע קעלניעס (מאָנאַכישע ענגע צימערן) און אָנגעהויבן אָנקוקן די ליכטיקע וועלט.

אָנגעקוקט די וועלט און אומבאַקאַנט איז זי זיי געוואָרן: עפּעס ברוּיזט דאָרט אַ לעבן פון וואָס זיי האָבן זיך אין זייערע קעלניעס אָפּגעוווינט. עפּעס מאַכן זיך מענטשן לוסטיק, גיבן זיך אָפּ צו תּאַוות, זאָרגן, לײַדן און פריידן און זײַנען זיך משׂמח פון וועלטלעכע זאַכן, און די הימלישע מלוכה איז אין גאַנצן פאַרגעסן. דערזען האָבן זיי ווי גאָטלעסטיק זײַנען די מענטשלעכע מנהגים, ווי טייוולאָנים האָבן אומעטום פאַרשפּרייט נעצן פון זינד, און מענטשן זײַנען ניט אָפּגעהיט און ווערן געפאַנגען אין זיי.

זײַנען זיי אַרויס מיט מוסר אויף דער וועלט, אַרומגעגאַנגען פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָט צו שטאָט, געשאָלטן אין עקסטאַז די זינדיקע, געשיקט אויף זייערע קעפּ די פלאַמפּייערן פון גיהנום, אימת מוות אויף זיי געשאָטן. און די צוהערערס האָבן זיך צוגעהערט און זיך געשראָקן, האָבן זיי געוואָלט איבערבעטן אָט די הייליקע, זיי פאַר האַלבגעטער געמאַכט, נאָכגעגאַנגען זיי ביז זייערע קעלניעס, ווו די סטאַרצעס, זייערע לעצטע שליחותן אויף דער ערד דערפילנדיק, האָבן זיך ווידער אין זייערע קעלניעס אײַנגעשלאָסן, צו וואַרטן אויף זייער אמתדיקן קבר.

און זייערע נאָכפאָלגערס האָבן זיך אויך אין קעלניעס אײַנגעשלאָסן, „סטאַרצעס" מיט דער צײַט צו ווערן, אויך נאָכפאָלגערס צו באַקומען. און אַזוי אַרום איז אָט די געמיינשאַפט פאַרמערט געוואָרן, ביז וואַנען יעדער ישוב האָט שוין זײַן אייגענעם הייליקן געהאַט, יעדער זיצאָרט זײַנע סגולות.

איצט קומט די מעשׂה „קאַמאַרינקער מיקאָלע".

געווען איז אײן מאָל אַ טרויעריקער ווינטער. געשטאַנען זײַנען לאַנגע טרוקענע פרעסט, נאָך איידער די פעלדער האָבן זיך פאַרדעקט מיט שניי. אויסגעפרוירן איז דער ווינטער־קאָרן אויף די פעלדער.

האָבן זיך די פּויערים געטרייסט: „אויב ניט ווינטער־קאָרן, וועלן אַנדערע תּבואות געראָטן."

האָבן זיי אין פרילינג פאַרזייט די פעלדער מיט אַנדערע תבואות.

דעם טרוקענעם ווינטער האָט אָבער נאָכגעפאָלגט אַ טרוקענער זומער. אָן אויפהער האָט די זון געבאַקן פון אויבן און אַפילו די נעכט זיינען מיט טוי ניט באַפייכט געוואָרן. אויסגעטריקנט האָבן זיך די טייכלעך, צעטריקנט די וועלדער, צעוויאַנעט די פעלדער, און אַרומגעגאַנגען זיינען די פויערים, מיט זאָרג זייערע פעלדער באַטראַכט, געצלמט זיך, געדאַגהט מכּוח זייערע קינדער, מכּוח זייערע ווייבער, וועגן זיך אַליין אויך געטראַכט, אַז זיי אַלע וועלן דעם קומענדיקן יאָר, גאָט באַהיט, אויסגיין פון הונגער.

פאַרשטומט געוואָרן זיינען די דערפער, מיידלעך האָבן קיין לידער ניט געזונגען, בחורים האָבן ניט געטאַנצט.

נאָר אַרומגעלאָפן פון דאָרף צו דאָרף זיינען די סטאַרצעס, מיט קללות געשאָטן, פּחד געוואָרפן אין די אַזוי אויך איבערגענוג דערשראָקענע הערצער.

באַלד האָבן זיך אויך שׂרפות אָנגעהויבן. צו ערשט האָט זיך עס אין איין דאָרף אָנגעצונדן. אויפגעפלאַקערט האָט אַ שטוב מיט אַ שטרויענעם דאַך אין מיטן דער נאַכט, און וואַסער מיט וואָס צו לעשן איז ווייניק געווען, האָט זיך דאָס פייער פאַרשפרייט, געגאַנגען פון הויז צו הויז, פון שטאַל און שייער צו שטאַל און שייער, פון דאָרף צום טרוקענעם וואַלד, פונעם וואַלד צום צווייטן דאָרף און אַזוי ווייטער און ווייטער.

און געשטאַנען זיינען די פויערים היימלאָז און פאַרשמאַכט אין די צע־וויאַנעטע פעלדער, געריזעט זיך אין די חורבות, געהויבן די הענט צום הימל, צוגעהערט זיך צום טרויעריקן גלאָקן־געקלאַנג פון די קירכעס, ווו מ'האָט טאָג און נאַכט מתפּלל געווען, ביי גאָט חסדים געבעטן.

אוי, אַ זינדיקער, זינדיקער דור איז מן הסתם דעמאָלט געווען. ניט אומזיסט האָבן די סטאַרצעס אַזוי געשראָקן דעם עולם, — מחמת ניט אָפּגערופן האָבן זיך די הימלען צו די תּפילות, קאַלטבלוטיק צוגעקוקט זיך צו די יסורים און ניט געשאָנקען אַפילו קיין איינעם פון די געבעטענע רעגנס.

און ביי נאַכט האָט זיך אין הימל באַוויזן אַ שרעקלעכער צייכן: אַ קאָ־מעטע האָט זיך אין הימל אָוועקגעשטעלט, פּונקט איבערן דרום־מערב האָריזאָנט, און פאַרשפרייט האָט זי ברייט און לאַנג איר עק. האָבן מענטשן מיט פּחד געקוקט, געוואַרט אויף נאָך גרעסערע פּורעניות, אויף מלחמות און מגפות זיך געריכט.

אַזוי אַרום איז שוין אין גאַנצן פאַרשטומט געוואָרן דער מיידל־בחורשער געזאַנג און אַפילו געלעכטער, ניט געהויבן האָבן זיך פּיס פאַר קאַמאַריטשקע־טאַנץ, פאַרראַסט געוואָרן זיינען די באַלאַליקעס, און פון יעדן שאַרך האָבן זיך הערצער געוואָרפן אין פּחד.

ביז וואַנען —

אין קאַמאַרינקע איז געווען אַ גלח. דוכט זיך, גאָר אַ פּשוטער, ניט אָנגעזעענער מענטש, און דווקא דורך אים איז געקומען די ישועה.

געקומען איז זי צו אים די „הייליקע מוטער" אין חלום און האָט אים אַזוי געזאָגט:

„געזינדיקט האָבן די מענטשן, געזינדיקט זייער אַ סך, זיינען זיי ווערט באַשטראָפט צו ווערן. גאָט איז אָבער באַרמהאַרציק און איז מוחל עבֵרות. פאַר די קליינע קינדערס וועגן, וואָס זיינען נאָך ריין פון זינד, טוט ער עס. בכן, וויסן זאָלסטו, אַז דאָרט אין דעם ,דרעמוטשן' (געדיכטן, דרעמלענדיקן) וואַלד געפינט זיך די גרויסע סגולה. גיי אָפּ טויזנט קלאַפטער אין וואַלד אַריין, וועסטו צוקומען צו אַן אַלטן דעמב אונטער וואָס צוויי שטיינער ליגן איינער איבער דעם אַנדערן. אויף איין זייט פון די שטיינער וואַקסט אַ סאָסנע, אויף דער צווייטער זייט — אַ בעריאָזע, אויף דער דריטער זייט — אַן אָסינע, אויף דער פערטער זייט — אַ קליאָן. דאַן שטעל זיך לעבן קליאָן מיטן פּנים צו מערב און הייב אָן גיין מיט געמאָסטענע טריט; און צייל אָפּ פופציק טריט, דאַן צייל אָפּ צוואַנציק טריט אויף צוריק, דערנאָך הונדערט טריט אין דרום. דאָרט שטעל זיך אָפּ. דו וועסט דאָרט געפינען אַ גרויסן שטיין, וואָס פון אונטער אים שטראָמט אַ קוואַל. מיטן קוואַל זאָלסטו אַוועקגיין ביז וואַנען דו וועסט צוקומען צו אַן אָרט ווו ער באַגעגנט זיך מיט אַ צווייטן קוואַל, און דאָרט געפינט זיך דער קבר פון דעם הייליקן מיקאָלע. זאָלסטו אָנשעפּן אַ הייליקע כּלי פון יענעם וואַסער און טו שפּריצן פון אים — איין מאָל אין מזרח, צוויי מאָל אין מערב, דריי מאָל אין צפון און פיר מאָל אין דרום, דערביי זאָלסטו פינף מאָל איבערזאָגן די תּפילה ,פאַטערל אונדזערער'. וועט דער רעגן שוין קומען."

ווי די הייליקע מוטער האָט אים געזאָגט אַזוי האָט דער גלח געטאָן. און ווען ער האָט צום ערשטן מאָל מיט וואַסער אַ שפּריץ געטאָן, האָט אַ ווינטל אָנגעהויבן בלאָזן, צום צווייטן מאָל — האָט זיך אַ וואָלקנדל באַוויזן,

צום דריטן מאָל — האָט זיך שוין אַ בליץ דערזען, צום פערטן מאָל — אַ דונער דערהערט, און ווען ער האָט צום פינפטן מאָל איבערגעזאָגט די תפילה „פאָטערל אונדזערער", האָט שוין דער רעגן געשטראָמט און געשטראָמט.

פאַרגרינט האָבן זיך די צעטריקנטע פעלדער, איינגעלאָשן זיך די שׂרפות, אַוועק די קאַמעטע פונעם הימל, און אין יענעם יאָר איז אַזאַ גערעטעניש געווען, וואָס אַפילו די אַלטע לייט האָבן נאָך אײנעם אַזוינעם ניט געדענקט.

און אויף דעם דאָזיקן טאָג איז דער יום־טוב „מיקאַלע" אויף דור־דורות באַשטימט געוואָרן: זאָלן אַלע דורות די ניסים פון דעם הייליקן סטאַרעץ און דער הייליקער מוטער געדענקען און באַזינגען.



צעקלונגען זיך האָבן די גלאָקן פונעם קלויסטער, צעקלונגען זיך די קליינע גלאָקן אויף דינע קולות, צעקלונגען זיך די גרויסע גלאָקן אויף האַרבע קולות, און אַוועקגעצויגן האָט זיך דער פריידיקער עולם, אין גע־פוצטע פאַרביקע בגדים און געפּוצטע גלאַנציקע שטיוול, אין קלויסטער אַריין.

איז דער קלויסטער צו קליין געווען אַריינצונעמען דעם גאַנצן עולם, האָט זיך דער איבעריקער עולם צעשטעלט אין קלויסטער־הויף, און אין דרויסן פון הויף און פאַרנומען די גאַנצע גאַס.

פון נאָענט און פון ווייט האָט זיך דער עולם צונויפגעקליבן. קאַליקעס, בלינדע און קראַנקע זיינען געקומען באַשפּריצט צו ווערן פונעם הייליקן וואַסער, — אפשר פאַרט אַ סגולה געהיילט צו ווערן. אַלטע לייט זיינען געקומען, בכדי זיך אויסצובעטן אַ ליכטיקן אָרט אין דער הימלישער מלוכה, בעטלערס — נאָך נדבות, בחורים און מיידלעך — צו זינגען און טאַנצן, פּשוטע פּויערים — צו גוט־עסן און גוט־בראַנפן, און סוחרים — צו פראַווען מסחר.

אָנגעבראַכט האָבן די סוחרים מכּל טוב: בייגל מיט קאַנפעטן, הערינג מיט לעקעך, רויטע פערל און בלויע טיכלעך, לעמאָניאַדן און טערקישן פעפער.

נאָך מיט טעג פריער האָבן סוחרים צעבויט זיךביידלעך אַרום און אַרום

דעם מאַרקפּלאַץ און זיי לייזן מיט מזומנים פאַר זייערע סחורות, ניט אויף קיין באָרג. מחמת פאַר קונים דאַרף מען ניט אַרויסרופן, זיי שטופּן זיך און שטויסן זיך אַליין צו די סחורות — איינער צו נעמען אומזיסט ווען קיינער זעט ניט, און אַ צווייטער שלעפּט די קופּערנע מטבעות פון זיינע מאַכאָרקע־זעקלעך.

אָבער דער מסחר, די טענץ, די פייערונגען, דאָס עסן און טרינקען, הייבט זיך אָן ערשט אַרום האַלבן טאָג, ווען עס ענדיקן זיך אַלע גאָטדינסטן־פייערונגען, מאַרשירונגען און פּאַראַדן. ערשט ווען די זון שטייט שוין גאַר הויך אין הימל, קלייבן זיך צונויף די בחורים מיט די מיידלעך, צעשפּרייטן זיך אונטער די קילע שאָטנס פון די ווערבעס אויפן מאַרקפּלאַץ, מ׳מאַכט זיך קאַראַהאָדן, ס׳צעפּויקט זיך דער פּויק, צעפידלט זיך די פידל, צעקלינגט זיך די באַלאַלאַיקע, צעזינגען זיך די מיידלעך אָנצוצי׳ען די בחורים, צעטאַנצן זיך אַלע, גראָבנדיק די ערד מיט די שווערע שטיוול און אויספירנדיק פלינק דעם רוישנדיקן טאַקט פון קאָזאָטשאָק־טאַנץ.

משהלע האָט זיך פון אַלעמען אָפּגעזונדערט און זיך אַריינגעמישט אין המון. דערפילט זיך ווי אַ טייל פון אָט דער רוישנדיקער כוואַליע. אין גאַנצן האָט זיך פון אים אויסגעוועפּט זיין פרי׳ערדיקער טרויער־געפיל, דערפילט ווי ער וואָלט אויסגעמישט, אויסגעפלאָכטן זיך מיט אָט דעם גרויסן לוסטיקן המון. פאַרוואָלט האָט זיך אים אויך צו טאַנצן מיט די אַלע פּויערשע בחורים און מיידלעך. ער איז אַרומגעגאַנגען פון איין קאַראַהאָד צו אַן אַנדערן, און נייגעריק אויסגעקוקט ווו ער קען זיך אַריינמישן.

און דאָרט האָט אַ הויכערברייטפּלייציקער בחור, מיט אויף אַ זייט פאַררוקט הויכן היטל, אין אַן אויסגעשניטן רויטן העמד, ברייטע בלויע הויזן, געטאַנצט מיט אַ פּויערישער מיידל. אָנגעגאַנגען איז אַ געוועט: ווער וועט קענען נאָכגיין איר טאַקט?

„העי, באַראַבאַנטשיק שטאַרקער! באַלאַלאַיקע פלינקער!”

געשווינד און פלינק האָט זיך דאָס פּויער־מיידל געדרייט. אויפגעהויבן איר ספּאָדניצע ביז די קני, די הענט אויף די היפטן, און אָט געשלענגלט מיט די פיס, אָט געבויגן פאַרוואָרפן זיי אַהין און צוריק, און באַלד אויסגעגליכן זיך און אַוועק אַ דריבנעם מאַרש אויף צוריק, — פלינק! מער ניט געזען זיך, ווי אין לופט וואָלטן אירע פאָרמען געוועבט זיך, געציטערט האָבן

אונטערן העמד אירע ניט־איינגעצויגענע ברוסטלעך, געפלאַמט האָבן די אויגן.

„אָר־ה־ה!..."

דער פויער־בחור איז פאַרמאַטערט געוואָרן און פאַרשעמט אַרויס פון קאַראַהאָד, באַגלייט פון אָפּשפּאָטישע באַמערקונגען און געלעכטערס.

דאָס פויעריש־מיידל האָט מיט שטאָלץ און אַרויסרוף זיך אַרומגעקוקט ווי פאַרבעטנדיק:

„נו, ווער נאָך וויל אויספּרוּוון?..." זי אַליין איז נאָך ניט פאַרמאַטערט...

דאָס פויעריש מיידל האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים אין משהלעס זייט און ער האָט זי גלייך דערקענט:

„מאַלווינקע!..."

גאָר ניט גערעכנט זיך ווידער אַ מאָל צו טרעפן זיך. זי, מאַלווינקע, איז שוין געווען פאַרוואַנדלט ווי אין טרוים, — אַ טרוים נאָך וועלכן ס׳בענקט דאָס האַרץ, הגם ווער ווייסט צי עס האָט אַ מאָל געהאַט אַ קיום. און אָט שטייט זי אין דער סאַמע ווירקלעכקייט אַנטקעגן אים! יאָ, די אמתדיקע אַמאָליקע מאַלווינקע! עטוואָס אויסגעוואַקסן, העכער און ברייטער געוואָרן, אויסגעשפּראָצט און שענער געוואָרן, אָבער פאָרט די זעלביקע מאַלווינקע, נאָר ווי אַ בלום, וואָס האָט שוין אירע בלעטלעך פונאַנדערגעלאָזט.

„מאַלווינקאַ!" האָט ער באַגייסטערט אויסגערופן.

זי האָט אַ ציטער געטאָן. ווער האָט עס אויסגערופן איר נאָמען? אַ באַקאַנטע שטימע. זי האָט גענומען זיך אַרומקוקן. און זי האָט אים דערזען און דערקענט.

„אוי, זע נאָר, מאָשקאָ!..." האָט זי אויסגערופן.

פאַרוווּנדערט און דערפרייט, האָט זי געמאַכט אַ באַוועגונג אַרויסצוקומען פונעם קאַראַהאָד און אַ לאָז טאָן זיך צו אים, אָבער משהלע האָט זי אָפּגעהאַלטן:

„וואַרט, מאַלווינקע, איך וועל מיט דיר טאַנצן!"

דערפילט האָט ער אַנטשלאָסנקייט אין זיך: אין טאַנץ וועט ער זי איבעריאָגן. ניט אַזוי ווי יענער בחור, דער פויער. ער וועט זי געווינען!

און דערביי אַ נייער געדאַנק. ערשט איצט ווייסט ער וואָס ער וויל און זאָל טאָן. „ער וועט זי געווינען. ער וועט מיט איר אַוועק צו איר היים. אַוועק

פון דווידקען, אַוועק פון רבקהן, אַוועק פון חדר מיט דעם מלמד, ווערן פריי! צו וועלדער, צו פעלדער, צוריק צו קאַרבאַטשעווקע.

„הו־או־או־־־הו!...“ האָט הילכיק אויסגעקלונגען זיין קול און מיט אַט דעם אויסרוף האָט זי ווי אַן עכאָ אָפּגעענטפערט.

און צעשפּילט זיך האָבן זיינע בלוטן, ווי זיי וואָלטן געווען די וואַסערן פון אַ שנעל פליסנדיקן טייך, וואָס מ'האָט געוואָלט זיי פאַרצוימען, און זיי האָבן זיך געקליבן און געקליבן, ביז וואַנען זיי האָבן מיט איין מאָל דעם צוים אָנגעגריפן, אים איבערגעוועלטיקט, זיך אַרויסגעריסן און אַוועקגעשטראָמט אין אימפּעט און גרויסן עקסטאַז, ווי באַלוינענדיק זיך מיט גרויסער פרייד פאַר דער פרייהייט, וואָס ער האָט פאַר זיך אַליין אַריינגעקראָגן.

„העי, מוזיקאַנטן, געשווינדער און הילכיקער!“

און פלינקער און פלינקער אַוועק! אויסגעמישט זיך הימל און ערד, מענטשן און ביימער, און געפּילט האָט ער נאָר דעם גרויסן אויפברויז אין זיין האַרץ, דעם טיפן אויפברויז פון געפיל, — און פאַרלייגט די הענט איבער קאָפּ, האָט ער געגומען בייגן זיך, הייבן און אַרונטערלאָזן זיך, אויפקומען און ריטמיש שליידערן מיט די פיס, אַהין און אַהער, אַרויף און אַראָפּ, געשטראָמט פאָרויס, געשטראָמט צוריק:

„העי, קלעזמער, געשווינדער! געשווינדער און העכער! נאָך שנעלער! באַראַבאַנשטשיק, איינגעשלאָפן? טראַסקע דעם פּויק, אַז דער עכאָ זאָל זיך צעקלונגען! העכער! שטאַרקער!“

ביז וואַנען מאַלווינקע האָט שוין מער ניט געקענט נאָכפאָלגן.

„גענוג!...“ האָט זי אויסגערופן.

און דער עולם פון אַרום האָט צו אים אַ שטראָם געטאָן, ווי אַ כוואַליע, און צעהודיעט זיך ווי בינען אין אַ בינשטאָק:

„בראַוואָ! מאָלאָדיעץ!“

און אַנדערע האָבן באַמערקט:

„וואָס זאָגסטו אויף אים, אויף דעם קליינעם זשידאָק? עה...“

און אַנדערע האָבן געזאָגט:

„ער וואָלט געדאַרפט אין גאַנצן אַן אונדזעריקער ווערן...“

אָבער משהלע האָט קיינעם ניט געהערט, ער האָט מאַלווינקען אָנגענומען ביי דער האַנט און געזאָגט:

„קום, מאַלווינקע, קום מיט מיר!״

און דאָ האָט ער פּלוצעם דערפילט אַ שלעפּ ביי דעם אַרבל פון זיין רעקל; ניט גערן האָט ער זיך אַרומגעקוקט פון אַהינטער אים און איז געבליבן שטיין ווי פאַרשטיינערט: אַלע זיינען דאָ געווען: מלכּה, דוואָשע, דווידקע, רבקה.

ווי אַ גנבֿ ווען מ׳כאַפּט אים ביי דער גנבֿה: „מיט אַ שיקסע, משהלע?״

און דערפילט האָט ער זיך שולדיק, ווי ער וואָלט אָפּגעגנאַרט דעם צוטרוי צו אים. פּלוצעם איז אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס ליכט, פאַרשוווּנדן די באַגייס־טערונג, דערפילט האָט ער זיך ווידער עלנט, עלנט צווישן יידן, עלנט צווישן ניט־יידן, און וווּהין, וווּהין זאָל ער זיך ווענדן?

אָבער רבקה האָט קענטיק אַנדערש געקוקט אויף אָט דעם ענין:

„אוי, טאַנצסטו, משהלע! איך וואָלט געוואָלט אַזוי קענען טאַנצן...״

אָבער דוואָשע האָט זי איבערגעשלאָגן:

„אַזוי טאַנצן וואָלסטו געוואָלט? מיט גויים? אויך אַ גויע זיין?...״

„אויך אַ גויע זיין?״ האָט זיך משהלע פאַרוווּנדערט. „בין איך דאָס אַ גוי, הייסט עס?״

און אַרויסגעשווומען זיינען צוריק אין זיינע געפילן אַלע באַליידיקונגען — די דירעקטע און אומדירעקטע. קען ער איצט צוריקגיין צו מלכּהן, צו דווידקען, צו זייער היים, צו אָט דער שוין פאַרפרעמדטער היים? צו זיי אַלעמען וואָס האָבן געזען ווי באַגייסטערט ער האָט געטאַנצט, און דווקא מיט אַ שיקסע? ווי וועט ער איצט באַטראַכט און באַהאַנדלט ווערן?

„קום, מאַלווינקע!...״ האָט ער אויסגערופן, אויסער זיך פון אויפרעגונג, און אַוועקגעשלעפּט זי אין געדיכטן המון, איבערלאָזנדיק זיינע גוטע פריינד מטושטש און האָט זיך אויסגעמישט מיט אָט דעם המון.

„ווער זיינען זיי, משהלע?״ האָט אים מאַלווינקע געפרעגט.

„וואָס אַרט דיך ווער זיי זיינען? איך האָב ביי זיי געוווינט און געליטן... איצט קום און מיר וועלן גיין! לאָמיר גיין גלייך קיין קאַרבאַטשעווקע! איך וועל גיין צו דיין טאַטן און ווערן אַ פּאַרובאָק, קום!״

„מיינסט עס ערנסט, מאַשקאַ?״

„איך בין ניט אויפגעלייגט איצט צו שפּאַסן...״

מאַלווינקע האָט אים אָנגעקוקט: צי זאָל זי אים נעמען ערנסט אָדער

ניט ? דערקענט האָט זי באַלד אַז ער איז יאָ ערנסט און זי האָט זיך דערפרייט :

„אויב אַזוי, קום צו אונדז אַהיים, צו מיין טאַטן !"

מאַלווינקעס טאַטע האָט זיך מיט אים אויך דערפרייט. געשטאַנען איז ער אויפן מאַרק אָן אַ זייט, אַ גלח לעבן אים, און געוואָלט אויסבייטן זיך מיט זייערע פערד. געהאַלטן אין סאַמע מיטן דינגען זיך. דער גלח האָט אים שוין אָנגעשטיגן צוויי רובל צוגאָב און ער האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז ער וויל דווקא דריי. דערווייל האָט ער געהאַלטן אויסצודערציילן אַלע מעלות פון זיין פערד : אַליין געהאָדעוועט האָט ער אים, פלינק איז ער אין וואָגן און גוט אין סאָכע, נאָך ניט זייער אַלט : — צען יאָר וועט ער ערשט ווערן דעם צווייטן זונטאָג אין די קאָליעדעס (באַשטימטע רוסיש-פּויערשע ימים-טובים).

דורך דער פאַרוווּנדערונג פון משהלעס אָנקומען, האָט ער איבערגעריסן זיין אויסציילונג פון די מעלות פון זיין פערד.

„הליאַן („זע"), מאָשקאָ !", האָט ער זיך דערפרייט. „זע, ווי אויסגע־וואַקסן ! ווי לעבט זיך דיר, מאָשקאָ ?"

און געווענדט זיך צום גלח :

„האָסט געקענט חיים דעם מילנער, פּאָטערל ? דאָס איז זיין זונדל. זיין מאַמע, זייער אַ גוטע זשידאָווקע געווען, איז שוין לאַנג געשטאָרבן, און זיין טאַטע איז שפּעטער געשטאָרבן. זייער אַ גוטער מענטש געווען. וואַרט, ווען איז זיין טאַטע געשטאָרבן ? לאָמיר אַקאָרשט דערמאָנען זיך... פאַר אַ יאָרן ווינטער איז דער מיל אָפּגעברענט... און דאָס איז געווען מיט אַ יאָר פריִער... אפשר צוויי יאָר... שוין דריי יאָר וועט באַלד ווערן... יאָ, פאַר דריי יאָרן... די צייט פליט, ניט אַרומצוקוקן זיך. איך דערמאָן זיך, אַז דעמאָלט האָט מען יאַכימען פאַרמישפּט אויף צוויי יאָר אָסטראָג (טורמע). באַלד, לאָמיר דער־מאָנען זיך, איז עס געווען פאַר אַ יאָרן ?... אפשר פאַר צוויי יאָרן ?... ווער קען עס געדענקען ?... נו, יאַכים, זאָגט מען, דאַרף שוין באַלד אַרויסקומען... און אַז ער וועט אַרויסקומען, וואָס וועט ער טאָן ? ווידער גנבענען, וואָס נאָר עס מאַכט זיך און ווידער וועט מען אים כאַפּן און ער וועט ווידער אַריינגע־זעצט ווערן אין טורמע..."

דעם שטראָם פון זיינע רייד האָט מאַלווינקע איבערגעריסן :

„גענוג שוין, גענוג דיר, טאַטינקע ! שפּאַן בעסער גיכער איין דעם פערד און מיר וועלן פאָרן אַהיים. מאָשקאָ פאָרט אויך מיט אונדז !"

„וווּהין פֿאָרט ער ?"

„וווּהין ? וווּהין ?" האָט אים מאַלווינקע איבערגעקרימט, „וווּהין, אויב ניט צו אונדז אַהיים אין קאַרבאַטשעווקע ?..."

„וואָס דאַרף ער אין קאַרבאַטשעווקע ? קיין מיל האָט ער שוין ניט..."

„דאָס איז ניט דיינע דאגות. דו שפּאַן אײַן דעם פֿערד און דערציילן וועל איך דיר שפּעטער ! אַלץ דאַרף ער וויסן... דו פֿאָר און באַסטאַ ! מאַשקאַ וועט מיט אונדז וווינען און ביי אונדז זיין אַ פּאַרובאָק. ער וויל ביי די זשידעס מער ניט זיין. נו, שפּאַן שוין, גיכער !"

„אַ פּאַרובאָק ביי אונדז ? מיר דאַרפֿן ניט קיין פּאַרובאָק. איך בין געווען אַ פּאַרובאָק ביי זיין טאַטן. זייער אַ גוטער מענטש געווען. יעדן פֿרייטאָג מיר אַ קוילעטש געגעבן, אַחוץ וואָס ער האָט מיר געצאָלט... מאַשקאַ וויל ביי די זשידעס מער ניט וווינען, און וואָס וועט ער ביי אונדז עסן ? טרעפֿניאַ (טרפֿה) ?..."

„זע, ווי ער רעדט נאָך ! וועסט שפּעטער ריידן וויפֿל דו ווילסט. איצט שפּאַן דאָס פֿערד און מאַך עס שנעל !"

דערזען, וואָס דאָ קומט פֿאָר, האָט דער גלח פֿאַרשטאַנען אַז קיין פֿערד־אויסבייט קען שוין דאָ מער ניט פֿאָרקומען און ער איז אָפּגעטראָטן אָן אַ זייט. אָבער איר טאַטע איז נאָך אַלץ געשטאַנען פֿאַרלוירן, געקראַצט זיך דעם קאָפּ און ניט געקענט אַנטשליסן זיך וואָס צו טאָן.

„די זשידעס וועלן זיך דערוויסן, אַז איך האָב אַ זייעריקן אַוועקגעפֿירט, וועלן זיי..."

נאָר דאָ האָט זיך דער גלח אַריינגעמישט. ער איז צוגעקומען צו משהלען און אים גענומען פֿרעגן פֿאַר וואָס ער וויל פֿאָרן קיין קאַרבאַטשעווקע. משהלע האָט אים דערציילט. ווען ער האָט אים אויסגעהערט, האָט ער אָפּגערופֿן אָן אַ זייט מאַלווינקעס טאַטן און מיט אים לאַנג גערעדט.

דער גלח האָט גערעדט מיט היץ און קענטיק איינגעשמועסט אים מכּוח עפּעס, געוואָלט אים געבן צו פֿאַרשטיין, וואָס יענער האָט עס בשום אופֿן ניט געקענט באַנעמען און איז געבליבן פֿאַרעקשנט אויף ס׳זייניקע, געשטאַנען, געקראַצט זיך דעם קאָפּ אין גרויס פֿאַרלעגנהייט און געהאַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד.

„אָבער איך קען ניט," האָט ער צום סוף געזאָגט. „איך בין ביי זיין טאַטן

די גאַנצע יאָרן געווען אַ מילנער. איך געדענק נאָך ווען ער איז געבוירן געוואָרן. ס׳איז פונקט געווען אין פרילינג... וואַרט, ווען איז עס געווען? פּאַסכאַ? ניין, ניט פּאַסכאַ... פּאַסכאַ האָט זיך מיין ראַבע קו געקעלבט מיט אַ שוואַרץ קעלבל... אָט דאָס זעלבע קעלבל וואָס איך האָב פאַר אַ יאָרן פאַרקויפט דעם פּריץ... איך האָב געמיינט אַז מיין ראַבע קו וועט אין גאַנצן ניט קעלבן זיך יענעם יאָר, ווייל איך האָב ניט געזען דעם יאָגער...״

דער גלח האָט אים אומגעדולדיק איבערגעריסן און אָנגעהויבן שטיל ווידער צו טענהן צו אים, ביז וואַנען ער האָט זיך שוין געלאָזט איבעררײדן און הגם נאָך אַלץ אומבאַשלאָסן, פאַרט גענומען שפּאַנען זיין פערד צום וואָגן.

„וועלכן פערד שפּאַנסטו?״ האָט אים אָפּגעשטעלט דער גלח. „נאַ, שפּאַן מיין פערד. איך וועל דיר געבן די דריי רובל...״

אָבער איצט האָט שוין מאַלווינקעס טאַטע חרטה געהאַט פון דעם גאַנצן ענין. ער וויל אין גאַנצן ניט בייטן קיין פערד. ער האָט זיין פערד אַליין אויפגעהאָדעוועט און ער קען שוין אַלע זיינע אויפפירונגען, בכן מחמת וואָס נעמען אַן אומבאַקאַנטן פערד און ווער ווייסט וואָס ער איז. און דערווייל האָט ער אָנגעהויבן דערציילן אַ מעשׂה, אַז פאַר אַ יאָרן אויף „יוריער מאַרק״ — אָבער, וואַרט, איז עס געווען אויף יוריער מאַרק, ער וויל זיך דערמאָנען, אפשר איז עס געווען אויף „טראָיצער מאַרק״. וואַרט, און אפשר טאָקע אויף יוריער מאַרק? — בקיצור, האָט יעהאָר טראַכמאַניאַניק אויסגעביטן זיין פערד...״

„שפּעטער, שפּעטער... וועסט די מעשׂה שפּעטער דערציילן... איצט, שפּאַן דאָס פערד, און מאַך עס שנעל!...״ — האָט אים זיין טאָכטער צוגעאײלט.

האָט ער זיך אַ קראַץ געטאָן דעם קאָפּ און גענומען שפּאַנען זיין פערד.

## קאַפּיטל 23

מלכּה מיט דוואָשען האָבן זיך אָוועקגעלאָזט איינצוהאַלטן משהלען און האָבן זיך אויסגעמישט מיטן המון. דווקא מיט רבקהן זיינען פאַרבליבן אַליין.

זי זיינען געווען צופרידן — פרייער און אָנגעגעמער האָבן זיי זיך געפילט אונטער פיר אויגן. אויסגעמישט צווישן דער גרויסער רוישנדיקער כוואַליע פון מענטשן, האָט זיך זיי געדוכט, ווי זיי וואָלטן געווען ערגעץ ווו אין אַ ים פון שׂימחה, און איבער אָט דעם ים שווימען זיי, און דער ים ברויזט, און דער ברויז איז פון זייער כּבוד וועגן, בכדי עס זאָל זיין אין איינ־קלאַנג מיט די געפילן וואָס האָבן זיך איינגעפעסטיקט אין זייערע הערצער.

דאָס רוישן פון אַ המון איז ווי מען פילט אים: פאַר קראַנקע איז ער אומדערטרעגלעך, פאַר געזונטע איז ער דער אָפּקלאַנג פון די אייגענע כּוחות, דער אויסדרוק פון שׂימחה, וואָס רייסט זיך אַרויס פון זייערע הערצער און צעשפרייט זיך איבער דער וועלט, און לכּבוד דעם טאָקע, דוכט זיך זיי, ליכטיקט די זון, ווערט מיט בשׂמים אָנגעפילט די לופט, און די גאַנצע נאַטור איז אַ ווונדער־נגינה, וואָס יבשה און וואַסער, פעלד און וואַלד און אַלץ אַרום זינגען שירה, און אַפילו די גרויע שטיינער, אין דעם געלבן זאַמד, צעזינגען זיך, צעקלינגען זיך, ווי די זילבערנע גלעקלעך, וואָס זיינען צעהאַנגען איבער דיביימער פון די גאָרטנס פון די באַגדיכאַנער אין די מעשׂיות פון „טויזנט און איין נאַכט״. אַזוי איז אַלע מאָל דער ווידערקול פון דער דערפילונג פון אַ פּאַרטיפּטער האַרמאָניע, ווען זי איז אין הערצער־באַדנס איינגעפלאַנצט...

און געפילט האָבן דווידקע מיט רבקהן, אַז די רויטע קאָפּטיכער פון די פויערישע מיידלעך, די גבורה־באַרימערייען באַוועגונגען פון די פויערישע בחורים, דער באַרימערישער אויסשטעל פון לוסטיקייט, די אַרומיקע ברויזנ־דיקע לעבנס־פרייד, די שפּילערייען פון די פויקן, האַרמאָשקעס און פידלען, די אַלערליייִקע אַרומיקע פאַרבן, די שאָטנס פון די ביימער, די ליכטיקע שטראַלן פון דער זון, — דאָס אַלץ איז ניט מער ווי אַן אָפּקלאַנג פון זייערע געפילן, וואָס זיינען איינגעוואָרצלט אין זייערע נשמות. און געזען האָבן זיי ניט דעם המון מענטשן אַרום זיך, נאָר געדוכט האָט זיך זיי, אַז דאָס אַלץ טוט זיך אָפּ נאָר אין זייערע נשמות, דאָס ווערט דאָרט געפייערט און נישט נאָר ערגעץ ווו אַנדערש.

צווישן אַ צאָל געדיכט באַוואָקסענע און ענג פאַרצוויגטע ווערבעס האָט זיך געפונען אַ פאַרהוילענער אָפּגעזונדערטער אָרט. דאָרט האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט, צוגעהערט זיך צו דעם טומל פון אַרום. צונויפגעמישט האָט זיך דער טעמפּער אָפּקלאַנג פון דעם גערויש פון די טאַנצנדיקע פּאָרלעך,

דער צעגיסנדיקער אָפּקלאַנג פון די האַרמאָשקעס שפּילערייען, דער טויבער אָפּקלאַנג פון די באַראַבאַנען וואָס ווערט פאַרלייכטערט דורך דעם קלאַנג פון זייערע גלעקלעך, דער וויכער האַרציקער טאָן פון די פידלען, דער לוסטיקער הוליאַנקע־אויסרוף פון די יונגע ברויזנדיקע ברוסטן, דאָס היר־זשען פון די פערד, די קלאַנגען פון דעם קלויסטערס גלאָקן, וואָס רופן צו די מענטשן, אַז אין די כוואַליעס פון לוסטיקייט זאָלן זיי אויך דאָס הימלישע לעבן ניט פאַרגעסן.

דווידקע און רבקה האָבן זיך צוגעהערט און זיך משמח געווען: דאָס אַלץ איז דאָך פאַר זייער כּבֿוד וועגן. און ווי קען עס גאָר אַנדערש געמאָלט זיין? קען דען אַ חתונה אָן חתן־כּלה פאָרקומען? קען טאָג אָן זונשיין פאַר־קומען? — בכן, ווי קען דער יום־טובֿ פון זייער נשמה באַגלייט ווערן אָן שטימונג?

געקוקט איינע אויף די אַנדערע, גלייך אין די אויגן אַריינגעקוקט און פאַרגעסן זיך, אַז אַחוץ זיי זיינען דאָ אויך אַנדערע וועלטן, און אַז איין וועלט איז דאָ וואָס האַלט זיי אין זיך. — ניין, אַנדערש איז ביי זיי ניט אויסגע־קומען, אַז די וועלט און אַלע וועלטן זיינען אין זיי אַריינגעטאָן.

און דווידקע האָט אַזוי געזאָגט:

„געדענקסט, רבקה, איך האָב דיר דערציילט די מעשׂה וועגן רחל און יעקבֿ אָבינו. איך ווייס ניט פאַר וואָס איך האָב זי דיר דעמאָלט דערציילט. ס'איז מיר גלאַט אַזוי אַרויפגעקומען אויפן זינען. אפשר איז עס ניט פּאַסיק געווען. אָבער געטראַכט האָב איך דעמאָלט, אַז אויב די מוטער רחל וואָלט געווען אַזוי ווי דו, און זי וואָלט יעדע נאַכט אַרויס פון קבֿר און געוויינט אויפן גלות פון אירע קינדער, — וואָלט גאָט שוין פון לאַנג באַשטימט צוריקצובויען דעם בית־המקדש, מחמת ער אַפילו וואָלט ניט געקענט ביי־שטיין דעם כּוח פון דיינע טרערן. גאָט האָט אַ ווייך האַרץ און ווען יעדער איינער קומט צו אים און בעט עפּעס, העלפט ער אים. אַ פּשיטא שוין ווען דו וואָלסט געבעטן! און ווייסטו וואָס נאָך איך האָב דעמאָלט געטראַכט? — אַז ווי גוט וואָלט געווען, אַז דו ביסט רחל און איך בין יעקבֿ. מיר וואָלטן ביידע אַרומגעגאַנגען איבערן מדבר, און דער מדבר איז ברייט און אויסגע־שפּרייט, און דאָרט זיינען פאַראַן ערטער ווו עס וואַקסן אַ סך בלומען, וואָלט איך געפלאָכטן קראַנצן, שיינע קראַנצן, און זיי וואָלטן אויף דיין קאָפּ שענער

געווען איידער קרוינען ביי מלכים. מיר וואָלטן געווען פּאַסטעכער. איך וואָלטביידע טשערעדעס געפּיטערט, מיינע און דיינע, און דו וואָלסט שטענדיק לעבן מיר געווען. אַכטונג געבן אויף די שעפּסן וואָלטן מיר גאָרניט באַדאַרפט. ניין, גאָר ניט אַכטונג געבן — די שעפּסן אַליין וואָלטן פון אונדז ניט אַוועק... דו וואָלסט געשפּילט אויפן פידל, און איך וואָלט זיך אויסגעלערנט צו שפּילן אויף אַ פּאַסטעך־טרובע. מדבר־ניגונים וואָלטן מיר געשפּילט, און זיי וואָלטן פאַרבלאָנדזשעטע שעפּסן צוריקגעבראַכט פון זייערע בלאָנדזשענישן. אַפילו וועלפישע הערצער וואָלטן מיר מיט אונדזער מוזיק ווייך געמאַכט און זיי וואָלטן אונדזערע טשערעדעס ניט אָנגערירט... אוי, ווי גוט עס וואָלט געווען! אַ יאָ, רבקה?"

און ווייטער האָט דווידקע גערעדט:

„הערסט, רבקה, יעקב אָבינו האָט פאַר רחלען געדינט פערצן יאָר און זיי זיינען ביי אים אַריבער ווי איין טאָג, מחמת ער האָט זי זייער ליב געהאַט. און איך וואָלט פאַר דיר אָפּגעדינט מיין גאַנץ לעבן. — ניין, ניט דאָס לעבן בלויז, נאָר פון ששת ימי בראשית ביז דעם אלף השביעי און ס'וואָלט זיך מיר אויסגעדוכט ווי איין מינוט...

„האָסטו געלערנט תנך, רבקה? ניין, האָסט ניט געלערנט. אוי, זיינען דאָרט פאַראַן אַזעלכע שיינע מעשׂיות! ס'מאַכט ניט אויס וואָס דו האָסט ניט געלערנט. איך וועל דיר איבערדערציילן אַלע מעשׂיות, פון אָנהייב ביזן סוף. הער, איין מעשׂה איז דאָרט פאַראַן וואָס עס וועט זיין באַחרית הימים ווען משיח וועט קומען: — און אַ שעפּס וועט ליגן מיט אַ וואָלף צוזאַמען און אַ לייב מיט אַ קעלבל. אַזוי וועט עס זיין אין משיחס צייטן. און ווען דו שפּילסט אויפן פידל, רבקה, דעמאָלט זיינען אַלץ איינס משיחס צייטן... אַנומלט האָב איך געהערט. ס'איז געווען אין דער פרי. האָסט מיך אויפגעוועקט פון שלאָף. ווען וועלף און לייבן וואָלטן דאָס געהערט, וואָלטן זיי אויסגעריסן זייערע גזלנישע הערצער און אָנגעהויבן עסן גראָז... מ'זאָגט, אַז ווען משיח וועט קומען, וועט ער בלאָזן אין שופר. מן הסתם איז זיין שופר גאָר אַן אַנדערער. מחמת אויב ניט, פּאַסט זיך פאַר אים ניט קיין שופר. איך האָב מורא פאַר תקיעות. זיי שרעקן מיך. ווען איך הער זיי, דוכט זיך מיר, אַז איך בין אַרומגערינגלט מיט בייזע רוחות און מע דאַרף זיי פאַרטרייבן. אַזוי פאַרגעסט מען זיך וועגן בייזע רוחות, און דער שופר דערמאָנט. פּונקט ווי איך האָב

מורא פאַר אַ שאָס פון אַ ביקס. אויף מלחמות בלאָזט מען אויך אין שופרות און איך האָב מורא פאַר מלחמות. אָבער דער שופר של משיח איז מן הסתם גאָר אַן אַנדערער — ניט פאַרטרייבן וועט ער, נאָר רופן צו זיך; ניט פאַר־טרייבן רוחות, נאָר וויך מאַכן זייערע הערצער. בכן, וואָלט איך משיחן בעסער געגעבן דיין פידל...

„הער, רבקה, איך וועל דיר עפּעס דערציילן. איך האָב עס נאָך קיינעם ניט דערציילט, מחמת ס'איז אַ גרויסער סוד. אָבער דיר וועל איך עס יאָ דערציילן. כ'האָב געזען צוויי חלומות. אין איינעם האָט זיך גאָט אַליין פאַר מיר אַנטפּלעקט און האָט צו מיר אַזוי געזאָגט: ‚איך וועל דיך מאַכן פאַר אַ נביא, דווידקע...' און אין דעם צווייטן חלום האָב איך דעם גן־עדן געזען, און אליהו הנביא האָט זיך צו מיר באַוויזן און אויך ער האָט מיר געזאָגט, אַז איך קען ווערן אַ נביא, אויב נאָר איך וועל זיין גוט און פרום... איך וויל זיין אַ נביא! רבקה, מעגסט עס מיר גלויבן. ווייסטו וואָס איז אַ נביא?
— הער איך וועל דיר דערציילן: אַ נביא קען אַלץ אויפטאָן. ער ווייסט וואָס שפּעטער וועט זיין און וואָס פריִער איז געווען. דער רוח אלוקים הייבט אים אויף ביי די האָר פון זיין קאָפּ און טראָגט אים אין דער לופטן וווּהין נאָר דער נביא וויל זיין. ער דאַרף נאָר דעם שם אויסריידן. און איך וויל ווערן אַ נביא! ווייסטו פאַר וואָס? — איך וויל משיחן אַראָפּברענגען! ס'איז שלעכט אויף דער וועלט. אַ רחמנות אויף די מענטשן. זיי האָבן צרות אָן אַ שיעור. נו, בכן, ווען משיח וועט קומען, וועט גאָר אַנדערש זיין. די טויטע וועלן אויפשטיין פון די קברים. ר' יחיאל וועט פון זיין קבר אויפשטיין. מענטשן וועלן קיין צרות ניט האָבן... רבקה, האָסטו געקענט ר' יחיאלן?... אַוודאי ניט. ער איז דאָך אין דיינע מקומות ניט געווען. אַי, רבקה, איז ער געווען אַ צדיק גמור! איך האָב געזען ווי ער איז געשטאָרבן. אַלע וואָלטן זיך געווונטשן, אַז ווען זייער צייט וועט קומען, זאָלן זיי שטאַרבן אַזוי ווי ער. אין שול איז ער געשטאָרבן. אָפּגעזאָגט קריאת שמע, און איז געפאַלן און איז שוין געווען טויט. איך בין דערביי געשטאַנען. בכן, וועט ער אויך פון קבר אויפשטיין. אוי, וועט ער דיך ליב האָבן, רבקה! און נאָך צדיקים וועלן אויפשטיין פון זייערע קברים. ווייסטו וואָס, רבקה? ווען איך וועל ווערן אַ נביא, וועל איך דיך מאַכן פאַר אַ נביאה... אָט זיינען דאָך געווען דבורה הנביאה, חולדה הנביאה, — וועסטו זיין רבקה הנביאה... וואָס פאַר אַ שיינער

נאָמען! רבקה הנביאה!... מיר וועלןביידע מתפּלל זיין, אַז משיח זאָל קומען, איך און דו, און משיח וועט קומען... אויב ניט, ווייסטו וואָס? מיר ביידע וועלן אויסריידן דעם ,שם׳ און מיר וועלן ווערן ,רואים ואינם נראים׳. מיר וועלן אַלעמען זען און אונדז וועט קיינער ניט זען... און מיר וועלן אומ־פליִען!... מיר וועלן אַוועקפליִען קיין ארץ־ישׂראל און דאָרט וועלן מיר אַלץ זען: ירושלים, יריחו, די מערת המכפּלה... אוי, וועט אונדז גוט זיין, רבקה!״

און נאָך און נאָך האָט דווידקע גערעדט. צוגעטוליעט זיינען זיי געזעסן איינער צו דער אַנדערער, געשוועבט אין וועלטן פון סאַמע קדושה, וואָס זיינען אַזוי נאָענט צו קינדערישע הערצער.

און ביסלעכווייז האָט דער טאָג אָנגעהויבן אָפּשיידן זיך און די פּאַר־נאַכטיקע שאָטנס האָבן זיך צעשפּרייט. דער מערב־האָריזאָנט האָט זיך צע־פלאַקערט און דער מאַרקפּלאַץ האָט זיך אָנגעהויבן אויסליידיקן. דאָ און דאָרט האָבן נאָך פּאָרלעך שפּאַצירט — זיי ווייסן קיין מאָל ניט פון קיין מידקייט. איינער אַ שיכּור האָט פונאַנדערגעלייגט זיך אונטער אַ בוים און געכראָפּעט געשמאַק. פון וויטן האָט זיך וואָס לענגער אַלץ שוואַכער דערטראָגן דאָס שפּילן פון האַרמאָשקעס. דאָס האָבן מידע מוזיקאַנטן צעגאַנ־גען זיך צו זייערע היימען און פריילעך געמאַכט זיך זייער אייגענעם גאַנג.

*

אַ סוף.

וואָס הייסט אַ סוף, ווען ס׳איז ערשט אין מיטן דער מעשׂה?

אָבער פאַרט ניט אין מיטן, נאָר טאַקע דער סוף: אין יענער נאַכט זיינען רבקה מיט איר מאַמען צוריקגעפאָרן קיין אָדעס. ס׳איז אָנגעקומען אַ טעלע־גראַמע, אַז איר, רבקהס טאַטע, איז קראַנק געוואָרן.

און דווידקע?

געבליבן אין דער היים אַליין... איינער אַליין...

און משהלע?

ווער ווייסט... מ׳האָט אים געזוכט און ניט געפונען. אין קאַרבאַטשעווקע איז ער ניט געווען. געקומען אַהין ערשט אין צוויי יאָר אַרום און חתונה געהאַט מיט מאַלווינקען. אָבער וועמענס דאגה איז עס צו אינטערעסירן זיך מיט משומדים?

האָבן זיך דווידקע מיט רבקהן מער ניט געטראָפן?

יאָ געטראָפן זיך, אָבער ס׳איז אַ צו לאַנגע געשיכטע. אפשר אַן אַנדערש מאָל וועל איך דערציילן.

און ווו איז דווידקע איצט?

כ׳וועל בקיצור אויסזאָגן דעם סוד: דאָס איז ער, וואָס וויגט זיך אין שיפל אינעם פרילינג־פרימאָרגן, און קניט, פּנים אין די הענט איינגעטוליעט, און גיסט זיך מיט דער נאַטור אין איין תּפילה צוזאַמען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

וועסטקליף, ברייטאָן און לאָנדאָן, 1917—1919